# וואָס איז אייגענטום

## אַ פאָרשונג פון'ם פּרינציפּ פון רעכט און רעגירונג

פון

**פּ. זש. פּרודאָן**

„געגען דעם שונא מוז מען זיך אייביג וועהרען." —
געזעץ פון די 12 טאַפעלען.

איבערזעצט פון פראַנצויזישען אָריגינאַל און אייגגעלויטעט פון

דר. א. קאַראַלניק.

אַרויסגעגעבען פון דער
קראָפּאָטקין ליטעראַטור געזעלשאַפט.
ניו יאָרק, 1917.



# אינהאַלט.

# פון די אַרויסגעבער

מיט דער אַרויסגאַבע פון אַט דעם בוך, וואָס ליעגט דאָ פאַר'ן לעזער, פערענדיגען מיר דעם פינפטען און ערפאָלגרייכסטען יאָהר פון אונזער טהעטיגקייט.

דער געוואָגטער שריט, וואָס מיר האָבען געמאַכט, אַרויסצוגעבען צוויי גרויסע ביכער אַ יאָהר, העכערענדיג דעם מיטגליעדס־בייטראָג בלויז אויף 25 סענט, און דאָס אויך, ווען די בוך־קאָסטען זיינען אַזויפיעל געשטיגען — איז צו אונזער גרויסער צופריעדענשטעלונג פאָלשטענדיג געלונגען, אַ דאַנק דער אונערמיעדליכער אַרבייט פון די חברים און דער פריינדליכער שטיצע פון די גרויסע אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען איבערן לאַנד.

די פערגרעסערטע צאָהל מיטגליעדער און דער היבשער פערקויף פון די פריהער־אַרויסגעגעבענע ביכער האָבען מעגליך געמאַכט צו דעקען די קאָסטען פון די צוויי ביכער, אַזוי אַז מיר ערוואַרטען אָנצופאַנגען אונזער אַרבייט פאַר'ן נייעם יאָהר כמעט אָהן אַ דעפיציט.

דער קאָאָפּעראַטיווער פּלאַן פון אונזער געזעלשאַפט, וואָס ערמעגליכט צו געבען די מיטגליעדער ווערטהפולע ביכער געגוי צו קאָסט־פּרייז, האָט זיך אַרויסגעציינט אַזוי ערפאָלגרייך, אַז מיר מעגען האָפען אויף נאָך גרעסערע ערפאָלגען אין דער נאָהענטער צוקונפט. מיט אַ מיטגליעדשאַפט פון פינף טויזענד וואָלטען מיר געקאָנט געבען דריי ביכער אַ יאָהר פאַר'ן זעלבען בייטראַג, און דאָס איז זיכער ניט אונמעגליך צו דערגרייכען.

מיר פערלאָזען זיך אויף אונזערע מיטגליעדער און פריינד.

דער נעקסטער קלאַסיקער, קאַרל מאַרקס' „קאַפּיטאַל", ווערט פערפערטיגט צום דרוק און וועט פּאָזיטיוו ערשיינען דעם נעקסטען אָקטאָבער.

ניו יאָרק, אַפּריל, 1917.

דער פערוואַלטונגסראַטה.

# איינלייטונג

פון דר. א. קאראלניק.

„וואס איז א לעבענס־ווערק ?" האט אמאל געפרעגט געטהע, און האט געענטפערט : „עס איז דער געדאנק פון דער יוגענד אויסגעפיהרט אויף דער עלטער."

און דאס איז דער אונטערשיעד צווישען א גרויסען לעבען און א מיטעלמעסיגען, א דורכשניטליכען. און דאס איז דער חלוק צווישען דעם גרויסען יחיד און דער גרויסער, ברייטער מאסע.

דער יחיד האט א אידעע, זיין אידעע. א אידעע, וואס איז העכער און ווייטער פון זיין פערזענליכען לעבען, וואס נעהמט ארום א גאנצען קלאס מענשען, א נאציאן, די גאנצע מענשהייט, די גאנצע וועלט.

די מאסע, דער מענש פון דער מאסע בלייבט תמיד אין ענגען קרייז פון זיין אייגענער פערזענליכקייט.

עס איז כמעט א פאראדאקס, און דאך איז דאס א גרויסער אמת : דער גרויסער מענש איז אונפערזענליך, ווייל זיין פערזענליכקייט איז אזוי שטארק ענטוויקעלט. דער מאסענמענש איז דורכאויס פערזענליך, גראד דערפאר ווייל ער האט גאר קיין פערזענליכקייט ניט.

די פסיכאלאגיע אהבייט אין קאנטראסטען און אין פאראדאקסען...

וואס דארף מען האבען דערצו, אום צו זיין א פערזענליכקייט ? וואס זיינען די עלעמענטען פון דער גרעסטער גאב, וואס א מענש קאן בעזיצען ?

דאס איז כאראקטער. ווילענס־כאראקטער אדער אינטעלעקטועלער כאראקטער — דאס איז די קאנצענטרירונג פון אלע לעבענס־שטראלונגען אין איין הויפטפונקט. אלע ערשיינונגען און איבערלעבונגען, אלע אויסערע איינדרוקען און די אינערע פעראבייטונג, אלע ערפאהרונגען, סיי אינטעלעקטועלע, סיי עמאציאנעלע, ווערען ביי דעם כאראקטער־מענשען געפארבט מיט א בעשטימטער פארב, איינגעפאסט אין דעם גרויסען רינג, דער געשלאסענער קייט פון גאנצקייט.

און נאָר גאַנצקייט איז גרויס. און נאָר דער גאַנצמאַכענדער מענש קאָן צונויפברענגען די כאַאָטישע, צושטיקעלטע, אָהן אַ טאָלק צונויף־געוואָרפענע וועלט, וואָס איז אַרום אונז, און וועלכער מיר זיינען אריינגעבאָרען; מאַכען פון שטריכען און ליניען און איינצעלנע פאַרבען — אַ בילד.

גאַנצקייט איז שאַפונג.

שאַפונג איז פערזענליכקייט.

און דאָס איז דער פּרובירשטיין, דאָס קריטעריום פון דעם גרויסען מענש.



מיט דעם דאָזיגען קריטעריום געה איך צו צו דעם בעריהמטען פּרעדיגער פון גלייכהייט און גערעכטיגקייט, צו איינעם פון די גרעסטע סאָציאַלע דענקער און רעפאָרמאַטאָרען פון דעם נייַנצעהנטען יאָהרהונדערט — פּיער זשאָזעף פּרודאָן.

געוויס, די מאָדערנע קריטיק, און אפילו די קריטיק פון זיין צייט אַליין, האָט בעוויזען אַלע פעהלערן, די לאָגישע און די פּראַקטישע, פון פּרודאָן׳ס עקאָנאָמישען און פּאָליטישען דענקען. געוויס, פּרודאָנ׳ען איז ניט געלונגען צו גרינדען אַ שול, צו איבערלאָזען תלמידים, וואָס זאָלען פאָרטזעצען זיין ווערק. זיינע אידעען זיינען ניט אויסגעפיהרט געוואָרן, וועלען אפשר קיינמאָל ניט אויסגעפיהרט ווערן. ער האָט אויך די וויסענשאַפט פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע ניט בערייכערט. מיר וועלען געפינען ביי איהם אויף יעדען טריט גוזמאות, פּאַראַדאָקסען, לאָגישע אונפאַרטיגקייטען, פאַנטאַזיעס, וואָס ער האָט געהאַלטען פאַר געדאַנקען.

אָבער ניט דאָס איז דער עיקר.

ניט דאָס ווערק — דער מענש; ניט די שאַפונג — דער שאַפער איז וויכטיג. מיט איין וואָרט, די פּסיכאָלאָגישע און היסטאָרישע פערזענליכקייט.

מען האָט אָפט געקלערט און דיסקוטירט איבער דער פראַגע: איז דער דענקער אַ פּראָדוקט פון זיין צייט און זיין סביבה, אָדער צי שטעהט ער אַליין פאַר זיך? זיינען זיינע געדאַנקען נאָר אַ מין עכאָ, אַ בת־קול פון דעם גרויסען אָבער ניט־קלאָרען געמורמעל און רעש פון די בעהאַלטענע, געהיימע כחות פון דעם פאָלק, אָדער־

פון דעם טייל פונ׳ם פאָלק צו וועלכען דער איינער אָדער דער אנדערער דענקער געהערט, אָדער צי איז דער דענקער א מין „נושא את עצמו“, וואָס שטעהט פאַר זיך, שעפּט פון זיך, פון זיין אייגענעם קוואַל?

מיר האָבען פערשיעדענע דענקער און פערשיעדענע פערזענליכקייטען. פּרודאָן געהערט בלי ספק צו דער קאַטעגאָריע פון דענקער, וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר א גאַנצער עפּאָכע, טראָגען אויף זיך דעם חותם פון א קלאַס, זיינען דער ווידער־קול פון א צייט.

פּרודאָן איז געוועזן — ווי קאַרל מאַרקס האָט שוין לכתחילה פערשטאַנען און דערפיהלט — דער וואָרט־פיהרער, דער ראש המדברים פון דעם קליין־בירגערליכען קלאַס, פון דעם קלאַס פון בעלי־מלאכות, פון פויערן, פון דעם קלאַס וואָס שטעהט צווישען דער בורזשואזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט, אָדער ריכטיגער געזאָגט, צווישען צוויי פּאַראַמירטע, אויסגעבילדעטע קלאַסען.

און דאָס איז געוועזן אין זיין צייט — ווי עס איז צום גרויסען טייל אויך היינט — די גרויסע מעהרהייט פון דעם פאָלק, אין פראַנקרייך ווי אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט.

פּרודאָן איז געבאָרן געוואָרן דעם 15טען יאַנואַר 1809, אין דער שטאָדט בעזאַנסאָן, וואָס געפינט זיך ניט ווייט פון דער שווייצארישער גרענעץ און שטעהט, אַזוי צו זאָגען, אויף דעם שוועל צווישען צוויי ראַסען און קולטורען, צווישען צוויי דענקארטען: צווישען דער פראַנצויזיש־„לאַטיינישער“ און דער גערמאַנישער. און פון דעם איינגעבאָרענעם פּסיכאָלאָגישען גרענעץ־דענקען, פון דער „פּערדאָפּלונג“ פון דער גייסטיגער פיזיאָנאָמיע פון דעם דענקער פּרודאָן, שטאַמט זיין אייגענאַרטיגע, אונרוהיגע, ווידערשפּרעכענדע, שטורמישע און אַזוי אינטערעסאַנטע ארט, די אייגענטימליכע נאָטע, וואָס ער האָט אריינגעבראַכט אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע און אין דער סאָציאַלער וויסענשאַפט.

מיר מוזען זיך אָבשטעלען אויף א רגע ביי דער פעלקער־פּסיכאָלאָגישער פראַגע פון לאַטיינישען און גערמאַנישען דענקען. דער פראַנצויזיש־לאַטיינישער גייסט בכלל צייכענט זיך אויס מיט זיין לאָגישער שאַרפקייט, גענויאיגקייט. „מיין גלאָז איז קליין,

אָבער איך טרינק פון מ י י ן גלאָז", האָט געזאָגט דער טיפּישער פראַנצויז — וואָלטער. די גאַנצע פראַנצויזישע פילאָזאָפיע איז קלאָר, מאַטהעמאַטיש, כמעט געאָמעטריש. ניט אומזיסט האָט דער ערשטער גרויסער פראַנצויזישער דענקער דעקאַרט ערפונדען די מאַטעמאַטישע מעטאָדע פון פילאָזאָפיע. דאָס דייטשע דענקען איז פּונקט דער היפּוך. עס איז אונקלאָר, פערבאָרגען אין זיינע מאָטיוועז, צוּשוואומען, פאַרמלאָז; דערפאַר אָבער אויך טיעפער. דער דייטשער דענקער איז בטבע אַ דיאַלעקטיקער, ד. ה. ער זעהט אַלע זייטען פון דער פראַגע, נעהמט זי אַרום אַזוי ברייט און ווייט, אַז ער פערוויקעלט זיך אַליין אין ווידערשפּרוכען און קריגט פון די ווידערשפּרוכען אַ ס י ס ט ע ם. אַזוי איז דער גרעסטער דייטשער דענקער, נאָך קאַנט, דער בעגרינדער פון דער דיאַלעק־טישער פילאָזאָפיע — העגעל.

דאָס גאַנצע, גרויסע סיסטעם פון העגעל בעשטעהט אויף דעם זאַץ פון ווידערשפּרוך. די גרונדלאַגע פון דער געוועהנליכער לאָגיק איז: א=א (דער אידענטיטעטס־זאַץ). דער היפּוך דערפון איז: א=ניט־א (דער זאַץ פון ווידערשפּרוך). די פילאָזאָפיע איז געוועהנליך געבויט אויף דעם אידענטיטעטס־זאַץ, אויף דער בעיאָהונג. העגעל האָט זיך געשטעלט אויף דעם צווייטען, פערניינענדען זאַץ, אויף דעם זאַץ פון ווידערשפּרוך. ער האָט געפרעגט: איז דען טאַקי תמיד א=א און ניט א=ניט־א? ענטוויקעלט זיך ניט די וועלט פון געדאַנקען, די לאָגיק פון דעם אורשפּרינגליכען „יאָ" ביז צום „ניין"? איז דען ניט דער היפּך, זיין ווידערשפּרוך, פּונקט אַזאַ לאָגישע נויטווענדיגקייט, אַזאַ הכרח פונ'ם גייסט, ווי די בעהויפּטונג? און ער האָט געוויזען דורך זיין גאַנצען סיסטעם. אַז די לאָגיק, די וועלט פון געדאַנקען און די איינציגע וועלט פון רעאַלער ווירקליכקייט שטעהט אויף דעם „יאָ" א ו ן אויף דעם גענענזאַץ. עס איז אַן ענטוויקלונג, אַ דרייפאַכע מדרגה אין דער וועלט: פון דער בעיאָהונג, דורך דער פערניינונג, צו אַ נייער בעיאָהגונג. אָדער העגעליש אויסגעדריקט: טעז (א=א), אנטי־טעז (א=ניט־א), סינטעז — דער סך־הכל פוןביידע זאַצען, די העכסטע מדרגה פון ענטוויקלונג.

דאָס האָזינע דיאַלעקטישע סיסטעם האָט געהאַט אַ געוואַלדיגען איינפלוס אויף דעם מאָדערנעם דענקען אין דייטשלאַנד, האָט גע־

געבען אַן אימפּולס צו דער סאָציאַלער וויסענשאַפט און צו די פּאָליטישע בעוועגונגען פון דעם ניינצעהנטען יאָהרהונדערט, האָט געגעבען דעם טעאָרעטישען יסוד צו דעם מאַרקסיזם, צו דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם. אין פראַנקרייך האָט עס ארויסגערופען דעם פּרודאָניזם.

דאָס דיאַלעקטישע דענקען איז ניט קיין „תורת אנשים מלומדה“, אַ מעטאָדע וועלכע מען קען זיך אויסלערנען, איבערנעהמען אַ פאַרטיגע. מען מוז געוויסערמאַסען זיין נוטה צו איהר, האָבען אַן איינגעבאָרענעם חוש פאַר דעם.

און מיר וועלען זעהן אין דער ענטוויקלונג פון פּרודאָן די נאַטירליכע דיאַלעקטישע מעטאָדע פון זיין דענקען.

פּרודאָן האָט געשטאַמט פון אַ זעהר אָרעמער פאַמיליע. זיין פאָטער איז געווען אַ באָנדאַר, אַן עהרליכער אָבער אָרעמער בעל־מלאכה. די מוטער האָט געוואַשען וועש פאַר פרעמדע. פּרודאָן האָט געהאַט אַ שווערע יוגענד, געמוזט צוהעלפען די עלטערן, האָט געקענט די נויט פון קינדהייט אָן. אָבער די עלטערן האָבען געהאַט אַמביציעס און געוואָלט, אַז זייער זוהן זאָל זיך לערנען. זיי האָבען איהם געשיקט, מיט דער הילף פון פריינד, אין דער שול, און דער יונגער פּרודאָן האָט זיך באַלד אויסגעצייכענט צווישען אַלע זיינע חברים. ער איז געווען אַ טיפּיש־פּראָלעטאַריש קינד, מיט פויערשע, אָדער בעסער געזאָגט קליינבירגערליכע מאַנירען. אָבער ער האָט אויך געהאַט אַ שטאַרקען חשק צו לערנען און אַ גוואַלדיגע גדלות. שוין אַלס איינגעל פלעגט ער פערשלינגען אַ מאַסע ביכער. געווים, זיין לעזען איז געווען ניט סיסטעמאַטיש און כאַאָטיש. דאָס האָט געהאַט אַן איינפלוס אויף זיין גאַנץ לעבען. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז זיינע אורשפּרינגליכע נייגונגען זיינען געווען גאָר ניט נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישע אָדער סאָציאָלאָגישע, נאָר פילאָלאָגישע און טעאָלאָגישע. ער פלעגט הויפּטזעכליך שטודירען אַלטע שפּראַכען, אָבער אויך דאָס אָהן אַ סיסטעם. און זיין שטרענג־לאָגישער גייסט, אָדער בעסער זיין לאָגישע פאַנטאַזיע, האָט איהם זעהר גיך געפיהרט אויף׳ן וועג פון געוואַגטע קאָמבינאַציעס און השערות, טעאָריען וואָס האָבען געהאַט גייסט און שוואונג, אָבער וועניג וויסענשאַפטליכקייט און סאָלידיטעט.

ער האָט אָבער באַלד געמוזט אוועק פון זיין שול. די מאַטע־ריעלע לאַגע פון זיינע עלטערן האָט ניט ערלויבט איהם אַזאַ לוק־סוס. ער האָט זיך געמוזט נעהמען צו אַ מלאכה, און ער איז געוואָרן אַ זעצער. דיעזע מלאכה איז געווען זיין ערשטע שול פון פראַקטישער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, וואו ער האָט בעקומען אַן איינבליק אין דעם לעבען פון ארבייטער — פון ארבייטער אַלס אָרגאַניזאַציאָן, אַלס קאָלעקטיוו.

ער וואַרפט זיך אויף דאָרט אויף ביכער, אויף לערנען און הויבט אָן אָליין צו שרייבען. זיין ערשטע ארבייט (אין יאָהר 1831) איז געווען אַ פילאָלאָגישע: „אַ שטודיע איבער פערגלייכענדע גראַ־מאַטיק". עס איז די ארבייט פון אַ דילעטאַנט, פון אַן אָנהויבער. פּרודאָן האָט ניט געהאַט גענוג פילאָלאָגישעם וויסען, כדי צו אונ־טערנעהמען אַזאַ גרויסע ארבייט; אָבער אויך דאָרט האָט ער ארויסגעוויזען אָריגינעלעם דענקען און אַ שטאַרקע קראַפט פון לאָגי־שען אנאַליז. די ארבייט האָט געצויגען אויף איהם די אויפמערק־זאַמקייט פון די געלערנטע פון בעזאַנסאָן, און ער האָט באַלד בעקו־מען אַ סטיפּענדיום כדי פאָרטצוזעצען זיין לערנען.

ער פאָהרט אוועק קיין פּאַריז, וואו ער פערעפענטליכט באַלד (1839) אַן ארבייט: „צו דער פערטיידיגונג פון זונטאַג", פאַר וועלכע ער בעקומט די אָנערקענונג פון דער בעזאַנסאָנער אַקאַדע־מיע. די ארבייט איז געווען געפּלאָנעוועט אַלס אַ ריין רעליגיעז־דאָגמאַטישע. און פּרודאָן איז דעמאָלט געווען, ווען ניט רעליגיעז אין דעם קאַטאָליש־אָרטאָדאָקסישען זין, אָבער דאָך נאָך ניט גאַנץ ווייט פון דעם קריסטענטום. ער האָט זיך אונטערגענומען צו פערטיידיגען דעם זונטאַג, מיט סאָציאַליסטישע און פּסיכאָלאָגישע ארגומענטען. אָבער שוין דעמאָלט האָט מען געקאָנט זעהן, אַז די טעאָלאָגיע איז פאַר איהם געווען בלויז אַ מענטעלע; דער טאָן פון דער שריפט איז געווען אַזוי ליידענשאַפטליך, די גרונד־געדאַנ־קען אַזוי רעוואָלוציאָנער, אַז די אַקאַדעמיקער פון בעזאַנסאָן, די גלחים און די קאָנסערוואַטיווע פּראָפעסאָרען פון טעאָלאָגיע האָבען זיך ממש דערשראָקען. ער שטעלט דאָרט איינס אַקעגען דעם אַנדערן: דאָס געזעץ פון גאָט, דאָס מאָראַלישע געזעץ פון גלייכ־הייט און גערעכטיגקייט און די סאָציאַלע אָרדנונג וואָס איז געשאַ־פען פון מענשען. ער שטעלט דאָרט אויף נייע עשרת הדברות:

„קיינער האָט ניט קיין רעכט צו בעזיצען מעהר וויפיעל דאָס געזעץ ערלויבט. קיינער טאָר ניט בעזיצען סיידען מיט דער הסכמה פון אַלע מענשען. יעדער, וואָס געהט אַקעגען ד ע ם געזעץ, איז אַ משיג גבול און אַ טיראַן.“

„לוקסוס מוז ווערען פערדאַמט; נאָר דער צבור מעג זיך פיהרען ברייט און גרויסאַרטיג.

„קיינער טאָר ניט מאָהנען ביי דער געזעלשאַפט פאַר זיינע טאַלאַנטען און פעהיגקייטען, פאַר זיין אַרבייט און געניאַליטעט אַ צ ו ו י י פ אַ־כ ע ן פרייז“. א. אַז. וו.

## און ער פאַלט אריין אין אַ נביא'ישען טאָן:

“בירגער“, שרייט ער אויס, „אויב איהר קאָנט ניט פערטראָגען אַזאַ רפואָה, אויב דער רעצעפּט איז פאַר אייך צו ביטער, דאַן הערט אויף זיך צו בעקלאָגען, בעט ניט קיין רפואות און ווערט פערפוילט אין אייער פערדאָרבענקייט. אָבער הערט וואָס עס וועט געשעהן: די זון וועט שיינען ווי פריהער איבער דער ערד, אויף וועלכער איהר וואוינט, אייערע בוימער וועלען ניט אויפהערען צו טראָגען פירות, און אייערע וויינגערטנער וועלען ניט זיין וועניגער פרוכטבאַר — ניט די נאַטור וועט זיין אייער תלין.

אָבער דער רייכטום און דער דלות, די צוויי ניט־צושיידליכע חברים, וועלען וואַקסען אָהן אַ שיעור. דער גרויסגרונד־בעזיץ וועט אַלצדינג פער־ניכטען. דער רואַיגירטער פויער וועט מוזען פערקויפען זיין נחלה. און ווען עס וועט ניט זיין מעהר ווי האַרען און קנעכט, פריצים און פּאַכטער, דעמאָלט וועלען די רייכע געבען די אָרימע מלבושים, דירות און ברויט, און וועלען זיי זאָגען: זעהט ווי איהר זייט איצט גליקליך! וואָס איז פרייהייט און גלייכהייט? עס לעבע די האַרמאָניע!

„אין יענע צייטען וועלען נישטיגע טאַלאַנטען און לוקסוס־פעהיג־קייטען ווערן בעלוינט איבער דער מאָס. דער טאָג פון אַ זינגערין וועט קאָסטען מעהר ווי הונדערט בושעל ווייץ אין אַ הונגער־יאָהר. און די אָרעמע פרוי, די ווייב פון דעם אַרבייטער און דעם בעל־מלאָכה, וועט ווערן ערנידריגט.

„די אונגוויסענהייט און די פערגרעבטהייט פון די פּראָלעטאַריער וועט שטייגען — דאָס פאָלק וועט פערלירען דעם גלויבען אין דער אַלטער רעליגיאָן, וואָס האָט איהם געלערנט, אַז אַלע מענשען זיינען גלייך פאַר גאָט; וועט אָנהויבען צו דענקען, אַז גאָט איז אַ ל ע ס און אַלעס איז גאָט און וועט דורך פּאַנטעאיזם און מאַטעריאַליזם קומען צוריק צו דער אַלטער עבודה־זרה, וועט זיך בוקען, ווי אַמאָל, פאַר שטיין און האָלץ, פאַר הינד און קעץ. און די רייכע וועלען צולאָזען און שיצען די נייע אידעען און וועלען זאָגען: דאָס פאָלק מוז האָבען אַ רעליגיאָן.

„אָבער עס וועלען זיך געפינען דעמאָלט אויך שטאָלצע נשמות, מענ־שען, וואָס וועלען זיך ניט בויגען פאַר'ן עגל הזהב, און זיי וועלען

זיך אָברעכענען מיט די מזל׳דיגע און בעגליקטע. זיי וועלען פרעגען: ׳פאַרוואָס זייט איהר רייך און מיר אָרים?׳ — מען וועט זיי ענטפערן: מיר האָבען געאַרבייט, מיר האָבען געשפּאָרט, מיר האָבען ערוואָרבען...׳ — ׳מיר אַרבייטען אויך אַזוי ווי איהר, פאַרוואָס ערווערבען מיר גאָרנישט?׳ — ׳מיר האָבען גע׳ירש׳עט פון אונזערע עלטערן׳. — ׳אָה, איהר שטיצט זיך אויף ירושה, חזקה... גוט! מיר רופען צו הילף די קראַפט. אייגענטימער, פערטיידיגט זיך!׳ און עס וועלען זיין קאַמפען און שחיטות. און ווען דאָס געזעץ וועט בלייבען ביי דער מאַכט, ווען די ר ע ב ע ל ן וועלען פערניכטעט ווערן, וועט מען אויף זייערע קברים אָנשרייבען: מ ע ר ד ע ר. און זייערע קרבנות וועלען ווערן גערימט אַלס מ אַ ר ט י ר ע ר.

„און דאָס וועט אַזוי לאַנג געדויערן, ביז גאָט וועט זיך איבער אייך מרחם זיין...“

אָט דאָס איז געווען דער ערשטער ארויספאָהר פון פּרודאָן. מיר האָבען שוין אין דער דאָזיגער קליינער שריפט, אויף עטליכע בלעטלעך די גאַנצע גרונדלאַגע פון דעם פּרודאָניזם, זיינע גרונד־אידעען.

לאָמיר זיך דערמאָנען אין אַ וואָסער צייט פּרודאָן האָט דאָס געשריבען, אונטער וועלכע איינפלוסען ער האָט אויסגעאַרבייט זיין געדאַנקען־סיסטעם. עס איז געווען די צייט, ווען די „רעסטאַוירטע“ מאָנאַרכיע האָט זיך דערנאָהנט צו איהר סוף, ווען די אידעען פון 1789—1793, פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן האָבען אָנגעהויבען ווידער אויפצולעבען.

פון 1789 ביז 1829 האָט זיך אַ סך געביטען אין פראַנקרייך. דער טעראָר פון די יאַקאָבינער האָט איבערגעשראָקען די בורזשואַזיע, האָט אויפגעמונטערט די קליין־בורזשואַזיע און די אַרבייטער. נאַפּאָלעאָן האָט דעם שטאַאט רעאָרגאַניזירט, האָט „פּערענדיגט“ די רעוואָלוציאָן. ער האָט צוהיצט די פאַנטאַזיע פון דעם פראַנצויזישען פאָלק. די אויסערע פּאָליטיק, די רעאָרגאַניזאַציאָן פון אייראָפּאַ, די עראָבערונג פון דער וועלט, דער דעמאָקראַטישער צעזאַריזם האָט אויף אַ צייט פערשטילט דעם רעוואָלוציאָנערען געדאַנק. אָבער באַלד איז געקומען די רעאַקציע. נאַפּאָלעאָן׳ס וועלט־מלוכה איז געפאַלען. די פיינד פון פראַנקרייך און פון דער רעוואָלוציאָן זיינען אריין קיין פּאַריז און „רעסטאַוירט“ דאָס אַלטע סיסטעם. אָבער דאָס וואָס 1789 האָט אויפגעטהאָן, האָט

1814 ניט געקאָנט צושטערן. דער פעאָדאַליזם, די אַלטע הערשאַפט פון דער אַריסטאָקראַטיע, האָט זיך ניט געקאָנט מעהר צוריקקעהרען. עס איז אַרויפגעקומען אַ נייע אַריסטאָקראַטיע — די נייע גבירים, די גרויס־בורזשואַזיע. לואי פיליפ איז געוועזן דער טהראָן־פּרעטענ־דענט און איהם האָבען געשטיצט אַלע עלעמענטען פון דער שטאָדטישער בורזשואַזיע, לאַפיט און קאַזימיר־פּעריע, ביידע באַנ־קירען און גבירים, אַן דער שפּיץ. פראַנקרייך האָט זיך אָנגעהויבען צו אינדוסטריאַליזירען. אין פּאַריז און אין די גרויסע שטעדט פון פראַנקרייך האָט זיך אָנגעהויבען צו בילדען אַ פּראָלעטאַריאַט. נאָך ניט קיין בעוואוסטזיניגער, נאָך ניט קלאַסענמעסיג אָרגאַני־זירט, אָבער דורכגעדרונגען פון די יאַקאָבינישע, רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס.

דאָס פ אָ ל ק, ד. ה. די שטאָדטישע אַרבייטער, די בעלי־מלאכות, די קליינבירגער, האָבען געקוקט מיט קנאה און מיט שנאה אויף די ניי־אויפגעקומענע גבירים. זיי האָבען געוואוסט, אַז די הערשער פון היינט זיינען די פּראָלעטאַריער פון נעכטען. זיי האָבען געפיהלט, אַז די גאַנצע גראַנדיעזע אַרבייט פון דער רע־וואָלוציאָן האָט געפיהרט צו אַזעלכע קלעגליכע רעזולטאַטען, און זיי האָבען זיך דערמאָנט אַן די טעאָריען פון די זשיראָנדיסטען, פון די יאַקאָבינער, פון באַבעף, פון מאַראַט. דעם „פריינד פון פאָלק".

דער פיהרער פון די זשיראָנדיסטען, בריססאָ, האָט שוין אין יאָהר 1780 געזאָגט: „אייגענטום איז גנבה... אויסשליס־ליכעס אייגענטום איז אַ פערברעכען אקעגען דער נאַטור." ער האָט אפילו זיין ווערק איבער דער פראַגע אַזוי אָנגערופען: אייגענ־טום און גנבה.

די יאַקאָבינער זיינען געגאַנגען נאָך ווייטער. זיי האָבען געשטעלט דאָס גאַנצע געזעלשאַפטליכע סיסטעם אויף איין אידעע: ג ל י י כ ה י י ט. באַבעף האָט געפּרעדיגט גלייכהייט, „עגאַלי־טאַריזם". „די נאַטור האָט דעם מענשען געגעבען דאָס רעכט צו געניסען אַ גלייכען חלק אין דעם פערמעגען", האָט באַבעף ער־קלערט אין זיין בעריהמטען „אַנאַליז פון דער טעאָריע פון באַבעף, דעם פאָלקס־טריבון".

און דער „עגאַליטאַריזם" האָט ווידער אויפגעלעבט. לואי־

פיליפ, דער בירגערליך־ליבעראַלער קעניג־פּרעטענדענט, וועלכער האָט צוגעגרייט די רעוואָלוציע פון 1830, האָט געטראָגען דעם נאָמען: פיליפּ עגאַליטע, פיליפּ־גלייכהייט.

אין אַלע קלאַסען פון פראַנקרייך האָט זיך געפיהלט א טיעפע אונצופרידענהייט. יעדער האָט געזעהן, אַז אַזוי קאָן עס ווייטער ניט געהן, אַז די געזעלשאַפט מוז רעפאָרמירט ווערן. און יעדער האָט אויך פערשטאַנען, אַז איצט איז דער הויפּט־שונא ניט די מאָנארכי און ניט די אַריסטאָקראַטי אַליין, נאָר הויפּטזעכליך די בורזשואַזי, אָדער, ווי מיר וואָלטען היינט געזאָגט, די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג.

פון דער קאָנסערוואַטיווער זייט זיינען אויפגעשטאַנען דע־מעסטר און קאָנאַלד, וועלכע האָבען געפּרעדיגט די רעאָרגאַניזאַציאָן פון דעם שטאַאַט אויף אַ ניי־פעאָדאַלען, קלעריקאַלען יסוד.

אָבער אַקעגען זיי זיינען אויפגעשטאַנען סען־סימאָן און זיין שולע, וועלכע האָבען געזוכט די רעפאָרם אין דער אומוועקונג פון דער עקאָנאָמישער גרונדלאַגע. סען־סימאָן האָט אויפגעשטעלט דעם פּרינציפּ פון דעם שטענדיגען פּראָגרעס דורך דער „אוניווער־זאַלער פערגעזעלשאַפטונג“, „אַ צענטראַליזאַציע פון אַלע פּראָדוקטיווע קרעפטען, צוליב דער פּראָגרעסירענדער פערבעסערונג פון דער מענשהייט“. ער האָט אויך געפּרעדיגט די אָבשאַפונג פון דעם אייגענטום. „עס איז קלאָר“, זאָגט די סען־סימאָנישע שול (אין דעם בוך: „די סען־סימאָנישע דאָקטרין“) — „עס איז קלאָר, אַז די פערפאַסונג פון אייגענטום מוז ווערען געענדערט, ווייל איבער איהר זיינען פאַראַן מענשען, וואָס ווערן געבאָרן מיט דער פּריווי־לעגיע גאָר נישט צו טהאָן, און דאָס בעדייט די עקספּלואַטאַציע פון איין מענשען דורך דעם צווייטען.“

שאַרל פוריע איז געגאַנגען נאָך ווייטער. ער האָט ניט נאָר קריטיקירט דאָס אייגענטום, א. אַז וו.; ער האָט זיך בעמיהט צו געפינען די גרונד־געזעצען פון יעדער געזעלשאַפט, די געזעצען פון דעם עקאָנאָמישען לעבען און די גרונדלאַגע פון אַ נייער אָרדנונג. ער האָט געפונען דאָס געזעץ פון סעריען און פון סאָציאַלער האַרמאָניע. ער האָט פאָרגעשלאָגען אַ פּראָיעקט פון פאַלאַנסטעריען, אַ מין קאָאָפּעראַטיווע פון פּראָדוצענטען אין אַ פאַנטאַסטישער פאָרם.

די לעהרע פון פוריע, ווייטער געפיהרט פון זיינע תלמידים, פון ווידאל פעקער א. א., האט געהאט א שטארקען איינפלוס אויף דעם סאציאל־עקאנאמישען דענקען פון דער צייט. דאס זיינען געווען די ראשי־המדברים פון דעם ארבייטער־קלאס, פון די אונ־צופרידענע.

אבער די בורזשואזיע האט אויך ניט געשוויגען. זי האט זיך ניט אבגעזאגט אין גאנצען פון די טראדיציעס און די לאזונגען פון 1787. זי האט ניט פערלייקענט לגמרי איהר רעוואלוציאנערן אורשפרונג. אבער פון די דריי גרונדפרינציפען פון דער רעוואלו־ציאן: פרייהייט, גלייכקייט, ברידערליכקייט, האט זי אויסגעקליבען דעם ערסטען. איהר פרינציפ איז געווארן: פרייהייט. פרייהייט אין פאליטיק הייסט ליבעראליזם, קאנסטיטוציאנעלע מאנארכי, אדער רעפובליק. פרייהייט אין דעם עקאנאמישען לעבען הייסט: פרייע קאנקורענץ, „לאסעי פעהר“, מאנטשעסטערטום. זיי האבען אויך געזעהן די וואונדען פון דער געזעלשאפט, אבער זיי האבען ערקלערט, אז דאס איז דער נויטוועגדיגער פועל־יוצא פון דעם לעבען בכלל. זייער טעאריע — די טעאריע פון סעי, באסטיא, און אנדערע — איז געווען די טעאריע פון ליבעראלען אפטימיזם. לאזט נאר דעם מענשען פריי און אלצדינג וועט זיך אויסגלייכען, די „הארמאני“ וועט ממילא קומען...

דאס איז — אין קורצע שטריכען — געווען די שטימונג און די אינטעלעקטועלע סביבה פון פרודאן.

„פרייהייט, גלייכהייט, ברידערליכקייט“ — דאס איז געווען, ווי מיר האבען געזעהן, דער גרונדגעדאנק פון דער פראנצויזישער רעוואלוציאן און די אידעע פון די נאך־רעוואלוציאנערע דענקער.

אבער פרודאן האט ניט גענומען קיין איינציגען פון די ווער־טער אלס אויסגאנגספונקט. „מיינע לעהרער“, האט ער אמאל געזאגט, „זיינען געווען די ביבעל, אדאם סמיטה און העגעל.“

און אין די דאזיגע דריי נעמען, דריי סיסטעמען, דריי מעטא־דען, איז ענטהאלטען די גאנצע לעהרע פון פרודאן.

וואס איז די גרונדלאגע פון דער ביבעל? גלייכהייט, פריי־הייט? ניין. די ביבעל פרעדיגט דאס ניט. די נביאים האבען קיינמאל ניט געזאגט, אז די מענשען זיינען גלייך. גלייכהייט איז א פאקט, ניט קיין פאדערונג. עס איז די קאנסטאטירונג פון א

פאראנענעם אָדער איינגעבילדעטען נאַטור־געזעץ, אָבער די קראַפט פון דער ביבעל איז געווען אַ מאָראַלישע. זיי האָבען ניט קאָנסטאַטירט, זיי האָבען געפאָדערט. און פאָדערן קאָן מען נאָר — גערעכטיגקייט אַלס פּרינציפּ פון דער וועלט, אַלס פּרינציפּ פון דער געזעלשאַפט.

„וואָס איז דער יסוד'ישער, אָרגאַנישער, רעגולירענדער, סאַווערענער פּרינציפּ פון די געזעלשאַפטען," פרעגט פּרודאָן אין איינער פון זיינע שפּעטערע שריפטען, „איבער גערעכטיגקייט און דער רעוואָלוציאָן אין קירכען". איז עס די רעליגיאָן, דער אידעאַל, דער אינטערעס? דער דאָזיגער פּרינציפּ איז לויט מיין מיינונג די גערעכטיגקייט. וואָס איז די גערעכטיגקייט? דער תמצית פון דער מענשהייט. וואָס איז זי געווען פון זינט די וועלט שטעהט? כמעט גאָרנישט. וואָס דאַרף זי זיין? אַלעס!"

מיר קאָנען שוין פון דעם לייטמאָטיוו זעהן דעם גאַנצען כאַראַקטער פון פּרודאָן'ס דענקען. איז גערעכטיגקייט אַן עקאָנאָמישער אָדער וויסענשאַפטליכער בעגריף? אַ קאָנקרעטע ערשיינונג, וואָס מען קאָן מעסטען און וועגען און וויסענשאַפטליך בעשטימען?

גערעכטיגקייט איז אַ מאָראַלישער בעגריף. די גערעכטיגקייט וואָס איז, ווי דאָס אַלטע רוימישע וואָרט זאָגט, „דער פונדאַמענט פון די מלוכות", האָט אָבער צוויי עלעמענטען אין זיך: רעכט און יושר, אָדער דין און צדק. „איטליכען געבען זיינס, דאָס וואָס קומט איהם", דאָס בעריהמטע suum cinque dare פון דער רוימישער רעכטליכער דעפיניציאָן, איז דין, איז רעכט. עס איז דער „עין תחת עין", איינס פאַר איינס. מיט אַנדערע ווערטער, דאָס איז אַ לאָגיש־מאַטעמאַטישע גלייכונג. מיר זאָגען: ש=ס, ד. ה. אַלע עלעמענטען וואָס „ס" האָט, בעזיצט אויך „ש", מען קאָן גאָרנישט אַראָבנעהמען און גאָרנישט צולעגען. די איינענע קוואַנטיטעט, די איינענע קוואַליטעט.

און דאָס איז — פאַר דעם ריין־לאָגישען דענקער — דער גרונדזאַץ פון דער וועלט, אָדער ווי פּרודאָן זאָגט מיט אַ מעטאַפאַר: דער בעזמען, די וואָגשאַל פון דער וועלט.

עס איז דאָ אַ צווייטע אַרט גערעכטיגקייט, דער „צדק", די גערעכטיגקייט פון לפנים משורת הדין, די גערעכטיגקייט פון

„אויסשטעלען די צווייטע באק", די גערעכטיגקייט וואס גערהט ארוים פון דעם לאגיש־מאטעמאטישען קרייז און ווערט אויסשליסליך מאראליש, גאנץ אונאבהענגיג פון דער געזעלשאפט, גאנץ סוביעקטיוו.

דאס איז דער טיעפסטער אונטערשייד צווישען דער אזוי־גערופענער „אלט־טעסטאמענטארישער", ביבלישער, אידישער מאראל און דעם „קריסטליכען" אידעאל פון מאראל און גערעכטיגקייט.

די ערשטע איז אביעקטיוו, סאציאל. נים דער יחיד איז דער עיקר און זיין מאראלישער ווערט, נאר דער כלל. דער כלל שטעהט אויף גלייכגעוויכט. ווי אזוי מען זאל דעם גלייכגעוויכט ניט שטערן, וואס פאר מאטיוון עס זאלען נים מיטווירקען דערביי, שלעכטע צי גוטע, הייליגע צי עגאאיסטישע — די געזעלשאפט ליידט פארט דערביי, פונקט אזוי ווי עס איז דעם בעזמען קיין שום נפקא מינה ניט ו ו א ס מען לעגט ארויף אויף דער צווייטער וואגשאל — צו פיעל דימענטען וועגען איבער פונקט אזוי גוט ווי צו פיעל קלייען, צי קארטאפעל־שאלעכץ.

די קריסטליכע מאראל איז סוביעקטיוו; איהר ארט ניט דער כלל, די געזעלשאפט, נאר דער יחיד און זיין נשמה, זיין אינערער פראצעס.

פרודאן האט געדענקט ריין־ביבליש, האט אנגענומען דעם ביבלישען אידעאל פון אביעקטיווער גערעכטיגקייט, און זי געמאכט — כמעט דער ערשטער אין דער פאליטישער וויסענשאפט — צו א פונדאמענט פון א סאציאלען סיסטעם. און מיט דער ביבלישער אנשויאונג האט ער איבערגענומען אויך דעם ביבלישען פאטאס.

זיין צווייטער לעהרער איז געווען אדאם סמיטה, דער בעגרינדער פון דער מאדערנער פאליטישער עקאנאמיע בכלל. דער גרויסער פערדיענסט פון אדאם סמיטה אין דער פאליטישער עקאנאמיע איז געווען זיין מ ע ט א ד ע. פאר איהם פלעגען די עקאנאמען דענקען אונגעפעהר ווי די גריכישע פילאזאפען פון פאר סאקראטעס. טהאלעס פון מילעט האט געזאגט, אז די וועלט איז וואסער, אנדערע האבען געזאגט אז זי איז פייער, לופט, א. ז. וו.. מען האט געזוכט די גרונד־עלעמענטען און מען איז געווען כ א־

נ י ס ט י ש. ביז סאָקראַטעס האָט די גאַנצע פראַגע געשטעלט אויף אַן אַנדער אופן: געגומען די וועלט אין איהר גאַנצער, קאָמ־פּליצירטער, פּ ל ו ר אַ ל י ס ט י ש ע ר ערשיינונג, און גע־פרעגט: „וואָס איז די וועלט פ אַ ר מ י ר?“ און אַריינגע־בראַכט די דיאַלעקטישע מעטאָדע פון וועלט־פראַגען.

די עקאָנאָמען פאַר סמיטה׳ן, די פיזיאָקראַטען — קענע —, די מערקאַנטיליסטען — קאָלבער, טאָרגאָ — א. אז. וו., האָבען יעדער פון זיי געזוכט דעם פּ ר י נ צ י פּ פון נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיע אין דער עקאָנאָמיע אליין. די פיזיאָקראַטען האָבען אויפגע־שטעלט אַ טעאָריע, אַז נאָר די ערד איז פּראָדוקטיוו, נאָר די ערד־אַרבייט איז אַ פּראָדוקטיווע אַרבייט; די מערקאַנטיליסטען האָבען זיך געשטעלט אויף געלד און מסחר. אַלץ איינזייטיגע, ניט אויסשעפּפענדע טעאָריען און דאָגמען. אָדאַם סמיטה האָט אָנגע־ווענדעט אַ נייעם, פילאָזאָפישען מעטאָד, גענומען די עקאָנאָמיע אין אַלע איהרע פערצווייגונגען, גענומען זי היסטאָריש, ענטוויק־לונגס־טעאָרעטיש־און־עטהיש. ער האָט אָנגעוויזען דעם פּלוראַ־ליסטישען כאַראַקטער פון דעם ווירטשאַפטליכען לעבען, די ענט־וויקלונג פון עקאָנאָמיע דורך די אַרבייטס־טיילונג, דעם אורשפּרונג פון ווערט און פּרייז. ער האָט ניט געוואָלט, ניט געקאָנט, לויט זיין מעטאָדע געבען קיין איינזייטיגע סכעמען און רעגעלן פאַר צוקונפטס־רעפאָרמען. דערפאַר זיין ל י ב ע ר אַ ל י ז ם, ד. ה. די לעהרע פון דער פרייער ענטוויקלונג פון די ווירטשאַפטליכע כחות. אָבער זיין ליבעראַליזם איז ניט געגאַנגען אַזוי ווייט ווי דער שפּעטערער ליבעראַליזם פון די פערטיידיגער פון דער סאָציאַ־לער אָרדנונג אין דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט, ווי צ. ב. סעי אָדער באַסטיאַ, די לעהרער פון דער „סאָציאַלער האַרמאָניע“. די רעפאָרמען וואָס אַדאַם סמיטה האָט געהאַלטען פאַר נויטיג און מעגליך זיינען פרייעס צוזאַמענאַרבייטען, קאָמבינירען פון די ווירטשאַפטליכע קרעפטען, די ק אָ אָ פּ ע ר אַ ט י ו ו ע, ד. ה. די פעראייניגונג פון אינדיווידואַליסטישער פרייהייט מיט דעם סאָציאַלען אינטערעס.

„און מיין דריטער לעהרער איז געווען העגעל.“

די העגעלשע פילאָזאָפיע האָט אין זיך צוויי עלעמענטען —

דעם מ ע ט א פ י ז י ש ע ן, אזוי צו זאָגען, דעם אינהאלטליכען, און דעם מ ע ט אָ ד אָ ל אָ ג י ש ע ן.

דער אינהאלט איז די ענטוויקלונג פון דער קאַנטישער פילאָזאָפיע, אָדער ריכטיגער פון דער „אַן־זיך" אידעע ביי קאַנט. קאַנט'ס גרונדגעדאַנק, אז די וועלט איז א „אַן־און־פאַר־זיך", אונבעשטימט, אונבעקאַנט, ניט מעגליך פערשטאַנען צו ווערן, סיידען אין די פאָרמען פון די אַפּריאָרישע קאַטעגאָריען פון דער ריינער פערנונפט; מיט אנדערע ווערטער, אז די וועלט איז אן ערקענטניס־טהעאָרעטישע אויפגאַבע, איז פון העגעל ענטוויקעלט געוואָרען נאָך דער מעטאַפיזישער זייט. דער „אַפּריאָרי" און דאָס „אַן־זיך", זאָגט העגעל, איז איינס און דאַסזעלבע. די וועלט אליין איז א לאָגישע אידעע, איהר ענטוויקלונג, דער פּראָצעס פון איהר „ווערן" איז א לאָגיש־מעטאַפיזישער פּראָצעס, די נויטווענדיגע אינערע, דיאַלעקטישע ענטוויקלונג פון דער אידעע.

די וועלט איז ניט קיין ערקענטניס־טעאָרעטישע אויפגאַבע, זי איז א לאָגישע מ ע ט אָ ד ע.

פּרודאָן האָט ניט פערשטאַנען די טיעפע מעטאַפיזיק פון העגעל און דעם דייטשען אידעאַליזם. ער האָט בכלל זעהר ווייניג פערשטאַנען און געקענט פילאָזאָפיע. ער האָט נאָר אויפגעכאַפּט מיט זיין גיכען, שטאַרקען, לאָגיש־שאַרפען פערשטאַנד דאָס וואָס איז געווען וועזענטליך אין דער פילאָזאָפיע פון העגעל — דעם דיאַלעקטישען מעטאָד, דעם מעטאָד פון לאָגישע ווידערשפּרוכען און זייער אויפלייזונג אין א נייעם סינטעז.

בעוואָפענט מיט ביבעל, סמיטה און העגעל, טרעט פּרודאָן אין יאָהר 1840 ארויס מיט זיין ערשטער גרויסער שריפט — געדאַכט אלס פּרייזשריפט ביי דער אַקאַדעמיע פון בעזאַנסאָן: „וואָס איז אייגענטום?

און ער האָט געגעבען דעם וועלט־בעריהמטען ענטפער: „אייגענטום איז גנבה".

מיר האָבען שוין אויבען געזעהן, אז די דאָזיגע פאָרמעל איז ניט געווען אזוי נייע און אונערהערט ווי זי דאַכט זיך. מיר האָבען געזעהן אז אפילו דער זשיראָנדיסט, ד. ה. דער ראַדיקאַלער בורזשוא בריסאָ האָט בפירוש געזאָגט, אז „אייגענטום איז גנבה". אַנדערע האָבען עס אין דער איינער אָדער אַנדערער פאָרם אויך געזאָגט.

אָבער פון דעסטוועגען האָט פּרודאָן׳ס פאָרמעל געווירקט ווי א באָמבע, געמאַכט א שטאַרקען איינדרוק אויף זיין צייט.

ניט די פאָרמעל — דער סיסטעם, די שאַרפע קריטיק, די אונדערבאַרמהערציגע לאָגיק, דער געוואַלדיגער פּאַטאָס און די אויפ־ריכטיגקייט, דער רעוואָלוציאָנערער טאָן — דאָס האָט געמאַכט אזא שטאַרקען רושם אויף דעם פּובליקום.

איך וויל דאָ ניט אריינגעהן אין אַן אַנאַליז פון דעם ווערק. ניט דער געדאַנק, נאָר דער ט אָ ן מאַכט דאָ די מוזיק. און דער טאָן איז דער עלעמענט פון פּערזענליכקייט.

פערשיידענע נאַציאָנאַל־עקאָנאָמען, ווי צ. ב. ש. אין דייטש־דייטשלאַנד קאַרל דיעל און אַנדערע, האָבען זיך גענומען די מיה אויפצודעקען די שוואַכקייטען און די פעהלער פון פּרודאָן׳ס טעאָ־ריע. זיי האָבען געוויזען, אז די היסטאָרישע אָבלייטונג פון אייגענ־טום — אלס רויב, אָקקופּאַציאָן, „אָבען־רעכט“, ד. ה. דאָס אַלטע פראַנצויזישע רעכט, לויט וועלכעם דער שטאַאט ווערט א יורש פון א פרעמדען, וועלכער בעזיצט גרונד אין דער מדינה און שטאַרבט, א. אז. וו. — זיינען אונריכטיג. זיי האָבען געוויזען, אז די ווערט־טעאָריע פון פּרודאָן — טוישווערט און געברויכסווערט — איז אונריכטיג, און אז זיין טעאָריע פון ארבייטס־צייט־ווערט איז אונקלאָר און אונבעשטימט. (דאָס האָט קאַרל מאַרקס אזוי שאַרף בעוויזען אין זיין „עלענד פון דער פילאָזאָפיע“, א קריטיק איבער פּרודאָן.)

מען קאָן פּרודאָנ׳ען אַנאַליזירען מיט זיין אייגענעם מעטאָד: אָנווייזען די אינערע ווידערשפּרוכען אין איהם. אָבער דאָס איז ניט נויטיג. ער האָט עס אַליין געטהאָן. ער אַליין איז געוועזען א צו אונרוהיגער גייסט, תמיד פרעגענדיג, זוכענדיג, תמיד פער־וויקלענדיג זיך אַליין און אַנדערע אין ווידערשפּרוכען.

„איך וואָלט געוואָלט זיין אין גן־עדן“ — האָט אַמאָל פּרודאָן געזאָגט צו דעם עקאָנאָמיסט באַסטיאַ, — „אָבער איך האָב מורא, אז אַלע זיינען דאָרט איינפערשטאַנען איינער מיט דעם אַנדערן און איך וועל דאָרט קיינעם ניט געפינען, מיט וועמען איך וואָלט געקאָנט זיך שפּאַרען“. . .

נאָך א קורצער אונטערברעכונג — ער איז געוועזען, נאָך א פּראָצעס וועגען דער שריפט „וואָרנונג צו קאַפּיטאַליסטען“, ביי

וועלכען ער איז פריינעשפּראָכען געוואָרן, א פּאָר יאָהר אָנגעשטעלט אין א גרויסען האנדעלס־הויז אין ליאָן — קערט ער זיך אום קיין פּאריז און פערעפענטליכט (1846) זיין גרונד־ווערק: „סיסטעם פון די עקאָנאָמישע ווידערשפּרוכען, אָדער די פילאָזאָפיע פון עלענד“. דאָס איז דאָס איינציגע ריין־טעאָרעטישע ווערק פון פּרודאָן, וואָס נעמט ארום אַלע עקאָנאָמישע פראגען.

דאָרט געפינען מיר דעמזעלבען דיאַלעקטישען, אָדער „אנטי־נאָמישען“ מעטאָד, ד. ה. דעם מעטאָד פון ווידערשפּרוכען, דיזעלבע געדאנקען ווי אין „אייגענטום“.

ער ווייזט אָן, ווי יעדער עקאָנאָמישער פּראָבלעם קאָן בעטראכט ווערן פון צוויי ענטגעגענגעזעצטע שטאנדפּונקטען, און ביי יעדען פון די דאָזיגע אנטינאָמיען טראכט ער צו געבען א סינטעטישען ענט־פער.

אזוי צ. ב. אין דער ווערט־טעאָריע: געברויכס־ווערטה און טויש־ווערטה זיינען די אנטינאָמיען; קאָנסטיטואירטער, אינטעגראַ־לער, גאנצער ווערטה איז דער ארבייטס־ווערטה.

דאָס אייגענע איז אייגענטום: אייגענטום איז שלעכט, קאָ־מוניזם איז נאָך ערגער; דער סינטעז איז: אסאָציאציאָן פון בעזיץ.

דאָס אייגענע איז מיט שטאאט און רעגירונג. „שטאאט,“ זאָגט פּרודאָן, „איז דער קלאַס פון אונפּראָדוקטיווע. שטאאט איז אונגלייכהייט, אונגערעכטיגקייט. יעדע רעגירונג איז אונגע־זעצליך, יעדע הערשאפט פון מענש איבער מענש איז פערגוואלטי־גונג פון דער פרייער פערזענליכקייט“.

אַלזאָ — א נ א ר כ י ע.

אַלזאָ, ווי פּרודאָן זאָגט: „מיין סאָציאַלער און פּאָליטישער 'אני־מאמין' שטעהט אויף פאָלגענדע דריי זאצען: מען דאַרף ניט מעהר קיין פּארטייען, קיין אויטאָריטעט, און עס מוז זיין אבסאָלוטע פרייהייט פון מענש און בירגער“.

ער בויט אויף די טעאָריע פון דער „סאָציאַלער ליקווידאציע“ און פרישט ווידער אויף די אַלטע רוססאָ־פאָרמעל פון דעם „סאָציא־לען קאָנטראקט“.

דער אונטערשייד צווישען פּרודאָן און די אַנדערע רעפאָרמאַ־טאָרען פון יענער צייט, ווי למשל די סען־סימאָניסטען (קאָנסידע־ראַן), די פוריעריסטען, לואי בלאַן — איז דער שטאאטס־בעגריף.

זיי האָבען געוואָלט רעפאָרמען דורך דעם שטאַאַט. פאַר לואי בלאַן איז דער שטאַאַט געווען דער „בעל־הבית“; פאַר פרודאָן איז דער שטאַאַט דער דיענער. ער גלויבט אין דעם פרייען ווילען און אין דער פערנונפט פון דעם פאָלק.

„איך האָב“, זאָגט ער אין איינעם פון זיינע שפּעטערע ווערק, „דעו זעלטענעם פאַרצוג, וואָס איך בין געבאָרן געוואָרן צווישען דעם פאָלק, האָב געלערנט וואָס האָט געמאכט דעם פאָלק דאָס, וואָס ער איז היינט, און בלייב איינער פון פאָלק. אויב מיינע אידעען זיינען אפילו ניט ניי, האָבען זיי אָבער וואָרצלען אין דער ערד“.

ער איז דערפאַר ווייניגער פעראינטערעסירט אין פּאָליטישע פראַגען ווי אין עקאָנאָמישע. פּאָליטיש וויל ער נאָר פרייהייט, פרייהייט פון יעדער אויטאָריטעט. עקאָנאָמיש וויל ער — אסאָציאציאָן און געגענזייטיגקייט, גערעכטיגקייט. וויסענשאַפטליך אויסגעדריקט: די גאַנצע עקאָנאָמישע אידעאָלאָגיע פון פרודאָן איז: אגריקולטורעל־אינדוסטריעלער פ ע ד ע ר א ל י ז ם; די פּאָליטישע — פעדעראַליזם און דעצענטראַליזאַציאָן.

פ ע ד ע ר א ל י ז ם, ד. ה. פרייע, בעוואוסטזיניגע, צוואַנגלאָזע פעראייניגונג אין דער פּאָליטיק, הייסט אין דער פרודאָנישער טערמינאָלאָגיע אויך ג א ר א נ ט י ז ם (די געזעלשאַפט ג א־ר א נ ט י ר ט דעם איינצעלנעם די פרייהייט), און אויך — אנאַרכיזם. אין דער עקאָנאָמיע הייסט ער: מ ו ט ו א ל י ז ם, געגענזייטיגקייט.

„פעדעראַליזם“ איז א מין קאָנטראַקט, נאָך וועלכען איינע אָדער עטליכע גרופּען זיינען זיך מתחיב פאַר בעשטימטע. צוועקען און געגענזייטיגע דיענסטען.

„מוטואַליזם“ שטעהט אויף דעם פרינציפּ: „מה דסני עלך לחברך לא תעביד“, דיענסט פאַר דיענסט, פּראָדוקט פאַר פּראָדוקט, הלואה פאַר הלואה, גאַראַנטי פאַר גאַראַנטי. מוטואַליזם איז די נייע אָרדנונג, וועלכע די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן האָט געזאָלט שאַפען, די צוקונפטס־רעליגיאָן, די „רעליגיאָן פון גערעכטיגקייט“.

מיר זעהען ווידער אַמאָל דעם איינענעם מאָטיוו: ג ע ר ע כ־ט י ג ק י י ט. „עין תחת עין“ האָט בעקומען די פאָרם „לייסטונג פאַר לייסטונג“.

אָבער פּרודאָן האָט באַלד איינגעזעהן, אַז מיט טעאָריע אַליין איז ניט גענוג. ער האָט זיך געוואָרפען אויף'ן פּראַקטישען לעבען, האָט געגרינדעט צייטונגען, איז אויסגעקליבען געוואָרען אין פּאַר־לאַמענט, — וואו ער האָט איבריגענס זעהר וועניג אויפגעטהאָן — און דערנאָך גענומען זיך צו גרינדען זיין בעריהמטע „פּאָלקסבאַנק“, וואָס האָט געזאָלט רעוואָלוציאָניזירען די גאַנצע קרעדיט־אָרדנונג אין פראַנקרייך. די באַנק האָט געהאַט אַלס פּרינציפּ דעם מוטואַ־ליזם, ד. ה. פּראָדוקטען פאַר פּראָדוקטען; האָט דער איינלייגער געבראַכט פּראָדוקטען אין באַנק, האָט ער בעקומען ניט קיין געלד נאָר אָנווייזונגען, באַנוסעם אויף אַנדערע פּראָדוקטען.

די באַנק איז ניט געראָטען. זי האָט געזאָלט האָבען אַלס גרונדקאַפּיטאַל פינף מיליאָן פראַנק, האָט אָבער געהאַט בסך־הכל עטליכע צעהנדליג טויזענדער, און נאָך אַ קורצער צייט איז די באַנק אונטערגעגאַנגען מיט אַ דעפיציט פון עטליכע און דרייסיג טויזענד פראַנק. די אידעע פון אַזאַ מוטואַליסטישער באַנק איז פונדעסטוועגען ניט לגמרי אונטערגעגאַנגען. פערשיידענע אָנהענ־גער פון פּרודאָן האָבען געפּרובט איינצופיהרען אַזעלכע באַנקען אין דער פּראָווינץ. אָבער אַלע זיינען זיי, פריהער אָדער שפּעטער, אונטערגעגאַנגען.

דערוויילע ברעכט אויס אין פּאַריז די רעוואָלוציאָן פון 1848. פּרודאָן דער פאָלקסטריביון, נעמט אַ טייל אין איהר. נאָכדעם ווי די רעוואָלוציאָן האָט זיך געענדיגט אַזוי טראַגי־קאָמיש, ווערט פּרודאָן אַרעסטירט. ער אַנטלויפט קיין בריסעל. מען כאַפּט און זעצט איהם ווידער איין אין געפענגניס. ער ווערט אָבער באַלד בעפרייט.

פּרודאָן ציהט זיך צוריק פון דעם אַקטיווען פּאָליטישען לעבען און אַרבייט שוין כמעט אויסשליסליך וויסענשאַפטליך. אין יאָהר 1858 פערעפענטליכט ער זיין גרויס ווערק: „די גערעכטיגקייט אין דער רעוואָלוציאָן און אין דער קירכע“, אַ בוך אין וועלכען ער בעמיהט זיך ווידער אַמאָל אויסצואַרבייטען אַ געשיכטס־פילאָזאָפיע אויף'ן גרונד פון דעם גערעכטיגקייטס־פּרינציפּ.

דאָס ווערק האָט דערוועקט דעם צאָרן פון די קירכליכע און וועלטליכע מאַכטהאָבער. ער ווערט פּראָצעסירט, פער'משפּט צו דריי יאָהר געפענגניס און 4000 פראַנק שטראָף.

ער אנטלויפט קיין בריסעל, און לעבט דארט ביז 1859, ביז צו דער אמנעסטיע פון לואי נאפאלעאן.

אין בריסעל פערפאסט ער אויך זיין בעריהמטען ווערק „איבער קריעג און פריעדען", אין וועלכען ער בעווייזט, לויט זיין ליעבלינגס־מעטאד, דער דיאלעקטיק, די גוטע און שלעכטע זייטען אי פון קריעג, אי פון שלום. יעדענפאלס איז ער אקעגען דעם עקסטרעמען פאסיפיזם. ער האט ליעב קריעג, קאמפף, און חזר'ט איבער העראקליד'ס ווערטער: „קריעג איז דער פאטער פון אלעמען". אבער זיין „קריעג" איז ניט פאר עראבערונג און הערשאפט, נאר פאר פראגרעס און פערבעסערונג פון דער מענשהייט.

ער שרייבט נאך א פאר ווערק איבער טאג־פראגען — רעאליס־טישע מאלעריי, די פרויענפראגע, אין וועלכער ער טרעט אויף פאר דער עמאנציפאציאן פון דער פרוי און פאר שטרענגער געשלעכט־ליכער מאראל.

אין 1865 איז ער געשטארבען אין פאססי, ביי פאריז.

דאס איז אין קורצע שטריכען דאס לעבען און דאס ווערק פון פרודאן. זיין שטעלונג אין דער וויסענשאפט פון דער פאלי־טישער עקאנאמיע איז ניט אזוי ערשטקלאסיג ווי ער אליין האט געהאפט און ערווארטעט. די שארפע קריטיק פון מארקס האט איהם געטויט אין די אויגען פון דער סאציאל־דעמאקראטי; די נאציאנאל־עקאנאמען זיינען זיינע געגנער, און די „ריינע וויסענ־שאפט" פון היינט, די נאציאנאל־עקאנאמיע פון דער סוביעקטיווער און מאטעמאטישער שול, האלט איהם פאר א דילעטאנט.

דער פראנצויזישער סאציאלאג בוגלע דעפינירט די שטעלונג פרודאן'ס מיט פאלגענדע קלארע ווערטער: „אין דער געשיכטע פון דער פאר־סאציאלאגיע, ווי די סיסטעמען פון באנאל און סען־סימאן, פוריע און א. קאמט, האט פרודאן זיין אייגענעם פלאץ, וואס איז בעצייכענט דורך זיין מוטיגען פראגראם: צווינגען דעם קאלעקטיווען פערשטאנד צו סאנקציאנירען דעם פערזענליכען רעכט".

מיט אנדערע ווערטער: פרודאן'ס ווערטה איז ניט זיין פאזי־טיווע לעהרע, נאר זיין קריטיק; ניט זיין סיסטעם, נאר זיין אנאליז; און נאך מעהר, דער פאטאס פון זיין לאגיק, ד ע ר פ א ט א ס פ ו ן ג ע ר ע כ ט י ג ק י י ט.

# קאַפּיטעל I

**די מעטאָדע פון דעם ווערק. — די אידעע פון אַ רעוואָלוציאָן.**

ווען איך זאָל דאַרפען ענטפערן אויף דער פראַגע: „וואָס איז קנעכטשאַפט?“ און איך וואָלט געענטפערט מיט איין וואָרט, „עס איז מאָרד“, וואָלט מען מיין געדאַנק תיכף פערשטאַנען. איך וואָלט ניט בעדאַרפט האַלטען קיין לאַנגע דרשות, כדי צו בעווייזען, אַז די מאַכט צו־צונעהמען ביי אַ מענשען זיין דענקען, זיין ווילען, זיין פּערזענליכקייט, איז די מאַכט איבער לעבען און טויט, און אַז פערשקלאַפען אַ מענשען הייסט הרג'ענען איהם. פאַרוואָס־זשע קאָן איך ניט ענטפערען אויף דער אַנדערער פראַגע: „וואָס הייסט אייגענטום?“ — „ע ס א י ז ג נ ב ה“, און האָבען די זיכערקייט, אַז מען וועט מיך תיכף פערשטעהן, כאָטש דער צווייטער זאַץ איז דאָס אייגענע וואָס דער ערשטער נאָר אביסעל איבערגעניצעוועט?

איך נעהם זיך דאָ אונטער צו אונטערזוכען דעם גרונד־פּרינציפּ פון אונזער רעגירונג און אונזערע אינסטיטוציעס — דאָס אייגענטום. איך האָב פאָלקאָמען רעכט דערצו. איך מעג זיך אָבנאַרען איבער די רעזולטאַטען וואָס וועלען אַרויסקומען פון מיינע אונטערזוכונגען, — איך האָב אַ רעכט דערצו. עס גלוסט זיך מיר אוועקשטעלען דעם לעצטען געדאַנק פון מיין בוך צום אָנהויב — איך האָב אַלץ אַ רעכט דערצו.

עס זיינען דאָ שריפטשטעלער וואָס זאָגען, אַז אייגענטום איז אַ בירגערליכעס רעכט, אַרויסגעשפּראָצט פון דעם פערכאַפּען מיט גוואַלד און סאַנקציאָנירט דורכ'ן געזעץ; אַנדערע שטעהען אויפ'ן שטאַנדפּונקט, אַז אייגענטום איז אַ נאַטירליכעס רעכט וואָס האָט איהר וואָרצעל אין דער אַרבייט. און ביידע טעאָריעס — כאָטש די ערשטע איז, דאַכט זיך, דער היפך פון דער צווייטער — ווערן אויפגענומען מיט צושטימונג און זיינען געוואָרן אַפּראָבירט. איך בעהויפּט, אַז ניט די אַרבייט, ניט דאָס פערכאַפּען מיט גוואַלד און

ניט דאָס געזעץ קאָנען שאַפען אייגענטום; עס איז אַ פאָלגע אָהן אַ סיבה — קומט מיך דערפאַר צו טאַדלען?

איך הער שטימען מורמלען:

אייגענטום איז גנבה! דאָס איז דאָך דאָס שטורם־גלעקעל פון '93! דאָס איז דאָך דער סיגנאַל פון די רעוואָלוציאָנען!

בערוהיגט אייך, לעזער. איך בין ניט קיין אגענט פון מחלקות. איך בין ניט קיין פייער־וואַרפער פון אויפשטאַנדען. איך פערלויף נאָר מיט עטליכע טעג פאַר דער געשיכטע. איך זאָג אַן אמת, וועלכען מיר וועלען סיי־ווי־סיי ניט קאָנען אָבהאַלטען פון פערווירקליכט ווערן. איך שרייב די איינלייטונג צו אונזער צוקינפטיגער קאָנסטיטוציע. אָט די דעפיניציע, אַז אייגענטום איז גנבה, וואָס קלינגט אין אייערע אויערן ווי אַ חלול השם, וואָלט געקאָנט ווערן אַ בליץ־אָבלייטער, ווען אונזערע פּאַראורטיילען וואָלטען צוגעלאָזט עס צו פערשטעהן. אָבער צו־פיעל הינדערניסען, צו־פיעל פּאַראורטיילען שטעהען אין וועג דערצו!... ליידער וועט די פילאָזאָפיע ניט ענדערן דעם גאַנג פון די עראייגניסע; דאָס וואָס מוז זיין וועט קומען, אונאָבהענגיג פון נביאות. און דאַן, מוז דען ניט די גערעכטיגקייט זיך פערווירקליכען און אונזער ערציהונג פערענדיגט ווערן?

אייגענטום איז גנבה! וואָס פאַר אַן איבערקעהרעניש פון די מענשליכע אידעען! אייגענטום און גנב זיינען תמיד געווען היפכים אין אויסדרוק, פונקט ווי די מענשען וואָס ווערען מיט דעם בעצייכענט האָבען שטענדיג אַן אַנטיפּאַטיע איינער צום אַנדערן. אין אַלע שפּראַכען איז דער געגענזאַץ פערגרונטעוועט. מיט וואָס פאַר אַן אויטאָריטעט קומט איהר איצטער און אַטאַקירט דאָס, אין וואָס די גאַנצע וועלט איז מסכים, און ווידערשפּרעכט דער גאַנצער מענשהייט? ווער זייט איהר, וואָס איהר נעהמט זיך דאָס רעכט אָבצולייקענען דאָס, וואָס דער שכל פון פעלקער און פון אַלע צייטען האָט אויפגעבויט?

וואָס איז אייך די נפקא־מינה, לעזער, ווער איך, קלייניגקער מענשעלע, בין? איך געהער פונקט ווי איהר צו אַ יאָהרהונדערט, וואו דער שכל בויגט זיך נאָר פאַר פאַקטען און בעווייזען. מיין נאָמען, פונקט ווי אייערער, איז — זוכער־פון־אמת. מיין

מיסיע איז פערצייכענט אין די ווערטער פונ'ם געבאָט: „רעד אָהן שנאה און אָהן מורא; און זאָג וואָס דו ווייסט!" דאָס ווערק פון אונזער ראסע איז אויפצובויען דעם טעמפעל פון וויסענשאפט, פון דער וויסענשאפט, וואָס נעהמט ארום מענש און נאטור. און דער אמת איז זיך מתגלה צו אלעמען; היינט צו ניוטאָן און פאס־קאל, מאָרגען צו דעם פאסטוך אינ'ם טהאָל און צו דעם ארבייטער ביים ווארשטאט. יעדער ברענגט זיין שטיינדעל צום בנין, און קוים האָט ער זיין אויפגאבע ערפילט, פערשווינדט ער. פאר אונז אן אייביגקייט, אן אייביגקייט נאָך אונז. און צווישען צוויי אונ־ענדליכקייטען — וואָס איז דען א מענש, און צו וואָס דאַרף עמי־צער וויסען ווער ער איז?

לאָזט דערפאר, לעזער, צורות מיין טיטעל און מיין כאראקטער, און בעשעפטיגט זיך נאָר מיט מיינע ארגומענטען. איך וויל דאָ פעררירכטען דעם אלגעמיינעם טעות, טאקי וועגען דער אלגעמיינער הסכמה. און איך אפעליר פון דער מ י י נ ו נ ג פון דער מענש־הייט צו דעם ג ל ו י ב ע ן פון דער מענשהייט. האָט דעם מוטה מיר נאָכצופאָלגען; און אויב אייער ווילען איז שטארק, אייער גע־וויסען פריי, און אייער פערשטאנד קאָן פעראייניגען צוויי הנחות און ארויסדרינגען פון זיי א דריטע — וועלען מיינע אידעען מוזען ווערען אויך אייערע. איך האָב אייך לכתחילה געזאָגט מיין לעצ־טען וואָרט ניט אויף להכעים, נאָר ווייל איך האָב אייך געוואָלט וואָרענען; וואָרים איך בין זיכער, אז אויב איהר וועט מיך לעזען וועט איהר מוזען מיר צושטימען. די פראגען איבער וועלכע איך וויל מיט אייך דאָ רעדען זיינען אזוי פשוט, אזוי בולט, אז איהר וועט זיך וואונדערן, וואָס זיי זיינען אייך נאָך פריהער ניט אויפ־געפאלען, און איהר וועט זיך מוזען זאָגען: „איך האָב דערפון ניט געטראכט". אנדערע וועלען אייך ווייזען די קונסט ווי א זשעני בעצווינגט די סודות פון דער נאטור און גיט ארוים ערהאבענע נבואות. דאָ אָבער וועט איהר מעהר ניט געפינען ווי א רייהע ערפאהרונגען איבער ג ע ר ע כ ט י ג ק י י ט און ר ע כ ט, א מין איבערפרובען דעם בעזמען פון אייער געוויסען. די ארבייט וועט געטהאָן ווערן פאר אייערע אויגען און איהר וועט אליין קאָנען אָב־שעצען דעם רעזולטאט.

און א חוץ דעם, איך שאַף גאָר ניט קיין סיסטעם. איך פער־

לאַנג בלויז דעם סוף פון דער פּריווילעגיע, די אָבשאַפונג פון קנעכט־שאַפט, די גלייכהייט פון רעכט און די הערשאַפט פון געזעץ. גע־רעכטיגקייט — מעהר ניט ווי גערעכטיגקייט; דאָס איז דער סך־הכל פון מיין אונטערזוכונג. איך לאָז איבער צו אַנדערע דעם עסק פון רעגירען די וועלט.

איך האָב מיר אַמאָל געשטעלט די פראַגע: פאַרוואָס איז אין דער געזעלשאַפט פאַראַן אַזויפיעל שמערץ און עלענד? מוז דער מענש זיין אייביג אומגליקליך? די רעפאָרם־אונטערנעהמער האָבען זייערע ערקלערונגען פאַר אַלצדינג. איינער בעשולדיגט די אַלגעמיינע נויט, דער אַנדערער — די פיינהייט און טפשות פון דער רעגירונג. איינער די פערשווערער און רעוואָלוציעס, דער אַנ־דערער — די אַלגעמיינע אונוויסענהייט און קאָרופּציאָן. איך האָב זיך דערביי ניט געוואָלט אָבשטעלען. איך בין מיעד געוואָרען פון די ענדלאָזע קעמפּע אין דער פּרעסע און אויף דער רעדנער־טרי־בונע. איך האָב געוואָלט אַליין זיך פערטיעפען אין דער פראַגע. האָב איך אָנגעהויבען צו פרעגען ביי די מייסטער פון דער וויסענ־שאַפט, געלייענט אַ הונדערט בענדער איבער פילאָזאָפיע, יוריס־פּרודענץ, פּאָליטישע עקאָנאָמיע און געשיכטע. הלואי וואָלט איך געלעבט אין אַ צייט, ווען אַזוי פיעל תורה וואָלט ניט געבראַכט אַזוי וועניג נוצען. איך האָב זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע כחות אַרויס־צובעקומען גענויע אינפאָרמאַציע, פערגלייכען פערשיידענע טעאָ־ריעס און שאלות ותשובות און האָב זיך אונאויפהערליך בעמיהט צוצופיהרען אַלע די דאָזיגע אַרגומענטען צו דער פּשוט׳סטער פאָר־מע פון מאַטעמאַטישע גלייכונגען, אָבוועגען די טויזענדער סילאָ־גיזמען אויף דער וואָגשאָל פון גענויסטער לאָגיק. אויף דעם שווערן וועג האָב איך געזאַמעלט אַ סך אינטערעסאַנטע פאַקטען, וועלכע איך וועל מיטטיילען מיינע פריינד און דעם פּובליקום, ווען עס וועט נאָר קומען דער שעת־הכושר. איך מוז זיך מודה זיין, אַז ס׳האָט זיך לכתחילה מיר אויסגעוויזען, אַז מיר האָבען קיינמאָל גאָר ניט פערשטאַנען, וואָס די וואולגאַר־געוואָרענע און דאָך יום־טוב׳דיגע, פּראַכטפולע ווערטער **גערעכטיגקייט, גלייכ־הייט** און **פרייהייט** בעדייטען; אַז אונזערע אידעען אי־בער יעדען פון דיזע בעגריפען זיינען טונקעל ווי אַ תהום, און אַז די אונוויסענהייט איז דער איינציגער גרונד פון דער אָרימקייט

וואָס פערצעהרט דעם מארך פון אונזערע ביינער, און פון אַלע אונ־גליקען וואָס זיינען בעפאַלען דער מענשהייט.

איך האָב זיך אליין דערשראָקען פאַר דעם דאָזיגען זעלטזא־מען רעזולטאַט און האָב אָנגעהויבען מורא האָבען פאַר מיין פער־שטאַנד, און איך האָב זיך געזאָגט: איז עס מעגליך, אז דאָס וואָס קיין אויג האָט נאָך ניט געזעהן, קיין אויער ניט געהערט, קיין שכל ניט פערשטאַנען, האָסטו דאָס ענטדעקט? אָדער אפשר נעהמסטו אָן די פאַנטאַזיעס פון דיין קראַנקען מוח פאַר קלאָרע אמת׳ן פון דער וויסענשאַפט? ווייסטו דען ניט וואָס די גרויסע פילאָזאָפען האָבען געזאָגט, אז אין פראַגען פון פראַקטישער מאָראַל איז אַן אַלגעמיינער טעות א ווידערשפּרוך אין זיך זעלבסט?

איך האָב דערפאַר בעשלאָסען צו מאַכען א געגען־פּראָבע. און דאָס זיינען געווען די בעדינגונגען, וועלכע איך האָב זיך געשטעלט אין מיין נייער ארבייט: איז דאָס מעגליך, אז די מענשהייט זאָל קאָנען זיך טועה זיין אזוי לאַנג און אזוי אַלגעמיין ביי דער אַנ־ווענדונג פון די פּרינציפּען פון מאָראַל? פאַרוואָס און ווי אזוי האָט זי זיך טועה געווען, און איז עס מעגליך גובר צו זיין אזא אַלגעמיינעם טעות?

די אנאַליזע פון די פראַגען, פון וועלכע איך האָב געמאַכט אָבהענגענד די זיכערקייט פון מיינע בעאָבאַכטונגען, האָבען באַלד געבראַכט צו א רעזולטאַט. אין׳ם קאַפּיטעל 5 פון דיזען ווערק וועל איך בעווייזען, אז ביי יעדען צווייג פון וויסען, און אזוי אויך אין דער מאָראַל, דיענען אונז די גרעבסטע פעהלער אַלס שטופען פון דער וויסענשאַפט; און אפילו אין פראַגען פון דין און משפט איז דער טעות א מעלה, וואָס פערעדעלט דעם מענשען. מיין איי־גענער פילאָזאָפישער פערדיענסט איז דאָ זעהר א קליינער. אָנרו־פען די זאַכען ביי זייער נאָמען, אויפצעהלען זיי — איז ניט קיין גרויסער אנטיק. א וואונדער וואָלט געווען צו דערקענען זיי נאָך איידער זיי האָבען זיך בעוויזען. מיין ארבייט איז געווען נאָר אויס־צודריקען אַן אידעע, וואָס האָט שוין דערגרייכט צו איהר השלמה, אַן אידעע וואָס בעהערשט דעם שכל פון יעדען מענשען. וואָלט איך זי היינט ניט ארויסגעזאָגט, וואָלט דאָס מאָרגען אַן אנדערער געטהאָן. איך פאַרלאַנג פאַר מיר נאָר די פּריאָריטעט פון דער ערש־טער פאָרמולירונג. קומט עמיצען א שבח, דערפאַר וואָס ער האָט

דער ערשטער געזעהן ווי די זון געהט אויף? אַלע מענשען גלויבען אין ווידערהאָלונג און ווידערהאָלען שטענדיג, אז גלייכהייט פון בעדינגונגען און גלייכהייט פון רעכט זיינען אידענטישע בעגריפען; אז א י י ג ע נ ט ו ם און ג נ ב ה איז א לשון נופל על לשון; אז יעדע געזעלשאַפטליכע פריווילעגיע וואָס ווערט געגעבען, אָדער בעסער געזאָגט, וואָס ווערט מיט גוואַלד גענומען, כלומר'שט אַלס א בעלוינונג פאַר העכערע טאַלאַנטען אָדער געזעלשאַפטליכע דיענסטע, איז אונגערעכטיגקייט און גזלה; אַלע מענשען, זאָג איך, ווייסען ביי זיך אין האַרצען דעם אמת, מען דאַרף נאָר מאַכען, אז זיי זאָלען איהם פ ע ר ש ט ע ה ן.

איידער מיר וועלען צוגעהן צו'ם תוך, מוז איך זאָגען א פאָר ווערטער מכח דער מעטאָדע. פאַסקאַל פלעגט איטליכעס מאָל, ווען ער איז צוגעגאַנגען צו א געאָמעטרישען פּראָבלעם, בעשאַפען א מעטאָדע פאַר דער לעזונג פון דעם פּראָבלעם. אזוי מוז דאָס זיין אויך אין דער פילאָזאָפיע. זיינען דען ניט די פּראָבלעמען פון דער פילאָזאָפיע, וואָס קאָנען האָבען אַזעלכע וויכטיגע קאָנסעקווענצען, גרעסער און וויכטיגער איידער די פּראָבלעמען פון דער געאָמעטריע? מוזען מיר דען ניט דערפאַר אָנווענדען צו זיי א נאָך טיעפערע און שטרענגערע אַנאַליזע?

די היינטיגע פּסיכאָלאָגען זאָגען — און שטעלען דאָס אוועק אַלס א פאַקט, — אז יעדער איינדרוק, וואָס אונזער גייסט בעקומט פון דרויסען, ריכטעט זיך נאָך בעשטימטע אַלגעמיינע געזעצען פון דעם גייסט אליין; בעקומט דאָרט אזוי צו זאָגען א בעשטימטע צורה, לויט געוויסע פאָרמען, וואָס עקזעסטירען שוין לכתחילה אין אונזער פערשטאַנד און בילדען די פאָרמאַלע פאָרבעדינגונג פאַר זיי. זיי זאָגען, אז אפילו ווען עס איז ניטאָ אינ'ם גייסט קיין איינגעבוירענע א י ד ע ע ן, זיינען דאָרט אָבער לכל הפחות פאַראַן איינגעבוירענע פ אָ ר מ ע ן. אזוי מוזען מיר, למשל, יעדע ערשיינונג אויפפאַסען אין רוים און אין צייט. אַלצדינג וואָס געשעהט צווינגט אונז צו שליסען, אז ס'איז דאָ א סיבה איבער וועלכער עס איז געשעהן; יעדע זאַך וואָס עקזיסטירט ענטהאַלט אין זיך די אידעען פון סובסטאַנץ (דאָס „וואָס"), פון מאָדוס (דאָס „ווי"), צאָהל, בעציהונג, א. אז. וו. מיט איין וואָרט, יעדער אונזער געדאַנק מוז האָבען א בעציהונג צו דעם איינעם אָדער אַנדערן אַל-

נעמיינעם פּרינציפּ פון דעם פערשטאַנד, און העכער פון די פּרינ־
ציפּען איז מעהר גאָרנישט ניטאָ.

די פּסיכאָלאָגען זאָגען ווייטער, אַז די אַקסיאָמען פון׳ם פער־
שטאַנד, די גרונד־טיפּען, צו וועלכע אַלע אונזערע אורטיילען און
אידעען מוזען צוריקגעפיהרט ווערן און וועלכע ווערן בלויז ארויס־
גערופען און בעלויכטען דורך די עמפּינדונגען, טראָגען אין דער פי־
לאָזאָפישער טערמינאָלאָגיע דעם נאָמען ק א ט ע ג אָ ר י ע ן.
זיי זאָגען, אַז ס׳איז שוין א בעוויזענע זאַך, אַז די קאַטעגאָריען
עקזיסטירען לכתחילה אין אונזער גייסט, מען דאַרף זיי נאָר אויפ־
צעהלען און סיסטעמאַטיזירען. אַריסטאָטעל האָט אויפגעצעהלט
צעהן קאַטעגאָריען. קאַנט האָט געהעכערט זייער צאָהל ביז פופ־
צעהן. וויקטאָר קוזען האָט די צאָהל ארונטערגעלאָזט אויף דריי,
אויף צוויי, אויף איינס. און עס איז אָהן צווייפעל דער גרעס־
טער שבח פאַר דעם לעצטען דאָס, וואָס כאָטש ער האָט אויך
ניט ענטדעקט די אמת׳ע טעאָריע פון קאַטעגאָריען, האָט ער לכל
הפּחות פערשטאַנען בעסער ווי יעדער אַנדערער די הויכע בע־
דייטונג פון דער דאָזיגער פראַגע, דער גרעסטער און אפשר דער
איינציגער פראַגע, פון דער גאַנצער מעטאַפיזיק.

איך מוז מודה זיין, אַז איך אַליין גלויב, אַז ניט נאָר די
א י ד ע ע ן זיינען ניט איינגעבוירען, נאָר אפילו אַז די פ אָ ר־
מ ע ן אָדער די ג ע ז ע צ ע ן פון אונזער פערשטאַנד
זיינען ניט איינגעבוירען. און איך האַלט, אַז די מעטאַפיזיק
פון ריעד און פון קאַנט איז נאָך ווייטער פון אמת ווי די אריס־
טאָטעלישע. אָבער אזוי ווי איך וויל זיך דאָ ניט אריינלאָזען אין
חקירות איבער פערנונפט־קריטיק, א זאַך וואָס וואָלט פערלאַנגט
א גרויסע ארבייט און אינטערעסירט ניט דאָס פּובליקום, וויל איך
דאָ אָננעהמען די השערה, אַז אונזערע אַלגעמיינסטע און נויטיג־
סטע בעגריפען, ווי: סובסטאַנץ, רוים, צייט און סיבה, עקזיס־
טירען לכתחילה אין׳ם גייסט, אָדער שטאַמען צום ווייניגסטען
דירעקט פון זיין עצם.

עס איז אָבער אויך א ניט ווייניגער אמת׳ער פּסיכאָלאָגישער
פאַקט, וועלכען די פילאָזאָפען האָבען אביסעל צופיעל פערנאַכ־
לעסיגט, אַז די געוועהנהייט, אונזער צווייטע נאַטור, האָט דעם
כח אויפצוזדרינגען אויפ׳ן פערשטאַנד נייע קאַטעגאָרישע פאָר־

מען, ארויסגענומען פון דער אָבשפּיגלונג פון ערשיינונגען, וואָס האָבען דערפאר זעהר אָפט גאָר קיין אָביעקטיווען ווערטה ניט און איבען פון דעסטוועגען אויס אויף אונזערע אורטיילען א ניט ווע־ניגער ענטשיידענדע ווירקונג ווי די ערשטע קאטעגאָריען. מיר טראַכטען דערפאר אין איין צייט, אי לויט די אייביגע אבסאָלוטע געזעצען פון אונזער פערשטאנד, אי לויט די פון אונז אליין גע־מאכטע, געוועהנליך פאלשע רעגעלען, וועלכע ווערן אונז אונ־טערגעזאָגט פון אונזער אונפאָלשטענדיגער בעאָבאכטונג. דאָס איז דער הויפּט־קוואל פון פאלשע פאראורטיילען, די שטענדיגע און אונגעהייער־מעכטיגע סיבה פון פיעלע פעהלער. מיר געפינען זיך אזוי שטארק אונטער דער השפּעה פון די פאָראורטיילען, אז אפילו דעמאָלט ווען מיר בעקעמפּפען א פּרינציפּ, אפילו ווען אונ־זער שכל שטויסט איהם אָב, ווען אונזער גייסט פערניינט איהם און אונזער געוויסען פערדאמט איהם, אפילו דעמאָלט פערטיידי־גען מיר איהם ניט־ווילענדיג און ניט־וויסענדיג, טראכטען לויט דעם פּרינציפּ, פאָלגען איהם צו דער זעלבער צייט, וואָס מיר פא־לען־אָן אויף איהם. אונזער גייסט איז איינגעשלאָסען אין א קרייז און ווירבעלט ווי א גלגל החוזר ארום זיך אליין, ביז עס קומט א נייע בעאָבאכטונג, ערוועקט אין אונז נייע אידעען, דעקט אויף פאר אונז אַן אויסערן פּרינציפּ, וועלכער בעפרייט אונז פון דעם פאנ־טאָם וואָס בעהערשט און פערקנעכטעט אונזער פאנטאזיע.

אזוי למשל ווייסען מיר היינט, אז צוויי קערפּער, ווען צווי־שען זיי איז ניטאָ קיין שום מחיצה, האָבען א טענדענץ, לויט די געזעצען פון'ם אוניווערסאלען מאגנעטיזם, פון וועלכען מיר ווייסען ניט די סיבה, זיך צו פעראייניגען דורך דעם כח פון גראוויטאציאָן. מחמת דער גראוויטאציאָן פאלען צו דער ערד אלע די קערפּער, וואָס האָבען ניט קיין שטיץ־פּונקט, בעקומען שווערקייט; זי איז די סיבה פון דעם, וואָס מיר אליין זיינען צוגעבונדען צו דעם באָ־דען, אויף וועלכען מיר וואוינען. די מענשען פון אמאָל האָבען ניט געקאָנט אנגעהמען אז עס זיינען פאראן אנטיפּאָדען דערפאר, ווייל זיי איז געווען אונבעקאנט דער כח פון גראוויטאציאָן. „זעהט איהר דען ניט", האָט געזאָגט דער הייליגער אויגוסטינוס, שטיצענ־דיג זיך אויף לאקטאנציוס, „אז ווען עס וואָלטען געווען מענשען אונטער אונזערע פיס, וואָלטען זיי געמוזט געהן מיט'ן קאָפּ אראָב

און וואָלטען אריינגעפאַלען אין הימעל אריין?". דער בישאָף פון היפּפּאָ האָט געמיינט, אַז די ערד איז פלאַך, ווי זי האָט אויסגע־זעהן אין זיינע אויגען, און האָט דערפאַר אָנגענומען, אַז ווען מען ציהט פון דעם זעניט ביז דעם געגען־פונקט אויף דר'ערד גראַ־דע ליניען אויף פערשיידענע ערטער, וואָלטען די ליניען געמוזט זיין פּאַראַלעל איינע צו דער צווייטער; און אין דער ריכטונג פון די ליניען האָט ער אָוועקגעשטעלט יעדע בעוועגונג פון אויבען נאָך אונטען. ער האָט געמוזט דערפון ציהען דעם שלוס, אַז די שטערען זיינען צוגעבונדען צו'ם הימעל, ווי בעוועגליכע פּאַקעלען, און אַז ווען מען לאָזט זיי אָב, וואָלטען זיי אראָבגעפאַלען אויף דער ערד ווי אַ פייערדיגער רעגען; אַז די ערד איז אַן אונגעהייערער טיש, וועלכער בילדעט דעם אונטערשטען טייל פון דער וועלט א. אַז. וו. א. אַז. וו. און ווען מען וואָלט איהם געפרעגט, אויף וואָס האַלט זיך די ערד אַליין, וואָלט ער געזאָגט, אַז ער ווייסט עס ניט, אָבער אַז ביי גאָט איז ניטאָ קיין אונמעגליכע זאַך. דאָס זיינען געוועזען די אידעען פון'ם הייליגען אָוגוסטינוס בנוגע צו רוים און בעוועגונג, אידעען, צו וועלכע ער איז געוועזען געצוואונגען דורך אַ פאָר־אורטייל, וועלכער איז געוואָרען פאַר איהם אַן אַלגעמיינער קאַטע־גאָרישער רעגעל פאַר זיין אורטייל. די סיבה פון'ם פאַלען פון קערפּער האָט ער ניט געוואוסט און האָט וועגען דעם גאָרנישט גע־קאָנט זאָגען אויסער דעם, אַז אַ קערפּער פאַלט ווייל ער פאַלט.

אונזער אידעע פון דעם פאַלען פון קערפּער איז אַ קאָמפּלי־צירטערע; אויסער די אַלגעמיינע אידעען פון רוים און בעוועגונג, וועלכע זי ענטהאַלט אין זיך, לעגען מיר נאָך צו די אידעע פון כח־המושך, אָדער די ריכטונג צו אַ צענטער, וואָס שטאַמט שוין פון דער העכסטער אידעע פון קאַוזאַליטעט. אָבער, כאָטש די פיזיק האָט לגמרי איבערגעענדערט דעם באַזיס פון אונזער דענקען איבער דער פראַגע — בענוצען מיר זיך אַלץ נאָך מיט די אויסדריקע פון דעם הייליגען אָוגוסטינוס. ווען מיר זאָגען, אַז אַ זאַך איז אראָב־געפאַלען, מיינען מיר ניט, אַז דאָ האָט פּשוט דער געזעץ פון גראַ־וויטאַציאָן געהאַט זיין ווירקונג, נור מיר מיינען טאַקי ספּעציעל אַ בעוועגונג צו דער ערד פון א ו י ב ע ן נ אָ ך א ו נ ט ע ן.

אונזער פערשטאַנד מעג זיין ווי אויפגעקלערט — אונזער פאַנ־טאַזיע איז דאָך גובר, און אונזער שפּראַך בלייבט אויף אייביג אונ־

פערבעסערט. דער אויסדרוק א ר אָ ב ־ שטייגען פון דעם הימעל איז פּונקט אזוי ניט־ריכטיג, ווי דער אויסדרוק א ר ו י פ ־ שטייגען צום הימעל; און פון דעסטוועגען וועט דער אויסדרוק בלייבען אזוי לאַנג ווי מענשען וועלען זיך בענוצען מיט דער שפּראַך.

אַלע די דאָזיגע רעדענס־אַרטען: אַראָבשטייגען פון הימעל, אַרונטערפאַלען פון די וואָלקענס א. אז. וו., זיינען היינט ניט געפעהרליך, ווייל מיר קאָנען זיי אין דער פּראַקטיק פערריכטען; אָבער בעטראַכט נאָר ווי פיעל שאַדען און שטערונג זיי האָבען געבראַכט דעם פּראָגרעס פון דער וויסענשאַפט. אמת, פאַר דער סטאַטיסטיק, פאַר דער מעכאַניק, פאַר דער דינאַמיק פון וואַסער־קראַפט, פאַר דער טעאָריע פון שיסען און וואַרפען (באַליסטיק) איז גאָר אַ קליינע נפקא־מינה צי די אמת'ע סיבה פון דעם פאַלען פון'ם קערפּער איז בעקאַנט און צי די אידעען וועגען דער אַלגעמיינער ריכטונג פון רוים זיינען עקזאַקט; ס'איז אָבער אַ גרויסע נפקא־מינה ווען מען געהט צו צו דער ערקלערונג פון דעם וועלט־סיסטעם, צו דער סיבה פון עבע און פלוט, צו דער געשטאַלט פון דער ערד און איהר פּאָזיציע אין דעם הימעל־סיסטעם. דאָ מוז מען שוין אַרויסגעהן פון דעם קרייז פון בלויזע ערשיינונגען.

שוין אין דעם פריהסטען אַלטערטום זיינען געווען געניאַלע מעכאַניקער, אויסגעצייכענטע אַרכיטעקטען, געשיקטע אַרטילעריסטען. און אויב זיי האָבען אַ טעות געהאַט בנוגע צו דער פאָרם פון דער ערד און דעם געזעץ פון כח המושך, האָט עס פונדעסטוועגען זיי ניט געשטערט אין דער ענטוויקלונג פון זייער קונסט. די שטאַרקייט פון זייערע געביידען, די זיכערקייט פון דעם טרעפען אין זייער שיסען האָט דערפון ניט געליטען. אָבער סוף־כל־סוף האָבען זיי זיך אָנגעשטויסען אויף ערשיינונגען, וועלכע זיי האָבען מעהר ניט געקאָנט ערקלערן מיט זייער טעאָריע, אז אַלע פּערפּענדיקולאַרע ליניען אויף דער ערד־פלעכע זיינען פּאַראַלעל איינע צו דער אַנדערער. דעמאָלט האָט זיך געמוזט אָנהויבען אַ קאַמף צווישען די פּאָראורטיילע וואָס האָבען זיי מספיק געווען ביי דער טעגליכער אַרבייט אינ'ם משך פון אזוי פיעל יאָהרהונדערטען און די נייע איבערראַשענדע מיינונגען, וואָס זיינען געשטאַנען אין ווידערשפּרוך צו דער אויגענשיינליכקייט.

אַפילו אונזערע פאַלשסטע פאָראורטיילען, אבי זיי האָבען נאָר

אלס גרונדלאגע איינצעלנע, איזאָלירטע פאקטען, אָדער נור שיינ־בארע פאקטען, — נעהמען תמיד ארום, ברייטער אָדער שמעלער, א געוויסע גרופּע פון רעאליטעטען, פון וועלכער מיר קאָנען ציהען געוויסע שלוסען. טרעטען מיר אָבער ארויס פון דעם בעשטימטען קרייז, דערגעהן מיר ביז צום אבסורד. אזוי איז למשל געווען א קצת אמת אין די אידעען פון דעם הייליגען אָוגוסטינוס, אז די קערפּער פאלען צו דער ערד, און דוקא אין א גראדער ליניע, אז די זון און די ערד דרעהען זיך, בעוועגען זיך א. אז. וו. די אלע פאקטען האָט אונזער וויסענשאפט ניט געענדערט און אויך צו זיי גאָרנישט צוגעגעבען. אָבער די נויטווענדיגקייט זיך אָבצוגע־בען דין וחשבון איבער אלעם צווינגט אונז צו זוכען אלץ ווייטערע און ברייטערע, מעהר אומפאסענדע פּרינציפּען. דערפאר האָט מען געמוזט לאָזען פאלען איינע נאָך דער אנדערער די טעאָריען, אז די ערד איז פלאך, אז זי שטעהט אונבעוועגליך אינ׳ם צענטער פון דער וועלט, א. אז. וו.

ווען מיר געהען איצטער אריבער פון דער פיזיקאלישער וועלט צו דער מאָראלישער געפינען מיר, אז מיר זיינען אויך דאָ שקלאפען פון די אייגענע טוישונגען פון דער אויגענשיינליכ־קייט, פון דעם איינפלוס פון דעם צופעליגען דענקען און פון דער געוועהנהייט. דער חילוק איז נאָר דער, אז דאָ העגנגט אָב פון אונ־זערע מיינונגען אונזער גליק און אונזער אומגליק. און מיר עקשנ׳ען זיך איין צו פערטיידיגען די פאָראורטיילען וואָס פייני־גען אונז און הרג׳ענען אונז אוועק.

וואָס מיר זאָלען ניט טראכטען פון דער סיבה פון דער שווער־קייט און פון דעם געשטאלט פון דער ערד, דער ערד־קוגעל וועט דערפון ניט געענדערט ווערן; און אויך אונזער סאָציאלע אָרדנונג קאָן עס ניט שאדען און ניט נוצען. אָבער אונזערע מאָראלישע געזעצען ווערן געמאכט פון אונז און פאר אונז און קאָנען ניט אויס־געפיהרט ווערן אָהן אונזער בעוואוסטזיניגער טיילנעהמונג. אויב אונזער וויסענשאפט פון די מאָראלישע געזעצען איז פאלש, איז בהכרח, אז וועלענדיג טאָהן גוטעס טהוען מיר אונז אליין שלעכטעס; אויב זי איז אונפאָלשטענדיג קאָנען מיר זיך מיט איהר בעגעהן א קורצע צייט, אָבער וואָס ווייטער וועט זי אונז אלץ מעהר

אראָבפיהרען פון וועג, ביז זי וועט אונז צום סוף אראָבשטויסען אין תהום פון אונגליק.

דעמאָלט מוזען מיר שוין אָנקומען צו א העכערן וויסען; מיר מ ו ז ע ן — אוּן צו אונזער ליוב זאָל דאָ געזאָגט ווערען — עס איז נאָך קיינמאָל ניט פאָרגעקומען אז דאָס העכערע וויסען זאָל אונז פעהלען אינ'ם נויטיגען מאָמענט. דעמאָלט אָבער הויבט זיך אויך אָן א פערביטערטער קאמף צווישען די אַלטע פאָראורטיילע און די נייע אידעען; שווערע, פיינליכע טעג פון קאמף. די געגנער ווייזען אָן אויף די צייטען ווען די גאנצע וועלט האָט געלעבט גליקליך אין זייער אַלטען גלויבען, אין זייער אַלטער אָרדנונג; פּארוואָס־זשע זאָל מען, טענה'ען זיי, אָנגרייפען אָט דעם גלויבען און פערדאמען די אַלטע אָרדנונג? זיי ווילען ניט פערשטעהן, אז גראָד דער גליקליכער צייט איז בעשערט געווען קלאָר ארויסצוברענגען דעם פרינציפּ פון דער קראנקהייט, וועלכע די געזעלשאפט האָט אין זיך טיעף פערבאָרגען. זיי בעשולדיגען די מענשען און די געטער, די מעכטיגע פון דער וועלט און די כחות פון דער נאטור. אַנשטאָט צו זוכען די סיבה פון שלעכטס אין זיין אייגענעם שכל, אין זיין אייגענעם הארצען, האָט דער מענש טענות צו זיינע מייסטער, צו זיינע חברים, צו זיינע שכנים, צו זיך אליין; די פעלקער בעוואפענען זיך, הרג'ענען זיך, קוילען זיך אוים, ביז עס ענטשטעהט — נאָך א גרויסער בלוט־אָבצאפּונג — א נייער גלייכגעוויכט און אויף די קברים פון די געפאלענע וואקסט אויס א נייער שלום. אַזוי שווער קומט אָן דער מענשהייט אָנצוריהרען די מנהגים פון די עלטערע דורות, איבערצואנדערשען די געזעצען וואָס זיינען געגעבען פון די גוּיינדער פון דער געזעלשאפט, וואָס גאנצע יאָהרהונדערטער האָבען מיט טרייהייט איינגעפונדעוועט.

Nihil motum et antiquo probabile est — „היט זיך פאר יעדע בענייאונג" — אזוי האָט טיטוס ליוויוס געזאָגט. עס וואָלט אודאי געווען בעסער פאר'ן מענשען, ער זאָל קיינמאָל ניט דארפען מאכען קיין ענדערונגען; אָבער אז ער איז פאָרט געבאָרען אונוויסענד, מוז זיך פאָרט ביסלעכווייז צולערנען, זאָל ער אפשר זיך אָבזאָגען פון יעדען ליכטיגען שטראהל פון זיין פערשטאנד און זיך איבערגעבען אין די הענד פונ'ם צופאַל? אודאי איז בעסער פאָלשטענדיג געזונד צו זיין איידער געזונד צו ווערן; אָבער איז דאָס דען א גרונד,

אַ דערפאַר זאָל דער קראַנקער זיך ניט לאָזען היילען ? „רעפאָרם, רעפאָרם !" — האָבען אמאָל יוחנן המטבל און יעזוס קריסטוס גערופען. „רעפאָרם, רעפאָרם !" — האָבען אונזערע עלטערען מיט פופציג יאָהר צוריק געשריען ; און אויך מיר וועלען נאָך לאַנג, לאַנג שרייען : „רעפאָרם, רעפאָרם !"

איך, וואָס בין געווען אן עדות פון די שמערצען פון א יאָהר־הונדערט, האָב זיך געזאָגט : צווישען די פרינציפען, אויף וועל־כע די געזעלשאַפט שטעהט איז דאָ איינער, וועלכען זי פערשטעהט ניט, וועלכען זי האָט פערדאָרבען דורך איהר אונוויסענהייט און וועלכער איז די סיבה פון אַלדעם בייזען. דער דאָזיגער פרינציפ איז דער עלטסטער פון אַלע ; ווייל עס ליגט אין דער נאַטור פון רעוואָלוציעס צו וואַרפען זיך אויף די נייעסטע פרינציפען און רעס־פעקטירען די אַלטע. די קראַנקהייט אָבער, פון וועלכער מיר ליי־דען, איז עלטער פון אַלע רעוואָלוציעס. אָט דער פרינציפ, אַזוי ווי ער איז אויסגעאַרבייט פון אונזער אונוויסענהייט, ווערט גע־האַלטען אין כבוד ; מען וויל איהם האָבען, וואָרים ווען מען וואָלט איהם ניט געוואָלט, וואָלט ער קיינעם ניט געשאַדט און ניט געהאַט אויף קיינעם קיין איינפלוס.

וואָס איז דאָס פאַר א פרינציפ וואָס איז אמת פאַר זיך אַליין און פאַלש אין אונזער פערטייטשונג, — א פרינציפ וואָס איז אַזוי אַלט ווי די מענשהייט ? איז דאָס די רעליגיאָן ?

אַלע מענשען גלויבען אין גאָט : דאָס איז אן עיקר פון זייער געוויסען און פון זייער פערשטאַנד. גאָט איז פאַר דער מענש־הייט פונקט אַזאַ אורשפּרינגליכער פאַקט, אַזאַ אונפערמיידליכע אידעע, אַזאַ נויטוועגדיגער פרינציפ, ווי די קאַטעגאָרישע אידעען פון סיבה, סובסטאַנץ, צייט און רוים זיינען פאַר אונזער פער־שטאַנד. דאָס געוויסען זאָגט אונז, נאָך פאַר אונזער לאָגישען דענ־קען, אז ס'איז דאָ א גאָט ; פונקט אַזוי ווי אונזערע חושים בע־ווייזען אונז, אז עס איז דאָ א זון, נאָך איידער מיר הויבען עס אָן פיזיקאַליש צו אונטערזוכען. די בעאָבאַכטונג און ערפאַהרונג דע־קען פאַר אונז אויף די ערשיינונגען און די געזעצען ; אָבער נאָר דער אינערער חוש ענטפּלעקט פאַר אונז דעם „יש", דאָס ז י י ן. די מענשהייט גלויבט, אַז ס'איז דאָ א גאָט ; אָבער אין וואָס

גלויבט זי, גלויבענדיג אין גאָט? מיט איין וואָרט — וואָס איז גאָט?

דער מענשליכער שכל איז דאָך ניט ביכולת צו געבען אַ גענויע בעשטימונג פון דעם בעגריף פון גאָטהייט; דער בעגריף וואָס לעבט פון אייביגע יאָהרען, איז אָנגענומען פון אַלע בפה אחת, איז ניט געבאָרען מיט אונז. אויף יעדען טריט וואָס מיר מאַכען אויפ'ן וועג פון דערקענען די נאַטור און איהרע סבות, שטעהט אויף און שפּרייט זיך אויס די אידעע פון גאָט. וואָס ווייטער אונזער ווי־סענשאַפט פּראָגרעסירט, ווערט גאָט אַלץ גרעסער און פערבאָרגע־נער. די הגשמה פון גאָט (אַנטראָפּאָמאָרפיזם) און די עבודה זרה זיינען געוועזען די נויטווענדיגע פאָרמען פון דער יוגענד פון דעם מענשליכען דענקען; אַ טעאָלאָגיע פון קינדער און פּאָעטען. עס וואָלט געוועזען אַן אונשולדיגער טעות, ווען מען וואָלט ניט געוואָלט מאַכען דערפון אַ פּרינציפּ פון לעבענס־אויפפיהרונג, און מען וואָלט רעספּעקטירט די פרייהייט פון מיינונגען. אָבער דער מענש האָט געוואָלט ניט נאָר מאַכען זיך אַ גאָט נאָך זיין אייגען בילד, נאָר מאַכען איהם אויך פאַר זיין אייגענטום; עס איז איהם קאַרג גע־ווען וואָס ער האָט געמאַכט פון דער גרויסער אידעע אַ פאַלש בילד, האָט ער זי נאָך בעהאַנדעלט ווי זיין נחלה, זיין אייגענטום, זיין זאַך, זיך פאַרגעשטעלט גאָט אין די משונה'דיגסטע פאָרמען. דאָס איז געוועזען דער אורשפּרונג פון דעם פערדאָרבען־ווערען פון די זיטען דורך דער רעליגיאָן, דער קוואַל פון פרומע שנאות און הייליגע מלחמות. נאָר, גאָט צו דאַנקען, מיר האָבען זיך שוין אויס־געלערנט לאָזען יעדען מענשען גלויבען אין וואָס ער וויל; מיר זוכען די רעגעל פון לעבענס־אויפפיהרונג אויסערהאַלב פון דעם רעליגיאָנס קולט. מיר וואַרטען און קלערען־איבער, איידער מיר נעהמען זיך דאָס רעכט צו בעשטימען איבער דער נאַטור און די אַטריבוטען פון גאָט, איבער די עיקרים פון דער טעאָלאָגיע און דער פראַגע פון השארת הנפש, ביז די וויסענשאַפט וועט אונז ווייזען אין וואָס מיר מוזען גלויבען און וואָס מיר מוזען פערשטויסען.

גאָט, נשמה, אמונה זיינען די אייביגע אָביעקטען פון אונזער אונ־ערמיעדליכען נאָכדענקען און אונזער טראַגישען בלאָנדזשען, — שרעקליכע פּראָבלעמען וואָס קאָנען קיינמאָל ניט פאָלשטענדיג גע־

לעזט ווערן. איבער די אלע זאכען קאָנען מיר זיך טועה זיין, אָבער לכל הפחות האָט אונזער טעות ניט קיין בעזאָנדערס גרויסען איינ־פלוס. מיט דער פרייהייט פון רעליגיאָן, מיט דער פונאנדערטיי־לונג פון גייסטליכער און וועלטליכער מאכט, איז דער איינפלוס פון די רעליגיעזע אידעען אויפ'ן גאנג פון דעם געזעלשאפטליכען פראָגרעס געוואָרן א ריין נעגאטיווער; ווייל קיין שום געזעץ און קיין שום בירגערליכע און פאָליטישע אינסטיטוציע הענגט מעהר ניט אָב פון רעליגיאָן. עס קאָן זיין, אז די פערנאכלעסיגונג פון די פליכטען, וואָס די רעליגיאָן לעגט ארויף אויף אונז, האָט א גע־וויסען איינפלוס אויף דער אלגעמיינער פערדאָרבענקייט, אָבער ניט מעהר אלס די הויפט סיבה, נאָר אלס איינע פון די סיבות אָדער גאָר איננאַנצען א פאָלגע. דאָס האָט, מעהר ווי אומעטום, אַן ענטשיידענען איינפלוס אין דער פראגע וואָס בעשעפטיגט אונז דאָ. די אונגלייכהייט פון די לעבענס־בעדינגונגען צווישען מענש און מענש, די אָרימקייט, דאָס אלגעמיינע ליידען, די שוועריגקייטען מיט וועלכע די רעגירונגען האָבען צו קעמפען, — האָבען ניט מעהר קיין שייכות מיט רעליגיאָן. מען מוז זוכען די סיבות ערגעץ הע־כער, מען מוז גראָבען טיעפער.

אָבער וואָס איז אין דעם מענשען עלטער און טיעפער ווי דאָס רעליגיעזע געפיהל?

דאָס איז דער מענש אליין, ד. ה., זיין ווילען און זיין גע־וויסען, זיין פרייער רצון און דאָס געזעץ, וואָס שטעהען אין איי־ביגען קאמף איינער אנטקעגען דעם אנדערן. דער מענש האַלט מלחמה מיט זיך אליין, — פארוואָס?

די טעאָלאָגען זאָגען: „דער מענש האָט געזינדיגט מקדמות דנא; אונזער מין האָט בעגאַנגען אין די אוראַלטע צייטען אַן עבירה; פאַר דעם חטא איז די מענשהייט בעשטראָפט געוואָרען מיט נפילה; אונוויסענהייט און לעבען אין טעות איז געוואָרען זיין גורל. לעזט די געשיכטע און איהר וועט געפינען א ראיה, אז דאָס שלעכטס איז א נויטווענדיגקייט; איהר וועט זי געפינען אין דעם אייביגען עלענד פון די פעלקער. דער מענש ליידעט און וועט תמיד ליידען; עס איז א גע'ירש'ענטע און אָרגאַנישע קראַנק־הייט. אלע תרופות און רפואות דערצו זיינען נאָר פאַלאַטיוון — א היילונג איז אונמעגליך“.

אַזוי רעדען ניט נאַר טעאָלאָגען; מען געפינט די אייגענע השערות און כמעט די אייגענע אויסדרוקען אין די שריפטען פון די מאַטעריאַליסטישע פילאָזאָפען, פון די וואָס פערטרעטען די טעאָריע, אַז די וועלט האָט אין זיך מעגליכקייטען זיך אונענדליך ווייטער צו פערפאָלקאָמענען. דעסטוט דע טראַסי זאָגט אויסדריק־ליך, אַז אָרימקייט, פערברעכען, מלחמה זיינען אונפערמיידליכע קאָנזעקווענצען פון אונזער סאָציאַלער לאַגע און א נויטווענדיגער איבעל, געגען וועלכען ס'איז א וואהנזין צו רעוואָלטירען. דאָס הייסט, דער סוד פון דער פילאָזאָפיע איז, די נויטווענדיגקייט פון דעם איבעל, דער אורשפּרינגליכער חטא.

„דער ערשטער מענש האָט געזינדיגט". ווען די אָנהענגער פון דער ביבעל וואָלטען טריי אויסגעטייטשט די ווערטער, וואָלטען זיי בעדאַרפט זאָגען: „דער מענש זינדיגט לכתחילה", ד. ה., ער איז „זיך טועה", וואָרום זינדיגען, זיך טועה זיין, מאַכען פעהלער זיינען פערשיידענע ווערטער פאַר איין בעגריף.

„די פאָלגען פון אדם הראשון'ס חטא זיינען איבערגעגאַנגען בירושה צו דער גאַנצער ראַסע, און די ערשטע פאָלגע איז אונוויסענהייט". אמת, די אונוויסענהייט איז סיי ביי דעם מין האנושי, סיי ביים איינצעלנעם מענשען פון אייביגע יאָהרען אָן; אָבער די מענשהייט איז דאָך געהיילט געוואָרן פון דער אונוויסענהייט אין א סך פראַגען, אפילו מאָראַלישע און פּאָליטישע: ווער קאָן דען זאָגען, אַז די אונוויסענהייט וועט אינגאַנצען ניט אויפהערען? די מענשהייט פּראָגרעסירט אָהן אָן אויפהער צו'ם אמת, און דאָס ליכט טריאומפירט סוף כל סוף איבער דער פינסטערניש. אונזער איבעל איז ניט אַבסאָלוט אונהיילבאַר, און די ערקלערונג פון די טעאָלאָגען איז נאָך ערגער ווי ניט־גענוגענד; זי איז פשוט לעכערליך, ווייל מען קאָן זי צוריקפיהרען צו דעם זאַץ „דער מענש נאַרט זיך, ווייל ער נאַרט זיך", בשעת מען וואָלט בעדאַרפט זאָגען: „דער מענש נאַרט זיך, ווייל ער לערנט". און מען מעג גלויבען, אַז ווען דער מענש וועט דערגרייכען צו דער מדרגה ווען ער וועט וויסען אַלץ וואָס ער דאַרף וויסען, וועט ער זיך אויפהערען צו נאַרען און אויפהערען צו ליידען.

די געלערנטע רעדען פון א געזעץ, וואָס איז איינגעגראָבען אין דעם הארצען פון'ם מענשען. אָבער אַז מיר פרעגען זיי: וואָס

איז דאס פאר א געזעץ? — דערקענען מיר באלד, אז זיי ווייסען אליין ניט וואס דאס איז; אז בכלל איבער פראגען פון לעבען האט איטליכער געלערנטער זיין אייגענע מיינונג; אז ס'איז ניט פאראן קיין צוויי דענקער, וואס זאלען זיין איינשטימיג איבער דער בעסטער פארם פון רעגירונג, איבער דעם פרינציפ פון אויטאריטעט און איבער דער נאטור פון רעכט; אז אלע שווימען זיי ארום אהן א ציעל אויף א ים, וואס האט ניט קיין גרונד און ניט קיין ברעגען; אז זיי געפינען זיך אונטער דעם איינפלוס פון זייער אייגענעם פערשטאנד און גלויבען בעשיידען, אז זיי פאלגען דעם שכל הישר. און אז מיר שטעהען פאר אזא פלאנטער פון מיינונגען, וואס זיינען איינע דער היפך פון דער צווייטע, דאן זאגען מיר: „דער געגענשטאנד פון אונזערע אונטערזוכונגען איז דאס געזעץ, די בעשטימונג פון סאציאלען פרינציפ. די פאליטיקער, ד. ה., די מענשען פון סאציאלער וויסענשאפט, פערשטעהען ניט איינער דעם אנדערן, בכן ליגט דער טעות אין זיי; און אזוי ווי יעדער טעות בעלאנגט צו אירגענד א רעאליטעט, מוז מען זוכען דעם אמת אין זייערע ביכער, וועלכען זיי האבען אהין אריינגעשטעלט בלא יודעים".

איבער וואס רעדען אייגענטליך די יוריסטען און די פובליציסטען? איבער גערעכטיגקייט, יושר, פרייהייט, נאטירליכען געזעץ, בירגערליכען געזעץ א. אז. וו. אבער וואס איז גערעכטיגקייט? וואס איז איהר פרינציפ, איהר כאראקטער, איהר פארמע? אויף דער שאלה קענען די פראפעסארען ניט געבען קיין ענטפער; ווייל אז ניט וואלט דאך זייער וויסענשאפט, ארויסגעהענדיג פון א קלארן און זיכערן פרינציפ, בעדארפט אויפהערן צו זיין אן אייביגע השערה און אלע מחלוקות וואלטען בעדארפט זיך ענדיגען.

וואס איז גערעכטיגקייט? די טעאלאגען ענטפערן: „גערעכטיגקייט קומט פון גאט". דאס קאן זיך זיין אמת, אבער עס זאגט גארנישט.

די פילאזאפען וואלטען שוין בעדארפט עפעס מעהר וויסען דעריבער; זיי האבען זיך דאך אזוי לאנג געאמפערט איבער דער פראגע פון רעכט און אונרעכט! אבער אז איהר קוקט אייך צו נעהענטער זעהט איהר, אז זיי ווייסען ליידער אויך גארנישט. עס

איז מיט זיי ווי מיט יענע ווילדע, וועלכע פלעגען בעטען צו דער זון מיט א תפילה וואס איז בעשטאנען פון נאר איין „אָ! אָ!" — אַן אויסרוף פון התפעלות, פון ליעבע, פון ענטוזיאזם; אָבער וועמ עס וואלט געוואלט זיך דערוויסען וואס די זון איז, וואלט ער פון דעם „אָ" זעהר ווייניג געוואר געווארן. פונקט אזוי איז די מעשה מיט די פילאָזאָפען בנוגע צו דער פראגע פון גערעכטיגקייט. גערעכ־טיגקייט, זאגען זיי, איז א „בת השמים, א ליכט וואס בעלייכט דעם מענשען גלייך ביי זיין קומען אויף דער וועלט; די שעהנסטע מעלה פון אונזער נאטור; דאס וואס איז דער יתרון צווישען אונז און דער בהמה און מאכט אונז עהנליך צו גאָט" — און נאך טויזענד אזעלכע זאכען. צו וואס־זשע אָבער פיהרט, פרעג איך, אָט דער פרומער פזמון? — צו דער תפילה פון די ווילדע: „אָ!"

דאס קליגסטע, וואס די חכמים פון דער מענשהייט האָבען אונז געלערנט איבער דעם וואס איז אזוינס גערעכטיגקייט, איז ענטהאלטען אין דער בעריהמטער מימרא: „טהו צו אנדערע דאס, וואס דו וואלסט געוואלט, אז זיי זאלען טהאָן צו דיר"; „טהו יענעם ניט דאס, וואס דו וואלסט ניט וועלען, אז יענער זאל דיר טהאָן". אָבער די דאָזיגע רעגעלען פון פראקטישער מאראל האָבען קיין שום ווערטה ניט פאר דער וויסענשאפט; וואס פאר א רעכט האָב איך צו פערלאנגען, אז מען זאל מיר עפעס יאָ טהאָן אָדער ניט טהאָן? דאס וויל דאך אייגענטליך מעהר ניט זאגען, אז מיין חוב איז גלייך צו מיין רעכט; מוז מען דאך פריהער ערקלערן וואס איז מיין רעכט. מיר מוזען זוכען צו דערגעהן צו א קלאָ־רער און פאזיטיווער פארמולע.

די גערעכטיגקייט איז דער צענטראלער פלאנעט וואס רע־גיהרט די געזעלשאפטען, דער פאָליוס ארום וועלכען עס דרעהט זיך די פאָליטישע וועלט, דער פרינציפ, און די גרונד־רעגעל פון אלע געזעלשאפטליכע אָבמאכונגען. אלצדינג וואס מענשען טהוען, טהוען זיי אויפ'ן גרונד פון רעכט און אינ'ם נאָמען פון גערעכטיג־קייט. גערעכטיגקייט איז ניט דער פועל יוצא פון געזעץ, נאר פערקעהרט, דאס געזעץ איז תמיד, אונטער אלע אומשטענדען וואו מענשליכע אינטערעסען בעגעגענען זיך, די פראָקלאמירונג און די אָנווענדונג פון דעם פרינציפ פון גערעכטיגקייט. בכן, ווען די אידעע פון צדק און יושר, רעכט און גערעכטיגקייט וואלט גע־

ווען שלעכט דעפינירט, וואָלט בהכרח אויף די פּראַקטישע גע־זעצגעבונג געווען שלעכט, אונזערע אינסטיטוציעס — פעהלער־האפט, אונזער פּאָליטיק — פאַלש; עס וואָלט געווען אין דער געזעלשאַפט אַן אייביגע אונאָרדנונג און אַ שטענדיגער איבעל.

מיר וואָלטען געקאָנט זאָגען, אַז די היפּאָטעזע פון דער פּער־קעהרטקייט פון דעם גערעכטיגקייט־פּרינציפּ אין אונזער שכל, און אַלס פאָלגע דערפון די פּערקעהרטקייט אין אונזערע האנדלונגען, איז אַ בעוויזענער פאַקט, ווען מיר וואָלטען געקאָנט בעווייזען, אַז די אָנשויאונגען פון דעם מענשען איבער גערעכטיגקייט און איהר אָנווענדונג בייטען זיך, פערענדערן זיך אין פערשיידענע עפּאָ־כען, מיט איין וואָרט, אַז ס'איז פאַראַן אַ פּראָגרעס פון די אי־דעען. און אָט דעם בעוויז ליפערט אונז די געשיכטע מיט מעכ־טיגעביישפּיעלען.

אַכצעהן הונדערט יאָהר צוריק, אונטער דעם שוץ פון די צעזאַרען, האָט די וועלט געצאַנקט ווי אַ ליכט אין שקלאַפעריי, אַבערגלויבען און אויסגעלאַסענקייט. דאָס פאָלק איז געווען פער־שיכור'ט און פערטומעלט, און האָט פערלאָרען אפילו דעם בעגריף פון רעכט און פון פליכט; מלחמה פון איין זייט, די אָרגיען פון דער אַנדערער זייט האָבען אויסגעשעפּט זיינע כחות און איהם פערניכטעט. די וואוכעריי, עיסקא און די ארבייט פון די מאַשי־נען (דאָס הייסט פון די שקלאַפען) האָבען ביי איהם צוגענומען די מיטלען צו עקזיסטירען און איהם ניט געלאָזט זיך פערמעהרען. אַ נייע, אַ העסליכע באַרבאַריי איז ענטשטאַנען פון דער אונבעגרע־נעצטער פערדאָרבענקייט און האָט זיך פערשפּרייט ווי אַ צרעת, ווי אַ מאַרך־אויסצעהרונג איבער די אויסגעלעדיגטע פּראָווינצען פון דער רוימישער אימפּעריע. די חכמים האָבען פאָראויס גע־זעהען אַז די אימפּעריע נייגט זיך צום סוף, אָבער זיי האָבען ניט געוואוסט קיין תרופה געגען דעם. וואָס האָבען זיי דען געקאָנט אויסטראַכטען? מען האָט ניט געקאָנט אַנדערש ראַטעווען די אַלט־געוואָרענע געזעלשאַפט, סיידען מען וואָלט איבערגעאַנדערשט די אָביעקטען וואָס דער עולם פערעהרט און אַכטעט, אָבגעשאַפט רעכטען, וואָס אַ צעהן־יאָהרהונדערטדיגע גערעכטיגקייט האָט פער־הייליגט. מען האָט גע'טענה'ט: „רוים איז געוואָרען אַ זיעגערין דורך איהר פּאָליטיק און דורך איהרע געטער; יעדע רעפאָרם אין

דער רעליגיאָן און אין דער עפּענטליכער מיינונג וואָלט געווען אַ וואַהנזין און אַ חילול־השם. רוים איז גרויסמוטיג צו די בעזיעגטע פעלקער; אמת, זי גיט זיי קייטען, אָבער זי שענקט זיי דאָס לע־בען; די שקלאַפען זיינען דער איינבּרענגענדסטער קוואַל פון רייכ־טום; די בעפרייאונג פון די פעלקער וואָלט געווען די פערלייקענונג פון רוים׳ס רעכט און דער רואין פון איהרע פינאַנסען. איינגע־טונקט אין תאוה, אָנגעשטאָפּט מיט אַלע אוצרות פון דער וועלט, געניסט רוים דעם פּרייז פון איהר זיעג און הערשאַפט; איהר לוקסוס און אויסגעלאַסענקייט איז די פרוכט פון איהרע עראָבע־רונגען... רוים קאָן זיך ניט איינשרענקען און קען ניט רעזיגנירען". אַזוי האָט רוים פערענטפערט פאַר זיך אי דעם פאַקט, אי דאָס רעכט. איהרע פרעטענזיעס זיינען געווען גערעכטפערטיגט פון די מנהגים און פון דעם רעכט־סיסטעם פון די פעלקער. עבודה־זרה אַלס רעליגיאָן, שקלאַפעריי אַלס פונדאַמענט פון שטאַאַט, געגנוס אַלס מאָטיוו פון דעם פּריוואַט־לעבען — דאָס זיינען גע־ווען די גרונדלאַגען פון די רוימישע אינסטיטוציעס. אָנריהרען זיי וואָלט געהייסען ערשיטערן די געזעלשאַפט ביז איהרע גרונד־פונדאַמענטען, אָדער ווי מיר וואָלטען היינט געזאָגט, עפענען דעם תהום פון רעוואָלוציאָנען. די מענשהייט איז אויסגעגאַנגען אין בלוט און אין תאוה, און די א י ד ע ע האָט זיך קיינמאָל ניט בעוויזען.

פּלוצלונג איז אויפגעקומען אַ מענש, וואָס האָט זיך אָנגערופען „גאָט׳ס וואָרט". מען ווייס נאָך עד היום ניט ווער ער איז געווען, פון וואַנען ער איז געקומען און ווער עס האָט איהם די אידעע אַריינגעגעבען. און ער איז אַרומגעגאַנגען אומעטום און האָט פּראָקלאַמירט, אַז די געזעלשאַפט האָט זיך אויסגעלעבט און מוז פערנייערט ווערען; אַז די גייסטליכע זיינען שלאַנגען, די אַדוואָ־קאַטען — איגנאָראַנטען, די פילאָזאָפען — צבוע׳קעס און ליגנער; אַז הארר און קנעכט זיינען גלייך; אַז עיסקא און אַלעס וואָס האָט אַ שייכות צו איהר איז גנבה; אַז די בעזיצענדע און פערגניגענס־מענשען וועלען ברענען אויפ׳ן פייער און די בעשיידענע און ריינע וועלען קומען צו אַ מקום־מנוחה. און ער האָט צוגעלעגט נאָך אַ סך אַנדערע אויסערגעוועהנליכע זאַכען.

די פּריסטער און די מענשען פון געזעץ האָבען גע׳מסר׳ט און

אָרעסטירט דעם מענשען, וואָס האָט זיך גערופען „גאָט'ס וואָרט"— אַלס עפענטליכען פיינד. עס איז זיי אפילו געראָטען צו בעאיינפלוסען דאָס פאָלק, אז עס זאָל פערלאַנגען זיין טוידט; אָבער דער יורידישער מאָרד, וואָס האָט דערפילט די מאָס פון זייערע עבירות, האָט ניט געקאָנט פערשטיקען די תורה, וואָס „גאָט'ס וואָרט" האָט פערזעעט. נאָך איהם זיינען געקומען זיינע ערשטע פּראָזעליטען און האָבען זיך צושפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, גע'דרש'עט דאָס, וואָס זיי האָבען אָנגערופען „די גוטע בשורה", געבילדעט אויפ'ס ניי מיליאָנען מיסיאָנערען און געשטאָרבען פונ'ם שווערד פון דער רוימישער יוסטיץ. אָט די פער'עקשנ'טע פּראָפּאַגאַנדאַ, די מלחמה פון תלינים און מארטירער, האָט געדויערט אַן ערך פון דריי הונדערט יאָהר, ביז די וועלט האָט אָנגענומען די אמונה. מען האָט צושטערט דעם געצענדיענסט, אָבגעשאַפט די שקלאַפעריי; אַ שטרענגע זיטליכקייט האָט פערנומען דעם אָרט פון אויסגעלאַסענקייט, און די פעראַכטונג צו רייכטום איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אז מענשען האָבען דאָס לעצטע פון זיך אוועקגעגעבען. די געזעלשאַפט איז געראַטעוועט געוואָרען דערמיט, וואָס זי האָט פערלייקענט איהרע פּרינציפּען, רעוואָלוציאָנירט איהר רעליגיאָן, פערגוואַלדיגט איהר הייליגסטעס רעכט. די דאָזיגע רעוואָלוציע האָט געגעבען דער אידעע פון גערעכטיגקייט אַזאַ גרויסע אויסברייטונג, פון וועלכער מען האָט פריהער אפילו ניט גע'חלומ'ט, און צו וועלכער מען איז מעהר ניט צוריקגעקומען. ביז אַהין האָט די גערעכטיגקייט עקזיסטירט נאָר פאַר די הארען, פון דעמאָלט אָן האָט זיך אָנגעפאַנגען די גערעכטיגקייט פאַר די קנעכט. *)

אָבער די נייע רעליגיאָן האָט ניט פיעל נושא־פרי געווען. די עפענטליכע זיטען האָבען זיך אביסעל פערבעסערט, די אונטער־

*) די רעליגיאָן, די געזעצען, די הייראַט זיינען געווען די פּר[illegible]ו־לעגיען פון פרייע מענשען און אין די גאָר ערשטע צייטען — נאָר פון אַריסטאָקראַטען. די געטער זיינען געווען די געטער פון פּאַטריצישע געשלעכטער, דאָס רעכט איז געווען דאָס „רעכט פון משפחות", ד. ה. פון די אַדעליגע. דער פּלעבעער און דער שקלאַף האָט ניט געקאָנט בילדען קיין פאַמיליע. זייערע קינדער זיינען געווען ווי די פרוכט פון די חיות־השדה. חיות זיינען זיי געבאָרען געוואָרען, און אַלס חיות האָבען זיי געמוזט לעבען.

דריקונג האָט אַביסעל נאָכגעלאָזט ; אָבער בכלל האָט פון דעם קערענדל וואָס דער מענשען־זוהן האָט פערזעעט אין די הערצער פון די געצענדיענער אַרויסגעשפּראָצט אַ כמעט פּאָעטישע מיטהאָלאָגיע און מחלוקת'ען אָהן אַ שיעור ; אַנשטאָט צו האַלטען זיך ביי די פּראַקטישע קאָנסעקווענצען פון די פּרינציפּען פון מאָראַל און רעגירונג, וואָס „גאָט'ס וואָרט" האָט אַוועקגעשטעלט, האָט מען זיך אַריינגעלאָזט אין חקירות איבער זיין געבורט און אָבשטאַמונג, זיין פּערזאָן און זיינע מעשים. מען האָט גע'דרש'עט איבער זיינע משלים און פון דעם קאָנפליקט פון די משונה'דיגסטע מיינונגען איבער פראַגען וואָס מען קאָן גאָר ניט ענטשיידען און איבער טעקסטען וואָס מען האָט ניט פערשטאַנען, איז אויסגעוואַקסען די טהעאָלאָגיע, וועלכע מען קאָן דעפינירען אַלס „די וויסענשאַפט פון אונענדליכער אַבסורדיטעט".

דער קריסטליכער אמת האָט ניט איבערגעלעבט דעם צייטאַלטער פון די אַפּאָסטאָלען. דאָס עוואַנגעליום מיט די פּירושים און סימבאָלען, וואָס די גריכען און לאַטיינער האָבען אין איהם אַריינגעבראַכט, מיט זיין אויספּוץ פון געצענדינערישע פּאַבעלען, איז בוכשטעבליך געוואָרן די פּערקערפּערונג פון ווידערשפּרוך ; און ביז צום היינטיגען טאָג איז די הערשאַפט פון דער „אונפעהלבארער קירכע" אַ לאַנגע פּעריאָדע פון פינסטערנים. מען זאָגט, אַז „די טויערן פון דעם גיהנום וועלען קיין אייביגע שליטה ניט האָבען", אַז „גאָט'ס וואָרט" וועט צוריקקומען, און אַז די מענשען וועלען סוף־כל־סוף דערקענען דעם אמת און די גערעכטיגקייט ; אָבער דעמאָלט וועט אויך זיין דער סוף פון דעם גריכישען און רוימישען קאַטוילִיציזם, פּונקט אַזוי ווי דאָס קלאָרע וואָרט פון דער וויסענשאַפט פערטרייבט די געשפּענסטער פון דעם אַבערגלויבען.

די אַפּאָסטאָלען און זייערע נאָכפאָלגער איז געראָטען אויף אַ קורצער צייט צוריקצושרעקען און צוריקצושטויסען די געשפּענסטער פון דער אַלטער צייט ; אָבער דער נארישער פּאַנאַטיזם, און אַפּט אויך די בעוואוסטזיניגע אונטערשטיצונג פון די גלחים און די טעאָלאָגען, האָבען זיי ביסלעכווייז צוריקגעבראַכט. די געשיכטע פון דער בעפרייאונג פון די געמיינדען אין פראַנקרייך ווייזט שטענדיג אויף, ווי דאָס פאָלק אַליין האָט אַרויסגעאַרבייט פון זיך די

בעגריפען פון פרייהייט און גערעכטיגקייט אקעגען דער פערשוואַ־
רענער פעראייניגונג פון די קעניגע, פון דער אריסטאָקראַטיע און
פון די גלחים. אין יאָהר 1789 נ. ק. איז די פראַנצויזישע נאַציע
צוטיילט געווען אויף קאַסטען; אָרים, אונטערדריקט, האָט זי זיך
געראַנגעלט אין דעם דרייפאַכען נעץ פון דעם אבסאָלוטיזם פון די
קעניגע, פון דער טיראַניע פון די פעאָדאַלען אין די פאַרלאַמענטען
און פון דער גלח'שער אינטאָלעראַנץ. עס זיינען געווען פערשיי־
דענע רעכטען; דאָס רעכט פון קעניג און פון גלח, פון דעם אָרים־
טאָקראַט און פּשוט'ן עולם; עס זיינען געווען פּריווילעגיען פון
געבורט, — יעדע פּראָווינץ, יעדע געמיינדע, יעדע קערפּערשאַפט,
יעדער צעך האָט געהאַט בעזונדערע פּריווילעגיען; און הינטער
דעם אַלעמען איז געווען דריקענדע מאַכט, אונמאָראַל, עלענד. אַ
לאַנגע צייט האָט מען גערעדט פון רעפאָרמען; אָבער די וואָס האָ־
בען אַממעהרסטען דערפון גערעדט האָבען דערביי אין זינן געהאַט
זייער אייגענעם נוצען, און דאָס פאָלק, וואָס האָט געזאָלט אַלעם
געווינען דערפון, האָט פון די רעפאָרמען גאָרנישט דערוואַרט און
האָט געשוויגען. דאָס אָרימע פאָלק האָט אוים מיסטרויען, אוים
צווייפעל, אוים יאוש לאַנג ניט געפאָדערט זיינע רעכטען; ס'האָט
זיך כמעט אויסגעוויזען, אז די אַלטע געמיינדען, וואָס זיינען אין
דעם מיטעלאַלטער געווען אזוי שטאָלץ און פריי, האָבען זיך אזוי
איינגעוועהנט אין דער קנעכט־ראָלע, אז זיי האָבען פערלאָרען דעם
מוטה.

פלוצלונג איז אַ בוך ערשיענען, וואָס האָט דעם כולל פון די
אַלע פראַזען צוזאַמענגעפאַסט אין פאָלגענדע צוויי זעצע: וואָס
איז דער דריטער שטאַנד? גאָרנישט. —
וואָס דאַרף ער צו זיין? אַלעס. און עמיצער
האָט צוגעלעגט דערצו אַ פירוש: וואָס איז דער קעניג?
— דער שליח פונ'ם פאָלק.

עס איז געווען אַ פּלעצליכע אָפּענבאַרונג. דער אונגעהייערער
שלייער איז צוריסען געוואָרען, דער געדיכטער באַנד פון די אויגען
איז ארונטערגעפאַלען. דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבען צו קלערען:
אויב דער קעניג איז אונזער שליח, מוז ער אונז אָבגעבען חשבון;
אויב ער דאַרף אָבגעבען חשבון, מוז ער ווערן קאָנטראָלירט; אויב
ער קאָן ווערן קאָנטראָלירט, טראָגט ער פעראַנטוואָרטליכקייט;

אויב ער איז פעראַנטוואָרטליך, קאָן ער ווערן בעשטראָפט; אויב ער קאָן ווערן בעשטראָפט, קומט איהם דער שטראָף לויט זיינע מעשים; און אויב ער מוז ווערן בעשטראָפט נאָך זיינע מעשים, קאָן ער ווערן בעשטראָפט מיט טוידט.

פינף יאָהר נאָכדעם ווי די בראָשורע פון סיעיעס איז ערשינען, איז דער דריטער שטאַנד געווען אַלעס; און דער קעניג, דער אַדעל און די גלחים'שאַפט זיינען פערשוואונדען. אין יאָהר 1793 האָט דאָס פאָלק, ניט קוקענדיג אויף די פיקטיווע קאָנסטיטוציאָנעלע טעאָריע, אַז די פּערזאָן פון דעם קעניג איז אונבעריהרבאַר, ארויסגעפיהרט לואיס דעם 16-טען אויפ'ן עשאַפאָט; אין 1830 האָט עס ארויסבעגלייט שאַרל דעם 10-טען קיין שערבורג. עס איז מעגליך אַז דאָס פאָלק האָט אין דעם אָדער יענעם פאַל זיך טועה געווען אין דער אָבשאַצונג פון דעם פערברעכען; אָבער אפילו אין אזא פאַל איז דאָס געווען אַ טעות נאָר בנוגע צום פאַקט, יורידיש איז די לאָגיק, וואָס האָט געצוואונגען דעם פאָלק אזוי צו האַנדלען, געווען פאָלשטענדיג פריי פון פעהלער. בעשטראָפענדיג דעם הערשער האָט דאָס פאָלק געטהאָן פּונקט דאָס זעלבע, פאַר וועלכען די יולי-רעגירונג איז געטאַדעלט געוואָרן, ווייל זי האָט עס ניט געטהאָן, ד. ה. דערפאַר וואָס זי האָט פערפעהלט צו בעשטראָפען די פּערזאָן פון לואי באָנאַפּאַרט, נאָך דער שטראַסבורגער אויפפלאַקערונג: עס האָט בעשטראָפט דעם אמת'ן שולדיגען. דאָס איז געווען אַן אָנווענדונג פון אַלגעמיינעם רעכט, אַ פייערליכע בעשטימונג פון גערעכטיגקייט אין פראַגען פון דיני נפשות.*)

דער גייסט וואָס האָט בעשאַפען די בעוועגונג פון 89' איז געווען דער גייסט פון ווידערשפּרוך; דאָס אַליין איז שוין גענוג צו בעווייזען, אַז די נייע אָרדנונג, מיט וועלכער מען האָט פערביטען די אַלטע, האָט ניט געהאַט אין זיך קיין מעטאָדע און קיין

---

*) אויב דער שעף פון דער עקזעקוטיווע איז פעראַנטוואָרטליך, מוזען די דעפּוטירטע אויך זיין פעראַנטוואָרטליך. עס איז אַ וואונדער, וואָס קיינעם איז דאָס ניט געקומען אויפ'ן געדאַנק. דאָס וואָלט געווען אַ טעמאַ פאַר אַן אינטערעסאַנטען שטודיום. אָבער איך ערקלער, אַז איך וואָלט בשום אופן ניט געוואָלט אונטערשטיצען די טעאָריע. דאָס פאָלק אַליין האָט אַזאַ שטאַרקע לאָגיק, אַז איך בין ניט מחויב צו געבען קיין שטאָף פאַר געוויסע שליסע.

איבערלעגונג. זי איז געוועזן די פרוכט פון כעס און פון שנאה און האט ניט געקאנט ברענגען די רעזולטאטען פון א ווינסענשאפט, וואס איז געגרינדעט אויף בעאָבאכטונג און שטודיום; קורץ, איהר יסוד איז ניט געווען די פערטיעפטע קענטניס פון די געזעצען פון דער נאטור און פון דער געזעלשאפט. אזוי געפינט מען אפט אין די אזוי גערופענע נייע אינסטיטוציעס, וואס די רעפובליק האט פאר זיך די זעלבע פרינציפען געגען וועלכע זי האט אליין געקעמפט און דעם איינפלוס פון אלע פאראורטיילען, וואס זי האט אליין גע־האט בדעה צו פערניכטען. מען רעדט מיט א סך ענטוזיאזם נאר ווייניג גענאנקען וועגען דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציע, פון דער ווידערגעבורט פון 1789, פון די גרויסע רעפארמען וואס מען האט דורכגעפיהרט, פון דער אומענדערונג פון אלע אינסטיטוציעס: ס'איז אבער א ליגען, א ליגען!

איך רוף אן רעוואלוציע נור יענע גייסטיגע בעוועגונגען, וועל־כע ענדערן לגמרי אויפ'ן גרונד פון די בעאָבאכטונגען וואס מיר האבען געמאכט, אונזערע אידעען איבער א פיזיקאלישען, אינטע־לעקטועלען אדער געזעלשאפטליכען פאקט. דארט אבער וואו אונ־זערע אינסטיטוציעס וואקסען אדער פערענדערן זיך בלויז, איז נאר פאראן א פראגרעס. אזוי איז, למשל, דער סיסטעם פון פטאלא־מעאוס געווען א פראגרעס אין דער אסטראָנאָמיע; דער סיסטעם פון קאפערניק — א רעוואלוציאן. אזוי איז אויך אין 1789 געווען א קאמף און א פראגרעס אבער ניט קיין רעוואלוציע. די אונטער־זוכונג פון די רעפארמען, וואס מען האט דעמאלט פארגענומען, איז א גוטער בעווייז דערפאר.

דאס פאלק, וואס איז אזוי לאנג געווען דער קרבן פונ'ם מא־נארכישען עגאאיזם, האט געמיינט אז עס האט זיך שוין אויף שטענדיג בעפרייט, אין דעם מאמענט וואס ער האט ערקלערט, אז ער איז זיין אייגענער הארר, און אז אין איהם אליין ליגט די סואווע־רעניטעט. אבער וואס איז דען אייגענטליך געווען די מאנארכיע? די סואווערעניטעט פון איין מענשען. און וואס איז דעמאקראטיע? די סואווערעניטעט פון א פאלק, אדער בעסער געזאגט, פון א פאלקס־מעהרהייט. אבער עס איז פארט נאך די סואווערעניטעט פון דעם מענשען אנשטאט פון דעם געזעץ; פון דעם ווילען אנ־

שטאַט פון דעם פערשטאַנד; מיט איין וואָרט, פון די ליידענשאַפ־טען אַנשטאַט פון רעכט.

געוויס, דער איבערגאַנג פו׳ם מאַנאַרכישען צושטאַנד צו דעם דעמאָקראַטישען איז אַ פּראָגרעס, ווייל די פערפּיעלפאַכונג פונ׳ם סואווערען גיט דעם פערשטאַנד מעהר שאַנסען גובר צו זיין דעם ווילען; אָבער קייןווירקליכע רעוואָלוציע אין דער רעגירונג איז דאָס בשום אופן ניט, ווייל דער פּרינציפּ בלייבט דער אייגענער. מיר האָבען היינט דעם בעוויז, אַז מען קען זיין ניט־פריי אויך אונטער דער פאָלקאָמענסטער דעמאָקראַטיע*).

דאָס איז אָבער נאָך ניט אַלץ. דאָס פאָלק, בעקליידט מיט קעניגליכער מאַכט, קאָן ניט אַליין אויסאיבען די סואווערעניטעט; ער מוז זי איבערגעבען צו די בעפאָלמעכטיגטע, — אַזוי זוכען דעם פאָלק איינצורעדען די, וואָס ווילען זיך צו איהם צו׳חנפ׳ענען. וואָס איז די נפקא־מינה די גרויס פון דער צאָהל פון די בעפאָלמעכטיגטע און וואָס פאַר אַ נאָמען זיי טראָגען? עס איז דאָך נאָך אַלץ די הערשאַפט פון מענשען, די רעגירונג פון דעם ווילען און קאַפּריז. און איך פרעג נאָך אַמאָל: וואָס אַזוינס האָט דען די זאָגענאַנטע רעוואָלוציע רעוואָלוציאָניזירט?

מען ווייסט איבעריגענס גאַנץ גוט, ווי אַזוי מען האָט אויס־געאיבט די סואווערעניטעט, צוערשט פון דעם קאָנווענט, דערנאָך פון דעם דירעקטאָריום, ביז ס׳איז שפּעטער געקומען דער קאָנסול און האָט עס אינגאַנצען קאָנפיסקירט. דער קיסר, וועמען דאָס פאָלק האָט אַזוי ליעב געהאַט, אַזוי פערעהרט און נאָך וועמען עס האָט אַזוי געבענקט, האָט פונ׳ם פאָלק גאָרנישט געוואָלט וויסען; דער קיסר האָט כמעט מיט כונה חוזק געמאַכט פון דער סואווערע־ניטעט פונ׳ם פאָלק דערמיט, וואָס ער האָט פערלאַנגט פון איהם זיין שטימע, ד. ה. ער זאָל זיך אָבזאָגען פון זיין סואווערעניטעט. און דאָס פאָלק האָט דעם קיסר׳ס פערלאַנג ערפילט.

*) פערגלייך דע טאָקוויל: „די דעמאָקראַטיע און די פעראייניגטע שטאַאַטען“ און מישעל שעוואַליע: „בריעף איבער נאָרד אַמעריקאַ“. פלו־טאַרך דערצעהלט אין זיין „לעבען פון פעריקלעס“, אַז אין אַטען האָבען די אַנשטענדיגע מענשען געמוזט שטודירען פערבאָרגענערהייד, כדי מען זאָל זיי ניט חושד זיין, אַז זיי שטרעבען צו טיראַניי.

און סוף כל סוף, וואָס איז סואווערעניטעט? מען זאָגט, דאָס איז די מאַכט צו שאַפען געזעצען*). דאָס איז אַן אַבסורד, אַ מין נייע אויפלאַגע פון דעספּאָטיזם. פריהער פלעגען די קעניגע בעגרינדען זייערע בעפעהלען מיט דער פאָרמולע: „אַזוי גלוסט זיך אונז"; איצטער וויל דאָס פאָלק פערזוכען דעם טעם פון מאַכען געזעצען. און די לעצטע פופציג יאָהר קינדעלט עס מיט צעהנדליגע טויזענדע געזעצען, פערשטעהט זיך, אַלץ מיט דער הילף פון זיינע פערטרעטער, און די קאָמעדיע האַלט נאָך אָן.

איבריגענס שטאַמט דער בעגריף פון סואווערעניטעט פון דעם געזעץ־בעגריף אַליין. דאָס געזעץ, האָט מען געזאָגט, איז דער אויסדרוק פון דעם ווילען פון דעם סואווערען. פון דאַנען איז געדרונגען, אַז דאָרט, וואו עס איז דאָ אַ מאָנאַרכיע, איז דאָס געזעץ דער אויסדרוק פונ׳ם ווילען פון דעם קעניג; אין אַ רעפּוב־ליק אָבער איז עס דער אויסדרוק פונ׳ם פאָלק. עס איז נאָר אַ חילוק אין דער צאָהל; אין פּרינציפּ אָבער זיינעןביידע סיסטע־מען גלייך: זיי געהען ביידע ארויס פון דער זעלבער פעהלער־האַפטער הנחה, אַז דאָס געזעץ איז דער אויסדרוק פון אַ ווילען און ניט ווי עס איז אין אמת׳ן — דער אויסדרוק פון אַ פאַקט. און דאָך האָט מען דערביי אויך גוטע בר־סמכא׳ס: מען האָט זיך געמאַכט דעם בירגער פון גענף (רוססאָ) פאַר אַ נביא און דעם „סאָציאַלען קאָנטראַקט" — פאַר׳ן קאָראַן.

די פראַזעאָלאָגיע פון די היינטיגע געזעצגעבער איז בעאיינ־פלוסט אויף שריט און טריט פון פאָרגעפאַסטע מיינונגען און פאָראורטיילען. דאָס פאָלק האָט לאַנג געליטען פון בעשרענקונגען און פּריווילעגיעז; זיינען געקומען זיינע פערטרעטער און האָבען אָבגעגעבען פאַר איהם אַזאַ ערקלערונג: „אַלע מענשען זיינען גלייך אין זייער נאַטור און פאַר דעם געזעץ". אַ קלינגענדע צווייד־י־טיגע פראַזע. „די מענשען זיינען גלייך אין זייער נאַטור", — הייסט עס, אַז זיי האָבען אַלע דיזעלבע שעהנקייט, דיזעלבע טוגענד,

---

*) „סואווערעניטעט — זאָגט טולליע — איז די מענשליכע אַלמעכ־טיגקייט." דאָס איז אַ ריין מאַטעריאַליסטישע ערקלערונג. אויב סואווע־רעניטעט איז עפּעס, — איז דאָס אַ ר ע כ ט, ניט קיין פעהיגקייט און ניט קיין מ אַ כ ט. און וואָס הייסט עס „מענשליכע אַלמעכטיגקייט"?

דיזעלבע געניאַליטעט? ניין; מען האָט געוואָלט דערמיט נאָר זאָגען, אַז אַלע מענשען זיינען גלייך בירגערליך און פּאָליטיש. איז דאָך נעווען גענוג צו זאָגען פּשוט: „אַלע מענשען זיינען גלייך פאַר דעם געזעץ".

אָבער וואָס איז אזוינס „גלייכהייט פאַר'ן געזעץ"? עס איז אין ערגעץ ניט דעפינירט געוואָרן, ניט אין דער קאָנסטיטוציע פון 1790, ניט אין דער פון 1793, ניט אין דער אויפגעצוואונגע־נער כאַרטע, ניט אין דער אָנגענומענער כאַרטע. אַלע נעהמען זיי אָן פאַר א גרונד די אונגלייכהייט פון בעזיץ און ראַנג און עס איז כמעט אונמעגליך צו געפינען דאָרט כאָטש א שאָטען פון רעכטליכער גלייכהייט. מען קאָן דאָ ווירקליך זאָגען, אַז אַלע אונזערע קאָנסטיטוציעס זיינען דער פּרייער אויסדרוק פונ'ם פאָלק'ס ווילען, און איך וועל עס בעווייזען.

אַמאָל איז דאָס פאָלק געווען אויסגעשלאָסען פון אַלע ציווילע און מיליטערישע עמטער; האָט מען געמיינט, אַז מען האָט אויפ־נעטהאָן גרויסע חידושים ארייגשטעלענדיג אין דער „דעקלאַראַציע פון רעכטע" דעם אויפגעבלאָזענעם פּאַראַגראַף: „יעדער בירגער האָט א גלייכעס רעכט צוגעלאָזען צו ווערן צו שטאַאטסעממטער. פרייע פעלקער קאָנען ניט קיין אַנדערע מאָטיוען ביי זייערע וואַה־לען ווי נאָר טוגענד און טאַלאַנט."

געוויס, אַזאַ שעהנע זאַך איז ווערטה געווען צו בעוואונדערן,— און מען האָט בעוואונדערט א שטות. בעקלערט נאָר: דאָס סואווערענע פאָלק, דאָס געזעצגעבענדע און רעפאָרמירענדע פאָלק, זעהט אין עפענטליכע עמטער נאָר בעלוינונגען, א מין סאָרט מתנות; דאָס גאַנצע געזעץ וועגען דער צולאָזונג פון דעם פאָלק צו עמטער נעהמט זיך דערפון, וואָס מען קוקט אויף זיי נאָר, ווי אויף קוואַלען פון פּרנסה. וואָרים צו וואָס די גאַנצע פּאָרזיכטיג־קייט, ווען עס וואָלט דערביי ניט געווען וואָס צו פערדיענען? עס וואָלט דאָך קיינעם ניט איינפאַלען ארויסצוגעבען א געזעץ, אַז ווער עס קען ניט קיין אַסטראָנאָמיע און געאָגראַפיע זאָל ניט טאָרען פיהרען קיין שיף, אָדער אַז א שטאַמלער טאָר ניט שפּיעלען אין א דראַמאַ אָדער אָפּערא. דאָס פאָלק איז אויך דאָ געווען די מאַלפּע פון די קעניגע. עס טהוט זיי נאָך אויך מיט דעם, וואָס עס פערטיילט די בעסטע עמטער צו די פריינד און חונפים. ליידער,

און אויך אין דעם פונקט זיינען פאָלק און קעניג עהנליך, וואָס די ליסטע פון די בעלוינונגען ליגט גאָר ניט אין די הענט פונ׳ם פאָלק, נאָר אין די הענד פון זיינע שלוחים און פערטרעטער. דערפאר האָבען זיי אויך מורא געהאָט צו געהן דערווידער דעם ווילען פון זייער גוטמוטיגען הערשער.

מיט דער מחיה׳דיגער פאראגראף אין דער דעקלאראציע פון רעכטען, וואָס איז פערבליבען אויך אין די קאָנסטיטוציאָנעלע כארטעס פון 1814 און 1830, זעצט פאָראויס עטליכע מינים פון בירגערליכער אונגלייכהייט, ד. ה. פשוט פון אונגלייכהייט פאר דעם געזעץ: אונגלייכהייט אין ראנג, ווייל די עפענטליכע עמטער ווערן געזוכט נאָר דערפאר, וואָס זיי ברענגען מיט זיך א העכערע סאָציאלע שטעלונג און א גרעסערע הכנסה; אונגלייכהייט אין באזיץ, ווייל ווען מ׳גן וואָלט געוואָלט אז אלע מענשען זאָלען זיין מאטעריעל גלייכגעשטעלט, וואָלט דאָס האלטען אן עפענטליכען אמט געווען א חוב — ניט קיין בעלוינונג; אונגלייכהייט אין בעציהונג צו מענשען, ווייל דאָס געזעץ בעשטימט ניט וואָס הייסט טאלאנט און וואָס הייסט טוגענד. אונטער דעם קייזעררייך פון נאפאָלעאָן איז טאלאנט און טוגענד געווען ניט מעהר ווי מיליטער־רייטער מוטה און איבערגעבענהייט צום קיסר; דאָס האָט זיך ארויסגעוויזען דעמאָלט, ווען נאפאָלעאָן האָט בעשאפען זיין אייגענע אריסטאָקראטיע און האָט פערזוכט זי צו צונויפפאָרען מיט דער אלטער אריסטאָקראטיע. ביי היינטיגער צייט הייסט א טוגענדהאפטער מענש דער, וואָס צאָהלט צוויי הונדערט פראנק שטייער. דער געשיקטער מענש איז אן עהרליכער בייטעל־שניידער, — נאָר דאָס זיינען שוין היינט באנאלע אמת׳ען.

דאָס פאָלק האָט שליסליך סאנקציאָנירט דאָס אייגענטום; זאָל איהם דאָס גאָט מוחל זיין — עס האָט ניט געוואוסט וואָס עס האָט געטהאָן! שוין פופציג יאָהר, אז דאָס פאָלק קומט־אָב פאר דער אונגליקליכער מיספערשטענדניס. אָבער ווי אזוי איז דאָס מעגליך געווען, אז דאָס פאָלק, וועמענס שטימע איז — ווי מען זאָגט — די שטימע פון גאָט, דאָס פאָלק וואָס איז אינסטינקטיוו אונפעהלבאר, ווי אזוי האָט עס געקאָנט זיך אזוי בענארישען? ווי קומט דאָס, אז זוכענדיג פרייהייט און גלייכהייט, איז עס צוריקגעקומען צו פריווילעגיעס און קנעכטשאפט? דער טעם

דערפון איז אַלץ דער אייגענער, — עס האָט נאָכגעטהאָן דעם אַלטען רעזשים.

אַמאָליגע יאָהרען פלעגט די אַריסטאָקראַטיע, ווי דער גלחים־שטאַנד, געבען דעם שטאַאַט צושטייער נאָר אין דער פאָרם פון פּריוויליגער ביישטייערונג און מתנות; מען האָט ניט געטאָרט אָנריהרען זייערע גיטער אפילו פאַר חובות, — בעת דער געמיינער מאַן, דער המון, איז געווען ממש דערקוועטשט פון צינזען און שטייערען, — עס האָבען געריסען פון איהם פּאַסען אי די קרוין, אי די קירכע, אי די פּריצים. די מענשען, וואָס זיינען געזעסען אויף דער „קרקע־מונח" (דאָס וואָס איז אין דער יוריספּרודענץ בעקאַנט אַלס די טוידטע האַנט), זיינען געווען ווי אַ טויטער געגענשטאַנד, האָבען ניט געהאַט קיין רעכט איבערצולאָזען בצוואה אָדער ירש'ענען אַ נחלה; זיי זיינען בעהאַנדעלט געוואָרן אַזוי ווי בהמות, און זייער אַרבייט און צוואוקס האָבען געהערט דעם בעל־הבית. דאָס פאָלק האָט געוואָלט, אַז אַלע *בעזיצער* זאָלען זיך געפינען אונטער גלייכע בעדינגונגען, אַז איטליכער מענש זאָל האָבען די מעגליכקייט פריי צו געניסען און צו געוועלטיגען איבער זיינע גיטער, איבער זיינע איינקינפטע, איבער די פרוכט פון זיין אַרבייט און זיין פלייס. דאָס פאָלק האָט ניט ערפונדען דאָס אייגענטום; נאָר, אַזוי ווי עס האָט ניט עקזיסטירט אויף די זעלבע בעדינגונגען ווי די אַריסטאָקראַטען און געגאָלטע מאָנאַכען, האָט עס בעשלאָסען, אַז דאָס אייגענטום־רעכט מוז זיין גלייך פאַר אַלעמען. די האַרבע פאָרמען פון אייגענטום, — די פאַנשטשינע, די „טויטע האַנד", דאָס ניט צולאָזען צו עפענטליכע עמטער א. אַז. וו. — זיינען פערשוואונדען געוואָרן; עס האָט זיך איבערגעאַנדערשט די אַרט פון געניסען, — אָבער אין גרונד איז אַלעס געבליבען ביים אַלטען. עס איז געווען אַ פּראָגרעס אין דער פערטיילונג פון רעכט, אָבער ניט קיין רעוואָלוציע.

אָט דאָס זיינען די דריי גרונד־פּרינציפּען פון דער נייער געזעלשאַפט, וואָס זיינען סאַנקציאָנירט געוואָרען פריהער פון דער רעוואָלוציע פון 1793 און נאָכדעם פון דער פון 1830: 1. *די סאָווערעניטעט ליגט אין דעם ווילען פון מענשען*; מיט אַנדערע ווערטער — *דעם פּאַטיזם*. 2. *אונגלייכהייט פון בעזיץ און*

ראַנג. 3. אייגענטום. און איבער דעם אַלעם — די גערעכטיגקייט, צו וועלכער אַלע ווענדען זיך תמיד, ווי צו דעם שר פון די מלכים, אַריסטאָקראַטען און בעזיצער; די גערעכטיגקייט, דער אַלגעמיינער אייביגער קאַטעגאָרישער געזעץ פון יעדער געזעלשאַפט.

מיר מוזען איצטער דערגעהן, צי די בעגריפען דעספּאָטיזם, בירגערליכע אונגלייכהייט און אייגענטום פּאַסען צו דעם אורשפּרינגליכען בעגריף פון גערעכטיגקייט אָדער ניט, צי זיינען זיי זיינע נויטווענדיגע לאָגישע פאָרמען, וואָס בעווייזען זיך אויף פערשיידענע אופנים לויט יעדען בעזונדערן פאַל, לויט דעם אָרט און דער בעציהונג צווישען מענשען; אָדער זיי זיינען גאָרנישט מעהר ווי אַן אוננאַטירליכער פּראָדוקט פון אַ צונויפמישונג פון פערשיידענע זאַכען, פון אַ פאַטאַלער צונויפקייטלונג פון אידעען. און באַשר דער פּרוב־שטיין פון גערעכטיגקייט איז די פאָרם פון דער רעגירונג, דער צושטאַנד פון די מענשען און פאָרם פון בעזיץ — מוז מען נאָך דער איינשטימיגער מיינונג פון אַלע מענשען און דעם פאָרטשריט פון דעם מענשליכען גייסט אונטערזוכען, אונטער וועלכע בעדינגונגען קאָן מען אָנרופען אַ רעגירונג גערעכט, ווען ענטשפּרעכען דער בירגערליכער צושטאַנד און די פאָרם פון בעזיץ דער אידעע פון גערעכטיגקייט. און אַז מיר וועלען אויסשטרייכען אַלצדינג, וואָס פּאַסט ניט צו די בעדינגונגען, וועט דער רעזולטאַט תיכף בעווייזען, וואָס הייסט אַ לעגיטימע רעגירונג, ווען זיינען דער בירגערליכער צושטאַנד און די בעזיץ־פאָרם לעגיטים, און צום סוף וועט אַלץ דער לעצטער רעזולטאַט פון אונזער אַנאַליזע אַרויסקומען דער אמת'ער בעגריף פון גערעכטיגקייט.

איז די אויטאָריטעט, די געוועלטיגונג פון מענשען איבער מענשען גערעכט?

אַלע ענטפערן: ניין. די אויטאָריטעט פון מענשען איז מעהר ניט ווי די אויטאָריטעט פון געזעץ, וואָס מוז זיין אמת און צדק. דער ווילען פון דעם איינצעלנעם מענשען האָט ניט קיין שום בעדייטונג אין דער רעגירונג, וואָס האָט ניט קיין אַנדער אויפגאַבע, ווי נור אויסצוגעפינען אַלץ וואָס איז גערעכט און אמת און עס אַריינברענגען אין אַ פאָרם פון געזעץ, און דאַן אכטונג געבען אויף

דער אויספיהרונג פון געזעץ. איך וויל דאָ ניט אונטערזוכען, אונזער היינטיגע קאָנסטיטוציאָנעלע רעגירונג איז מקים אל דאָס וואָס זי האָט געזאָלט; צי אונזערע מיניסטאָרען, למ מישען טאקע כלל ניט אריין זייערע פּריוואַט־נייגונגען אין ד ערקלערונג און אויסטייטשונג פון די געזעצען; צי אונזערע אָבג אָרדענטע זיינען אויסען אין זייערע דעבאַטען צו זיעגען נאָר מינ זייערע ארגומענטען און ניט מיט דער מאַכט פון דער צאָהל. איך וועל זיך דאָ בעגנוגענען מיט דעם וואָס איך נעהם אָן, אז די אידע פון א גוטער רעגירונג, ווי איך האָב זי דאָ דעפינירט, איז אמת עס דאַכט זיך א פשוטע און קלאָרע אידעע; פונדעסטוועגען זעהען מיר, אז די אָריענטאַלישע פעלקער זעהען ניט קיין שום אונגערעכ־טיגקייט אין דעם דעספּאָטיזם פון זייערע הערשער; אז די אַלטע פעלקער — אפילו זייערע פילאָזאָפען — האָבען געהאלטען די שקלאַפעריי פאַר א גערעכטע אינסטיטוציע; אז אין מיטעלאַלטער האָבען די אריסטאָקראַטען, די אבבאַטען און די בישאָפען געהאלטען די פאנשטשינע פאַר א גערעכטע זאַך; אז לואי דער פערצעהנטער האָט געגלויבט אין דעם אמת פון זיינע ווערטער: „דער שטאַאַט— דאָס בין איך“; אז נאַפּאָלעאָן האָט בעטראַכט יעדע ווידערשפּעניג־הייט אַקעגען זיין ווילען ווי א שטאַאַטספערברעכען. די אידעע פון גערעכטיגקייט, אין איהר אָנווענדונג אויף הערשער און רעגירונג, איז ניט געוועזען תמיד דאָס וואָס זי איז היינט. זי האָט זיך אונאויפ־הערליך ענטוויקעלט, אַלץ מעהר און מעהר ארויסגעארבייט, ביז זי האָט זיך אָבגעשטעלט ביי דעם פּונקט, וואו מיר זעהען זי היינט אָבער איז זי שוין געקומען צו איהר לעצטער מדרגה? איך גלויב אז ניין; נאָר אזוי ווי דאָס לעצטע הינדערניס, וואָס זי מוז גובו זיין, קומט אויסשליסליך פון דער אינסטיטוציע פון אייגענטום וועלכע מיר האָבען געלאָזט שטעהן און אזוי ווי נאָר מיט איהו פאַלען קאָן די רעפאָרם פון דער רעגירונג דורכגעפיהרט ווערן או די רעוואָלוציאָן פערענדיגט ווערען, — מוזען מיר ריכטען אונזער אטאַקע נור קעגען דער דאָזיגער אינסטיטוציע.

איז די פּאָליטישע און בירגערליכע אונגלייכהייט גערעכט?

איינינע זאָגען: יאָ, אנדערע זאָגען: ניין. די יאָ־זאָגע וויל איך דערמאָנען, אז זיי אליין האָבען צוגעשטימט דערצו, וואָס דאָס פאָלק האָט אָבגעשאַפט אַלע פּריווילעגיעס פון געבורט און פון

קאַסטע, הפּנים אַז דאָס האָט זיך זיי געלוינט; פאַרוואָס־זשע ווילען זיי ניט, אַז די פּריווילעגיעס פון בעזיץ זאָלען אויך אָבגע־שאַפט ווערן, פּונקט ווי די פּריווילעגיעס פון ראַנג און אָבשטאַמונג? זייער תירוץ איז, אַז די פּאָליטישע אונגלייכהייט איז פערוואַקסען מיט דעם אייגענטום, און אַז אָהן אייגענטום איז אַ געזעלשאַפט אונמעגליך; בכן זעהען מיר, אַז די פראַגע, וואָס מיר האָבען דאָ אַוועקגעשטעלט, ווערט צוגעפיהרט צו דער פראַגע פון אייגענטום.
צו די נייען־זאָגער וויל איך נאָר אָט וואָס בעמערקען: ווילט איהר האָבען פּאָליטישע גלייכהייט, שאַפט־אָב דאָס אייגענטום; אַלאָ ניט — וואָס קלאָגט איהר זיך?
איז דאָס אייגענטום גערעכט?
דער אַלגעמיינער ענטפער איז אויפ'ן אָרט: „יאָ, אייגענטום איז גערעכט". קיינער האָט נאָך עד היום ניט געגעבען דערויף מיט פולען בעוואוסטזיין דעם ענטפער: ניין. עס איז אויך שווער געווען צו געבען דערויף אַ מאָטיווירטען ענטפער. נאָר די צייט אַליין און די ערפאַהרונג האָבען געקאָנט ברענגען די לעזונג. איצט איז שוין די לעזונג געגעבען געוואָרן. מען מוז זי נאָר פערשטעהן און פּרובירען זי צו בעווייזען.
די מעטאָדע, מיט וועלכער מיר ווילען זיך בענוצען פאַר דעם בעווייז, וועט זיין פאָלגענדע:
1) מיר ווילען זיך ניט אריינלאָזען אין וכוחים, קיינעם ניט ווידערלעגען און גאָרנישט אָבלייקענען; מיר ווילען אָננעהמען אַלע אַרגומענטען צו גונסטען פון אייגענטום און ווילען זיך נאָר בעשרענקען צו זוכען זייער פּרינציפּ, כדי אויסצוגעפינען נאָכדעם, צי דער פּרינציפּ איז טריי אויסגעדריקט אין דעם אייגענטום. און אַזוי ווי מען קאָן ניט פערטיידיגען דאָס אייגענטום, סיידען אין דעם געזיכטס־ווינקעל פון גערעכטיגקייט — מוז דער יסוד פון אַלע אַרגומענטען, וואָס מען שטעלט־אויף צו פערטיידיגען דאָס אייגענ־טום, זיין די אידעע פון גערעכטיגקייט, אָדער לכל הפחות איהר כונה. און אַזוי ווי אייגענטום האָט אַ קראַפט נאָר איבער זאַכען וועלכע מען קאָן מאַטעריעל אָבשעצען, מוז די זיך־אָביעקטיוויר־רענדע — אַזוי צו זאָגען ממשות'דיגע גערעכטיגקייט — אַרויס־קומען קלאָר און בולט, כמעט ווי אַן אַלגעבראַאישע פאָרמולע. די דאָזיגע אונטערזוכונגס־מעטאָדע וועט אונז באַלד ברענגען דערצו,

אַז מיר וועלן איינזעהן, אַז אַלע בעווייזען וואָס ווערען אָנגע־פיהרט פאַר אייגענטום, ווי אַזוי זיי זאָלען ניט זיין, פיהרען בהכרח שטענדיג צו דעם פרינציפּ פון גלייכהייט, ד. ה. צו לייקענען דאָס אייגענטום.

דער ערשטער טייל וועט האָבען צוויי קאַפּיטלען: דער ערש־טער איבער די געוואַלדזאַמע בעזיץ־ערגרייפונג, אַלס באַזיס פון אונזער רעכט; דער צווייטער — איבער ארבייט און טאַלאַנט, אַלס סיבות פון אייגענטום און סאָציאַלע אונגלייכהייט.

דער רעזולטאַט פון די ביידע קאַפּיטלען וועט זיין: ערש־טענס, אַז דאָס רעכט פון בעזיץ־ערגרייפונג (אָקופּאַציאָן) פער־הינדערט דאָס אייגענטום; און צווייטענס, אַז דאָס רעכט פון ארבייט צושטערט עס.

2) מיר וועלען ווייטער מוזען ערקלערען, ווי עס קומט אַז די גלייכהייט, וואָס איז די לאָגיש־נויטווענדיגע פּאַראויסזעצונג פון אייגענטום, איז דאָך ניט פאַראַן. אָט די נייע אונטערזוכונג ענטהאַלט אויך צוויי קאַפּיטלען: אין דעם ערשטען וועלען מיר בעטראַכטען דעם פאַקט פון אייגענטום אַלס פאַקט, און וועלען אונטערזוכען צי ער איז טאַקע אַ רעאַלער פאַקט, צי אַזאַ פאַקט עק־זיסטירט און צי ער איז מעגליך; ווייל עס וואָלט דאָך געווען אַן אינערליכע סתירה, אַז צוויי סאָציאַלע פאָרמען ווי גלייכהייט און אונגלייכהייט, צוויי היפּכים, זאָלען קאָנען עקזיסטירען גלייכ־צייטיג צוזאַמען. מיר וועלען ווייטער ענטדעקען אַ מערקווירדיגע זאַך, אַז אין אמת'ן קאָן דאָס אייגענטום אָננעהמען די פאָרם פון אַ נעבענ־ערשיינונג, אָבער אַלס אַן אינסטיטוציע און אַ פּרינ־ציפּ איז דאָס מאַטעמאַטיש אונמעגליך. דער אַקסיאָם פון דער סכאָלאַסטישער פילאָזאָפיע: ab actu ad posse valet Consecutio ד. ה. מען מעג שליסען פון ד אָ ס ז י י ן אויף ד אָ ס מ ע ג ל י כ ע, האָט קיין ווערטה אין דער פראַגע פון אייגענטום.

צום סוף, איז דעם לעצטען קאַפּיטעל, וועלען מיר מיט דער הילף פון פּסיכאָלאָגיע, אַריינדרינגענדיג טיעפער אין דער מענש־ליכער נאַטור, ערקלערען דעם פּרינציפּ פון גערעכטיגקייט, איהר פאָרמולע, איהר אייגענאַרט, גענוי בעשטימען דעם אָרגאַנישען גע־זעץ פון געזעלשאַפט, מסביר זיין דעם אורשפּרונג פון אייגענטום,

די סיבות פון איהר איינפיהרונג, פאַרוואָס עס האלט אָן אַזוי לאַנג, און פאַרוואָס עס מוז באַלד פערשווינדען; מיר וועלען ענדגילטיג פעסטשטעלען, אַז אייגענטום און גנבה זיינען סינאָנימען. מיר וועלען בעווייזען, אַז אַלע דריי פאָראורטיילע: די הערשאַפט פון מענשען, די אונגלייכהייט פון לעבענסבעדינגונגען און אייגענטום — זיינען איינע און דיזעלבע זאַך און קאָנען פערטרעטען איינס דאָס צווייטע; און דעמאָלט וועלען מיר קאָנען אָהן מיה ארויסברענגען, נאָכ'ן פרינציפ פון ווידערשפרוך, די גרונד־לאַגע פון רעגירונג און רעכט. דערביי וועלען זיך אָבשטעלען אונזערע אונטערזוכונגען, און מיר לאָזען זיך איבער דאָס רעכט צו בעהאַנדלען די פראַגע ווייטער אין נייע אָבהאַנדלונגען.

די וויכטיגקייט פון דעם געגענשטאַנד וואָס בעשעפטיגט אונז, שטעהט אַלעמען פאַר די אויגען.

„דאָס אייגענטום" — זאָגט הענעקען — „איז דער שעפערישער און דער אויפהאַלטענדער פרינציפ פון דער בירגערליכער געזעלשאַפט... דאָס אייגענטום איז איינע פון יענע פונדאַמענטאַלע פראַגען, וועלכע מען טאָר קיינמאָל ניט פערגעסען; און עס איז וויכטיג פאַר יעדען פובליציסט און שטאַאַטסמאַן גאַנץ גענוי צו וויסען, צי איז דאָס אייגענטום דער פרינציפ אָדער דער רעזולטאַט פון דער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג, אַ סיבה אָדער אַ פאָלגע, ווייל פון דעם הענגט אָב די מאָראַל, און דערפאַר אויך די אויטאָריטעט פון די מענשליכע אינסטיטוציעס".

די דאָזיגע ווערטער זיינען אַן אויפפאָדערונג צו אַלע מענשען פון האָפנונג און גלויבען; אָבער כאָטש די גלייכהייט איז אַ שעהנע זאַך, האָט נאָך קיינער ניט אָנגענומען די אויפפאָדערונג פון די פערטיידיגער פון אייגענטום, האָט נאָך קיינער ביי זיך ניט געפונען דעם מוטה אויפצונעהמען דעם קאַמף. דאָס פאַלשע וויסען פון דער גאוה'דיגער יוריספרודענץ, די אַבסורדע אַפאָריזמען פון דער פאָליטישער עקאָנאָמיע, וואָס ווערן קאָנטראָלירט פון דעם אייגענטום, האָבען צורודערט די איידעלסטע מוחות; די בעסטע פריינד פון פרייהייט און פאָלק'ס־אינטערעסען האָבען עס אָנגענומען ווי אַ מין תורה מן השמים, אַז גלייכהייט איז אַן אילוזיע. אַזוי שטאַרק איז די מאַכט פון די פאַלשע טעאָריעס און אינהאַלטסלאָזע אַנאַלאָגיעס אויף די בעסטע גייסטער, אַז זיי גיבען זיך אונטער אָהן זייער וויסען צו דעם פאָפולערען פאָראורטייל. די גלייכהייט קומט נעהנטער צו אונז אַלע טאָג, וועלען

מיר, די סאָלדאַטען פון דער פרייהייט, פערלאָזען אונזער פאָהן אויפ'ן שוועל פון דעם טריאומף?

איך, דער בערטיידינער פון גלייכהייט, וועל רעדען אָהן שנאה און אָהן כעס; מיט דער אונאָבהענגינקייט וואָס פּאַסט פאַר א פילאָזאָף, מיט דער געלאַסענקייט און פעסטקייט פון א פרייען מענשען. הלואי וואָלט איך געקאָנט אין אונזער הערליכען קאַמף אריינברייננען אין די הערצער דאָס ליכט וואָס דרינגט מיך דורך, און בעווייזען מיט דעם ערפאָלג פון מיין רעדען, אז דאָס וואָס די גערעכטיגקייט האָט ניט געקאָנט דערגרייכען מיט דעם שווערד האָט זי דערגרייכט מיט דעם וואָרט.

# קאפיטעל II

**איבער דעם אייגענטום אלס נאטור־רעכט.—איבער דער אקופאציאן און בירגערליכעס רעכט אלס הויפט־סיבות פון דער הערשאפט פון אייגענטום.**

## דעפיניציאנען.

דאס רוימישע רעכט דעפינירט דאס אייגענטום אלס „דאס רעכט צו געברויכען און מיסברויכען א זאך, אזוי ווייט ווי דער זין פון געזעץ לאזט עס צו". מען האט פערזוכט צו רעכטפערטיגען דאס ווארט מ י ס ב ר ו י כ ע ן און עס אויסגעטייטשט אזוי, אז עס מיינט ניט א זינלאזען און אונמאראלישען מיסברויך, נאר דעם אבסאלוטען בעזיץ. עס איז א גאנץ אינהאלטסלאזע, אויסגעטראכטע אונטערשיידונג, כדי צו מאכען הייליג דאס אייגענטום; און זי איז גאנץ ווירקונגסלאז אקעגען די עקסטרעמע פארמען פון נענוס, וועלכע זי איז ניט רבח ניט צו פערהאלטען און ניט צו אונטערדריקען. דער אייגענטימער האט ביד צו לאזען פוילען די פרוכט אויף זיין פעלד, צו פערזייען זאלץ אויף זיין אקער, צו מעלקען זיינע קיה אויפן זאמד, צו מאכען פון זיין ווייגגארטען א וויסטעניס און פון זיין אויבסט־גארטען א פארק. איז דאס אלעס מיסברויך, צי ניין? אין דער פראגע פון אייגענטום מישען זיך געברויך און מיסברויך נויטווענדיגערווייזע צוזאמען.

לויט דער דעקלאראציע פון רעכטען, וואס איז פערעפענט־ליכט אלס איינלייטונג צו דער קאנסטיטוציע פון 93', איז אייגענ־טום „דאס רעכט צו געניסען און צו פערווענדען לויט דעם פרייען ווילען די גיטער, דעם איינקונפט, די פרוכט פון דער ארבייט און פליים".

אין קאדעקס נאפאלעאן, פאראגראף 544, הייסט עס אזוי: „אייגענטום איז דאס רעכט צו געניסען און צו בענוצען די זאכען אין דער אבסאלוטסטער וויזע, בתנאי אז מען זאל פון דעם ניט

מאַכען קיין געברויך וואָס איז פערבאָטען לויט די געזעצען און פאָרשריפטען".

דיביידע דעפיניציעס שטאַמען פון דער, וואָס איז ענטהאַל־טען אין דעם רוימישען רעכט: זיי אַנערקענען אַלע, אַז דער איינענטימער האָט אַן אבסאָלוטעס רעכט אויף דער זאַך; און אויב די איינשרענקונג וואָס איז געמאַכט געוואָרען פון'ם קאָדעקס, — „בתנאי אַז מען זאָל פון דעם ניט מאַכען קיין געברויך וואָס איז פערבאָטען לויט די געזעצען און פאָרשריפטען" — האָט ניט דעם צוועק צו בעשרענקען דאָס איינענטום, נאָר בלויז ניט צוצולאָזען, אַז די בעזיץ־ספערע פון איין איינענטימער זאָל אריבער אין די גרעניצען פון דעם אַנדערן איינענטימער. עס איז אַ בעשטעטי־גונג פון'ם פרינציפּ, ניט קיין בעשרענקונג.

מען אונטערשיידט אין דעם איינענטום: ערשטענס, דאָס איינפאַכע איינענטום, דאָס רעכט פון'ם בעזיצער, פון דעם הארר איבער דער זאַך, דאָס אַזוי גערופענע, נאַקעטע איינענטום; און צווייטענס, דעם בעזיץ. „דער בעזיץ — זאָגט דיוראַנטאָן — איז אַ פאַקט ניט קיין רעכט". טולליע זאָגט: „דאָס איינענטום איז אַ רעכט, אַ לעגאַלע מעגליכקייט; בעזיץ, אָבער, איז אַ פאַקט". דער פעכטער, דער ארענדאַטאָר, דער בעזיצער פון אקציעס, דער וואָס איז בערעכטיגט צום גענוס פון דעם צואוואוקס אויף קאַפּי־טאַל — די זיינען בעזיצער. דער בעל־הבית אָבער, וואָס פער־דינגט און פערלייט, דער יורש וואָס וואַרט אויף דעם טויט פון דעם רעכטליכען היטער פון זיין צוקינפטיגער ירושה — זיינען איינענטימער. און אויב איך וואָלט געוואָגט צו געברויכען דעם פערגלייך, וואָלט איך געזאָגט: דער געליעבטער איז אַ בעזיצער, דער מאַן איז אַן איינענטימער.

אָט די דאָפּעלטע דעפיניציע פון איינענטום — אַלס הערשאַפט און אַלס בעזיץ — איז פון העכסטער בעדייטונג. מען מוז זיך שטאַרק אריינטראַכטען אין דעם, ווען מען וויל פערשטעהן דאָס וואָס מיר ווילען דאָ זאָגען.

פון דער אונטערשיידונג צווישען בעזיץ און איינענטום זיינען ארויסגעקומען צווייערליי מינים רעכט: דאָס, "Jus in re", דאָס רעכט אין דער זאַך, דאָס רעכט צו פערלאַנגען דאָס איינענטום וואָס איך האָב ערוואָרבען, וואו איך זאָל עס ניט געפי־

נען; און דאס רעכט אויף דער זאך, "Jus ad rem" דורך וועלכען איך פערלאנג צו ווערן אן אייגענטימער. אזוי איז דאס רעכט פון מאן און ווייב איינער איבער'ן אנדערען א „רעכט אין דער זאך"; דאס רעכט פון חתן און כלה נאר א רעכט אויף דער זאך. אין דעם ערשטען רעכט זיינען פעראייניגט בעזיץ און אייגענטום; דאס צווייטע ענטהאלט אין זיך בלויז דאס נאקעטע אייגענטום. איך, וועלכער האב אלס ארבייטער דאס רעכט אויפ'ן בעזיץ פון גיטער פון דער נאטור און אינדוסטריע, און וועלכער קאן אבער אלס פראלעטאריער גארנישט געניסען, פערלאנג, שטיצענדיג זיך אויף דעם „רעכט אויף דער זאך", אריינצוטרעטען אין דער קאטעגאריע פון „רעכט אין דער זאך".

די אונטערשיידונג צווישען די צוויי רעכטען איז די גרונד־לאגע פון דער בעריהמטער יורידישער צוטיילונג אויף בעזיץ־רעכט און פאדערונגס־רעכט — ווירקליכע קאטעגאריעס פון דער יוריספרודענץ, וועלכע נעהמט זיי אריין אינגאנצען אין איהרע אונענדליכע גרעניצען. אלצדינג וואס האט צו טהאן מיט אייגענטום געהערט צום פאדערונגס־רעכט; אלץ וואס האט צו טהאן מיט בעזיץ געהערט צום בעזיץ־רעכט. שרייבענדיג דא די אנקלאגע געגען דעם אייגענטום, מאך איך דער גאנצער געזעל־שאפט א פאדערונגס־פראצעס און בעוויז, אז די וואס בעזיצען היינט גארנישט זיינען מיט דעם אייגענעם רעכט אייגענטימער גלייך ווי די בעזיצער; אבער אנשטאט צו קומען צום שלום, אז מען מוז דאס אייגענטום פערטיילען צווישען אלעמען — פערלאנג איך, אין די אינטערעסען פון זיכערקייט, אז אייגענטום זאל אבגע־שאפט ווערען פאר אלעמען. אויב איך וועל פערלירען דעם פראצעס, בלייבט מיר און אויך אלע פראלעטאריער איבער נאר זיך איבערצושניידען דעם האלז. מיר האבען דעמאלט גארנישט מעהר צו ערווארטען פון דער גערעכטיגקייט פון די פעלקער. ווען איך געווין אבער דעם פראצעס, וועלען מיר מוזען אנהויבען אויפ'ס ניי א בעזיץ־פראצעס, כדי צו צווינגען, אז מען זאל אונז צוריק־געבען די גיטער וואס דאס אייגענטום האט ביי אונז צוגענומען. איך האף אז עס וועט ניט דארפען קומען אזוי ווייט; אבער די ביידע פראצעסען קאנען ניט געפיהרט ווערען אינאיינעם, ווייל,

ווי אונזער קאָדעקס זאָגט, דאָס בעזיץ־רעכט און פאָדערונגס־רעכט טאָרען ניט זיין אין איין האַנד.

איידער מיר געהען אריין אין דעם תוך פון דער פראגע, וועט ניט זיין איבריג פאָרצובריינגען דאָ עטליכע פאָרלויפיגע בעאָבאַכטונגען.

## § 1. — דאָס אייגענטום אלס נאַטור־רעכט.

די דעקלאַראַציע פון רעכטען האָט אוועקגעשטעלט דאָס אייגענטום צווישען די נאַטירליכע און ניט אויסמעקבאַרע רעכטען פונ'ם מענשען, וואָס זיינען פיער אין צאָהל: פרייהייט, גלייכהייט, אייגענטום און זיכערקייט. וואָס פאַר א מעטאָדע האָבען אָנגענומען די געזעצגעבער פון 93' ביי דער דאָזיגער אויפצעהלונג? גאָר קיין מעטאָדע ניט. זיי האָבען גלאַט אוועקגעשטעלט פּרינציפּען, פונקט ווי זיי האָבען געשמועסט איבער סואווערעניטעט און געזעצען, פון א גאַנץ אלגעמיינעם געזיכטס־פּונקט און נאָך זייערע אייגענע השערות. זיי האָבען אלצדינג געטהאָן כלאַחר־יד און געטאַפּט אין דער פינסטער. פּראָפעסאָר טולליע, דער מחבר פון דעם פּירוש אויף דעם בירגערליכען רעכט, זאָגט: „די אבסאָלוטע רעכטען קאָנען צוריקגעפיהרט ווערען צו דער צאָהל פון דריי: זיכערקייט, פרייהייט און אייגענטום". די גלייכהייט האָט אלזאָ דער פּראָפעסאָר איינגאַנצען אויסגעלאָזען. פאַרוואָס? אפשר דערפאַר ווייל זי איז שוין ענטהאַלטען אינ'ם בעגריף פון פרייהייט, אָדער דערפאַר ווייל דער בעגריף פון אייגענטום שליסט זי אויס? דער פּראָפעסאָר ניט אויף דער פראגע ניט קיין תשובה. עס קומט איהם גאָרנישט אויפ'ן געדאַנק, אז דאָ איז עפּעס קשה.

און דאָך, ווען מען פערגלייכט צווישען זיך אָט די דריי אָדער פיער רעכטען געפינט מען, אז דאָס אייגענטום איז לגמרי פערשיידען פון די אַנדערע; אז פאַר דעם רוב פון די בירגער עקזיסטירט זי נאָר פּאָטענציעל, אלס א מעגליכקייט וואָס איז איינגעשלאָפען און ווערט ניט אויסגעאיבט; אז אפילו ביי די וואָס געניסען דאָס רעכט, ענדערט עס זיך און בייט זיך און דאָס אליין איז דאָך שוין א ווידערשפּרוך צו דער אידעע פון נאַטור־רעכט; אז אין דער

פראקטיק ווערט זי ניט רעספעקטירט, ניט פון די רעגירונגען, ניט פון די געריכטען און ניט פון די געזעצען; און שליסליך, אז די גאנצע וועלט אין איין קול ערקלערט זי פאר אן איינבילדונג.

די פרייהייט איז אונפערלעצליך. איך קאן ניט פערקויפען מיין פרייהייט, איך קאן זי ניט אוועקגעבען; יעדער קאנטראקט, יעדע בעדינגונג מיט דעם כח פון א קאנטראקט, וואס ענטהאלט אין זיך די אוועקשענקונג אדער אונטערברעכונג פון פרייהייט, איז אונגילטיג; יעדער שקלאף וואס שטעלט אוועק זיין פוס אויפ'ן באדען פון פרייהייט, ווערט אין דעם מאמענט א פרייער מענש. ווען די געזעלשאפט פאנגט א פערברעכער און בערויבט איהם פון זיין פרייהייט, געפינט זי זיך אין צושטאנד פון געזעצליכען זעלבסט־שוץ; דער וואס ברעכט דעם סאציאלען קאנטראקט דורך א פער־ברעכען, ערקלערט זיך דערמיט אלס עפענטליכער פיינד; ווער עס גרייפט אן די פרייהייט פון אנדערע, צווינגט זיי צוצונעהמען ביי איהם זיין אייגענע פרייהייט. פרייהייט איז די גרונד־בעדינ־גונג פון דעם מענשען; זיך אבזאגען פון איהר הייסט זיך אבזאגען פון מענשליכער אייגענשאפט, פון מענשליכע האנדלונגען.

דאס אייגענע איז מיט דער גלייכהייט. פאר דעם געזעץ גילט ניט קיין שום בעשרענקונג און קיין שום אויסנאהם פאר איהר. יעדער פראנצויז האט דאס גלייכע רעכט צוגעלאזען צו ווערען צו עפענטליכע עמטער; דער ארימסטער בירגער קאן רופען צו א משפט די העכסטע פערזאן און בעקומען זיין רעכט. זאל, למשל, דער מיליאנער אחאב אויפבויען א שלאס אויפ'ן וויינגארטען פון נבות, וועט דער בית־דין בעפוילען מען זאל אראבנעהמען דעם שלאס, ווען דאס זאל אפילו קאסטען מיליאנען; צוריקברענגען דעם וויינ־גארטען צו זיין פריהערדיגען צושטאנד, און נאך דערצו פעראור־טיילען דעם אוזורפאטאר, ער זאל בעצאהלען דעם היזק און ריבות. דאס געזעץ פערלאנגט, אז יעדעס געזעצליך־ערווארבענעס אייגענ־טום זאל זיין געאכט, אהן אונטערשייד וויפיעל עס איז ווערטה און וועמען עס געהערט.

אמת, די קאנסטיטוציאנעלע כארטע פערלאנגט, אז געוויסע פאליטישע רעכטען מוזען האבען אלס גרונדלאגע א געוויסע סומע פון בעזיץ און פעהיגקייט; אבער אלע וואס זיינען בעקאנט מיט דער פראגע ווייסען, אז די כונה פון די געזעצגעבער איז געוועז

ניט אויפצובויען פריווילעגיעס, נאָר צו שאַפען געוויסע גאַראַנטיען. אין דעם מאָמענט וואָס די געזעצליך־פאַרגעשלאָגענע בעדינגונגען זיינען ערפילט, מעג איטליכער בירגער וועהלען און געוועהלט ווערן. דאָס געזעץ איז גלייך פאַר אַלעמען, ער מאַכט ניט קיין אונטער־שייד צווישען פערזאָנען און צווישען שטימ־צעטלען. איך וויל זיך דאָ ניט ארייןלאָזען אין חקירה ודרישה, צי דאָס איז דאָס בעסטע סיסטעם; איך בעגנוגען זיך דערמיט אָנצואווייזען, אז דורך דעם גייסט פון דער כארטע און אין די אויגען פון דער גאַנצער וועלט איז די גלייכהייט פאַר'ן געזעץ אַן אבסאָלוטע און אונפער־ענדערבאַרע זאַך.

דאָסזעלבע איז מיט דעם רעכט אויף זיכערקייט. די געזעל־שאַפט פערשפּרעכט ניט איהרע מיטגליעדער אַ האַלבען שוץ, אַ כ מ ע ט ־פערטהיידיגונג; זי שטעלט זיך איין פאַר זיי אינגאַנצען, פונקט ווי זיי שטעלען זיך איין פאַר איהר. זי זאָגט ניט צו זיי: „איך וועל אייך גאַראַנטירען אויב עס וועט מיך גאָרנישט קאָסטען; איך וועל אייך שיצען, אויב איך וועל דערביי גאָרנישט ריזיקירען". זי זאָגט: „איך וועל אייך פערטיידיגען נעגען אַלעמען; איך וועל אייך ראַטעווען און איך וועל זיך נוקם זיין פאַר אייך, אָדער איך וועל אַליין אונטערגעהן." דער שטאַאַט גיט אוועק אַלע זיינע כחות צום דיענסט פון זיינע בירגער, און זיי זיינען צוגעבונדען איינס צום אַנדערען מיט דער אַבסאָלוטער פערפליכטונג.

ווי אַנדערש איז עס אָבער ביי אייגענטום! אַלע פערגעטער־רען זי און קיינער אַנערקענט זי ניט; געזעצען, מנהגים, זיטען, דאָס עפענטליכע און פריוואַטע בעוואוסטזיין, אַלע בילדען אַ פער־שווערונג זי צו טויטען און רואינירען.

די רעגירונג מוז האָבען שטייערן, כדי אויסצוהאַלטען אַרמעען, אויספיהרען איהרע ארבייטען און בעצאָהלען איהרע בעאַמ־טע. מהיכי־תיתי, זאָלען אַלע בעצאָהלען שטייערן. אָבער פאַר־וואָס זאָל דער רייכער בעצאָהלען מעהר פון דעם אָרימען? מען זאָגט, עס איז גערעכט דערפאַר, ווייל דער רייכער בעזיצט מעהר. איך מוז מודה זיין, אז איך פערשטעה ניט אזא מין גערעכטיגקייט.

צוליעב וואָס צאָהלט מען שטייערן? כדי צו זיכערן יעדען מענשען זיינע נאַטירליכע רעכטען: פרייהייט, גלייכהייט, זיכער־

קייט און אייגענטום ; צו ערהאַלטען די אָרדנונג אין שטאַאט ; צו בעזאָרגען אַלע ניצליכע עפענטליכע נויטוועגדיגקייטען.

קאָסט עס דען מעהר צו פערטיידיגען דאָס לעבען, אייגענטום און פרייהייט פון רייכען איידער פון דעם אָרימען ? ווער פער־אורזאַכט דען דער רעגיערונג מעהר דאגות בשעת אַן אָנפאַל פון אַ שונא, אָדער אין פאַל פון אַ הונגער אָדער מגפה — דער גרויסער נגיד אָדער פריץ, וואָס ענטלויפט פון דער סכנה ניט וואַרטענדיג אויף דער שטיצע פון׳ם שטאַאט, אָדער דער ערד־אַרבייטער וואָס בלייבט אין זיין הייזעל אונבעשיצט פון אַלע פּלאָגען און פורעניות׳ן ?

איז דען דער בעל־הבית׳שער בירגער אַ גרעסערע געפאַהר פאַר דער רעגירונג ווי דער בעל־מלאכה און דער ארבייטער ? די פּאָליציי האָט דאָך מעהר ארבייט מיט אַ פּאָר הונדערט בעשעפטי־גונגסלאָזע ארבייטער, איידער מיט צוויי הונדערט טויזענד וועה־לער !

בעניסט אפשר דער גביר מעהר איידער דער אָרימאַן פון די נאַציאָנאַלע ימים־טובים, פון די ריינע גאַסען, פון די שעהנע מאָנו־מענטען ? דער רייכער וואוינט דאָך ליבערשט אויף זיין לאַנד־גוט איידער זיך צו בעטייליגען אין די אַלע פּאַלקסטימליכע בעלוסטי־גונגען און דארף ניט האָבען קיין קארנאוואל־פערגניגונגען כדי זיך צו אמוזירען.

איינס פון די צוויי, — אָדער דער פּראָפּאָרציאָנעלער שטייער גאַראַנטירט דעם גרעסערן שטייער־צאַהלער גרעסערע פּריווילעגיעס, אָדער ער איז אינגאַנצען אַן אונגערעכטיגקייט. וואָרים, אויב דאָס אייגענטום איז אַ נאַטירליכעס רעכט, ווי עס איז בפירוש געזאָגט אין דער דעקלאַראַציע פון 93׳, דאַן איז אַלצדינג וואָס איך בעזיץ מיינס מיט דעם כח פון דעם רעכט, — מיין בלוט, מיין לעבען, איך אַליין, — ווער עס בעריהרט מיין אייגענטום בעריהרט דאָס שוואַרצאַפּעל פון מיין אויג. מיינע הונדערט־טויזענד פראנק יעהר־ליכע איינגאַהמען זיינען פונקט אַזוי הייליג און אונבעריהרבאַר, ווי די 75 סענט וואָס די נעהטאָרין פערדיענט אַ טאָג ; מיינע פּאַלאַצען — פונקט אַזוי ווי איהר קאַמער׳ל אויפ׳ן בוידעם. מען פערטיילט דאָך ניט די שטייערן לויט קראַפט, וואוקס און

טאַלאַנט; דערפאַר טאָר אויך די פּראָפּאָרציע פון אייגענטום ניט זיין קיין מאַסשטאַב דערפון.

אויב דער שטאַאַט נעהמט ביי מיר מעהר, מוז ער מיר אויך מעהר געבען, אָדער ער מוז אויפהערען צו רעדען פון רעכטס-גלייכהייט. די געזעלשאַפט איז אָרגאַניזירט כדי צו פערטיידיגען דאָס אייגענטום, צום סוף קומט אויס, אז זי צושטערט איהם. אין דעם מאָמענט וואָס דער שטאַאַט פיהרט-איין די פּראָפּאָרציאָנעלע שטייער-סיסטעם ווערט ער ווי אַ מין שעף פון אַ גזלנים-באַנדע, וואָס ווייזט אַ ביישפּיעל פון רעגעלמעסיגע רויבערייען. מען מוז איהם שלעפּען פאַר׳ן געריכט פריהער איידער די אַלע העסליכע באַנדיטען פון דעם כת־רשעים, וואָס ער אַליין הייסט הרג׳נען, אויס פּראָפּעסיאָנעלער אייפערזוכט.

אָבער, טענה׳ט מען, די געריכטען און די סאָלדאַטען זיינען נויטיג טאָקע דערפאַר, כדי צו האַלטען אין צוים די קאַנאַליע; די רעגיערונג איז ניט קיין פערזיכערונגס-געזעלשאַפט, ווייל זי פערזיכערט גאָרנישט, אָבער זי איז אַ געזעלשאַפט פאַר נקמה און בעשטראָפונג. דער פּרייז וואָס זי לאָזט זיך דערפאַר בעצאָהלען — די שטייערן — איז פּראָפּאָרציאָנעל צו דעם אייגענטום, ד. ה. פּראָפּאָרציאָנעל צו דער טרחה וואָס די רעגירונג האָט מיט איהם ביי דער בעשטראָפונג און נקמה-נעהמען.

מיר האַלטען שוין, הייסט עס, זעהר ווייט פון דעם אַבסאָלוטען און אונבעריהרבאַרען אייגענטומס-רעכט. עס קומט אויס, אז אָרימע און רייכע געפינען זיך שטענדיג אין אַ געגנערשאַפט און מלחמה איינע מיט די אַנדערע. אָבער פאַרוואָס געפינען זיי זיך אין אַזאַ צושטאַנד? איבער דעם אייגענטום. דאָס מיינט, אז דאָס אייגענטום איז תמיד בהכרח פערבונדען מיט דעם קאַמף געגען זיך אַליין. די פרייהייט און די זיכערקייט פון׳ם רייכען ליידען ניט פון דער פרייהייט און זיכערקייט פון דעם אָרימען; אייגענטליך וואָלטען זיי בעדאַרפט שטיצען און פערשטאַרקען איינס דאָס אַנדערע; און פונדעסטוועגען מוז דאָס אייגענטומס-רעכט פון דעם רייכען תמיד זיך שיצען פון דעם אייגענטום-אינסטינקט פון דעם אָרימען. איז דאָס ניט אַ ווידערשפּרוך?

אין ענגלאַנד עקזיסטירט אַן אָרעמען-שטייער, און מען פערלאַנגט פון מיר, אז איך זאָל זי בעצאָהלען. אָבער וואָס פאַר אַ

שייכות האָט מיין נאַטירליכעס און ניט אויסמעקבאַרעס רעכט אויף אייגענטום מיט דעם הונגער, וואָס פלאָגט צעהן מיליאָן עלענדע מענשען? די רעליגיאָן הייסט העלפען אונזערע ברידער; אָבער דאָס איז אַ פּרינציפּ פון צדקה און ניט קיין דין. די התחיבות פון צדקה, וואָס די קריסטליכע מאָראַל לעגט אויף מיר ארויף, קאָן ניט ווערן דער יסוד פון אַ פּאָליטישען רעכט, צו מיין שאַדען און צום נוצען פון אַן אַנדערן, און נאָך ווייניגער — פון אַן אינסטי־טוציע פון נדבות. איך קאָן געבען נדבות אויב איך וויל, אויב איך האָב דאָס מיטגעפיהל מיט פרעמדע שמערצען, פון וועלכען די פילאָזאָפען רעדען אַזוי פיעל, און אין וועלכען איך גלויב ניט; אָבער איך וויל ניט, אַז מען זאָל מיך דערצו צווינגען. קיינער איז ניט מחויב צו זיין אַ צדיק לפנים משורת הדין, ווייטער פון דעם גרונד־זאַץ: ג ע נ י ס ד י י ן ר ע כ ט א י ן א ז א מ אָ ס, אַ ז ע ס ז אָ ל נ י ט ש אַ ד ע ן ד ע ם אַ נ־ ד ע ר ן, וואָס איז אייגענטליך די גרונד־פאָרם פון פרייהייט. מיין בעזיץ געהערט צו מיר און איך האָב איהם קיינעם ניט צו פערדאַנקען; דעריבער בין איך אַ געגנער דערפון, אַז די דריטע טעאָלאָגישע טוגענד (צדקה) זאָל שטעהן אויף דער טאָגעס־אָרדנונג.

אין פראַנקרייך פערלאַנגען אַלע די קאָנוועטירונג פון די פינף־פּראָצענטיגע אינערע אַנלייהען; מען פערלאַנגט, הייסט עס, אַז מען זאָל מקריב זיין אַ גאַנצע אייגענטומס־אָרדנונג. געוויס, מען האָט אַ רעכט דאָס צו טהאָן, אויב עס איז דאָ אַן עפּעטליכע נויטווענדיגקייט דערפאַר; אָבער וואו איז דאָ די גערעכטע בע־צאָהלונג, וואָס די כאַרטע האָט צוגעזאָגט? ניט נאָר זי איז ניט פאַראַן, נאָר זי איז גאָר ניט מעגליך; ווייל ווען די רעגיערונג זאָל וועלען בעצאָהלען גענוי דעמזעלבען פּרייז, וואָס דאָס פער־לאַנגטע אייגענטום איז ווערטה — וואָס־זשע דאַרף זי האָבען די גאַנצע אָפּעראַציע?

דער שטאָאַט געפינט זיך היינט, בנוגע צו די רענטיע׳ס (באָנד האָלטערס), אין דערזעלבער לאַגע ווי אַמאָל די שטאָדט קאַלע בנוגע צו איהרע טובי־העיר, בשעת זי איז געווען בעלאַגערט פון עדוואַרד דעם 3טען. דער ענגלישער זיעגער איז געווען מרוצה צו שאַנעווען די איינוואוינער, בתנאי אַז מען זאָל איהם ארויסגעבען די אָנגעזעהנסטע בירגער, מיט וועלכע ער זאָל מעגען טהאָן וואָס

ער וועט וועלען. עסטאַש און עטליכע אַנדערע האָבען זיך מקריב געווען; עס איז געווען זעהר שעהן פון זייער זייט, און אונזערע מיניסטאָרען וואָלטען געדאַרפט רעקאָמענדירען דעם ביישפּיעל אונזערע רענטיע'ס. האָט אָבער די שטאָדט געהאַט דאָס רעכט אַרויסצוגעבען די עטליכע אַנגעזעהענע בירגער? לחלוטין ניין. דאָס רעכט פון פּערזענליכער זיכערקייט איז אַבסאָלוט און דער שטאַאַט טאָר עס ניט צוריק פערלאַנגען פון ווען עס ניט איז. אַפילו דער סאָלדאַט וואָס שטעהט אויף דער וואַך אין דער נאָהענט פון'ם שונא איז ניט קיין אויסנאַהם פון דעם פּרינציפּ. דאָרט, וואו אַ בירגער שטעלט זיך מחוץ הכלל, איז דאָס גאַנצע פאָטער־לאַנד אין געפאַהר; היינט דער מאָרגען אַן אַנדערער. דאָרט וואו די סכנה און איבערגעבענקייט זיינען געמיינזאַם פאַר'ן גאַנצען כלל, איז דאָס אַנטלויפען אַ פאָטער־מאָרד. קיינער האָט ניט דאָס רעכט זיך אַליין אַרויסנעהמען פון דער אַלגעמיינער סכנה; און קיינער טאָר אויך ניט זיין דער שעיר לעזאזל. דער כלל פון קייפאַס: „עס איז בעסער אַז איינער זאָל שטאַרבען פאַר'ן גאַנצען פאָלק“ — איז דער פּרינציפּ פון דעם המון אָדער פון טיראַ־נען; פון דיביידע עקסטרעמען פון סאָציאַלער פערדאָרבענקייט.

מען זאָגט, אַז יעדע אייביגע רענטע איז פּרינציפּעל צוריק־קויפבאַר. אָט דער גרונדזאַץ פון בירגערליכען רעכט קאָן ווערן אָנגעווענדט אויף דעם שטאַאַט'ס־לעבען נאָר פון אַזעלכע מענשען, וואָס ווילען צוריקקומען צו דער נאַטירליכער גלייכהייט פון בעזיץ און אַרבייט; אָבער פון שטאַנדפּונקט פון דעם אייגענטימער און פון די וואָס ווילען קאָנווערטירען די רענטען, איז דאָס פּשוט די שפּראַך פון אַן אַנזעצער. דער שטאַאַט איז ניט נאָר אַ באָרגער, ער איז אויך אַ שומר, אַ בעשיצער פון אייגענטום; אַלס אַזעלכער גיט ער די מעגליכסט העכסטע זיכערקייטען. מען גלויבט, אַז ער גיט די סאָלידסטע גאַראַנטיע פאַר אונגעשטערטען גענוס פון ניטער; טאָ ווי אַזוי־זשע קאָן ער צווינגען זיינע בעלי־הלואה, וואָס האָבען אימער צו איהם צוטרויען, און דערצו רעדען צו זיי פון עפענטליכער אָרדנונג און גאַראַנטיע פון אייגענטום? דער שטאַאַט איז אונטער אַזעלכע אופנים ניט קיין בעל־חוב וואָס בעפרייט זיך פון זיינע שולדען, נאָר דער דירעקטאָר פון אַן אַקציען־געזעלשאַפט, וועלכער פערנאַרט זיינע אַקציאָנערען אין אַ זאַק און צווינגט זיי,

קעגען זיין אייגענעם פערשפּרעכען, אָנצואָווערען צוואַנציג, דריי־סיג אָדער פערציג פּראָצענט פון זייער קאַפּיטאַל.

דאָס איז אָבער נאָך ניט אַלעס. דער שטאַאט איז אויך אַ געמיינשאַפט פון בירגער, פערבונדען דורך אַ סאָציאַלען קאָנטראַקט אונטער אַ געמיינזאַמען געזעץ. ער גאַראַנטירט דורך דעם קאָנטראַקט איטליכען בעזונדער זיין אייגענטום; איינעם זיין פעלד, דער אַנדערן זיין ווייינגאָרטען, דעם דריטען זיינע פערמעגן, און דעם קאַפּיטאַליסט, וועלכער וואָלט אויך געקאָנט אָבקויפען ביים שטאַאט די קרקעות, אָבער האָט פּאָרגעצויגען צו קומען צו הילף דער שטאַאטס־קאַסע, — זיינע רענטען. דער שטאַאט קאָן ניט פערלאַנגען, אַז מען זאָל צוליעב איהם מקריב זיין, אָהן אַ גערעכטער בעלוינונג, אַפּילו איין אַקער פעלד, איין ווינקעלע וויינ־גאָרטען; נאָך ווייניגער האָט ער דאָס רעכט אַרונטערצוזעצען דעם פּרייז פון אַרענדע. ווי אַזוי־זשע נעהמט ער זיך דאָס רעכט אַראָב־צוזעצען דעם פּראָצענט פון דער רענטע? דער בעזיצער פון שטאַאטס־פּאַפּירען קאָן ניט פערטהאָן זיין קאַפּיטאַל ערגעץ אַנדערש מיט די זעלבע גינסטיגע בעדינגונגען; ער קען דאָך ניט אַרויס־געהן פון׳ם שטאַאט, און די סיבה פון קאָנווערטירונג, ד. ה. די מעגליכקייט צו באָרגען געלד אויף אַ ביליגערן פּראָצענט, ליגט דאָך אין דעם שטאַאט. דערפאַר טאָר אַ רעגירונג, וואָס איז געגריינדעט אויף די פּרינציפּען פון אייגענטום, ניט צוריק־קויפען די רענטען־פּאַפּירען געגען דעם ווילען פון זייער בעזיצער. די קאַפּיטאַלען וואָס מען האָט איינגעלייגט ביי דער רעפּובליק, טאָר מען ניט אָנריהרען, כל זמן מען ריהרט ניט אָן קיין אַנדערע גיטער; צווינגען די בעזיצער פון די רענטען־פּאַפּירען, אַז זיי זאָלען די פּאַפּירען צוריק־געבען דעם שטאַאט, הייסט צורייסען דעם סאָציאַ־לען קאָנטראַקט און אָוועקשטעלען דעם רענטיער אויסערהאַלב פון געזעץ.

אַלע די דאָזיגע מחלוקות איבער דער רענטען־פראַגע קאָנען צוגעפיהרט ווערען צו דער פאָלגענדער שאלה־ותשובה:

ש א ל ה: איז דאָס יושר׳דיג צו מאַכען פאַר אָרימע־לייט פינף־און־פערציג טויזענד פאַמיליען, וואָס האָבען הונדערט־פראַנקיגע רענטען־פּאַפּירען?

ת ש ו ב ה: איז דאָס אַ יושר, אַז זיבען אָדער אַכט מיליאָן

שטייער־צאָהלער זאָלען מוזען צאָהלען פינף פראַנק שטייער, בשעת זיי וואָלטען געקאָנט צאָהלען נאָר דריי?

עס איז קלאָר, אז די דאָזיגע תשובה ענטפערט ניט אויף דער פראַגע. און כדי נאָך מעהר ארויסצואווייזען איהר פעהלערהאַפטיגקייט, קאָן מען זי אזוי אוועקשטעלען: איז דאָס א יושר אויסצורעכענען דער געמאהר הונדערט־טויזענד מענשען בשעת מען וואָלט זיי געקאָנט ראַטעווען דורך דעם, וואָס מען וועט ארויסגעבען דעם שונא נור הונדערט קעפּ? לעזער, ענטשיידעט אליין.

די פערטיידיגער פון דעם „סטאַטוס קוואָ" פערשטעהען דאָס אליין גאַנץ גוט. און פונדעסטוועגען וועט מען פריהער אָדער שפּעטער קאָלעקטירען די רענטען, פערגוואַלדיגען דאָס אייגענטום, ווייל אנדערש קאָן עס ניט זיין; ווייל דאָס אייגענטום, וואָס ווערט בעטראַכט אלס רעכט און איז גאָר ניט קיין רעכט, מוז געהן צו־גרונד דורך דעם רעכט; ווייל דער כח פון דער אָביעקטיווער וועלט, די געזעצען פון'ם געוויסען, די פיזיש־מאַטעמאַטישע נויטווענדיגקייט מוזען סוף־כל־סוף צושטערען די דאָזיגע אילוזיע פון אונזער אורטיילס־קראַפט.

איך ציה אונטער דעם סך הכל: פרייהייט איז אַן אבסאָלוטעס רעכט, ווייל זי איז פאַר דעם מענשען דאָס אייגענע ווי די אונדורכדרינגליכקייט פאַר דער מאַטעריע, א Conditio sine qua non (א נויטווענדיגע בעדינגונג) פון דער עקזיסטענץ; גלייכהייט איז אַן אבסאָלוטעס רעכט, ווייל אָהן איהר איז ניט מעגליך קיין געזעלשאַפט; זיכערקייט איז אַן אבסאָלוטעס רעכט, ווייל פאַר יעדען מענשען האָט זיין פרייהייט און זיין לעבען פונקט דעמזעלבען ווערטה, ווי די פרייהייט פון אַן אנדערן. די דריי רעכטען זיינען אבסאָלוטע, מען קאָן זיי ניט פערגרעסערן און ניט פערקלענערן, ווייל יעדער וואָס ווערט א שותף צו דער געזעלשאַפט גיט פונקט אזוי פיעל, וויפיעל ער נעהמט, — פרייהייט פאַר פרייהייט, גלייכהייט פאַר גלייכהייט, זיכערקייט פאַר זיכערקייט, גוף פאַר גוף, נשמה פאַר נשמה, אין דעם לעבען און אויך אין דעם טויט.

דאָס אייגענטום אָבער, לויט איהר עטימאָלאָגישער בעדייטונג און לויט די בעשטימונגען פון דער יוריספּרודענץ, איז א רעכט וואָס שטעהט אויסערהאַלב פון דער געזעלשאַפט; ווייל עס איז

קלאָר, אז ווען דער בעזיץ פון דעם איינצעלנעם וואָלט געווען אין דערזועלבער צייט א סאָציאַלער בעזיץ, וואָלטען די בעדינגונגען געווען גלייך פאר אלעמען, און עס וואָלט געווען א ווידערשפּרוך אין זיך אליין צו זאָגען: „דאָס אייגענטום איז דאָס רעכט פון דעם מענשען צו געוועלטיגען אבסאָלוט איבער א סאָציאַלען אייגענטום“. דעריבער זיינען מיר געווים שותפים אין פרייהייט, גלייכהייט און זיכערקייט, אָבער ניט אין אייגענטום; און דערפאַר, אויב אפילו דאָס אייגענטום איז א נאַטירליכעס רעכט, איז עס אָבער ניט קיין סאָציאַלעס, נאָר אַן אנטי־סאָציאַלעס רעכט. אייגענטום און געזעלשאַפט זיינען צוויי היפכים, וואָס שליסען אויס איינס דאָס אנדערע. עס איז פונקט אזוי אונמעגליך צו פעראייניגען צוויי אייגענטימער ווי עס איז אונמעגליך צו פערבינדען צוויי מאַגנעטען דורך זייערע גלייכע פּאָליוסען. איינס פון די צוויי, — אָדער די געזעלשאפט מוז אונטערגעהן, אָדער זי מוז טויטען דאָס אייגענטום.

אָבער אויב דאָס אייגענטום איז באמת א נאַטירליכעס, אבסאָלוטעס, אייביגעס רעכט, פאַרוואָס־זשע האָט מען זיך תמיד בעשעפטיגט מיט דער פראַגע פון זיין מקור? דער מקור פון א נאַטירליכען רעכט! גרויסער גאָט! ווער האָט דען אמאָל נאָכגעפרעגט וועגען דעם מקור פון גערעכטיגקייט, פרייהייט, זיכערקייט און גלייכהייט? זיי זיינען פשוט פאַרהאַן, ווייל מיר זיינען פאַרהאַן; מיט אונז ווערען זיי, לעבען און שטאַרבען צוזאמען מיט אונז. מיט דעם אייגענטום אָבער איז א גאַנץ אנדער זאַך. לויט דעם געזעץ עקזיסטירט דאָס אייגענטום אפילו אָהן אַן אייגענטימער, ווי א פעהיגקייט אָהן א נושא פון דער פעהיגקייט. זי עקזיסטירט פאַר דעם מענשליכען וועזען נאָך איידער ער איז בעשאַפען, און פאַר דעם אכציג־יאָהריגען זקן וואָס איז שוין אין קבר. וואונדערבאַרע אייגנשאַפטען, וואָס האָבען אין זיך א שטריך פון אייביגקייט און אונענדליכקייט, און פונדעסטוועגען האָט נאָך קיינער ניט געקאָנט זאָגען פון וואַנען דאָס אייגענטום שטאַמט; און די געלעהרטע קאָנען זיך נאָך אַלץ ניט אייניגען וועגען דעם. אין איין פונקט נאָר זיינען זיי אַלע מסכים, אז די זיכערקייט פון דעם אייגענטומס־רעכט הענגט אָב פון דעם בעווייז פון דער ריכטיגקייט פון זיין מקור. אָבער טאַקע דורך דער הסכמה פעראורטיי־

לען זיי זיך אליין; ווארים ווי אזוי האָבען זיי געקאָנט אָננעהמען דאָס רעכט, איידער זיי האָבען געלעזט די פראגע פונ'ם מקור?

געוויסע מענשען ווילען ניט אפילו אז מען זאָל אויפרודערן די פראגע פון דעם אייגענטומס־רעכט און אויספאָרשען איהר לעגענ־דארישע, און אפשר גאָר סקאַנדאַלעזע געשיכטע. זיי וואָלטען געוואָלט, אז מען זאָל זיך אָבשטעלען דערביי, אז אייגענטום איז „אַ פאַקט וואָס איז תמיד געוועזען און וועט אויך תמיד פערבלייבען". אָזוי הויבט אָן דער געלעהרטער פּ ר ו ד ה אָ ן*) זיין „טראַקטאַט איבער די רעכטען פון בעזיץ־בענוצונג", וואו ער שטעלט אָוועק די פראגע וועגען אורשפּרונג פון אייגענטום צווישען די סכאָלאַס־טישע אוננוצליכע קשיות. איך וואָלט זיך אפשר אליין אויך אונטערגעשריבען אונטער דער טעאָריע, וועלכע שטאַמט, ווי איך גלויב, פון אַ וואויל־מיינענדער ליעבע צו שלום, ווען איך וואָלט געזעהן אז אלע מיינע מיטבירגער זיינען פערזאָרגט מיט גענוג אייגענטום; אָבער... ניין! איך וואָלט זיך דעמאָלט אויך ניט אונטערגעשריבען.

מען וויל בעגרינדען דאָס רעכט פון אייגענטום אויף צוויי יסודות: אָ ק ו פּ אַ צ י אָ ן און אַ ר ב י י ט. איך וועל די צוויי יסודות אונטערזוכען איינעם נאָכ'ן אַנדערן אין אלע זייערע ערשיי־נונגען, אין אלע זייערע דעטאַלען; און איך וועל דערמאָנען דעם לעזער, אז איך וועל שטענדיג ארויסברייגגען דעם בעוויז, אז דאָס אייגענטום, כדי צו זיין גערעכט און מעגליך, מוז האָבען אלס נויט־ווענדיגע פאָרבעדינגונג די ג ל י י כ ה י י ט.

## § 2. די אָקופּאַציאָן אלס יסוד פון אייגענטום.

עס איז אַ מערקווירדיגע זאַך, אז אויף די בעראַטונגען וואָס זיינען געהאַלטען געוואָרען אין דעם שטאַאַטסראַטה, בשעת מען האָט דיסקוטירט דעם קאָדעקס, איז ניט געוועזען קיין שום חילוקי־דעות איבער דעם אורשפּרונג און דעם פּרינציפּ פון אייגענטום.

*) דער דאָזיגער פּרודהאָן איז דזש. ב. אַ. פּרודהאָן, אַ בעריהמטער פראנצויזישער יוריסט, אַ ווייטער קרוב פון דעם פערפאַסער. — איב.

אַלע פּאַראַגראַפען אין דער אַבטיילונג 2, בוך 2, וועלכע בעשעפ־טיגען זיך מיט אייגענטום־און־ירושה־רעכט, זיינען דורכגעגאַנגען אָהן ווידערשטאַנד און אָהן הערות. באַנאַפּאַרט, וועלכער האָט אין אַנדערע פראַגען אַנגעמאַכט אַזוי פיעל אַרבייט די געזעצגעבער, האָט גאָרנישט געהאַט וואָס צו זאָגען איבער דעם אייגענטום. עס איז אויך קיין וואונדער ניט; פאַר איהם, דעם פּערזענליכסטען און ווילענשטאַרקסטען פון אַלע מענשען וואָס האָבען וועןעס־איז גע־לעבט, האָט דאָס אייגענטום געמוזט זיין דאָס ערשטע פון אַלע רעכטען, פּונקט אַזוי ווי אונטערטעניגקייט צו אויטאָריטעט איז געווען פאַר איהם די הייליגסטע פון אַלע פליכטען.

דאָס רעכט פון אָקופּאַציאָן, אָדער פון דעם ערשטען בעזיצ־נעהמען, שטאַמט פון דעם פּאַקטישען, פיזישען, ווירקליכען בעזיץ פון א זאַך. איך אָקופּיר א שטיק ערד און מען האַלט מיך פאַר דעם אייגענטימער, כל זמן מען האָט ניט בעוויזען דאָס געגענטייל. מען פיהלט, אַז אורשפּרינגליך האָט אַזא רעכט ניט געקאָנט זיין געזעצליך, כל זמן עס איז ניט געווען געגענזייטיג; אין דעם זיינען מסכים אַלע יוריסטען.

ציצעראָ פערגלייכט די ערד צו אַן אונגעהייער־גרויסען טעאַ־טער. ער זאָגט: „וואָס עס זאָל ניט זיין די שייכות פון טעאַטער צום עולם, דאָך קאָן מען זאָגען מיט רעכט, אַז עס איז דאָס פּלאַץ, וואָס יעדער איינער בעזיצט.“

אָט דער מאמר איז דאָס איינציגע וואָס די אַלטע פילאָזאָפיע האָט אונז איבערגעלאָזט בנוגע צו דעם מקור פון אייגענטום.

דאָס טעאַטער, זאָגט ציצעראָ, איז געמיינזאַם פאַר אַלעמען; און פונדעסטוועגען ווערט דער פּלאַץ, וואָס יעדער איינציגער פערנעהמט דאָרט, בעצייכענט אַלס ז י י ן פּלאַץ; דאָס הייסט הפּנים, אַז דאָס איז א פּלאַץ וואָס מען ב ע ז י צ ט און ניט וואָס מען פ ע ר נ ע ה מ ט בלויז. דורך דעם פערגלייך ווערט דאָס אייגענטום פערניכטעט; נאָך מעהר, ער ענטהאַלט אין זיך דעם פּרינציפּ פון גלייכהייט. קאָן איך אין א טעאַטער גלייכצייטיג פערנעהמען דריי פּלעצער, איינעם אין פּאַרקעט, דעם צווייטען אין א לאָזשע און דעם דריטען אויף דער גאַלערעע? ניין, סיידען איך האָב דריי גופים ווי געריאָן, אָדער די פעהיגקייט צו זיין אין איין

צייט אין דריי פערשיידענע פלעצער, ווי מען דערצעהלט עס פון דעם מכשף אַפּאָלאָניוס.

לויט ציצעראָ'ן האָט קיינער ניט מעהר רעכט ווי נאָר אויף דעם, וואָס ער בענוציגט; דאָס איז די געטרייע אויסטייטשונג פון זיין בעריהמטען אַקסיאָם—"Suum quidque cujusque sit", „יעדער זאָל האָבען דאָס, וואָס איהם קומט", — אַן אַקסיאָם, וואָס מען האָט אַזוי משונה'דיג אַנגעווענדעט. „וואָס איטליכען קומט" מיינט ניט, דאָס וואָס איטליכער קאָן בעזיצען, נאָר דאָס, אויף וואָס יעדער האָט האָט רעכט. אָבער וואָס האָבען מיר דען דאָס רעכט צו בעזיצען? אַלעס וואָס מיר בענוציגען צו דער ארבייט און צום געברויך. דער פערגלייך וואָס ציצעראָ מאַכט צווישען דער ערד און דעם טעאַטער איז דער בעסטער בעוויז דערפאַר. איטליכער מעג זיך אויף זיין פּלאַץ טהאָן וואָס ער וויל, פערשעהנערן, פערבעסערן איהם, דאָס איז איהם ערלויבט; אָבער ער טאָר קיינמאָל ניט איבערגעהן דעם גרענעץ וואָס שיידט איהם אָב פון דעם אַנדערן. די לעהרע פון ציצעראָ'ן פיהרט צו דער טעאָריע פון גלייכהייט; ווייל אַזוי ווי יעדער אָקופּאַציאָן איז גע־גרינדעט נאָר אויף געגענזייטיגער דולדונג, איז יעדער בעזיץ גלייך.

הוגאָ גראָציוס וואַרפט זיך צו דער געשיכטע. אייגענט־ליך איז דאָס אַ מערקווירדיגע מעטאָדע צו זוכען דעם אורשפּרונג פון אַ זאָגענאַנטען נאַטירליכען רעכט ערגיץ אַנדערש, אומעטום, נאָר ניט אין דער נאַטור גופא. דאָס איז די מעטאָדע פונ'ם אַלטער־טום: אַ פאַקט עקזיסטירט, דערפאַר איז ער נויטווענדיג, דערפאַר איז ער גערעכט, און דערפאַר זיינען אַלע זיינע פּאַראַויסזעצונגען אויך גערעכט.

„אורשפּרינגליך זיינען אַלע זאַכען געווען געמיינשאַפטליך און אונטיילבאַר; זיי זיינען געווען דער בעזיץ פון אַלע מענשען." מיר וועלען וויטער ניט געהן. גראָציוס דערצעהלט אונז דאָ ווי אַזוי די דאָזיגע פּרימיטיווע געמיינשאַפט האָט זיך געענדערט איבער עהרגייץ און געלדגייץ; ווי אַזוי עס איז נאָך דעם גאָלדענעם צייטאַלטער געקומען אַן אייזערנער צייטאַלטער א. אז. וו. עס קומט אַלזאָ אויס, אַז דאָס אייגענטום האָט גענאָמען זיין שורש צוערשט אין מלחמה, אין עראָבערונג, און דערנאָך — אין פערטראַ־

גען און קאנטראקטען. אבער דאס איז א קנאפע תשובה. וואריום איינס פון די צוויי: אדער די פערטראגען און קאנטראקטען האבען צוטיילט אלצדינג אויף גלייכע חלקים, לויט דער אורשפרינגליכער געמיינשאפט (דער איינציגער רעגעל פון פערטיילונג וואס די ערשטע מענשען האבען געקענט, די איינציגע פארם פון גערעכטיגקייט, וועלכע זיי האבען געקאנט בעגרייפען, אבער דאן הויבט זיך אויף די פראגע: ווי אזוי איז די גלייכהייט פערשוואונדען?) — אדער פערקעהרט, די פערטראגען און די קאנטראקטען זיינען געווען ארויפגעצוואונגען דורך דער מאכט און אנגענומען דורך דער שוואכקייט, און דאן האבען זיי קיין שום ווערטה ניט, זיי ווערען ניט פערשטארקט דורך דער שטילער הסכמה פון די שפעטערע צייטען, און מיר לעבען אין א פערמאנענטען צושטאנד פון אונגערעכטיגקייט און בעטרוג.

מען וועט קיינמאל ניט קאנען פערשטעהן פארוואס די גלייכהייט פון לעבענס־בעדינגונגען, וועלכע איז געווען לכתחילה בעגרינדעט אין דער נאטור, איז געווארען מיט דער צייט א צושטאנד אויסערהאלב דער נאטור. וואס האט ארויסגעבראכט אזא פערשלעכטערונג? די אינסטינקטען פון די חיות ענדערן זיך אזוי ווייניג ווי די אונטערשיידונגען פון די מינים. ווער עס זעצט פאראויס, אז די מענשליכע געזעלשאפט איז געווען אורשפרינגליך בעגרינדעט אויף א נאטירליכער גלייכהייט, איז דערמיט אליין מודה, אז די איצטיגע אונגלייכהייט איז די אבלייקענונג פון דער נאטור פון דער געזעלשאפט, — און דאס קאנען די פערטיידיגער פון אייגענטום ניט ערקלערען. איך אבער ציה דערפון דעם שלוס, אז ווען די השגחה האט אוועקגעשטעלט די ערשטע מענשען אונטער די בעדינגונגען פון גלייכהייט, איז דאס געווען אן אנדייט וואס זי האט זיי געגעבען, א ביישפיעל וואס זי האט זיי געוויזען, כדי זיי זאלען עס אויספיהרען אויף אין אנדערע פארמען; פונקט אזוי ווי זיי האבען ענטוויקעלט און אויסגעדריקט אין אלע געשטאלטען דאס רעליגיעזע געפיהל, וואס זי האט איינגעפלאנצט אין זייער נשמה. דער מענש האט נאר איין נאטור, א בעשטענדיגע און ניט־פערענדערבארע. ער פאלגט איהר אויס אינסטינקטיוו, ער דערוויטערט זיך פון איהר דורך נאכדענקען, ער קעהרט זיך אום צו איהר דורך פערנונפט. און ווער וועט עס וואגען צו זאגען,

אז מיר האַלטען שוין ניט ביי דעם אומקעהרען זיך? גראַציוס זאָגט, אז דער מענש איז ארויסגעגאַנגען פון דער גלייכהייט; איך אָבער זאָג: דער מענש וועט ווידער אריינגעהן אין דער גלייכהייט. ווי אזוי ער איז ארויסגעגאַנגען, ווי אזוי ער וועט ווידער אריינגעהן — דאָס וועלען מיר אויספאָרשען שפּעטער.

ר י ד, באַנד 6, זייט 366, זאָגט:

„דאָס אייגענטומס־רעכט איז ניט קיין נאַטירליכעס, נאָר אַן ערוואָרבענעס. עס שטאַמט ניט פון דער אורשפּרינגליכער פערפאַסונג פונ'ם מענשען, נאָר פון זיינע אַקטען. די יוריסטען האָבען דערקלערט דעם אורשפּרונג פונ'ם רעכט אויף אַזאַ אופן, וואָס קאָן אַם בעסטען בעפרידיגען יעדען מענשען וואָס האָט אַ געזונדען פערשטאַנד. די ערד איז אַן אַלגעמיינעס גוט, וואָס דער חסד פון הימעל האָט געגעבען די מענשען כדי זיי זאָלען זיך בענוצען אין לעבען פון איהר. אָבער די פערטיילונג פון דער ערד און איהרע פּראָדוקטען — דאָס האָט אַ שייכות צו די מענשען אַליין. יעדער מענש האָט בעקומען פונ'ם הימעל גענוג קראַפט און אינטעליגענץ אויף צו קאָנען זיך נעהמען זיין טייל פון דער ערד, ניט שאָדענדיג דעם אַנדערן. די אַלטע מאָראַליסטען האָבען מיט פולען רעכט פערגליכען דאָס אַלגעמיינע רעכט פון יעדען מענשען אויף די פּראָדוקטען פון דער ערד, איידער אַן אַנדערער האָט זי פערנומען און זי געמאַכט פאַר זיין אייגענטום, מיט דעם רעכט וואָס דער מענש האָט אין אַ טעאַטער: יעדער וואָס קומט אַריין אין טעאַטער מעג פערכאַפּען אַ ליידיגען פּלאַץ און בעקומען דאָס רעכט צו זיצען אויף איהם ביז צום סוף פון דער פאָרשטעלונג; אָבער קיינער האָט ניט דאָס רעכט אַוועקצושטויסען די מענשען וואָס זיצען שוין אויף זייערע פּלעצער. די ערד איז אַן אונגעהייערער טעאַטער, וואָס דער אַלמעכטיגער האָט מיט זיין אונענדליכער חכמה און גוטסקייט געמאַכט צוליעב דעם פערגניגען און געברויך פון דער גאַנצער מענשהייט. יעדער מענש האָט אַ רעכט אויף אַ פּלאַץ אַלס צושויער און אויף אַ ראָלע אַלס שוישפּיעלער; אָבער ער טאָר די אַנדערע ניט בעאונרוהיגען.“

איצט די קאָנסעקווענצען פון ריד'ס טעאָריע.

1. כדי דער חלק וואָס יעדער מעג נעהמען פאַר זיך זאָל ניט קריוודען דעם אַנדערן, מוז די גאַנצע סומע פון גיטער ווערען גלייך פונאַנדערגעטיילט צווישען אַלע מיט־טיילנעהמער.

2. אזוי ווי די צאָהל פון די פּלעצער מוז תמיד זיין גלייך צו דער צאָהל פון די צושויער, טאָר קיינער ניט פערנעהמען קיין צוויי פּלעצער און ניט שפּיעלען קיין צוויי ראָלען.

3. דאָס צוקומען אָדער אַוועקגעהן פון אַ צושויער מאַכט

ענגער אָדער גרעסער פאַר אַלעמען אין אַ גלייכער מאָס, ווייל, ווי ריד זאָגט: „*דאָס אייגענטומס־רעכט איז ניט קיין נאַטירליכעס, נאָר אַן ערוואָרבענעס רעכט*, ד. ה. עס איז ניט אַבסאָלוט, און דאָס בעדייט טאַקע ווידער, אַז דער פאַקט פון בעזיץ־ערגרייפונג איז נאָר אַ צופעליגער און קאָן ניט געבען דעם רעכט די אונפערענדערליכקייט וואָס ער האָט אליין ניט. דער עדינבורגער פילאָזאָף האָט עם הפנים אליין פערשטאַנען, ווייל ער זאָגט:

> „דאָס רעכט אויף לעבען ענטהאַלט אין זיך דאָס רעכט אויף שאַפען די מיטעל צום לעבען; און די אייגענע נאָרמע פון גערעכטיגקייט וואָס פערלאַנגט, אַז דאָס לעבען פון אַן אונשולדיגען מוז ווערן רעספעקטירט, פערלאַנגט אויך, אַז מען זאָל ביי איהם ניט צונעהמען די מיטלען צו דערהאַלטען דאָס לעבען. די צוויי זאַכען זיינעןביידע גלייך הייליג. ניט צולאָזען אַ צווייטען צו אַרבייטען אָדער אַוועקנעהמען פון איהם די פרוכט פון זיין אַרבייט, איז פונקט אַזאַ אונגערעכטיגקייט, ווי איהם אָנטהאָן אין קייטען אָדער אַריינוואַרפען איהם אין געפענגניס. דער רעזולטאַט איז דער אייגענער, און אויך די פערביטערונג איז די אייגענע“.

דער ראש פון דער שאָטלענדישער שולע פערגעסט גאַר איינגאַנצען די אונגלייכקייטען פון טאַלאַנט און פלייס און שטעלט אַוועק אַלס פריאָרישע רעגעל די גלייכהייט פון די אַרבייטס־מיטעל, לאָזט אָבער נאָכדעם איבער יעדען אַרבייטער די זאָרג פאַר זיין אינדיווידועלען ערפאָלג, לויט דער אַלטער מימרא: „גאָט העלפט דעם גרעסערען בריה“.

וואָס דעם פילאָזאָף ריד האָט געפעהלט, איז ניט געווען דאָס פערשטעהן פון'ם פרינציפ, נאָר דער מוטה דורכצופיהרען קאָנסעקווענצען דערפון. איז דאָס רעכט אויף לעבען גלייך, איז אויך דאָס רעכט אויף אַרבייט גלייך, און אויך דאָס רעכט אויף אָקופּאַציאָן. וואָלט דען ניט געווען קיין פערברעכען ווען אינזעל־בעוואוינער וואָלטען, אונטער דעם אויסרעד פון אייגענטום, אַוועקגעשטויסען מיט שפּיזען די אונגליקליכע שיפבריכיגע וואָס וואָלטען געוואָלט זיך ראַטעווען ביי זייער ברעג? שוין דער געדאַנק אליין פון אַזאַ באַרבאַרישער האַנדלונג פילט אונז אַן מיט עמפּערונג. דער אייגענטימער, ווי ראָבינזאָן קרוזאָ אויף זיין אינזעל, טרייבט אַוועק מיט שפּיז און ביקס דעם פּראָלעטאַריער, וועלכער טרינקט זיך אין דעם ים פון דער ציוויליזאַציע און וויל זיך אָנהענגען אויף די פעלזען

פון אייגענטום. „גיט מיר ארבייט!“ — שרייט דער פּראָלעטאַ־ריער מיט אַלע כחות צו דעם אייגענטימער. „שטויסט מיך ניט אַוועק, איך וועל ארבייטען פאַר יעדען פּרייז וואָס איהר ווילט“. — „מען דאַרף ניט דיינע דיענסטען“ — ענטפּערט איהם דער אייגענ־טימער און ווייזט איהם אַ שפּיץ פון זיין שווערד אָדער ביקס. „לאָזט כאָטש עפּעס אַראָב פון מיין דירה־געלד“. — „איך דאַרף האָבען מיינע הכנסות אויף צו לעבען“. — „ווי אַזוי־זשע וועל איך אייך קאָנען צאָהלען, אז איך אַרבייט ניט?“ — „דאָס איז דיין עסק“. און דער אָרימער פּראָלעטאַריער לאָזט זיך אַוועקטראָגען פון דער כוואַליע, אָדער ער פּרובט אריינדרינגען מיט גוואַלד אין דעם אייגענטום און פאַלט פון אַ קויל.

מיר האָבען נאָר־וואָס געהערט די מיינונג פון אַ ספּיריטואַ־ליסט; מיר וועלען זיך איצטער ווענדען צו אַ מאַטעריאַליסט און נאָכדעם צו אַן עקלעקטיקער. אַז מיר וועלען דורכגעהען דעם גאַנ־צען קרייז פון דער פילאָזאָפיע, וועלען מיר זיך ווענדען צו דער מיינונג פון דער יוריספּרודענץ.

לויט דעסטוט דע טראַסי, איז דאָס אייגענטום אַ נויטווענדיג־קייט פון אונזער נאַטור. מען מוז זיין אַ בלינדער צו לייקענען, אַז די נויטווענדיגקייט האָט זעהר אונאַנגענעהמע פאָלגען; אָבער דאָס איז נאָר אַן אונפערמיידליכער איבעל, וואָס ענדערט גאָרניט דעם פּרינציפּ. רעוואָלטירען געגען דעם אייגענטום דערפאַר וואָס עס ווערט מיסברויכט, האָט פונקט אַזאַ זין, ווי צו רעוואָלטירען געגען דעם לעבען, דערפאַר וואָס מען מוז שטאַרבען. די דאָזיגע ברוטאַלע און אונ'רחמנות'דיגע פּילאָזאָפיע זעצט לכל הפּחות פאָראויס אַן אָפענהערציגע און שטרענגע לאָגיק. לאָמיר זעהן צי זי האַלט עס אויס.

„מען האָט מיט גרויס פּאַראַד פערפיתרט אַ פּראָצעס געגען דעם אייגענ־טום, פונקט ווי עס וואָלט געווען געווענדט אין אונז, צי עס זאָל זיין אייגענטום אָדער ניט. ווען מען הערט זיך צו צו די פערשיידענע פילאָזאָ־פען און געזעצגעבער ווייזט זיך אויס, אַז די מענשען האָבען אין אַ בע־שטימטען מאָמענט אויסגעטראַכט די ווערטער מ י י נ ס און ד י י נ ס; אין אמת'ן אָבער האָט זיי קיינער ניט אויסגעטראַכט.“

פּילאָזאָף, דו ביזט צופיעל רעאַליסטיש! מ י י נ ס און ד י י נ ס — הייסט ניט בהכרח דאָס אידענטיפיצירען פון דעם מענשען מיט דער זאַך, ווי צום ביישפּיעל ווען איך זאָג: ד י י ן

פילאזאפיע און מ י י ן גלייכהייט. ווען איך זאג ד י י ן פילאזאפיע מיין איך, דו, וועלכער פילאזאפירט, און מ י י ן גלייכהייט מיין איך איך, וואס פרעדיג גלייכהייט. מ י י נ ס און ד י י נ ס בעדייטען אפט מעהר ווי א פערהעלטניס: ד י י ן לאנד, ד י י ן קהל, ד י י ן שניידער, ד י י ן מילך־הענדלערין; מ י י ן חדר אין האטעל, מ י י ן פלאץ אין טעאטער, מ י י ן באטאליאן אין דער נאציאנאלער גווארדיע. אין דער ערשטער בעדייטונג קאן מען אמאל זאגען מ י י ן ארבייט, מ י י ן טאלאנט און מ י י ן טוגענד; אבער קיינמאל ניט מ י י ן גרויסקייט אדער מ י י ן מאיעסטעט. אין דער צווייטער, און נאר אין דער צווייטער בעדייטונג, זאגט מען, מ י י ן פעלד, מ י י ן ווייגארטען, מ י י ן הויז, מ י י נ ע קאפיטאלען, אדער ווי א קאסיר אין א באנק זאגט, מ י י ן קאסע.

מיט איין ווארט, מ י י ן און ד י י ן זיינען בעצייכענונגען און אויסדרוקען פאר פערזענליכע אבער גלייכע רעכטען; ווען מיר ווענדען זיי אן אויף זאכען, וואס געפינען זיך אויסערהאלב פון אונז, בעדייטען זיי א בעזיץ, א געברויך, א פונקציאן, אבער קיינמאל ניט קיין אייגענטום.

מען וואלט דאס ניט געגלויבט, ווען איך וואלט דאס ניט בעוויזען מיט ציטאטען פון זיינע ווערק, אז די גאנצע טעאריע פון אונזער מחבר איז געגרינדעט אויף דער פשוט'ער גראבער מיספערשטענדניס.

„איידער די מענשען האבען זיך צונויפגערעדט, זיינען זיי געשטאנען איינער צום אנדערן, ווען ניט אפילו ווי האבבס זאגט, אין א פערהעלטניס פון ש נ א ה, אבער דאך — אין א פערהעלטניס פון פ ר ע מ ד־ק י י ט. אין אזא צושטאנד איז אייגענטליך ניטא קיין גערעכט און אונגערעכט; קיינעם געהען ניט אן די רעכטען פון דעם אנדערן. יעדער האט אזוי פיעל רעכטען וויפיעל בעדערפעניסען, און די אלגעמיינע פליכט איז צו בעפריעדיגען די בעדערפעניסען אהן שום זייטיגע ריקזיכטען“.

לאמיר אננעהמען דעם דאזיגען סיסטעם, ניט קוקענדיג צי ער איז אמת אדער פאלש. דעסטוט דע טראסי וועט זיך ניט אויסדרעהען פון דער גלייכהייט. לויט זיין היפאטעזע האבען די מענשען קיין שום התחייבות ניט איינער צום אנדערען כל זמן זיי געפינען זיך אין א פערהעלטניס פון פ ר ע מ ד ק י י ט איינער צום צווייטען; יעדער פון זיי האט דאס רעכט צו טהאן

אַלצדינג וואָס ער וויל און זיך ניט אינטערעסירען מיט דעם צווייטען, ד. ה. דאָס רעכט אויסצונוצען זייער מאַכט אויף דער נאַטור, יעדער לויט זיין יכולת און לויט זיינע פעהיגקייטען. די נויטווענדיגע קאָנסעקווענץ דערפון איז — די גרעסטע אונגלייכהייט אין דער פערטיילונג פון די גיטער. די אונגלייכהייט אין די לעבענסבעדינגונגען געהערט לויט דער טעאָריע צו דער נאַטור פון פרעמדקייט אָדער ווילדקייט: ס'איז פּונקט דער היפך פון דעם סיסטעם פון רוסאָ. נאָר לאָמיר געהן ווייטער:

„די איינשרענקונג פון די רעכטען אָדער פון דער פליכט תוּיבט זיך אָן ערשט דעמאָלט, ווען עס ווערט בעשאַפען אַ שטילער אָדער אויסדריקליכער אָבּרעד. ערשט דעמאָלט ווערט געבאָרען גערעכטיגקייט און אונגערעכטיגקייט, ד. ה. דאָס אָבּוועגען פון די רעכטען פון איינעם אָקעגען די רעכטען פונ'ם אַנדערן, וואָס זיינען געוועזען ביז צו דעם אויגענבליק גלייך".

לאָמיר זיך אריינטראַכטען אין די ווערטער: די רעכטען זיינען געוועזען גלייך; דאָס מיינט, אַז יעדער האָט געהאַט דאָס רעכט צו זאָרגען פאַר זיינע אייגענע אינטערעסען און זיך ניט קימערן פאַר די אינטערעסען פונ'ם אַנדערן. מיט אַנדערע ווערטער: יעדער האָט געהאַט דאָס רעכט צו שאַדען דעם צווייטען; און עס איז איבערהויפּט ניט געווען קיין אַנדער רעכט, ווי נאָר דאָס רעכט פון דעם שטאַרקען אָדער דעם רמאַי. איבעריגענס קאָן מען זיך געגענזייטיג שעדיגען ניט נאָר דורך מלחמה אָדער גזלה, נאָר אויך דורך דעם פריהער־פערכאַפּען און פערנעהמען. מען האָט בכן אָנגעהויבען צו שאַפען די שטילע אָדער אויסדריקליכע אָבּמאַכונגען און איינגעפיהרט אַ באַלאַנס כדי צו בעקעמפען און אָבצושאַפען דאָס גלייכע רעכט צו טהאָן שאָדען איינער דעם אַנדערן. דאָס איז דער איינציגער מקור פון דער אונגלייכהייט אין גוטס און שלעכטס. דער ציעל פון די אָבּמאַכונגען איז געווען, הייסט עס, צו זיכערן יעדען די גלייכהייט פון וואוילשטאַנד. פאָלגליך איז, נאָך דעם געזעץ פון געגענזאַץ, דער נויטווענדיגער רעזולטאַט פון דער געזעלשאַפט — די גלייכהייט, פּונקט ווי דער פּרינציפּ פון פרעמדקייט איז אונגלייכהייט. דער סאָציאַלער גלייכגעוויכט איז די אויסגלייכונג צווישען דעם שטאַרקען און דעם שוואַכען; ווייל כל זמן

זיי זיינען ניט גלייך ווערן זיי פרעמד איינער צום אנדערן, בילדען ניט קיין בונד, זיינען שונאים. געזעלשאפט און אונגלייכהייט זיינען היפּכים, ווייל דער מענש איז בעשאפען געוואָרען צו לעבען אין געזעלשאפט, הייסט עס, ער איז בעשאפען געוואָרען צו גלייבהייט. די לאָגיק פון דעם שלום קאָן מען ניט צוברעכען.

אויב דאָס איז אזוי, ווי קומט עס, וואָס די אונגלייכהייט ווערט וואָס מעהר אלץ גרעסער? און פארוואָס איז די הערשאפט פון גערעכטיגקייט נאָך אלץ די הערשאפט פון פרעמדקייט? דערויף ענטפערט דעסטוט דע טראַסי:

„בעדערפעניסען און מיטלען, רעכטען און פליכטען, שטאַמען פון דעם ווילענס־כח. ווען דער מענש וואָלט גאָרניט געוואָלט, וואָלט ער דאָס אַלעס ניט געהאַט. אָבער האָבען בעדערפעניסען און מיטלען, רעכטען און פליכטען הייסט עפּעס האָבען, עפּעס בעזיצען. דאָס איז אייגענטליך שוין פאַר זיך אליין אן אויגענטום, ווען מען נעהמט דאָס וואָרט אין זיין ווייטסטען זין: דאָס זוינען זאַכען וואָס געהערען צו אונז.“

דאָס איז אן אונווירדיגער סאָפיזם, אויף וועלכען אפילו דאָס בעדערפנים צו גענעראַליזירען קאָן ניט געבען קיין בערעכטיגונג. צו זאָגען צו אן אונגליקליכען, אז ער פערמאָגט אייגענטום, ווייל ער פערמאָגט הענד און פיס; אז דער הונגער וואָס פּלאָגט איהם און די נויט וואָס ברענגט איהם צו שלאָפען אָהן א דאך איבער'ן קאָפּ איז אן אייגענטום, — הייסט שפּילען זיך מיט ווערטער און גרויזאם חוזק־מאַכען.

„דער יסוד פון דער אידעע פון אייגענטום קאָן זיין נאָר די אידעע פון פּערזענליכקייט. אין דעם אייגענעם מאָמענט וואָס עס ווערט געבאָרען די אידעע פון אייגענטום קומט זי נויטוועגדיג און אונפערמיידליך אין איהר פול־ענטוויקעלטער פאָרם. ווי באַלד דער אינדיווידואום דערקענט זיין איך, — זיין מאָראַלישע פּערזענליכקייט, זיין פעהיגקייט צו געניסען, צו לײדען, טהעטיג צו זיין, — מוז ער תיכף אויך איינזעהן, אַז דאָס דאָזיגע איך איז דער אויסשליסליכער און דער איינציגער בעזיצער פון דעם קערפּער, וועלכען ער גיט די נשמה, פון די אָרגאַנען, זייערע כחות, פעהיגקייטען א. אַז. וו. עס איז מן ההכרח אַז עס זאָל זיין אַ נאַטירליכעס און נויטוועגדיגעס אייגענטום, ווייל עס זיינען פאַראַן אַזויפיעל קינסטליכע און קאָנווענציאָנעלע פאָרמען פון אייגענטום, און קיין שום זאַך קאָן ניט זיין אין דער קונסט, וואָס האָט ניט איהר פּרינציפּ אין דער נאַטור“.

עס וואָלט אייגענטליך ניט כדאי געווען זיך אָבצושטעלען אויף

אזעלכע קינדערייען, ווען עס זאָל נאָר זיין די פראגע פון דעסטוט דע טראַסי און ניט פון קיין אַלגעמיינער פערפּלאָנטערונג פון אידעען ביי אַלע מענשען פון דעם מאָמענט אָן, ווען איינאַיינעם מיט די ערשטע אידעען און ווערטער איז געבאָרען געוואָרן די מעטאַפיזיק און די דיאַלעקטיק. אַלצדינג וואָס דער מענש האָט געקאָנט אָנרופען מ י י נ ס האָט ער אין זיין גייסט אידענטיפי־צירט מיט זיין פּערזאָן. ער האָט עס בעטראַכט ווי זיין אייגענטום, ווי זיין גוטס, ווי א טייל פון זיך אליין, אַן אבר פון זיין גוף, א כח פון זיין נשמה. דער בעזיץ פון זאכען איז פערוועקסעלט געוואָ־רען מיט דעם בעזיץ פון פיזישע און גייסטיגע אייגענשאַפטען; און אויף דער דאָזיגער פאַלשער אנאַלאָגיע האָט מען געגרינדעט דאָס רעכט פון אייגענטום, די נאָכאַהמונג פון דער נאַטור אין דער קונסט, ווי דעסטוט דע טראַסי דריקט זיך אזוי עלעגאַנט אויס.

אָבער ווי אַזוי האָט דער דאָזיגער פיינער דענקער ניט בע־מערקט, אַז דער מענש איז אַפילו ניט דער אייגענטימער פון זיינע פעהיגקייטען? דער מענש האָט כחות, אייגענשאַפטען, פעהיג־קייטען; די נאַטור האָט עס איהם געגעבען, כדי ער זאָל קאָנען לעבען, פערשטעהן און ליעבען: ער איז אָבער ניט קיין פולער בעל־הבית איבער זיי, ער קאָן זיי נאָר געברויכען, און אַפילו אין דעם מוז ער זיך אויך אונטערוואַרפען די פאָרשריפטען פון דער נאַטור. ווען ער זאָל זיין דער אונבעשרענקטער הערשער איבער זיינע קרעפטען וואָלט ער פערשפּאָרט צו זיין הונגעריג און דורשטיג; ער וואָלט געקאָנט עסען אָהן א מאָס און שפּאַנען איבער פייער; ער וואָלט געקאָנט איבערקעהרען בערג, געהן הונדערט מייל אין א מינוט, זיך קורירען אָהן רפואות, נאָר מיט דער קראַפט פון זיין ווילען און ער וואָלט זיך געמאַכט אונשטערבליך. עס וואָלט געווען גענוג ער זאָל זאָגען: „איך וויל עפּעס בעשאַפען", — און עס וואָלטען ארויסגעקומען פון אונטער זיינע הענד פאָלקאָמנע ווערק, וואָס וואָלטען זיין גלייך צו זיין אידעאַל; ער וואָלט געזאָגט: „איך וויל וויסען" — און דאָס וויסען וואָלט צו איהם געקומען; ער וואָלט געזאָגט: „איך ליעב", — און ער וואָלט געהאַט גענוס. אָבער דער מענש איז ניט קיין בעל־הבית איבער זיך אליין, ווי אַזוי־זשע קאָן ער געוועלטיגען איבער זאַכען, וואָס געהערען ניט צו איהם? זאָל ער געברויכען דאָס וואָס די נאַטור גיט איהם,

ווייל דאָס איז זיין לעבענס־בעדינגונג; אָבער זאָל ער זיך ניט איינרעדען, אַז ער איז דער אייגענטימער פון דער נאַטור, און זאָל ער ניט פערגעסען, אַז דער נאָמען אייגענטימער איז נאָר אַ מעטאַ־פאָרישער.

דער סך־הכל פון דעם איז, אַז דעסטוט דע טראַסי האָט געמאַכט אַ פשוט'ן פעהלער; ער האָט פערביטען דעם בעגריף פון א י י ג ע נ ט ו ם מיט דעם בעגריף פון א י י ג ע נ ש אַ פ ט, און אויף דעם טעות בעגרינדעט ער זיין טעאָריע פון אייגענטומס־רעכט. אייגענשאַפטען זיינען איינגעבוירען, — ווי למשל: זכרון, פאַנטאַזיע, קראַפט, שעהנקייט. אייגענטום ווערט ערוואָרבען, — ווי וועלדער, פעלדער, טייכען. אין דעם צושטאַנד פון נאַטור אָדער פרעמדקייט, האָבען די שטאַרקסטע און געשיקטסטע מענשען, ד. ה. די וואָס זיינען געוועזען מעהר בעשאָנקען מיט איינגעבוירענע אייגענ־שאַפטען, געהאַט מעהר שאַנסען צו מאַכען די מייסטע זאַכען פאַר זייער אייגענטום; און כדי דאָס ניט צו דערלאָזען, צו פערמיידען מלחמה און רויב, האָט מען אויסגעטראַכט די גערעכטיגקייט, די וואָגשאָל; האָט מען געשאַפען שטילע אָדער אויסדריקליכע אָבמאַ־כונגען מיט דעם צוועק אויסצוגלייכען די אונגלייכהייט פון איינ־געבוירענע אייגענשאַפטען דורך אַ מעגליכסט גרעסערע גלייכהייט פון דעם ערוואָרבענעם אייגענטום. כל זמן די פערטיילונג איז ניט גלייך, בלייבען זיך די שותפים שונאים און מען מוז אויפ'ס ניי שאַפען אַנדערע אָבמאַכונגען. בכן שטעהען אויף איין זייט: פרעמדקייט, אונגלייכהייט, פיינדשאַפט, מלחמה, רויב, רציחה; און אויף דער אַנדערער זייט: געזעלשאַפט, גלייכהייט, ברידערליכ־קייט, שלום און ליעבע. קלייבט אויס וואָס אייך געפעלט בעסער.

ז ש אַ ז ע ף ד י ו ט אָ ן, אַ פיזיקער, אַן אינזשענער, אַ געאָמעטריקער, אָבער אַ שוואַכער יוריסט און גאָר קיין פילאָזאָף ניט, האָט זיך אויך אונטערגענומען אין זיין „פילאָזאָפיע פון דער פאָליטישער עקאָנאָמיע“ צו פערטיידיגען די עהרע פון דעם אייגענ־טום. זיין מעטאַפיזיק האָט ער הפנים ענטליהען ביי דעסטוט דע טראַסי. ער הויבט אָן מיט אַ דעפיניציע פון אייגענטום, וואָס וואָלט אַזוי שעהן געפאַסט פאַר מאָליער'ס קאָמישע פיגור „סגאַנערעלל“: „דאָס אייגענטום איז דאָס רעכט, דורך וועלכען אַ

זאָך געהערט אַ מענשען". מיט אַנדערע ווערטער: דאָס אייגענטום איז דאָס רעכט פון אייגענטום.

זשאָזעף דיוטאָן פּלפּול'ט זיך איבער ווילען, פרייהייט, פּערזענליכקייט; ער מאַכט אונטערשיידען צווישען ניט־מאַטעריעל־נאַטירליכען אייגענטום און מאַטעריעל־נאַטירליכען אייגענטום. ער חזר'ט איבער מיט אַנדערע ווערטער די טעאָריע פון דעסטוט דע טראַסי און קומט צו פאָלגענדען שלום: ערשטענס, אַז דאָס אייגענטום איז פאַר יעדען מענשען אַ נאַטירליכעס און ניט־אָבטרעטבאַרעס רעכט; און צווייטענס, די אונגלייכהייט פון אייגענטום איז אַ נויטווענדיגער רעזולטאַט פון דער נאַטור. פּשוט'ער געזאָגט הייסט עס, אַז אַלע מענשען האָבען אַ גלייכעס רעכט אויף אונגלייכעס אייגענטום.

ער טענה'ט אקעגען סיסמאָנדי'ן, וואָס ער האָט געשריבען, אַז גרונד־בעזיץ האָט ניט קיין אַנדער יסוד ווי געזעץ און אָבמאַכונג; און אַליין זאָגט ער, רעדענדיג איבער'ן רעספּעקט וואָס דאָס פאָלק האָט פאַר'ן אייגענטום, אַז דער געזונטער פערשטאַנד פונ'ם פאָלק דעקט אויף פאַר איהם די נאַטור פון'ם אורשפּרינגליכען קאָנטראַקט, וואָס די געזעלשאַפט האָט געמאַכט מיט די אייגענטימער".

ער פערבייט אייגענטום מיט בעזיץ, געמיינשאַפט מיט גלייכהייט, גערעכטיגקייט מיט נאַטירליכקייט, און נאַטירליכקייט מיט מעגליכקייט. איינמאָל זיינען זיי ביי איהם גלייכע בעגריפען, אַן אַנדערס מאָל — פערשיידענע בעגריפען. עס איז פיעל שווערער צו פערשטעהן זיינע אידעען ווי צו צושלאָגען זיי. זיין בוך, וועלכער טראָגט אַזאַ שעהנעם נאָמען, איז אי אונקלאָר, אי ער ענטהאַלט וואולגאַרע אידעען, און ס'איז ניט כדאי זיך מעהר אָבצושטעלען אויף איהם.

וויקטאָר קוזען אין זיין „מאָראַל פילאָזאָפיע", זייטע 15, לערנט אונז, אַז מאָראַל, געזעץ און רעכט זיינען ענטהאַלטען אין דער פאָרמולע: פריי ביזטו פון דער נאַטור — פריי זאָלסטו בלייבען. בראַוואָ, מייסטער! איך וויל בלייבען פריי, ווען איך וואָלט נאָר געקאָנט! און ער זעצט פאָרט:

„אונזער פרינציפּ איז אמת, גוט און סאָציאַל. מיר דאַרפֿען קיין מורא נים האָבען צו ציהען פון איהם אַלע שליסע.

„1. אויב די מענשליכע פּערזאָן איז הייליג, איז זי הייליג אין איהר גאַנצקייט און בפרט אין איהרע זעעלישע האַנדלונגען, געפֿיהלען, געדאַנקען און אין איהרע ווילענס־בעשליסע. פון דאַנען קומט דער רעספּעקט, וואָס מען איז שולדיג דער פילאָזאָפיע, דער רעליגיאָן, די קונסט, דער אינדוסטריע, דעם האנדעל און אַלע פּראָדוקטען פון פרייהייט. איך זאָג רעספּעקט, ניט דולדונג, ווייל אַ רעכט ווערט רעספּעקטירט ניט געדולדעט."

איך פערבויג זיך פאַר דער דאָזיגער פילאָזאָפיע.

„2. מיין פרייהייט, וועלכע איז הייליג, קאָן ניט ווירקען אין דער אויסען־וועלט אַנדערש ווי דורך דעם אינסטרומענט וואָס מיר רופען קערפּער; פאָלגליך, נעהמט דער קערפּער אַ חלק אין דער הייליגקייט פון דער פרייהייט, און איז אליין שוין אונבעריהרבאַר. פון דאַנען פאָלגט דער פּרינציפּ פון אינדיווידועלער פרייהייט.

„3. די פרייהייט קאָן אַנדערש ניט האָבען קיין ווירקונג, סיידען זי האָט אַ פּלאַץ פאַר איהר טהעטיגקייט, אַ חומר אויף וועלכען זי ווירקט; מיט אַנדערע ווערטער, אַ זאַך, אַן אייגענטום, — פאָלגליך האָט די זאַך אָדער דאָס אייגענטום אַ נאַטירליכען אַנטייל אין דער אונפערלעצליכקייט פון מיין פערזאָן. למשל, איך נעהם מיר אַ זאַך, וואָס ווערט אַ נויטווענדיגער אינסטרומענט פאַר דער אויסערער ענטוויקלונג פון מיין פרייהייט און איך זאָג: „דער געגענשטאַנד געהערט מיר, ווייל ער געהערט ניט קיין אַנדערן, און פון דעם מאָמענט אָן בעזיץ איך די זאַך געזעצליך." די געזעצליכקייט פון בעזיץ שטיצט זיך דערפאַר אויף צוויי בעדינגונגען: ערשטענס, בעזיץ איך, נאָר ווייל איך בין פריי; נעהמט ביי מיר צו די פרייע טהעטיגקייט, און איהר צושטערט דאָן דעם פּרינציפּ פון אַרבייט. עס איז דאָך נאָר די אַרבייט אַליין וואָס גיט מיר די מעגליכקייט צו אַסימילירען אַן אייגענטום אָדער אַ זאַך, און איך בעזיץ עס נאָר דעמאָלט ווען איך אַ ס י מ י ל י ר די זאַך. פרייע טהעטיגקייט איז דערפאַר דער פּרינציפּ פונ'ם רעכט פון אייגענטום. אָבער דאָס איז נאָך ניט גענוג, אַז דער בעזיץ זאָל דערפאַר ווערען געזעצליך. אַלע מענשען זיינען פריי, אַלע קאָנען אַסימילירען אַן אייגענטום דורך אַרבייט; אָבער הייסט עס דען, אַז יעדער מענש האָט דאָס רעכט אויף יעדעס אייגענטום? בשום אופן ניין. כדי מיין בעזיץ זאָל זיין געזעצליך, מוז איך ניט נאָר אַלס פרייער מענש אַרבייטען און שאַפען, נאָר איך מוז נאָך דערצו זיין דער ערשטער, וואָס האָט פערנומען דאָס אייגענטום. און דער רעזולטאַט איז, אַז ווען אַפילו אַרבייט און שאַפען זיינען דער פּרינציפּ פון אייגענטומס־רעכט, איז דאָך די ערשטע בעדינגונג, אָהן וועלכער מען קען זיך ניט בעגעהן — די אורשפּרינגליכע בעזיץ־ערגרייפונג (אָקופּאַציאָן).

„4. איך בעזיץ געזעצליך; דאָס הייסט, איך האָב דאָס רעכט צו טהאָן מיט מיין אייגענטום וואָס איך וויל. איך האָב אויך דאָס רעכט עס אַוועק־

צוגעבען און איבערגעבען בירושה, ווייל אין דעם מאָמענט ווען אַ פרייער אַקט האָט סאַנקציאָנירט מיין מתנה, בלייבט מיין בעשלוס אַזוי תּיליג נאָך מיין טויט, פונקט אַזוי ווי ביי מיין לעבען".

דער סך־הכל פון דעם איז, אַז לויט דער מיינונג פון וויקטאָר קוזען קאָן מען ווערן אַן אייגענטימער נאָר דורך בעזיץ־ערגרייפונג און ארבייט. אויסער דעם מוז מען נאָך קומען בעצייטענס; ווייל אויב די ערשטע בעלנים האָבען פערנומען אין גאַנצען, וואָס־זשע בלייבט פאַר די, וואָס קומען שפּעטער? וואָס ווערט פון די פרייהייטען פון יענע, וואָס האָבען אַן אינסטרומענט צו ווירקען, האָבען אָבער ניט קיין חומר אויף וועלכען צו ווירקען? זאָלען זיי זיך אויפפרעסען איינער דעם אַנדערן? אַ שרעקליכע קאָנסעקווענץ, צו וועלכער דער פאַרזיכטיגער פילאָזאָף האָט ניט געפונען פאַר נויטיג זיך צו דערטראַכטען, ווייל ווי געוועהנליך, זיינען גרויסע זשעניען ניט מקפּיד אויף קליינע זאכען.

לויט העררן קוזען איז אָקופּאַציאָן און ארבייט, יעדע פאַר זיך בעזונדער, ניט קיין לעגיטימע קוועלע פון אייגענטומס־רעכט; און ערשט דער פּראָדוקט פון דער פעראייניגונג פון זייביידען שאַפט דאָס אייגענטום. דאָס איז איינער פון די עקלעקטישע קונצען פון וויקטאָר קוזען. אָנשטאָט צו ארבייטען נאָך דער מעטאָדע פון אנאליז, פערגלייכען, בעזייטיגען און איינשרענקען (וואָס איז דער איינציגער מיטעל צו ענטדעקען דעם אמת, צווישען פערשיידענע פאָרמען פון געדאַנקען און פאַנטאַזיע), מאַכט ער פון אַלע סיסטעמען א געמישעכץ, ערקלערט יעדען סיסטעם פאַר ריכטיג און פאַלש, און זאָגט טייטענדיג מיט'ן פינגער: „דאָס איז דער אמת".

אָבער איך האָב אייך לכתחילה מזהיר געווען, אַז איך וועל ניט פּאָלעמיזירען, אַז איך וועל, פערקעהרט, זוכען ארויסצוברענגען פון אַלע היפּאָטעזען. וואָס מען האָט אויסגעטראַכט צוגונסטען פון דעם אייגענטום, דעם פּרינציפּ פון גלייכהייט, וואָס דער'הרג'עט איהם. אין דעם אליין בעשטעהט מיין ארגומענטאַציע: ווייזען, אַז דער יסוד פון אַלע חקירות איז די אונפערמיידליכע הנחה, — גלייכהייט; און איך האָף אויך צו בעווייזען, ווי דער פּרינציפּ פון אייגענטום פערגיפטעט אין זייערע גרונדלאַגען די וויסענשאַפטען פון עקאָנאָמיע, רעכט און רעגירונג און פיהרט זיי ארונטער פון דעם גלייכען וועג.

איז עס דען ניט אמת, אז פון קוזען'ס שטאַנדפּונקט מוז די פרייהייט פון דעם מענשען זיין הייליג, אָהן אונטערשייד פון וועלכען מענשען; און אז אויב זי מוז האָבען אן אייגענטום כדי זיך אויסצו־ווירקען, ד. ה. צו לעבען, איז אזא אָנאייגענונג פון שטאָף א גלייכע נויטווענדיגקייט פאר אלעמען; אז אויב איך וויל מען זאָל רעספּעקטירען מיין אייגענטום, מוז איך רעספּעקטירען יעגעמס? דער סך־הכל פון דעם אלעמען איז, אז אויב אפילו אין דער אונענדליכער אידעע האָט די פרייהייט איהרע גרענעצען נאָר אין זיך אליין, איז זי אָבער אין דער ענדליכער ווירקליכקייט בעשרענקט לויט דער מאַטעמאַטישער פּערהעלטנים צווישען דער צאָהל פון די פרייהייטען און דעם רוים וועלכען זיי פּערנעהמען. פאָלגט ניט פון דעם, אז אויב איין פרייהייט קאָן ניט פערהינדערן אן אנדער פרייהייט, וואָס איז מיט איהר אין איין צייט, פון צו נעהמען זיך פונקט אזא גלייכען טייל — טאָר זי על אחת כמה וכמה ניט אוועקנעהמען די דאָזיגע מעגליכקייט ביי די פרייהייטען פון דער צוקונפט, ווייל דאָס אינדיווידועלע פערגעהט אָבער דאָס אלגעמיינע בלייבט? קאָן דאָך א געזעץ פון א אייביגקייט ניט אָבהענגען פון א טייל פון איהם, וואָס מאַניפעסטירט זיך! און מוז מען דען ניט פון דעם אלעמען ציהען דעם שלוס, אז יעדעס מאָל ווען עס ווערט געבאָרן א מענש, בעשאָנקען מיט פרייהייט, מוזען אלע אנדערע זיך צונויפדריקען; און אז פערקעהרט, אויב דער ניי־אָנגעקומענער ווערט בעטיילט מיט א ירושה, טאָר פאר איהם דאָס רעכט פון ירש'נען ניט ווערען א רעכט פון אָנצוזאמלען ניטער, נאָר אויסקלייבען צווישען דעם וואָס איהם קומט און דעם וואָס מען האָט איהם איבערגעלאָזט?

איך האָב נאָכגעפאָלגט וויקטאָר קוזען אפילו אין זיין סטיל און איך שעם זיך דערמיט. דאַרף מען דען האָבען אזעלכע גרויס־אַרטיגע אויסדרוקען און אזעלכע קלינגענדע פראַזען, כדי אַרויסצוזאָגען אזעלכע פּשוט'ע זאַכען? דער מענש מוז ארבייטען כדי צו לעבען, — פאָלגליך מוז ער אויך האָבען די אינסטרומענטען און מאַטעריאלען צו דער פּראָדוקציאָן. די נויטווענדיגקייט צו פּראָדוצירען איז זיין רעכט, וואָס ווערט איהם גאַראַנטירט פון די אנדערע מענשען, פונקט ווי ער גאַראַנטירט האָסזעלבע רעכט צו די אנדערע. הונדערט־טויזענד מענשען בעזעצען זיך למשל אין

אַ לאַנד, וואָס איז אַזוי גרויס ווי פראַנקרייך און האָט ניט קיין איינוואוינער. דער געזעצמעסיגער אַנטייל פון איטליכען איז אַ הונדערט־טויזענטעל טייל פון דעם לאַנד. וואָס גרעסער די צאָהל פון די בעזיצער, אַלץ קלענער דער טייל פון דעם יחיד; אַזוי אַז ווען, למשל, די צאָהל פון די איינוואוינער ווערט פיער־און־דרייסיג מיליאָנען, האָט איטליכער איינוואוינער אַ רעכט נאָר אַ פיער־און־דרייסיג מיליאָנטעל. ווען מען וואָלט איינריכטען פּאָליציי און רעגירונג, די בעדינגונגען פון ארבייט, אויסטויש, ירושה א. אז. וו. אויף אזא אופן, אַז די אַרבייטס־מיטעל זאָלען בלייבען תמיד גלייך און יעדער זאָל זיין פריי — וואָלט די געזעל־שאַפט געוועזן פאָלקאָמען.

פון אַלע פערטיידיגער פון אייגענטום איז וויקטאָר קוזען גע־ווען רער איינציגער, וואָס האָט זיך אַם מייסטען פערטיעפט אין דער פראַגע. ער האָט בעהויפּטעט אַקעגען די עקאָנאָמיסטען, אַז ארבייט קאָן נאָר דעמאָלט געבען אַ רעכט אויף אייגענטום, ווען זי קאָן זיך שטיצען אויף דער קראַפט פון אָקופּאַציאָן. און ווייטער האָט ער בעהויפּטעט אַקעגען די יוריסטען, אַז דאָס בירגערליכע געזעץ קאָן בעשטימען און אָנווענדען אַ נאַטירליכעס רעכט, אָבער ניט עס בעשאַפען. ס'איז נאָך ניט גענוג צו זאָגען: „דאָס רעכט אויף אייגענטום איז שוין בעוויזען מיט דעם פאַקט אַליין, וואָס עס עקזיסטירט; דאָס בירגערליכע געזעץ איז אין דער בעציחונג אַ ריין ערקלערענדעס". יעדעס רעכט מוז פערענטפערט ווערן אָדער דורך זיך אַליין, אָדער דורך אַ פריהערדיגען רעכט; און אויך דאָס רעכט אויף אייגענטום קאָן זיך ניט אויסדרעהען פון דעם דאָזיגען ענטוועדער־אָדער. דאָס איז דער טעם פאַר וואָס קוזען זוכט דעם יסוד פון דעם אייגענטום אין דער הייליגקייט פון דער מענשליכער פערזאָן און אין דעם אַקט דורך וועלכען דער ווילען אַסימילירט פאַר זיך אַ זאַך. איינער פון קוזען'ס תלמידים זאָגט: „אַזוי באַלד ווי אַ מענש וויל טהאָן אַ זאַך, פערוואַנדעלט ער איהר וועזען און פערמענשליכט זי". איך מוז מודה זיין, אַז איך גלויב ניט אין דעם כשוף, און אַז אין מיינע אויגען זיינען דאָ ווייניג זאַכען, וואָס זיינען אַזוי ווייניג הייליג ווי דער ווילען פון אַ מענ־שען. די גאַנצע טעאָריע האַלט זיך יעצט אויף אַ האָר, סיי פּסיכאָ־לאָגיש, סיי יורידיש; אָבער פונדעסטוועגען איז זי פילאָזאָפישער

און טיעפער פון אַלע אַנדערע טעאָריעס, וואָס שטיצען זיך נאָר אויף דער ארבייט און אויף דער אויטאָריטעט פון געזעץ. און מיר זעהען, אַז די דאָזיגע טעאָריע קומט אין איהרע לעצטע קאָנסעקווענצען צו גלייכהייט.

אָבער אפשר קוקט די פילאָזאָפיע אויף אַלעס פון א צו־הויכען פונקט און איז ניט גענוג פּראַקטיש; אפשר ווייזען זיך דעם מעטאַפיזיקער, וואָס שטעהט אויף'ן הויכען בארג פון פילאָזאָפיע, די מענשען אויס אזוי קליין, אַז ער בעמערקט ניט זייערע פערשיידענקייטען; אפשר איז די גלייכהייט פון בעדינגונגען איינער פון יענע פּרינציפּען, וואָס זיינען אמת אין זייער ערהאבענער אַלגעמיינהייט, נאָר כמעט לעכערליך און געפעהרליך ביים אָנווענדען זיי אין געוועהנליכען לעבען און אויף דעם סאָציאַלען משא־ומתן. עס איז גאָר קיין ספק ניט, אַז מיר מוזען דאָ פאָלגען די קלוגע פאָרזיכטיגקייט פון די מאָראַליסטען און יוריסטען, וועלכע ווארנען אונז, אַז מען טאָר גאָרנישט צופיהרען ביז דעם לעצטען עקסטרעם, און אַז מען מוז זיך זעהר היטען פאַר יעדער דעפיניציאָן, ווייל, זאָגען זיי, ס'איז גאָר ניטאָ אזא דעפיניציאָן, וועלכע מען זאָל ניט קאָנען איבערקעהרען מיט'ן קאָפּ אראָב און מיט די פיס ארויף, צופיהרענדיג זי צו די שעדליכסטע קאָנסעקווענצען. די רוימישע יוריסטען פלעגען זאָגען: יעדע דעפיניציאָן אין דעם בירגערליכען געזעץ איז געפעהרליך, ווייל עס זיינען דאָ נאָר ווענוג דעפיניציאָנען, וועלכע מען זאָל ניט קאָנען איבערדרעהען. די גלייכהייט פון בעדינגונגען, — אָט די דאָגמא, וואָס קלינגט אזוי שרעקליך אין די אויערען פון דעם אייגענטימער; דער אמת וואָס טרייסט דעם אָרימען מענשען, וואָס ליגט אין גסיסה, די ווירקליכקייט, וואָס איז שוידערליך אונטער דעם מעסער פונ'ם אנאטאָם, — אָט די גלייכהייט פון בעדינגונגען, פּרובט זיי איבערטראָגען אויף דעם פּאָליטישען, בירגערליכען און אינדוסטריעלען לעבענס־סדר, און זי ווערט אַן אָבנאָרענדע אונמעגליכקייט, אַ טויטענדע אילוזיע, א טייפעלשער ליגען.

איך וויל ניט איבערראשען מיין לעזער. איך האָב פיינט ווי דעם טוידט די קונצענמאַכער פונ'ם וואָרט אין לעבען. פונ'ם

ערשטען זאַץ אָן האָב איך זיך אויסגעדריקט זעהר קלאָר און זעהר ענטשיידען, כדי אַלע זאָלען וויסען וואָס איך דענק און וואָס איך האָף; און מען וועט מיר מוזען מודה זיין, אַז ס'איז שווער צו געפינען מעהר אָפּענהערציגקייט און מוטה, ווי אין מיין שריפט. איך האָב דארום קיין מורא ניט, אַז איך וועל געהן צו ווייט, ווען איך וועל בעהויפּטען, אַז עס וועט באַלד קומען אַ צייט, ווען די צוריקהאַלטונג און פאָרזיכטיגקייט, וואָס די פילאָזאָפען בעוואונ־דערען אזוי שטאַרק, — דער גאָלדענער מיטעלוועג, וועלכען די דאָקטוירים פון מאָראַל און סאָציאַל־וויסענשאַפטען רעקאָמענדירען אזוי שטאַרק, — וועט בעטראַכט ווערן אַלס אַ סימן פון פּרינ־ציפּענלאָזיגקייט און אַ שאַנד־פלעק. די אַקסיאָמען פון דער געזעצ־געבונג און פון דער מאָראַל זיינען פונקט אזוי אַבסאָלוט ווי די מאַטעמאַטישע; די דעפיניציאָנען זיינען זיכער, די אויסערסטע קאָנסעקווענצען, — אבי זיי זיינען נאָר שטרענג און לאָגיש דורכ־געפיהרט — האָבען די קראַפט און דעם כאַראַקטער פון דעם געזעץ. מיר ליידען פון אַ בעדויערענסווערטען שטאָלץ. מיר וויסען גאָר־נישט איבער אונזער נאַטור, און מיר בעלאָדען זי מיט אונזערע ווידערשפּרוכען; מיר ווערען אַליין בעגייסטערט פון אונזער נאַאי־ווער אונוויסענהייט און נעהמען זיך די העזה צו זאָגען, אַז „דער אמת אַליין איז אין ספק, און אַז די בעסטע דעפיניציע איז גאָר איננאַנצען ניט צו דעפינירען". מיר וועלען געוואָהר ווערען אמאָל, אַז אויב די אונזיכערקייט פון דער יוריספּרודענץ שטאַמט פון איהר געגענשטאַנד אַליין אָדער פון אונזערע פּאָראורטיילען, איז נאָך ניט גענוג בלויז איבערצובייטען אונזער היפּאָטעזע, אזוי ווי קאָפּערניקוס האָט געטהאָן אין דעם פּטאָלאָמעישען סיסטעם, און אַז מען מוז די סאָציאַלע פאַקטען גאָר אַנדערש ערקלערען.

אָבער וואָס וועט מען זאָגען, ווען איך וועל בעווייזען, אַז טאַקע דיזעלבע יוריספּרודענץ אַרגומענטירט אונאויפהערליך מיט דעם פּרינציפּ פון גלייכהייט, כדי צו פערענטפערן דאָס אייגענטום? וואָס וועט מען דעמאָלס ענטפערן?

## § 3. דער בירגערליכער געזעץ אַלס גרונדלאַגע און סאַנקציע פון'ם אייגענטום.

פּאַטיע גלויבט הפּנים, אַז דאָס אייגענטום, אַזוי ווי דאָס קעניגטום, איז אַ געטליכעס רעכט און ער פיהרט צוריק איהר אורשפּרונג ממש ביז מעשי בראשית, ביז גאָט אַליין. ער הויבט אָן אַזוי:

„גאָט בעזיצט די סאָוועראֶנע חערשאַפט איבער דער וועלט און איבער אַלעס וואָס זי ענטהאַלט אין זיך, אַזוי ווי אין פּסוק שטעהט. ער האָט בעשאַפען די ערד און אַלע בעשעפעניסען צוליעב דעם מענשען און האָט איהם געגעבען אַ מאַכט, וואָס איז אונטערגעאָרדענט נאָר צו איהם — צו גאָט אַליין. „דו האָסט איהם אַרויפגעשטעלט איבער די ווערק פון דיינע הענד און געלעגט די נאַטור אונטער זיינע פיס" — זאָגט דער תהלים. גאָט האָט געגעבען דעם מענשען די מתנה מיט די ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט צו אָדם און חוה נאָך זיין בעשאַפונג פון דער וועלט: פּרו ורבו ומלאו את הארץ, — פּרוכפּערט זיך און מעהרט זיך און פילט אָן די ערד".

נאָך אַזאַ גרויסאַרטיגער איינלייטונג האָט מען געזאָלט מיינען, אַז דאָס מענשליכע געשלעכט איז איין גרויסע פאַמיליע, וואָס לעבט אין ברידערליכער אחדות אונטער דעם שוץ פון אַן עהרווירדיגען פאָטער; אָבער, מיין גאָט, וואָס פאַר אַ שונאים עס זיינען זיך די ברידער, וואָס פאַר אכזר'ישע טאַטעס און וואָס פאַר אַ ווידערשפּעניגע קינדער!

„גאָט האָט געגעבען די ערד צו די מענשען פאַר אַ מתנה"! —פאַרוואָס אָבער האָב איך גאָרנישט בעקומען? „ער האָט געלעגט די נאַטור אונטער דעם מענשען'ס פיס" — און איך האָב ניט וואו מיין קאָפּ אוועקצולעגען! „פערמעהרט זיך" — חזר'ט איבער פּאַטיע דאָס וואָרט פון גאָט. געוויס, מיין ליעבער געלעהרטער פּאַטיע! דאָס איז אַזוי גרינג צו טהאָן, ווי צו זאָגען; אָבער גיט באַטש דעם פויגעלע אביסעלע גראָז פאַר זיין נעסט.

„און אַז דאָס מענשליכע געשלעכט האָט זיך פערמעהרט, האָבען די מענשען צוטיילט צווישען זיך די ערד און דאָס מעהרסטע, וואָס האָט זיך אויף איהר געפונען; און דאָס וואָס איטליכען איז געפאַלען אויף זיין גורל האָט אָנגעהויבען צו געהערען צו איהם אַליין. פון דעם נעהמט זיך דאָס רעכט אויף אייגענטום".

עס איז פאַלש! מען קאָן דאָ נאָר רעדען פון דעם רעכט

אויף בעזיץ. די מענשען האָבען געלעבט אין א געמיינשאפט; ס'איז דאָרט קיין אייגענטום ניט געווען, ווייל עס איז דאָרט ניט געווען קיין פּריוואט־בעזיץ. דאָס פערמעהרען זיך פון דער בעפעל־קערונג האָט געצוואונגען די מענשען אַלץ מעהר און מעהר צו ארבייטען, כדי צו פערגרעסערן די מיטלען צום לעבען. און דעמאָלט איז ענטשטאַנען א שטילער אָדער פאָרמעלער אָבמאַך, אז דער ארבייטער איז דער איינציגער אייגענטימער פון דעם פּראָדוקט פון זיין ארבייט; מיט אַנדערע ווערטער: דער אָבמאַך איז געווען א פשוט'ע אָנקינדיגונג פון דעם פאַקט, אז קיינער קאָן ניט לעבען אָהן ארבייט. די נויטווענדיגע קאָנסעקווענץ דערפון איז געווען, אז די גלייכהייט פון מיטעל צום לעבען האָט פערלאַנגט די גלייכ־הייט פון ארבייט, און די גלייכהייט פון ארבייט האָט געפאָדערט גלייכע ארבייטס־מיטעל. יעדער, וואָס האָט אָהן ארבייט, נאָר בלויז דורך כח אָדער געשיקטקייט, פערכאַפּט דאָס וואָס געהערט אַן אנדערן, האָט דערמיט צושטערט די גלייכהייט און האָט זיך אַליין געשטעלט איבער און אויסערהאַלב דעם געזעץ. יעדער וואָס האָט פערנומען די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, פּרעטענדירענדיג, אז זיי קומען איהם ווייל זיין טהעטיגקייט איז גרעסער, האָט ווידער אמאָל צושטערט די גלייכהייט. און אזוי ווי די גלייכהייט איז געווען דעמאָלט דער אויסדרוק פון רעכט, איז איטליכער, וואָס האָט אַנ־געגריפען די גלייכהייט, געווען אַן אונרעכט־טהוער, א רשע.

אַזוי זעהען מיר, אז מיט דער ארבייט איז אויסגעוואַקסען דער פּריוואַט־בעזיץ; דאָס רעכט וואָס ליגט א י ן דער זאַך, — Jus in re. אָבער אין וועלכער זאַך? עס איז קלאָר, אז ניט אין דעם באָדען, נאָר אין דער פרוכט פונ'ם באָדען. אַזוי האָבען עס תמיד פערשטאַנען די אַראַבער; און, לויט צעזאַר און טאַציטוס, אויך די אַלטע גערמאַנען. „די אַראַבער, — זאָגט סיסמאָנד, — אנערקענען דאָס אייגענטום־רעכט אויף א טשערעדע בהמות פון דעם וואָס האָט זי אויפגעצויגען, ווי אויך דאָס רעכט אויף דער ערנטע — פון דעם וואָס האָט פערזעעט דאָס פעלד; אָבער זיי ווילען ניט צוגעבען, אז א צווייטער זאָל ניט האָבען דאָס רעכט צו פערזעען דאַסזעלבע פעלד אַן אנדערס מאָל. די אונגלייכהייט, וואָס קומט ארויס פון דער רעכטס־פּרעטענזיע פון דעם בעזיץ־ערגרייפער, האָט אין זייערע אויגען ניט קיין שום גרונד און איז

ניט קיין גערעכטיגקייטס־פּרינציפּ. און ווען עס קומט אויס, אַז דאָס לאַנד איז פֿערטיילט אינגאַנצען צווישען אַ געוויסער צאָהל איינוואוינער, איז דער רעזולטאַט דערפֿון אַ מאָנאָפּאָל פֿון דער בעשטימטער צאָהל מענשען אויף דעם חשבון פֿון דער גאַנצער נאַציאָן. און אונטער ד ע ם ווילען זיי זיך ניט אונטערגעבען".

מען האָט שוין צוטיילט צווישען זיך די ערד. לאָמיר אפילו צוגעבען, אַז עס איז דערפֿון אַרויסגעקומען אַ שטאַרקערע אָרגאַניזאַציע צווישען די אַרבייטער און אַז אַזאַ פֿערטיילונגס־אופן, פּעסט און דויערהאַפֿט, איז זעהר בעקוועם; אָבער ווי אַזוי איז דאָס געוואָרען דער יסוד פֿון אַן איבערטראָגבאַרען אייגענטום־רעכט אויף אַ זאַך, אויף וועלכער אַלע האָבען ביז אַהער געהאַט נאָר אַן אונאיבערטראָגבאַרען בעזיץ־רעכט? אַזאַ מעטאַמאָרפאָזאַ איז יורידיש אונמעגליך. איך גיב צו, אַז די ערשטע אַקער־בויער, וואָס זיינען געוועזען אויך די ערשטע פּערפאַסער פֿון געזעצען, זיינען ניט געוועזען אַזוי געלערענט ווי די היינטיגע יוריסטען; און ווען אפילו זיי וואָלטען דאָס יאָ געוועזען, וואָלטען זיי עס ערגער ניט געקאָנט מאַכען. זיי האָבען ניט געקאָנט פֿאָראויסזעהן די קאָנסעקווענצען, וואָס קומען אַרויס פֿון דעם איבערגעהן פֿון פּריוואַט־בעזיצרעכט אין אַבסאָלוטען אייגענטום־רעכט. אָבער פֿאַרוואָס האָבען די שפּעטערע יוריסטען, וועלכע האָבען יאָ פֿערשטאַנען דעם חילוק צווישען דעם רעכט א י ן אַ זאַך און דעם רעכט א ו י ף אַ זאַך, איהם ניט אָנגעווענדעט אויפ'ן גרונד־פּרינציפּ פֿונ'ם אייגענטום אליין?

איך וויל דערמאָנען די יוריסטען זייערע אייגענע טהעאָריען. דאָס רעכט אויף אייגענטום, אויב עס האָט איבערהויפּט אַן אורזאַך, קאָן עס האָבען בלויז א י י ן אורזאַך. בעזיצען קאָן איך אויפ'ן גרונד פֿון פֿערשיעדענע רעכטען, אָבער אַן אייגענטימער קאָן איך זיין נאָר אויפ'ן גרונד פֿון איין רעכט. איך קאָן בעזיצען דאָס פֿעלד, וואָס איך האָב פֿעראַקערט, בעאַרבייט, וואָס האָדעוועט מיך, מיין הויזגעזינד און מיין פֿיה. דאָס פֿעלד, אויף וועלכען איך האָב אויפגעבויט מיין הויז, קאָן איך בעזיצען: ערשטענס, לויט דעם רעכט פֿון דעם ערשטען בעזיצער; צווייטענס, אַלס דער וואָס בעאַרבייט עס; און דריטענס, אין קראַפֿט

פון דעם סאָציאַלען קאָנטראַקט, וואָס האָט מיר עס צוגעטיילט אַלס מיין חלק. אָבער קיין איינער פון די אַלע רעכטען גיט מיר נאָך נישט דאָס רעכט אויף אייגענטום. וואָרים אויב איך זאָל זיך שטיצען אויף דעם רעכט פון אָקופּאַציע — ענטפערט מיר די געזעלשאַפט: „איך האָב עס אָקופּירט פאַר דיר". טענה איך, אַז איך בעאַרבייט די ערד, — ענטפערט מיר די געזעלשאַפט: „דאָס איז דאָך דער איינציגער תנאי אויף וועלכען דו מעגסט עס בעזיצען". און רעד איך פון אָבמאַכונגען, זאָגט זי: „אָט טאַקע די אָבמאַכונגען האָבען בעשטימט, אַז דו האָסט דאָס רעכט נאָר צו בענוצען די פרוכט פון דער ערד". און דאָס זיינען דאָך די איינציגע רעכט־גרינדע, אויף וועלכע די אייגענטימער שטיצען זיך. זיי האָבען קיינמאָל ניט געקאָנט ענטדעקען קיין אַנדערע. יעדעס רעכט זעצט פאָראויס, — ווי פּאָטיע האָט אונז געלערנט, — אַן אַנשפּרוך, וואָס בעשאַפט איהם ביי דער פּערזאָן, וואָס געניסט דאָס רעכט; אָבער דער מענש, וואָס ווערט געבוירען און שטאַרבט, אָט דאָס קינד פון דער ערד, וואָס געהט פערביי ווי אַ שאָטען, האָט אויף די זאַכען פון דער אויסערער וועלט נאָר אַן אַנשפּרוך, וואָס שאַפט אַ בעזיץ־רעכט, אָבער ניט קיין אייגענטומס־רעכט. פאַר־וואָס־זשע זאָל די געזעלשאַפט אַנערקענען אַ רעכט, וואָס איז געגען איהרע אייגענע אינטערעסען, און דערצו נאָך אַ רעכט, וואָס האָט גאָר קיין סיבה ניט? ווי אַזוי האָט זי געקאָנט צולאָזען דאָס אייגענטום און סאַנקציאָנירען דעם מיסברויך פון מאַכט? דער דייטשער פילאָזאָף אַנסילאָן ענטפערט אויף דעם:

„אַ טייל פילאָזאָפען בעהויפּטען, אַז די אָנווענדונג פונ'ם מענשליכען כח אויף אַ געגענשטאַנד פון דער נאַטור, — אַ פעלד, אַ וואַלד, — גיט איהם, דעם מענשען, נאָר אַ רעכט אויף די איבערענדערונגען וואָס ער ברענגט אַריין אין דעם געגענשטאַנד, אויף דער פאָרם וואָס ער גיט איהם, אָבער ניט אויף דעם געגענשטאַנד אַליין. אָבער דאָס איז דאָך גערעדט גלאַט אין דער וועלט אַריין. ווען מען זאָל קאָנען די פאָרם אָבטיילען פונ'ם געגענשטאַנד, וואָלט די אויבענדערמאָנטע מיינונג פון די פילאָ־זאָפען נאָך אפשר געהאַט אַ גרונד; אָבער אַזוי ווי עס איז כמעט תמיד אַן אונמעגליכקייט, איז די אָנווענדונג פון די קרעפטען פון דעם מענ־שען אויף דער אויסען־וועלט דער ערשטער יסוד פון דעם אייגענטום־רעכט, דער ערשטער אורשפּרונג פון גיטער".

אַ פוסטער אויסרייד! אויב די פאָרם קאָן ניט אָבגעטיילט ווערן פונ'ם אָביעקט און דאָס אייגענטום פונ'ם בעזיץ, מוז מען

דעם בעזיץ פערטיילען; אויף יעדען פאַל בעהאַלט פאַר זיך די געזעלשאַפט דאָס רעכט אַרויסצולעגען איהרע בעדינגונגען פון אייגענטום. איך זעץ־פאָראויס, אז אַ גוט, וואָס איינער אייגענט זיך אָן ברענגט צעהן טויזענד פראַנק הכנסה אַ יאָהר און קאָן ניט ווערען פונאַנדער געטיילט; ווייטער נעהם איך אָן, אז נאָך די עקאָנאָמישע חשבונות פערברויכט יעדע פאַמיליע אַ יאָהר דורכשניטליך דריי טויזענד פראַנק: דאַן מוז דער בעזיצער פון דעם גוט אָבצאָהלען דער געזעלשאַפט די צעהן טויזענד פראַנק, — מינדער אַלע הוצאות פון דער בעאַרבייטונג און די דריי טויזענד פראַנק, וואָס ער בענויטיגט פאַר זיין פאַמיליע. דאָס איז נישט קיין אַרענדע־געלד, עס איז אַן ענטשעדיגונג.

וואָס איז דאָס אָבער פאַר אַ גערעכטיגקייט, וואָס גיט אַרויס אַזעלכע גזר־דינים: —

„אַזוי ווי דער געגענשטאַנד האָט אָנגענומען דורך דער אַרבייט אַן אַנדער פאָרם און מען קאָן ניט צושיידען שטאָף און פאָרם סיידען מען צושטערט דעם געגענשטאַנד, מוז געשעהן איינס פון די צוויי: אָדער די געזעלשאַפט זאָל פערליערען איהר נחלה, אָדער דער אַרבייטער זאָל פערליערען די פרוכט פון זיין אַרבייט; אַזוי ווי אין יעדען אַנדער פאַל. איז דער אייגענטימער פון דעם שטאָף שוין דערמיט אַליין אויך דער אייגענטימער פון אַלצדינג וואָס קומט צו צום שטאָף; דאָ, אָבער, אין אונזער פאַל, גיט דאָס אייגענטום פון דעם צופעליג־צוגעקומענעם אַ רעכט אויף דעם שטאָף, וואָס איז דער עיקר; איז דער פועל יוצא דערפון, אַז דאָס רעכט אויף אייגענטום דורך דער אַרבייט ווערט ניט צוגעלאָזען געגען די אינטערעסען פון דעם איינצעלנעם, ווערט אָבער יאָ צוגעלאָזען ווען עס איז געגען די אינטערעסען פון דער גאַנצער געזעלשאַפט“.

אַזוי רעזאָנירען געוועהנליך די יוריסטען איבער דעם אייגענטום. דאָס געזעץ איז אויפגעשטעלט כדי פעסטצושטעלען די רעכטען פון די מענשען צווישען זיך, ד. ה., פון יעדען געגען יעדען און פון יעדען געגען אַלע; אָבער אין דער פראַפּאָרציע פעהלט ביי די יוריסטען תמיד דער פערטער חלק. אַזוי לאַנג ווי דער מענש שטעלט זיך געגען דעם מענשען, שטעלט זיך אויך דאָס אייגענטום געגען דעם אייגענטום, און ביידע כחות געפינען זיך אין גלייכגעוויכט; אָבער אַזוי באַלד ווי דער מענש ווערט איזאָלירט, ד. ה. ער שטעהט אַקעגען דער געזעלשאַפט וועלכע ער אַליין פערטרעט, דעמאָלט הינקט די יוריספּרודענץ און די גערעכטיגקייט האָט פערלאָרען אידר וואָגשאָל.

לאָמיר הערען וואָס פּראָפעסאָר טוליע זאָגט:

„וואָס האָט געפיהרט דערצו, אַז פון דער אָקופּאַציע איז אַרויסגעקומען אַ פעסטע, פּערמאַנענטע אייגענטום-אינסטיטוציע, וואָס עקזיסטירט אַפילו דאַן ווען דער ערשטער בעזיצער האָט שוין פון לאַנג פערלוירען זיין רעכט? דער אַקערבוי איז געווען אַ נאַטירליכע פאָלגע פון דער פערמעהרונג פון דעם מענשליכען געשלעכט און האָט פון זיין צד געהאָלפען צו דער פערגרעסערונג פון דער בעפעלקערונג און האָט דערמיט געמאַכט די איינריכטונג פון אייגענטום פאַר אַ נויטווענדיגקייט; ווייל ווער וואָלט זיך גענומען די מיה צו אַקערען און צו זעען, ווען ער וואָלט ניט געהאַט די זיכערקייט, אַז ער וועט עס קענען שניידען?"

עס וואָלט געווען גענוג פאַר דער בערוהיגונג פון דעם אַרבייטער, ווען מען זאָל איהם גאַראַנטירען דעם בעזיץ פון דער ערנטע; לאָמיר אויך צוגעבען, אַז מען וואָלט געמעגט איהם לאָזען זיצען אויף זיין ערד כל זמן ער בעאַרבייט זי. דאָס איז געווען אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט אַ רעכט צו ערוואַרטען און וואָס דער פּראָגרעס פון דער ציוויליזאַציאָן האָט פערלאַנגט. אָבער, דאָס אייגענטום! דאָס אייגענטום! דאָס רעכט צו ציהען יניקה פון ערד, וואָס מען בעאַרבייט ניט און מען בעוואוינט ניט, — ווער האָט געהאַט די אויטאָריטעט אַרויפצוצווינגען אַזאַ רעכט?

„דער אַקערבוי אַליין איז נאָך ניט געווען קיין גענוג שטאַרקע סיבה, כדי איינצופיהרען בעשטענדיגען אייגענטום; מען האָט נאָך דערצו בעדאַרפט פּאָזיטיווע געזעצען און בעאַמטע זיי דורכצופיהרען; מיט איין וואָרט, דעם בירגערליכען שטאַאַט. די פערמעהרונג פון דעם מענשליכען געשלעכט האָט געמאַכט נויטווענדיג איינצופיהרען דעם אַקערבוי; די נויטווענדיגקייט צו גאַראַנטירען דעם אַקערבויער די פרוכט פון זיין אַרבייט האָט געפיהרט צו דער אַנערקענונג פון דעם פּרינציפּ פון שטענדיגען אייגענטום און פון געזעצען וואָס זאָלען עס בעשיצען. אַזוי איז פון דעם אייגענטום אַרויסגעוואַקסען דער בירגערליכער שטאַאַט".

יאָ, געוויס, דער בירגערליכער שטאַאַט, ווי איהר האָט איהם געמאַכט; דער שטאַאַט וואָס איז געווען לכתחילה דעספּאָטיש, דערנאָך מאָנאַרכיש, שפּעטער אַריסטאָקראַטיש, היינט דעמאָקראַטיש, אָבער תמיד טיראַניש.

„אָהן דעם באַנד פון אייגענטום וואָלט עס קיינמאָל ניט געווען מעגליך אונטערצוואַרפען די מענשען אונטער דעם ניצליכען און גוטעסברענגענדען יאָך פון די געזעצען; אָהן דער אינסטיטוציע פון שטענדיגען אייגענטום וואָלט די ערד נאָך געווען עד היום אַן אונגעהייערער וואַלד. מיר מוזען דערפאַר זאָגען, — און אין דעם זיינען מיט אונז מסכים אַלע געוויסעסטע און פּאָזיטיוו דענקענדע געלעהרטע, — אַז אויב

דאָס פערבייגעהענדע אייגענטום, אָדער דאָס פאָרצוגסרעכט וואָס די אָקופּאַציאָן ברענגט מיט זיך, איז אַ פריהערדיגער שטאַדיום פון דער געזעלשאַפט, פריהער איידער די בירגערליכע געזעלשאַפט, — איז דאָס שטענדיגע אייגענטום אין דער היינטיגער פאָרם, דער אויפטהו פון דעם בירגערליכען געזעץ. עס איז דאָס בירגערליכע געזעץ, וואָס האָט אויפגעשטעלט אַלס גרונד־רעגעל, אַז דאָס אייגענטום, אַבי נאָר איינמאָל ערוואָרבען, געהט קיינמאָל ניט פערלאָרען אונאָבהענגיג פונ׳ם אייגענטימער, און אַז עס בלייבט אַפילו דעמאָלט, ווען דער אייגענטימער האָט אויפגעגעבען דאָס רעכט צו בעזיצען אָדער צו האַלטען די זאַך, אַפילו דעמאָלט ווען זי געפינט זיך אין דער האַנד פון אַ דריטען.

„דאָס בירגערליכע געזעץ האָט צושיידט א י י ג ע נ ט ו ם פון ב ע ז י ץ, וועלכע זיינען אורשפּרינגליך איינע און דיזעלבע זאַך; האָט זיי געמאַכט אונאָבהענגיג איינס פון דעם אַנדערן, אָדער ווי די יורידישע טערמינאָלאָגיע זאָגט, — געמאַכט זיי פאַר צוויי זאַכען, וואָס האָבען גאָרנישט געמיינשאַפטליכעס איינע מיט דער אַנדערער. מען קאָן דערפון זעהן, וואָס פאַר אַן אונגעהייערע ענדערונג דאָס אייגענטום האָט דורכגעמאַכט, און אויף וויפיעל די בירגערליכע געזעצען האָבען בייגעטראָגען צו איבעראַנדערשען די נאַטור“.

גרינדענדיג דאָס אייגענטום, איז דאָס געזעץ געווען ניט דער אויסדרוק פון אַ פסיכאָלאָגישען פאַקט, ניט די ענטוויקלונג פון אַ נאַטור־געזעץ, אָדער די אַנווענדונג פון אַ מאָראַל־פּרינציפּ; ער האָט, אין דער פולער קראַפט פונ׳ם וואָרט, ב ע ש א פ ע ן אַ רעכט, איבערטרעטענדיג זיין פאָלמאַכט. ער האָט געמאַכט אַן אַבסטראַקציע פאַר אַ ווירקליכקייט, געמאַכט פאַר אַ י ש אַן א י ן, אַ מעטאַפאָר, אַ פיקציע; און האָט דערביי זיך אַפילו ניט געגעבען די מיה פאָראויסצוזעהן וואָס עס וועט פאָלגען דערפון, פערטראַכטען זיך איבער די חסרונות וואָס קאָנען דערפון אַרויסקומען, אונטערזוכען צי עס האָט געטהאָן גוטס אָדער שלעכטס. ער האָט געגעבען זיין הסכמה צום עגאָאיזם, געשטעלט זיין חתימה אונטער די ווילדעסטע פּרעטענזיעס, פערנומען די גאָטלאָזיגסטע תפילות, פּונקט ווי עס וואָלט געווען אין זיין מאַכט אויסצופילען אַ תהום אָהן אַ גרונט און זעטיגען דעם גיהנם. אַ בלינד געזעץ, דאָס געזעץ פונ׳ם אונוויסענדען מענשען, אַ געזעץ וואָס איז גאָר קיין געזעץ ניט; דאָס וואָרט פון שנאה, פון ליגען און פון בלוט. און אָט האָס געזעץ, וואָס שטעהט־אויף תמיד אויפ׳ס ניי תחית־המתים, תמיד אויפ׳ס ניי בעקליידט מיט מאַכט, פעריונגט, רעסטאַווירט, פערשטאַרקט, ווי אַ מין אורים ותומים פון דער געזעלשאַפט, —

אַט דאָס געזעץ האָט פּערזוירט דאָס געוויסען פון די פעלקער, פערטונקעלט דעם גייסט פון די הערשער, און געפיהרט צו אַלע קאַטאַסטראָפען פון נאַציאָנען. דאָס קריסטענטום האָט איהם פער־אורטיילט, אָבער די אונוויסענדע גלחים, וואָס זיינען פונקט אַזוי וועניג אינטערעסירט צו שטודירען די נאַטור און די מענשען, ווי זיי זיינען אונפעהיג צו לעזען זייערע אייגענע שריפטען, פערגעסן טערען איהם.

אָבער סוף־כל־סוף, וואָס איז געווען דער מורה־דרך פון'ם געזעץ ווען ער האָט בעשאַפען די מאַכט פון'ם אייגענטום? נאָך וועלכען פּרינציפּ האָט ער זיך געריכטעט? וועלכע רעגעלען איז ער נאָכגעגאַנגען?

און דאָ קומען מיר צו דעם גרעסטען חידוש, צו דעם אונ־גלויבליכען, — עס איז געווען די גלייכהייט.

דער אַקערבוי איז געווען די גרונדלאַגע פון'ם באָדען־בעזיץ און די נעבען־סיבה פון אייגענטום. עס איז געווען אונמעגליך צו גאַראַנטירען דעם פעלד־אַרבייטער די פּרוכט פון זיין אַרבייט, כל זמן מען האָט איהם אין דערזעלבער צייט ניט גאַראַנטירט די מיטלען צום פּראָדוצירען. כדי צו שיצען דעם שוואַכען געגען די אָנפאַלען פון דעם שטאַרקען, צו אונטערדריקען רויב און בעטרוג, האָט מען געמוזט אויפשטעלען צווישען די בעזיצער שטענדיגע אָב־שיידונגס־ליניען, גרעניצען, וואָס מען טאָר ניט איבערטרעטען. מיט יעדען יאָהר איז געוואַקסען די צאָהל פון דער בעפעלקערונג און די ערד־אַרבייטער האָבען בעקומען אַלץ גרעסערע אויגען און שטאַרקערע השגות; און מען האָט געמיינט, אַז מען וועט קאָנען איינצוימען די אַמביציע, ווען מען וועט אויפשטעלען ראַגאַטקעס, אָן וועלכע די אַמביציע וועט זיך אָנשלאָגען און צובראָכען ווערן. דערפאַר האָט מען פונאַנדערגעטיילט דעם באָדען אין אייגענטומס־חלקים, אויס דעם פּרינציפּ פון גלייכהייט, וואָס איז געווען נויט־ווענדיג פאַר דער עפענטליכער זיכערקייט און פאַר דעם פּריעד־ליכען געניס פון דער אַרבייט פאַר יעדען איינעם. געוויס, די צוטיילונג איז ניט געווען אַלע מאָל געאָגראַפיש גלייך; אַ גאַנצע מאַסע פון רעכטען, אַ טייל פון זיי געגרינדעט אין דער נאַטור, אָבער שלעכט אויסגעטייטשט און נאָך ערגער אָנגעווענדעט, — ירושה, געשענק, אויסטויש; אַנדערע, ווי די פּריווילעגיען פון

געבורט און פון ראנג, — די ניט־לעגיטימע בעשעפעניסען פון דער אונוויסענהייט און גראבער קראפט, — זיינען געווען די סיבות וואס האבען געשטערט די דורכפיהרונג פון אבסאלוטער גלייכהייט. אבער דער פרינציפ איז פארט געבליבען: די גלייכהייט האט סאנקציאנירט דעם בעזיץ, די גלייכהייט האט סאנקציאנירט דאס אייגענטום.

דער פויער האט יעדען יאהר בעדארפט האבען א פעלד, כדי ער זאל האבען וואו צו פערזעען; וואס פאר א בעקוועמערען און איינפאכערן מיטעל האבען געקאנט אויסגעפינען די בארבארען, ווי צוצוטיילען יעדען בעזונדער א שטענדיגען און ניט־פערקויפ־ליכען אייגענטום, אנשטאט אויסצושטעהן יעדען יאהר פון דאס ניי די מחלוקות און געשלעגערייען, אנשטאט אהן אן אויפהער זיך ארומטראגען פון געגענד צו געגענד מיט'ן הויז, מיט דער בעל־הבית'שקייט און מיט'ן הויזגעזינד?

מען האט געמוזט אזוי איינריכטען, אז דער איש־מלחמה, צוריקקומענדיג פון א מיליטערישער עקספעדיציע, זאל ניט גע־פינען אז מען האט ביי איהם צוגענומען זיין האב און גוטס, אלס לוין פאר די דיענסטען וואס ער האט געלייסטעט דעם פאטערלאנד, און זאל קאנען צוריקקריגען זיין נחלה. עס איז דעריבער געווארען א מנהג, אז דאס אייגענטום בלייבט ביים אייגענטימער, צי ער בענוצט עס צי ניט, אבי ער האט די אבזיכט עס צו האלטען; און אז מען קאן ניט אנווערן דאס אייגענטום, סיידען מיט דער הסכמה פון דעם אייגענטימער, אדער דורך זיין טוידט.

עס איז געווען נויטיג, אז די גלייכהייט פון פערטיילונג זאל איבערגעהן בירושה פון דור צו דור, כדי מען זאל ניט דארפען אויפ'ס ניי פערטיילען דאס לאנד נאך דעם אויסשטארבען פון א פאמיליע; עס האט דערפאר אויסגעזעהן נאטירליך און גערעכט, אז קינדער און קרובים זאלען ירשנ'ען דעם פערשטארבענעם לויט דער מדרגה פון בלוט־פערוואנדשאפט און קרובה'שאפט, וואס דער יורש האט צו דעם פערשטארבענעם. דערפון איז געקומען צוערשט דער פעאדאלער און פאטריארכאלער מנהג ניט צו אנערקענען מעהר ווי איין יורש; דערנאך, שטיצענדיג זיך אויף א גאנץ פערקעהרטע אנווענדונג פונ'ם גלייכהייטס־פרינציפ, האט מען צוגעלאזט אלע קינדער צו דער ירושה פונ'ם פאטער, ביז מען האט, אין דער

גאנץ לעצטער צייט ביי אונז אינגאַנצען אָבגעשאַפט דאָס רעכט פון בכורה.

אָבער וואָס פאַר אַ געמיינשאַפט איז פאַראַן צווישען די דאָזיגע גראָבע אָנהויבען, די ערשטע שטריכען פון אַן אָרגאַניזאַציע, דיקטירט פונ'ם אינסטינקט, און אַן אמת'ער סאָציאַלער וויסענשאַפט? ווי איז דאָס מעגליך, אַז די מענשען, וואָס האָבען ניט געהאַט די מינדסטע אידעע פון סטאַטיסטיק, צענזוס און פּאָליטישער עקאָנאָמיע, זאָלען אונז געבען די פּרינציפּען פון געזעצגעבונג?

דאָס געזעץ, — זאָגט אַ סאָציאַל־דענקענדער יוריסט, — איז דער אויסדרוק פון אַ סאָציאַלער נויטווענדיגקייט, די ערקלערונג פון אַ פאַקט; דער געזעצגעבער בעשאַפט ניט דאָס געזעץ, ער בעשרייבט איהם נאָר. דאָס איז אַ ניט־גענויע דעפיניציאָן. דאָס געזעץ איז אַ רעגעל נאָך וועלכען עס מוזען בעפריעדיגט ווערן די סאָציאַלע בעדערפעני‌שען; ניט דאָס פאָלק שטימט פאַר איהם, ניט דער געזעצגעבער דריקט איהם אויס, עס איז דער געלעהרטער, וואָס ענטדעקט און פאָרמולירט איהם. שליסליך אָבער איז דאָס געזעץ, ווי שאַרל קאָמט האָט עס געזוכט צו דעפינירען אין אַ האַלבען באַנד פון זיינע שריפטען, לכתחילה גאָרניט געווען עטוואָס אַנדערש, ווי נאָר דער אויסדרוק פון אַ נויט־ווענדיגקייט און די אָנווייזונג פון מיטלען ווי אַזוי זי צו בעפריעדיגען; און עד היום איז דאָס געזעץ ניט מעהר ווי עס איז געווען. די יוריסטען, — מיט זייער מאַשינעלען דענקען, מיט זייער עקשנות, מיט זייער שנאה צו יעדער פילאָזאָפיע, פערריגעלט ווי זיי זיינען, — האָבען תמיד אַ טעות געהאַט און אָנגענומען פאַר דעם לעצטען וואָרט פון וויסענשאַפט, דאָס וואָס איז געווען בלויז דער אונבעטראַכטער וואונש פון גוט־מיינענדע אָבער ווייניג־פאָראויסזעהענדע מענשען.

זיי האָבען ניט פאָראויסגעזעהן, אַז די דאָזיגע אַלטע בעגרינדער פון דער הערשאַפט פון אייגענטום, אַז דאָס לדורות'דיגע אַבסאָלוטע רעכט אויף דער נחלה, — אַ רעכט, וואָס האָט זיי אויסגעזעהן אַזוי יושר'דיג, ווייל עס איז געווען אַלגעמיין, — שליסט אין זיך איין דאָס רעכט אָבצוטרעטען, פערקויפען, אוועקגעבען, געווינען און אָנווערען; מיט אַנדערע ווערטער, אַז עס ברענגט

מיט זיך ניט מעהר און ניט וועניגער ווי די צושטערונג פון דער גלייכהייט, צוליעב וועלכער זיי האָבען דאָס רעכט בעשאַפען. און אפילו ווען זיי וואָלטען עס פאָראויסגעזעהען, וואָלטען זיי זיך דער־מיט ניט גערעכענט; די נויטווענדיגקייט פון דער מינוט האָט אויף זיי געוועלטיגט, און, ווי עס טרעפט זיך תמיד אין אַזעלכע פעלע, האָבען זיך אויך דאָ די חסרונות אויסגעוויזען אַזוי שוואַך, אַז מען האָט זיי קוים בעמערקט.

זיי האָבען ניט פאָראויסגעזעהן, די דאָזיגע נאַאיווע געזעצגעבער, אַז אויב דאָס רעכט פון אייגענטום איז בעגרינדעט בלויז אויף דער כונה, אויף דעם נאַקעטען ווילען צו בעהאַלטען דאָס אייגענטום, איז דער פועל־יוצא דערפון דאָס רעכט צו פעררינגען, פעראָרענ־דעווען, פערלייהען אויף פּראָצענט, מאַכען אַן אויסטויש מיט ריוח, זיך לאָזען צאָהלען רענטע, ארויפלעגען אַ שטייער אויף אַ פעלד, וואָס געהערט דעם אייגענטימער נאָר אין דער כונה, אָבער איז אין דער ווירקליכקייט בעזעצט פון אַן אַנדערן.

זיי האָבען ניט פאָראויסגעזעהן, די דאָזיגע פּאַטריאַרכען פון אונזער יוריספּרודענץ, אַז אויב דאָס ירושה־רעכט איז עפּעס אַנדערש ווי אַ פון דער נאַטור־געגעבענער דרך איינצוהאַלטען די גלייכ־הייט פון די פערטיילונגען, וועלען די פאַמיליען באַלד ווערן די קרבנות פון די שעדליכסטע אויסשליסונגען און פון די פערשיידענ־סטע פאָרמען פון מעביר־נחלה זיין; און אַז די געזעלשאַפט, פער־וואַנדעלט אין סאַמע הארצען דוקא דורך איינעם פון איהרע גע־הייליגטסטע פרינציפּען, וועט זיך אַליין צושטערען דורך דעם איבער־מעסיגען לוקסוס אויף איין זייט און דורך דער גרויסער נויט אויף דער אַנדערער זייט. *)

---

*) גאַנץ ספּעציעל אין דעם ירושה־רעכט ווייזט זיך אַרויס די אוינ־פּאַבקייט פון די פריהערדיגע דורות אין זייער גאַנצער אונגעלומפּערטקייט. נאַב'ן געזעץ מעגען לייבליכע געשוועסטער־קינדער איבערנעהמען די ירושה, אויב עס פעהלען געזעצליכע קינדער. אָבער דאָס געזעץ איז ניט גע־גאַנגען אַזוי ווייט, אַז עס זאָל פערטיילען די ירושה צווישען די שוועס־טער־קינדער אין אַזאַ מאָס, אַז עס זאָל זיין אַ גלייכגעוויכט צווישען די צוויי פערשיעדענע צווייגען פון דער פאַמיליע. מיר קאָנען דערפאַר אַפט בעאָבאַכטען אין איין פאַמיליעביידע עקסטרעמען, עשירות און דחקות.

אָט נעהמען מיר למשל אַזאַ פאַל: יעקב לאָזט איבער נאָכ'ן טויט צוויי זיהן, ראובן און שמעון, אַלס יורשים פון זיין פערמעגען. יעקב'ס

זיי האָבען ניט פאַראויסגעזעהן... אָבער איז עס דען נויטיג,
אַז איך זאָל אויספיהרען דאָס ווייטערדיגע? מען זעהט קלאָ־
גענוג די קאָנסעקווענצען דערפון, און עס איז איצט ניט די צייט
אַריינצולאָזען זיך אין אַ קריטיק פון דעם גאַנצען בירגערליכען
געזעץ.

---

גיטער ווערען פערטיילט צווישען די צוויי ברידער אין גלייכע חלקים.
ראובן אָבער האָט נאָר איין טאָכטער און שמעון האָט זעקס זיהן. עס
איז קלאָר, אַז ווען מען זאָל וועלען זיין געטריי סיי דעם פרינציפּ פון
גלייכהייט, סיי דעם פרינציפּ פון ירושה, וואָלט מען בעדאַרפט צוטיי־
לען די ביידע נחלות צווישען די קינדער פון ראובן און שמעון אויף
7 חלקים; ווייל ראובן'ס טאָכטער קאָן התונה האָבען פאַר אַ פרעמדען,
און אַ גאַנצע העלפט פון דער נחלה פונ'ם זיידען יעקב קאָן איבערגעהן
דורך דעם שידוך צו אַ גאַנץ פרעמדער פאַמיליע, און דאָס איז געגען דעם
פרינציפּ פון ירושה. נאָכמעהר, די קינדער פון שמעון וועלען בלייבען
אָרים איבער זייער גרויסער צאָהל, בעת די טאָכטער פון ראובן וועט
בלייבען רייך, ווייל זי איז דער איינציגער יורש, און דאָס איז געגען
דער גלייכהייט. זאָל מען ברייטער אויפפאַסען די אַנווענדונג פון די
צוויי פרינציפּען, וואָס ווייזען זיך נאָר אויס ווי געגענזעצע, און מען וועט
זיך באַלד איבערצייגען, אַז דאָס רעכט פון ירושה, אַקעגען וועלכען מען
האָט אין דער לעצטער צייט אַזוי שטאַרק מיט אַזוי ווייניג שכל געקעמפט,
קאָן זיך זעהר גוט פעראייניגען מיט דעם פרינציפּ פון גלייכהייט.

אונטער וואָס פאַר אַ רעגירונגס־פאָרם מיר זאָלען ניט לעבען, עס
וועט אַלץ בלייבען אמת, אַז ד ע ר ט ו י ט ע ר ג ע וו ע ל ט י ג ט
א י ב ע ר ד י ל ע ב ע ד י ג ע, ד. ה., עס וועט תמיד זיין ירושה און
דער איבערגאַנג פון דער נחלה פון איינעם צו דעם אַנדערן, ווער עס זאָל
ניט זיין דער אַנערקענטער יורש. אָבער די סען סימאָניסטען וואָלטען
געוואָלט, אַז די רעגירונג זאָל בעשטימען דעם יורש; אַנדערע ווילען,
אַז דער בעל־צוואה אַליין זאָל אויסקלייבען זיין יורש, אָדער אַז דאָס גע־
זעץ זאָל איהם בעשטימען; דער עיקר איז, אַז דער וואונש פון דער נאַ־
טור זאָל זיין בעפרידיגט, ניט אַכטענדיג דאָס געזעץ פון גלייכהייט. אין
די היינטיגע צייטען שפּיעלט דער צופאַל אָדער דער קאַפּריז די איינ־
ציגע ראָלע אין ירושה־פראַגען; אָבער דאָרט, וואו עס איז נוגע צו גע־
זעצגעבונג קאָנען קאַפּריז און צופאַל ניט זיין קיין מאַסשטאַב. די נאַטור,
וואָס האָט אונז געמאַכט אַלעמען גלייך, ווייזט אונז אָן אויף דעם פּרינ־
ציפּ פון ירושה גראַדע צוליעב דעם, ווייל דער צופאַל קאָן מיט זיך
ברענגען אונענדליכע פערוויררונגען, און דער פרינציפּ פון ירושה איז אַ
מין שטימע פון דער געזעלשאַפט, וואָס פרעגט ביי אונז אונזער מיינונג
און אונזער אורטייל, וועמען פון אונזערע ברידער האַלטען מיר פאַר
דעם פעהיגסטען אויסצופיהרען נאָך אונז אונזער אויפגאַבע.

די געשיכטע פון אייגענטום ביי די אַלטע פעלקער איז פאַר אונז ניט מעהר ווי אַ געגענשטאַנד, וואָס קאָן אינטערעסירען בלויז געלעהרטע און פאָרשער. עס איז אַ כלל אין דער יוריספּרודענץ, אַז דער פאַקט בעשאַפט נאָך ניט דאָס רעכט. אַזוי ווי דאָס אייגענטום קאָן זיך ניט ארויסנעהמען פון דעם כלל, דערפאַר איז דאָס רעכט פון אייגענטום ניט געזעצליך, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס די גאַנצע וועלט אנערקענט עס. דער מענש האָט זיך גענאַרט אין די גרונד־פּרינציפּען פון דער געזעלשאַפט, אין דער נאַטור פון רעכט און אין דער אַנווענדונג פון גערעכטיגקייט, פּונקט אַזוי ווי ער האָט זיך גענאַרט אין די סיבות פון מעטעאָרען און אין דער בעוועגונג פון די פּלאַנעטען און קאָמעטען. זיינע אַלטע מיינונגען קאָנען ניט אָנגענומען ווערן פאַר אני־מאמינ׳ס. וואָס מאַכט עס אונז אוים, אַז די אינדישע ראַסע איז געטיילט אין פיער קאַסטען; אַז ביים ניל אָדער ביים גאַנגעס האָט מען אמאָל פערטיילט דעם באָדען לויט דעם יחוס פון אַבשטאַמונג אָדער פון אמט; אַז די גריכען און רוימער האָבען געשטעלט דאָס אייגענטום אונטער דעם שוץ פון די געטער; אַז דער פּראָצעס פון באָדען־פערטיילונג און דאָס אָבגרענעצען איין פעלד פונ׳ם אַנדערען האָט ביי זיי געטראָגען אַ רעליגיעזען כאַראַקטער? אַ פּריווילעגיע מעג זיין נאָך ווי אַזוי פערשיעדען אין איהרע פאָרמען, זי בלייבט דאָך אונגערעכט. דער קולט פון יופּיטער אַלס אייגענטום־בעשיצער, בעווייזט פּונקט אַזוי וועניג אקעגען דער גלייכהייט פון די בירגער, ווי למשל די מיסטעריען פון דער חצופה׳דיגער וועָנוס זיינען קיין ראיה ניט אקעגען דער ריינקייט און צניעות פון דעם פאַמיליען־לעבען.

די אויטאָריטעט פון דער גאַנצער מענשהייט, אויף וועלכער עס שטיצט זיך דאָס אייגענטומס־רעכט, האָט קיין שום ווערטה ניט, ווען דאָס דאָזיגע רעכט שטעהט אין ווידערשפּרוך צו דעם פּרינציפּ פון גלייכהייט, פון וועלכען עס שטאַמט; די ענטשיידונגען פון רעליגיאָנען, וואָס האָבען איהם סאַנקציאָנירט, האָבען קיין שום ווערטה ניט, ווייל אין אַלע צייטען זיינען די גלחים געשטאַנען אין דיענסט פון די מלכים, און די געטער האָבען תמיד גערעדט ווי די פּאָליטיקער האָבען געוואָלט; די סאָציאַלע פּאָרטיילען, וואָס מען שרייבט־צו צו דעם אייגענטום קאָנען עס גאַנץ וועניג פערענטפערן, ווייל אַט די אַלע פאָרטיילען קומען אַרויס פון דעם פּרינ־

ציפּ פון גלייכהייט אין בעזיץ, וואָס מען האָט קיינמאָל ניט אָבגע־שיידט פון דעם אייגענטומס־פּרינציפּ.

וואָס־זשע בעדייטען נאָך דעם אַלעמען די דיטיראַמבען, די שבחים, וואָס מען זינגט דעם אייגענטום?

„די איינריכטונג פון דעם אייגענטומס־רעכט איז די וויכטיגסטע פון אַלע מענשליכע אינסטיטוציעס...“

אוודאי, פּונקט אַזוי ווי די מאָנאַרכיע איז די שעהנסטע פון אַלע אינסטיטוציעס.

„זי איז די ערשטע סיבה פון וואוילשטאַנד פון מענשען אויף דער ערד.“

דערפאַר וואָס מען האָט איהר אונטערגעשטעלט די גערעכ־טיגקייט פאַר אַ פּרינציפּ.

„דאָס אייגענטום איז געוואָרן דאָס געזעצליכע ציעל פון זיין עהר־גייץ, די האָפנונג פון זיין עקזיסטענץ, דער עיר־מקלט פאַר זיין פאַמיליע; מיט איינעם וואָרט, דער גרונדשטיין פאַר זיין היים, פאַר זיין שטאָדט, פאַר זיין שטאַאַט“.

דאָס אַלעס שטאַמט אויסשליסליך פונ'ם בעזיץ.

„אַ אייביגער פּרינציפּ.“

דאָס אייגענטום איז אייביג ווי יעדע פערניינונג.

„דער פּרינציפּ פון יעדער סאָציאַלער און בירגערליכער אינסטיטו־ציאָן“.

אָט טאַקע דערפאַר וועט יעדעס געזעץ, יעדע אינסטיטוציע, וואָס איז געגרינדעט אויף אייגענטום, מוזען אונטערגעהן.

„עס איז אַזאַ טהייערע מתנה ווי די פרייהייט“.

פאַר דעם רייך־געוואָרענעם אייגענטימער.

„עס איז די בעאַרבייטונג פון דער בעוואוינבאַרער ערד.“

און ווען דער ערד־אַרבייטער זאָל ניט זיין מעהר קיין אַרענ־דאַטאָר, וואָלט דען די ערד געווען ערגער בעאַרבייט?

„די גאַראַנטיע און מאָראַלישע גרונדלאַגע פון אַרבייט.“

דאָס אייגענטום מאַכט די אַרבייט פון אַ נאָרמאַלען צושטאַנד פאַר אַ פּריווילעגירטען.

„די אַנווענדונג פון דער גערעכטיגקייט."

וואָס איז גערעכטיגקייט אַחוץ גלייכהייט פון בעזיץ? אַ וואָנ־שאָל מיט פאַלשע געוויכטען.

„יעדע מאָראַל."

אַ הונגעריגער מאָנען ווייס ניט פון מאָראַל.

„יעדע עפענטליכע אָרדנונג."

יאָ, געוויס, די ערהאַלטונג פון אייגענטום.

„בערוהט אויף דעם רעכט פון אייגענטום."*)

דער ווינקעלשטיין פון אַלצדינג, וואָס עקזיסטירט, דער אַבן־נגף פון אַלצדינג וואָס וואָלט בעדאַרפט זיין — דאָס איז דאָס אייגענטום.

איך רעזומיר און שליס:

די אָקופּאַציאָן פיהרט ניט נאָר צו גלייכהייט, זי לאָזט אויך ניט צו און פערהינדערט דאָס אייגענטום. ווייל, אַזוי ווי יעדער מענש האָט, דורך דעם פאַקט אַליין וואָס ער עקזיסטירט, דאָס רעכט צו אָקופּירען, און קאָן זיך ניט בעגעהן אָהן עפּעס וואָס, וועלכעס ער זאָל קאָנען אויסנוצען און בעאַרבייטען; און אַזוי ווי פון דער אַנדער זייט ענדערט זיך תמיד די צאָהל פון די אָקופּי־רענדע לויט דער צאָהל פון געבורטען און טויטענפעלע, איז די פאָלגע דערפון, אַז דער חלק פון שטאָף, אויף וועלכען יעדער ארבייטער האָט אַ פּרעטענזיע, בייט זיך פּראָפּאָרציאָנעל צו דער צאָהל פון די אָקופּירענדע; פאָלגליך איז די אָקופּאַציאָן אונטערגעאָרדענט דער צאָהל פון דער בעפעלקערונג; שליעסליך מוזען מיר קומען צו דער ערקענטניס, אַז אַזוי ווי יעדער בעזיץ קאָן ניט בלייבען תמיד אין אַ פעסטער בעשטימטער מאָס, קאָן ער דערפאַר אויך קיינמאָל ניט ווערן קיין אייגענטום.

יעדער אָקופּירענדער איז מן ההכרח אַ בעזיצער און אַ געניסער פון דער פּרוכט פונ'ם בעזיץ, — אָן אייגענשאַפט וואָס שליסט אויס דאָס אייגענטום. ווייל, דאָס רעכט פון דעם נוץ־געניסער איז פאָלגענדעס: ער איז פעראַנטוואָרטליך פאַר דער זאַך, וואָס

---

*) זשיראַ. — „אונטערזוכונגען אין דאָס אייגענטומס־רעכט ביי די רוימער."

איז איהם אָנפערטרויט געוואָרען; ער מוז זיך מיט איהר בענוצען נאָר לויט דער אַלגעמיינער ניצליכקייט און מוז אויך האָבען אין זינען די ערהאַלטונג און ענטוויקלונג פון דער זאַך; ער האָט ניט דאָס רעכט זי צו אומבילדען, פערקלענערען, ענטשטעלען; ער טאָר ניט צוטיילען זיין געברויך־רעכט אויף אַזאַ אופן, אַז אַן אַנדערער זאָל אַרבייטען און ער זאָל די אַרבייט געניסען; מיט איין וואָרט, ער איז געשטעלט אונטער דער השגחה פון דער געזעלשאַפט, ער איז אונטערוואָרפען אונטער די בעדינגונגען פון אַרבייט און דעם געזעץ פון גלייכהייט.

דורך דעם איז פערניכטעט די רוימישע דעפיניציאָן פון אייגענטום — דאָס רעכט צו געברויכען און מיסברויכען, — אַ אונמאָראַליטעט וואָס איז אַרויסגעוואַקסען פון גוואַלדטהאַט, די אונגעהייערסטע פרעטענזיע, וואָס די בירגערליכע געזעצען האָבען ווען עס איז סאַנקציאָנירט. דער מענש בעקומט זיין רעכט צו געניסען פון דער האַנד פון דער געזעלשאַפט, וועלכע אַליין האָט דעם בעזיץ אויף שטענדיג; דער איינצעלנער פערנעהט, די געזעלשאַפט איז אונשטערבליך.

וואָס פאַר אַ טיעפער עקעל נעהמט מיך אַרום, אַז איך מוז ערשט דיסקוטירען אַזעלכע באַנאַלע אמת'ן! זיינען דען דאָס זאַכען, אין וועלכע מיר קאָנען נאָך צווייפלען? מוזען מיר דען נאָכאַמאָל נעהמען דאָס געוועהר אין האַנד, כדי אַט די אמת'ן זאָלען זיעגען? מוזען זיי דען איינגעפיהרט ווערן אין אונזערע געזעצען נאָר דורך מאַכט און ניט דורך פערשטאַנד?

דאָס רעכט צו אָקופּירען איז גלייך פאַר אַלעמען.

אַזוי ווי די מאָס פון דער אָקופּאַציאָן ליגט ניט אין דעם ווילען פון דעם מענשען, נאָר אין די פערענדערליכע בעדינגונגען פון רוים און צאָהל, קאָן זיך קיין אייגענטום ניט בילדען.

אַט דאָס זיינען אמת'ן, וואָס קיין געזעץ־בוך האָט נאָך קיינמאָל ניט אויסגעדריקט, וואָס קיין פערפאַסער וויל ניט צולאָזען! אַט דאָס זיינען די אַקסיאָמען, וואָס דאָס בירגערליכע רעכט און דאָס פעלקער־רעכט שטויסען פון זיך אַוועק!

אבער איך הער די טענות פון די אנהענגער פון אן אנדער סיסטעם: „די ארבייט! די ארבייט שאפט דאס אייגענטום!"

לעזער, לאזט זיך דערמיט ניט פערנארען. די דאזיגע נייע בעגרינדונג פון אייגענטום איז נאך ערגער פון דער פריהערדיגער, און איך מוז זיך ענטשולדיגען, וואס איך וועל זיין געצוואונגען צו בעווייזען זאכען, וועלכע זיינען נאך קלארער און וויעדערלעגען פרע־טענזיעס, וואס זיינען נאך אונגערעכטער פון אלע די וואס מיר האבען ביז אהער בעטראכט.

# קאפיטעל III.

## ארבייט אלס אַן אורזאַך פון אייגענטום.

די מאָדערנע יוריסטען, נאָכפאָלגענדיג באמונה שלמה די עקאָנאָמיסטען, האָבען כמעט אלע פערלאָזען די צו שווערע און שעדליכע טעאָריע פון דער אורשפּרינגליכער אָקופּאַציאָן, און האַלטען זיך כמעט אויסשליסליך ביי דער טעאָריע, וואָס בעצייכענט די ארבייט אלס די סיבה פון אייגענטום. ערשטענס, הייסט עס אריינפאַלען אין אַן אילוזיע און דרעהען זיך אין א קרייז. כדי צו ארבייטען מוז מען צוערשט אָקופּירען, זאָגט קוזען. דערפאַר, וואָלט איך געזאָגט, אזוי ווי דאָס רעכט פון אָקופּירען איז גלייך פאר אלעמען, מוז מען זיך אונטערוואַרפען דער גלייכהייט כדי צו ארבייטען. „די רייכע — שרייט זשאַן זשאַק רוסאָ — מעגען טענה'ן: איך האָב געבויט די וואַנד, איך האָב פערדיענט דיזען באָדען דורך מיין ארבייט. — דערויף קאָנען מיר זיי ענטפערן: ווער האָט אייך געהייסען טהאָן די ארבייט, און וואָס פאר א רעכט האָט איהר פון אונז צו פאָדערן, אז מיר זאָלען אייך בעצאָהלען פאר אַן ארבייט, וואָס מיר האָבען פון אייך ניט פערלאַנגט?" אָקעגען דעם ארגומענט ווערען אלע סאָפיזמען צובראָכען.

אָבער די אָנהענגער פון דער ארבייטס־טעאָריע בעמערקען ניט, אַז זייער סיסטעם געפינט זיך אין אַן אבסאָלוטען ווידערשפּרוך צום קאָדעקס, וואו אלע פונדאמענטאלע געזעץ־פאראגראפען און בעשטימונגען באַזירען דערויף, אז דאָס אייגענטום קומט פון דער אורשפּרינגליכער אָקופּאַציאָן. אויב עס איז אמת, אז די ארבייט אליין דורך דעם כח פון דער אָנאייגענונג וואָס קומט ארויס פון איהר, בעשאַפט דאָס אייגענטום, דאַן איז דאָס בירגערליכע געזעץ־בוך א ליגען, די קאָנסטיטוציאָן א היפך פון אמת, און אונזער גאַנצער סאָציאַלער סיסטעם — א פערגוואַלטיגונג פון רעכט. דאָס וועט זיין דער רעזולטאַט, וואָס וועט זיך בעקומען מיט דער גרעסטער קלאָרקייט פון דער דיסקוסיאָן, מיט וועלכער מיר וועלען זיך בעשעפטיגען אין דעם און אין דעם נעקסטען קאפּיטעל, — די דיסקוסיאָן איבער'ן רעכט פון ארבייט און איבער דעם פאַקט פון

אייגענטום אַליין. מיר וועלען דאָרט זעהן, פון איין זייט, אַז אונזער גאַנצע געזעצגעבונג איז אַ ווידערשפּרוך אין זיך אַליין, און, פון דער אַנדערער זייט, אַז אונזער נייע יוריספּרודענץ שטעהט אין געגענזאַץ צו איהר אייגענעם פּרינציפּ און צו דער בעשטעהענדער געזעצגעבונג.

איך האָב פריהער געזאָגט, אַז דער סיסטעם, וואָס בעגרינדעט דאָס אייגענטום אויף אַרבייט, ענטמאַלט אין זיך, פּונקט אַזוי ווי דער סיסטעם וואָס בעגרינדעט אייגענטום אויף אָקופּאַציאָן, די גלייבהייט פון גיטער; און דער לעזער מוז זיין אונגעדולדיג צו זעהן ווי אַזוי וועל איך אַרויסברענגען פון דער אונגלייכהייט פון טאַלאַנט און פעהיגקייט, דעם געזעץ פון גלייכהייט; ער וועט באַלד זיין בעפרידיגט. אָבער איך מוז צוערשט פערהאַלטען זיין אויפמערקזאַמקייט פאַר אַ מאָמענט אויף אַ מערקווירדיגען הויפּט־צוג אין דעם פּראָצעס, ההינו, די ערזעצונג פון אָקופּאַציאָן דורך אַרבייט אַלס אייגענטומס־פּרינציפּ; און ווייטער מוז איך וואַרפען אַ גיכען איבערבליק אויף עטליכע פאָראורטיילען, אויף וועלכע די אייגענטימער שטיצען זיך אָפּט, וועלכע זיינען סאַנקציאָנירט פון דער געזעצגעבונג און ווערן צושטערט פון אָנהויב ביז סוף דורך דעם סיסטעם פון אַרבייט.

האָט איהר, לעזער, אַמאָל בייגעוואוינט אַ פערהער פון אַ אָנגעקלאָגטען ? האָט איהר אַמאָל בעמערקט ווי דער אָנגעקלאָגטער דרעהט זיך און קרימט זיך, בעהאַלט זיך, בריה'ט זיך, כיטרעוועט זיך ? צוגעדריקט צו דער וואַנט, בעזיעגט, צושלאָגען אין אַלע זיינע בעהויפּטונגען, פערפאָלגט ווי אַ ווילדע חיה פון דעם אָהן־רחמנות'דיגען ריכטער, געיאָגט פון איין היפּאָטעזע צו דער אַנדערער, — בעהויפּטעט ער עפּעס און האָט תיכף חרטה, לייקענט זיך אַליין אָב, ווידערשפּרעכט זיך, נוצט אויס אַלע קונצען פון דער דיאַלעקטיק, טויזענד מאָל גייסטרייכער, פּלפּל'דיגער פון דעם, וואָס האָט אויסגעטראַכט די צוויי־און־זיעבציג פאָרמען פון סילאָגיזם. אַזוי האַנדעלט אויך דער אייגענטימער, ווען מען רופט איהם צום בית־דין, ער זאָל בעווייזען זיין רעכט. תחילת ענטזאָגט ער זיך גאָר צו ענטפערן, ער צושרייט זיך, בייזערט זיך, דראָהט; דערנאָך, אַז מען צווינגט איהם פאָרט אָנצונעהמען די דעבאַטע, פערפאַנצערט ער זיך מיט שיקאַנען (סאָפיזמען), רינגעלט זיך אַרום מיט אַ שרעק־

ליכער אַרטילעריע, שיסט מיט זיינען גראַנאַטען, שטעלט־אויף איי־נעם נאָך דעם אַנדערן זיינע אַרגומענטען: אָקופּאַציאָן, בעזיץ, פאַרשריפט, פערטראַגען, אור־אַלטע מנהגים, אַלגעמיינע צושטי־מונג. ווערט ער בעזיעגט אויף דעם דאָזיגען באָדען, דרעהט זיך אום דער איינגענטימער ווי אַ פערוואונדעטע ווילדע חיה און שרייט מיט אַ שרעקליכען קול: „איך האָב געטהאָן מעהר ווי אָקופּירט, איך האָב געארבייט, פּראָדוצירט, פערבעסערט, אומגעבילדעט, ג ע־ש אַ פ ע ן. אָט די פעלדער, די בוימער, די הייזער זיינען די ווערק פון מיינע הענד; איך האָב דעם דערנער־פּלאַץ פערוואַנדעלט אין אַ וויינגאָרטען און געמאַכט פון דעם ווילד־קרויט — פייגענבוימער; און איך שנייד היינט דאָרט, וואו עס איז אַמאָל געוועזען די ערד פון הונגער; מיט מיין שוויס האָב איך פעט געמאַכט דעם באָדען און איך האָב נעהאָדעוועט מענשען, וואָס וואָלטען אָהן זייער טעג־ליכען לוין, וואָס איך האָב זיי געצאָהלט, געשטאָרבען פון הונגער. קיינער האָט זיך מיט מיר ניט געטיילט אין מיין פּיין, אין מיינע הוצאות; קיינער וועט זיך מיט מיר ניט טיילען אין מיינע הכנסות."

דו האָסט געארבייט, איינגענטימער! וואָס־זשע האָסטו גע־רעדט פון אורשפּרינגליכער אָקופּאַציאָן? ביזטו געוועזען אַזוי אונ־זיכער אין דיין רעכט, אָדער האָסטו געהאָפּט אָבצונאַרען די מענ־שען און פיהרען ביי דער נאָז די יוסטיץ? איייל זיך אָנצואווייזען דיינע פערטיידיגונגס־מיטעל, וואָרום דער אורטייל וועט זיין ניט־אַפּעלירבאַר, און דו ווייסט וואָס דאָ שטעהט אין קאָן: אַלצדינג צוריקצוגעבען.

דו האָסט געארבייט! אָבער וואָס האָט צו טהאָן די ארבייט, צו וועלכער דיין פליכט צווינגט דיך, מיט דער אָנאייגענונג פון אַל־געמיינע גיטער? האָסטו דען ניט געוואוסט, אַז מען קאָן ניט פער־נעהמען פאַר זיך די ערשאַפט איבער'ן באָדען, פּונקט ווי מען קאָן ניט פערנעהמען די ערשאַפט איבער ליכט און לופט?

דו האָסט געארבייט! און האָסטו גאָר קיינמאָל ניט געלאָזט אַנדערע אַרבייטען פאַר דיר? ווי־זשע קומט עס, וואָס די וואָס האָבען געארבייט פאַר דיר האָבען פערלאָרען דאָס, וואָס דו האָסט ערוואָרבען ניט אַרבייטענדיג פאַר זיי?

דו האָסט געארבייט! מהיכי תיתי; לאָמיר זעהן דיין ווערק.

לאָמיר צעהלען, וועגען, מעסטען. דאָס וועט זיין דער מנא תקיף ופרסין פון בלשאצר; ווייל איך שווער ביי דער וואָגשאָל, ביי דער מאָס און ביי דער צאָהל, אז אויב דו האָסט אויף א וועלכען עס איז אופן פערנומען פאר זיך די ארבייט וואָס האָט געהערט צו אן אנדערן, וועסטו עס מוזען אָבגעבען אינגאנצען ביז צום לעצטען קערענדעל.

בכן, דער פרינציפ פון אָקופּאציאָן איז בעזייטיגט; מען זאָגט שוין ניט מעהר: „די ערד געהערט צו דעם וואָס האָט זי דער ערשטער פערכאפּט". דאָס אייגענטום, געשטורמט און בעזיעגט אויף איהרע ערשטע בעפעסטיגונגס־ליניען, זאָגט זיך אָב פון איהר אַלטען מאמר; די גערעכטיגקייט ווערט פערשעהמט, האָט חרטה אויף איהרע כללים און לאָזט פאר שמערץ אראב איהר אויגענטיכעל אויף דעם רויט־געוואָרענעם פנים. און דער דאָזיגער פּראָגרעס פון ציוויליזאציאָן שטאמט אייגענטליך ערשט פון נעכטען; פופציג יאָהרהונדערטען האָט עס גענומען אויסצואוואָרצלען א ליגען. און אין דער דאָזיגער בעדויערונגסווערטהער פעריאָדע — וויפיעל סאנקציאָנירטע רויבערייען, פערהערליכטע אינוואזיאָנען, געבענשטע עראָבערונגען! וויפיעל מענשען האָבען פערלאָרען זייער אייגענטום נאָר צוליעב דעם, וואָס זיי זיינען געווען אָבוועזענד; וויפיעל אָרימע מענשען זיינען געווען פערטריבען, וויפיעל הונגעריגע זיינען געווען אויסגעשלאָסען דורך דעם שנעלען און פרעכען רייכטום! וויפיעל קנאות און מלחמות! וויפיעל שרפות און אויסשלאַכטונגען צווישען די פעלקער! און ענדליך, א דאנק און לויב דער צייט און פערשטאנד, האָט מען מודה געווען, אז די ערד איז ניט א פּרייז וואָס מען קאָן געווינען אין א וועט־לויף; און אז אויף דער וועלט איז דאָ פאר יעדען א פּלאַץ אונטער דער זון. יעדער קאָן צובינדען זיין ציעג צום פּארקאן, ארויספיהרען זיין קוה אויפ'ן פעלד צו פּאסען, פערזעען א שטיקעל ערד און באקען זיין ברויט ביים פייער פון זיין אייגענעם אויוון.

אָבער ניין; ס'איז ניט אמת, ניט יעדער קאָן עס טהאָן. איך הער פון אַלע זייטען שרייען: „האָך די ארבייט און די אינדוסטריע! יעדען קומט נאָך זיין פעהיגקייט, און יעדער פעהיגקייט נאָך איהר לייסטונג!" און דאָך זעה איך, אז דריי־פערטעל פון דער מענש־

הייט איז בערויבט, און די ארבייט פון אייניגע איז צו זיין א בייטש איבער דער ארבייט פון די איבעריגע.

„דאָס פּראָבלעם איז געלעזט — זאָגט הענגעקען. — דאָס אייגענטום, די טאָכטער פון ארבייט, קאָן ניט געניסען די געגענוואַרט אָדער די צוקונפט, סיידען אונטער'ן שוץ פון דעם געזעץ. זי שטאַמט אורשפּרינגליך פון דעם נאַטור־רעכט, און בעקומט איהר מאַכט פון דעם בירגערליכען געזעץ; און פון דער קאָמבינאַציע פון דיביידע אידעען, אַרבייט און שוץ, זיינען ארויסגעקומען די פּאָזיטיווע געזעצגעבונגען."

אזוי! דאָס פּראָבלעם איז געלעזט! דאָס אייגענטום איז די טאָכטער פון ארבייט! וואָס־זשע זיינען די רעכטען פון איבערנעהמען א נחלה, פון ירשנ'ען, פון פערשענקען א. ז. וו., אויב ניט דאָס רעכט צו ווערן אן אייגענטימער בלויז נאָך דעם איינפאַכען פאַקט פון אָקופּאַציאָן? וואָס זיינען אייערע געזעצען איבער דעם אַלטער פון פּוליעהריגקייט, פון אַפּטרופּסות, פון דעם ארויסגעהן פון דעם רשות פון די עלטערען, פון דעם אוועקנעהמען דאָס רעכט אויף אייגענטום, אויב ניט פערשיידענע בעדינגונגען, דורך וועלכע די ארבייטענדע פערזאָן געווינט אָדער פערלירט דאָס רעכט צו אָקופּירען; דאָס הייסט, צו אייגענטום?

אזוי ווי איך קאָן ניט אין דעם אויגענבליק זיך ארייננלאָזען אין א דעטאַלירטער דיסקוסיאָן פון דעם קאָדעקס, וועל איך זיך בעגנוגענען מיט דעם אונטערזוכען די דריי פּאַראַגראַפען, וואָס ווערן אַם געוועהנליכסטען פאַרגעבראַכט צו דער פערטהיידיגונג פון דעם אייגענטום: 1) די אָנאייגענונג, אָדער די בילדונג פון אייגענטום דורך דעם בעזיץ; 2) די צושטימונג פון דעם מענשען; און 3) די בעשרענקונג. איך וועל שפּעטער אונטערזוכען וואָס עס זיינען די ווירקונגען פון ארבייט, סיי אין פערהעלטניס צו די בעדינגונגען פון דעם ארבייטער, סיי אין פערהעלטניס צום אייגענטימער.

## § 1. די ערד קען ניט ווערען אָנגעאייגענט.

„די בעאַרבייטונגס־פעהיגע ערד וואָלט בעדאַרפט זיין בעטראַכטעט אַלס א נאַטירליכער ריכטום, ווייל זי וועט ניט בעשאַפען פון'ם מענשען, דער מענש קריגט זי פון דער נאַטור אומזיסט. אָבער אזוי ווי דאָס דאַ־

זיגע רייכטום איז ניט אזא צערפליסענדער ווי לופט און וואסער; אזוי ווי דאס פעלד איז א בעשטימטער און בעשרענקטער רוים, וועלכען געוויסע מענשען האבען אנגעאייגענט פאר זיך, אויסשליסענדיג אלע אנדערע, וועלכע האבען דערצו מסכים געווען, — איז די ערד, וואס איז געווען לכתחילה א נאטירליכער און אומזיסטיגער געשענק, געווארען א געזעלשאפטליכער רייכטום, דער געברויך פון וועלכען עס מוז ווערען בעצאהלט". (סעי: „פאליטישע עקאנאמיע").

בין איך ניט געווען גערעכט, אז איך האב געזאגט, אין אנהויב פון דעם קאפיטעל, אז די עקאנאמיסטען זיינען די ערגסטע אויטאריטעטען אין די פראגען פון געזעצגעבונג און פילאזאפיע? אט האט איהר פאר אייך דעם אבי־אבות פון דער כתה, וואס שטעלט קלאר די פראגע: ווי אזוי קאנען נאטור־גיטער, רייכטימער וואס זיינען בעשאפען געווארן פון דער השגחה, ווערן פריוואט־אייגענטום? און ער ענטפערט דערויף מיט אזא גראבער צוויי־דייטיגקייט, אז מען ווייסט ניט וואס אייגענטליך צו גלויבען, צי דער פערפאסער האט אזוי ווייניג פערשטאנד, צי האט ער עס געטהאן מיט א בייזער כונה. איך פרעג, וואס פאר א שייכות האט די פעסטקייט און בעשטימטקייט פונ'ם באדען מיט דעם אנאייגענונגס־רעכט? איך פערשטעה גאנץ גוט, אז א בעגרעניצטע און ניט צערפליסענדע זאך ווי די ערד, גיט מעהר שאנסען עס צו פערכאפען און אנאייגענען איידער וואסער אדער לופט; אז עס פיעל גרינגער צו בעקומען די הערשאפט איבער'ן באדען איידער איבער דער אטמאספערע; אבער דא האנדעלט זיך גאר ניט וועגען דעם וואס איז גרינגער אדער שווערער, און סעי מאכט פון א מעגליכקייט א רעכט. די פראגע איז ניט: פארוואס מען האט זיך אנגעאייגענט די ערד און ניט דעם ים אדער די לופט; די פראגע איז: מיט וואס פאר א רעכט האט דער מענש פאר **זיך** אנגעאייגענט א רייכטום, **וואס ער האט ניט בעשאפען און וואס די נאטור האט איהם געגעבען אומזיסט.**

סעי ענטשיידעט גאר ניט די פראגע, וואס ער האט זיך אליין געשטעלט. אבער ווען אפילו ער וואלט זי יא ענטשידען, ווען אפילו זיין ערקלערונג וואלט געווען פונקט אזוי בעפרידיגענד, ווי זי איז ארים אין לאגיק, וואלט נאך אלץ געבליבען די פראגע: ווער האט דאס רעכט צו לאזען זיך בעצאהלען פאר דער בענוצונג פון דעם

באָדען, פון דעם רייכטום, וואס איז ניט געשאַפען געוואָרען פון מענשליכע הענט? ווען קומט די אָרענדע פאר דער ערד? אָהן א ספק דעם, וואָס האָט די ערד בעשאַפען. ווער האָט די ערד בעשאַפען? גאָט. דאַן, טראָג זיך אָב, אייגענטימער!

אָבער דער בעשעפער פון דער ערד פערקויפט זי ניט, ער גיט זי אַוועק; און אַוועקגעבענדיג זי, מאַכט ער ניט קיין אונטערשייד צווישען מענש און מענש. ווי־זשע קומט עס, אז איין טייל פון זיינע קינדער ווערן בעהאַנדעלט ווי בכורים און דער אַנדערער — ווי ממזרים? ווי קומט עס, אז פון אורשפּרינגליכען רעכט אויף גלייכע חלקים האָט זיך ענטוויקעלט דאָס שפּעטערע רעכט אויף אונ־גלייכע בעדינגונגען?

סעי גיט אָנצוהערען, אז ווען וואַסער און לופט וואָלטען ניט געווען צערפליסענד וואָלט מען אויך זיי אָנגעאייגענט. איך מוז דאָ פערבייגעהענדיג בעמערקען, אז דאָס איז מעהר ווי א השערה — עס איז א פאַקט. מען האָט זעהר אָפט אָנגעאייגענט וואַסער און לופט. אויב ניט אַזוי אָפט ווי מען האָט עס געקאָנט, איז אָבער אַזוי אָפט ווי מען האָט די ערלויבנים דערצו געהאַט.

ווען די פּאָרטוגעזען האָבען ענטדעקט דעם צוגאַנג צו אינ־דיען דורך דעם קאַפּ פון „גוטער האָפנונג“, האָבען זיי גע'טענה'ט, אז זיי אַליין זיינען די אויסשליסליכע אייגענטימער פון דעם דורכ־גאַנג; און גראָציוס, ווענען די האָלענדער, וואָס האָבען ניט גע־וואָלט אָנערקענען דאָס רעכט פון די פּאָרטוגעזען, האָבען ביי דער געלעגענהייט קאָנסולטירט, האָט ספּעציעל געשריבען זיין טראַק־טאַט איבער דעם „פרייען ים“, כדי צו בעווייזען, אז דער ים איז ניט קיין זאַך פאַר אָנאייגענונג.

דאָס רעכט אויף יאַגד און אויף פיש־פאַנג איז תמיד געווען די אויסשליסליכע פּריווילעגיע פון די אַדעליגע און גרונדבעזיצער; היינט גיבען די רעגירונג און געמיינדען דאָס רעכט איטליכען, וואָס צאָהלט וואַפען־שטייער און פישעריי־שטייער. עס איז געוויס א גוטע זאַך צו רעגולירען די יאַגד און די פישעריי; אָבער זיך לאָזען בעצאָהלען דערפאַר, הייסט בעשאַפען א מאָנאָפּאָל אויף לופט און וואַסער.

וואָס איז א פּאַספּאָרט? אַן אַלגעמיינע עמפּפעהלונג, וואָס ווערט געגעבען דעם רייזענדען; א צייגניס פאַר זיכערקייט פאַר

איהם און פאר זיין האב־און־גוטס. אבער דער שטאאט, וואס האט א טבע צו פערדארבען די בעסטע זאכען, האט געמאכט פונ'ם פאס־פארט א מיטעל צו שפּיאנירען און פאר געלד־איינגאהמע. הייסט דאס ניט פערקויפען דאס רעכט אויף געהן און זיך בעוועגען?

עס איז, למשל, אויך ניט ערלויבט צו שעפּען וואסער אין א ברונעם, וואס געפינט זיך אויף א געוויסער טעריטאריע, אהן דער ערלויבניס פון דעם אייגענטימער, ווייל אויפ'ן גרונד פון דעם רעכט פון ערהווערבונג, געהערט דער קוואל צום בעזיצער פונ'ם באדען, אויב עס איז ניטא קיין געגען־בעזיץ; מען טאר ניט מאכען קיין פענס־טער אין א וואוינונג, ניט בעצאהלענדיג דערפאר א טאקסע; מען טאר ניט מאכען קיין עפענונג וואס זאל ארויסקוקען אויף א הויז, א גארטען, א וויינגארטען, אהן דער הסכמה פון דעם אייגענטימער; מען טאר ניט שפּאצירען אין א פּארק אדער אין אן ארומגעצוימטען פעלד, אויב דער בעל־הבית וויל ניט: יעדער האט דאס רעכט זיך איינצושליסען און צו פערשפּארען. אלע די פערבאטען, זיינען כמעט אזוי ווי רעליגיעזע חרמים, און ניט נאר אויף דער ערד, נאר אפילו אויף דעם וואסער און אין דער לופט. אזוי לאנג מיר זיינען פּראָ־לעטאריער, לעגט אונז דאס אייגענטום אריין אין חרם. „מען האט אויף אונז גוזר חרם געווען אויף ערד, וואסער, לופט און פייער".

די אנאייגענונג פון דעם פעסטסטען פון די עלעמענטען האט ניט געקאנט געשעהן, סיידען מען זאל זיך אנאייגענען אויך די דריי אנדערע עלעמענטען; ווייל לויט דעם רוימישען און פראנ־צויזישען רעכט, ברענגט מיט זיך דאס אייגענטום פון דער אוי־בערפלעך אויך דאס אייגענטום פון אלעס וואס איז אונטער איהם און איבער איהם. „וועמען דער גרונד געהערט, דעם געהערט ער ביז צום הימעל". אויב אבער די בענוצונג פון וואסער, לופט און פייער קאן ניט ווערן קיין אייגענטום, פארוואס־זשע זאל ניט זיין דאס אייגענע מיט דעם באדען? שארל קאמט האט הפנים פאר־אויסגעזעהן די פערקניפּונג פון די דאזיגע לאגישע שלוסען, ווייל ער שרייבט אין זיין „טראקטאט איבער אייגענטום", קאפּ. 5, פאלגענדעס:

„א מענש, וועלכען מען וואלט בערויבט פון דער אטמאספערישער לופט, וואלט אין פערלויף פון אייניגע מינוטען אויפגעהערט צו עקזיס־

טורען, און ווען מען זאָל איהם בערויבען אַפילו בלויז טיילווייז פון דער לופט, וואָלט ער געלעבט אין שרעקליכע שמערצען; די איינענע פאָלגען, ווען אַפילו ניט אַזוי גיך, וואָלטען איינגעטראָטען אויך ווען מען זאָל ביים מענשען צונעהמען, טיילווייז אָדער אין גאַנצען, די נויטיגע שפייז; דאָס איינענע וואָלט אויך פּאַסירט, ווענינסטענס אין געוויסע קלימאַטען, ווען מען וואָלט ביים מענשען צוגענומען זיין קליידונג אָדער דעם דאַך פון איבער זיין קאָפּ... דער מענש מוז, כּדי צו דערהאַלטען זיין חיות, אונ־אויפהערליך אַנאייגענען זיך פערשיידענע מינים זאַכען. אָבער די דאָזיגע זאַכען זיינען ניט תמיד פאַראַן אין דערזעלבער פּראָפּאָרציע. געוויסע זאַכען, ווי למשל דאָס ליכט פון די שטערען, די אַטמאָספערישע לופט. דאָס וואַסער פון די ימים, זיינען פאַראַן אין אַזאַ גרויסער מאָס, אַז די מענשען קאָנען ניט פיהלען די ווירקונג פון זייער פערמינדערונג אָדער פערמעהרונג; יעדער מענש קאָן געניסען פון די זאַכען וויפיעל ער בע־נויטיגט, אָהן שום שאָדען פאַר אַנדערע מענשען, אָהן אַ שום נאַכטייל פאַר זיי. די זאַכען פון דער קאַטעגאָריע זיינען אין אַ געוויסער מאָס דאָס געמיינשאַפטליכע אייגענטום פון דער מענשהייט; דער איינציגער הוב, וואָס דער מענש האָט אין דיעזען הינזיכט, איז מיט זיין גענוס ניט צו שאַדען דעם אַנדערען.״

לאָמיר ענדיגען דעם אַרגומענט וואָס שאַרל קאָמט האָט אָנגע־הויבען. ווען מען זאָל פערוועהרען אַ מענשען צו געהן אויף די גרויסע שליאַכען, זיך אָבשטעלען אויף די פעלדער, בעהאַלטען זיך אין הייהלען, אָנציגדען פייער, אויפקלייבען ווילדע גראָזען, קאָכען די דאָזיגע גראָזען אין אַ שטיק געברענטען ליים, — דאַן וואָלט דער מענש ניט געקאָנט לעבען. הייסט עס, אַז די ערד, פונקט אַזוי ווי וואַסער, לופט און ליכט, איז אַ געגענשטאַנד פון ערשטער נויטווענדיגקייט, וועלכען יעדער מוז קאָנען פריי אויסנוצען, אַבי ער שטערט ניט דעם אַנדערן. פאַרוואָס־זשע האָט מען זיך אָנגע־אייגענט די ערד? ש. קאָנט׳ס ענטפער איז אַ משונה׳דיגער. סעי האָט נאַר־וואָס גע׳טענה׳ט, אַז ס׳איז דערפאַר, ווייל זי, די ערד, איז ניט קיין צ ע ר פ ל י ס ע נ ד ע זאַך; קומט שאַרל קאָמט און זאָגט, אַז דער טעם איז, ווייל זי איז ניט קיין א ו נ ־ ע נ ד ל י כ ע זאַך. די ערד איז אַ בעגרענעצטע זאַך, דערפאַר, זאָגט קאָנט, מוז זי ווערען אָנגעאייגענט. על פי שכל וואָלט ער בעדאַרפט זאָגען פונקט פערקעהרט. דערפאַר טאָר זי ניט ווערן אָנגעאייגענט. וואָרים וויפיעל לופט אָדער ליכט איינער זאָל זיך ניט אָנאייגענען, קאָן ער קיינעם דערמיט ניט שאַדען; עס בלייבט נאָך אַלץ גענוג איבער פאַר אַלעמען. אָבער מיט דעם באָדען איז

גאַנץ אַנדערש. זאָל ווער עס וויל פערכאַפּען, אויב ער וועט נאָר וועלען און קאָנען, די שטראַהלען פון דער זון, דעם ווינד וואָס בלאָזט פערביי, און די כוואַליעס פון דעם ים; איך ערלויב עס איהם און בין אפילו מוחל זיין שלעכטע כונה. זאָל אָבער אַ לעבעדיגער מענש אַרויסקומען מיט אַ פּרעטענזיע צו פערוואַנדלען זיין רעכט אויף באָדען־בעזיץ אין אַ רעכט פון באָדען־אייגענטום, דעמאָלט ערקלער איך איהם קריעג אויף מעסער, און וועל מיט איהם קעמפען ביז צום אויסערסטען.

די אַרגומענטאַציע פון שאַרל קאָמט בעווייזט דעם היפּך פון זיין אייגענעם טענות. ער זאָגט: „צווישען די זאַכען, וואָס זיינען נויטוועגדיג פאַר אונזער ערהאַלטונג, זיינען דאָ אַזעלכע, וואָס זיינען פאַראַן אין אַזאַ גרויסער צאָהל, אַז זיי זיינען אונערשעפּליך; אַנדערע זיינען פאַראַן אין אַ קלענערער צאָהל, און קאָנען בעפריעדיגען די בעדערפעגישען נאָר פון אַ בעשרענקטער צאָהל מענשען די ערשטע רופען מיר אָן ג ע מ י י נ ש א פ ט ל י כ ע, זאַכען פ א ר ׳ ן  כ ל ל, די אַנדערע — זאַכען  פ א ר ׳ ן  פ ר ט“.

דאָס איז אַ ניט זעהר לאָגישע חקירה. וואַסער, ליכט און לופט געהערען צום כלל ניט דערפאַר, וואָס זיי זיינען אונערשעפּליך, נאָר ווייל מען קאָן זיך אָהן זיי ניט בעגעהן; און אויף אַזאַ אופן, אַז די נאַטור האָט זיי דערפאַר בעשאַפען אין אַ כמעט אונבעגרעניצטער מאָס, כדי זייער אונענדליכקייט זאָל זיי בעוואָרענען געגען אָנאייגענונג. אָבער די ערד איז דאָך אויך אַ זאַך אָהן וועלכער מען קאָן זיך ניט בעגעהן, דערפאַר איז זי אַ כלל־זאַך און קען דעריבער ניט ווערען אָנגעאייגענט; נאָר אַזוי ווי די ערד איז פיעל בעגרענעצטער ווי די אַנדערע עלעמענטען, דערפאַר מוז מען די בענוצונג פון דער ערד רעגולירען אויף אַזאַ אופן, אַז ניט נאָר געוויסע מענשען זאָלען האָבען פון איהם אַ נוץ, נאָר אַז די אינטערעסען און די זיכערקייט פון אַלעמען זאָל זיין געשיצט. מיט איין וואָרט, די גלייכהייט פון רעכט איז בעוויזען דורך דער גלייכהייט פון בעדערפעניש. איז אָבער דער אָביעקט אַ בעגרענעצטער, דאַן קאָן די גלייכהייט פון רעכט פערווירקליכט ווערען נאָר דורך דער גלייכהייט פון בעזיץ. דאָס איז אַן אַגראַרישער געזעץ וואָס איז דער יסוד פון דער גאַנצער חקירה פון שאַרל קאָמט.

פון וועלכער זייט מען זאָל ניט בעטראַכטען די דאָזיגע אייגענ־

טומס־פּראַגע, קוים קוקט מען זיך אין איהר אביסעל טיעפער אריין, מוז מען קומען צו דער גלייכהייט. איך וועל זיך ניט אָבשטעלען לענגער אויף די זאכען, וועלכע קאָנען ווערען אָנגע־אייגענט און אויף די, וועלכע קאָנען ניט; אין דעם פּונקט רעדען אַלע יוריסטען און עקאָנאָמיסטען שטותים. דאָס בירגערליכע געזעץ־בוך גיט אַ דעפיניציע פון אייגענטום, אָבער זאָגט ניט אַ וואָרט וועגען דעם, וועלכע זאכען עס מעגען ווערן אָנגעאייגענט און וועלכע ניט; און ווען אפילו עס רעדט זיך דאָרט וועגען זאכען פון משא ומתן, פעהלט אָבער יעדע נעהענטערע און גענויע דעפיניציאָן. אָבער פונדעסטוועגען זיינען דאָרט פאַראַן געוויסע אָנדייטונגען, און דאָס זיינען גראַדע אזעלכע באַנאַלע זעצע, ווי די מלכים האָבען די מאכט איבער אַלע זאכען; צו די איינצעלנע געהערט דאָס אייגענטום; דער מלך בעזיצט אַלעם דורך דער חזקה. די סאָציאַלע סואווערעניטעט ווערט דערמיט אַנטקעגענגע־שטעלט דעם אינדיווידועלען אייגענטום — איז דאָס ניט אַ מין גלייכהייטס־נביאות, אַ רעפּובליקאַנישער אָראַקעל? עס זיינען אויך פריהער געווען בייישפּיעלען אָהן אַ שיעור: למשל, די גיטער פון דער קירכע, פון דער קרוין, פון דעם אדעל האָבען ניט געטאָרט פערקויפט ווערן און זיינען געווען אויסגעשלאָסען פון חזקה. ווען די קאָנסטיטואירענדע פערזאַמלונג פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אָנשטאַט צו פערניכטען די פּריווילעגיע אינגאַנצען, וואָלט זי אויסגעברייטעט און געגעבען צו יעדען בירגער; ווען די קאָנסטיטואַנטע וואָלט געווען ערקלערט, אז דאָס רעכט אויף ארבייט קאָן מען ניט אָנווערן פונקט ווי דאָס רעכט אויף פרייהייט, — דעמאָלט וואָלט די רעוואָלוציע געווען אויסגעפיהרט אינגאַנצען און מיר וואָלטען היינט ניט געהאַט מעהר צו טהאָן, ווי בלויז צו פערפאָלקאָמען דאָס געשאַפענע ווערק.

## § 2. די אַלגעמיינע הסכמה בערעכטיגט ניט דאָס אייגענטום

פון דעם אויבען־ציטירטען טעקסט פון סעי זעהט מען ניט קלאָר, צו דער מחבר מאַכט אָבהענגיג דאָס אייגענטום פון דער ניט־צופליסענדער, בלייבענדער אייגענשאַפט פון דעם באָדען, אָדער פון

דער הסכמה, וועלכע אַלע מענשען, לויט זיין השערה, האָבען געגעבען צו דער אָנאייגענונג. זיין פראַגע איז אַזוי געבויט, אַז זי קאָן אויסגע־טייטש ווערן אויףביידע אופנים און קאָן האָבען ביידע בעדייטונגען מיט א מאָל. מען וואָלט געקאָנט זאָגען, אַז דער מחבר האָט געמיינט: דאָס אייגענטומס־רעכט שטאַמט אורשפּרינגליך פון דער אויסאיבונג פון א ווילענס־מאָטיוו; דערנאָך האָט די פעסטקייט פון דעם באַדען געגעבען דאָס דאָזיגע רעכט א געלעגענהייט אָנגע־ווענדט צו ווערן ספּעציעל ביי ערד; און צום שלוס איז געקומען די אַלגעמיינע הסכמה און האָט סאַנקציאָנירט די דאָזיגע אָנווענדונג.

אַזוי אָדער אַזוי, האָבען דען די מענשען געקאָנט געזעצליך־מאַכען דאָס אייגענטום דורך זייער געגענזייטיגער צושטימונג? איך זאָג, אַז ניין. אַזא מין קאָנטראַקט, ווען ער וואָלט געווען פערפאַסט אפילו פון גראָציוס, מאָנטעסקיע און זשאַן זשאַק רוסאָ; ווען ער וואָלט אפילו געטראָגען די חתימות פון דער גאַנצער מענש־הייט, וואָלט ער אויך דעמאָלט רעכטליך געווען אָהן שום ווערטה, און דער אַקט פון שליסען דעם קאָנטראַקט וואָלט געווען אַן אונ־געזעצליכער. דער מענש קאָן אַזוי ווייניג אָבזאָגען זיך פון דער אַרבייט, ווי פון דער פרייהייט. און וואָס איז דען די אָנערקענונג פון דעם רעכט אויף באָדען־אייגענטום אויב ניט אַן אָבזאָגען זיך פון דער אַרבייט? מען זאָגט זיך דאָך דערמיט אָב פון די מיטלען צו אַרבייטען, מען האַנדעלט מיט א נאַטירליכען רעכט און מען וואַרפט אַראָב פון זיך די אייגענשאַפט פון מענש־זיין.

אָבער לאָמיר אפילו צוגעבען, אַז די דאָזיגע שטילע אָדער פאָרמעלע הסכמה, אויף וועלכער מען שטיצט זיך אַזוי פיעל, האָט עקזיסטירט; וואָס־זשע וואָלט דערפון געדרונגען געווען? עס איז דאָך קלאָר, אַז ביידע צדדים האָבען זיך פון עפּעס אָבגעזאָגט, האָבען אויף עפּעס געמוזט מוחל זיין; מען גיט ניט אַוועק קיין רעכט אָהן אַן עקוויוואַלענט פאַר איהם. הייסט עס, אַז מיר פאַלען ווידער אריין אין גלייכהייט, — דער Sin qua non פון יעדער אָנאייגענונג, און דעריבער, מוז מען, נאָכדעם ווי מען האָט בערעכטיגט דאָס אייגענטום און עס פערענטפערט מיט דער אַלגעמיינער הסכמה, דאָס הייסט מיט דער גלייכהייט, ווידער פערענטפערען די אונגלייכהייט פון די לעבענס־בעדינגונגען מיט דעם אייגענטום. ס'איז אונמעגליך ארויסצופּלאָנטערן זיך פון דעם דאָזיגען לאָגישען קרייז. אויב, לויט די בעדינגונגען פון דעם

סאָציאַלען קאָנטראַקט, איז די גלייכהייט דער תּנאי פון אייגענטום, קומט אויס, אַז אין דעם מאָמענט ווען די גלייכהייט האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירען, איז דער קאָנטראַקט געבראָכען, און יעדע אַרט אייגענטום ווערט גזלה, אוזורפאַציאָן. מען געווינט דערפאַר גאָרנישט פון דער טעאָריע פון דער אַזוי גערופענער אַלגעמיינער הסכּמה פון אַלע מענשען.

### § 3. חזקה גיט ניט קיין רעכט אויף אייגענטום.

דאָס רעכט אויף אייגענטום איז געווען דער אָנהויב פון בייזעס אויף דער ערד, דאָס ערשטע רינגעלע אין דער לאַנגער קייט פון פערברעכען און עלענד, וואָס די מענשהייט האָט דורכגעמאַכט זינט זי לעבט. דער ליגען פון חזקה איז דער פערדערבליכער כּשוף, וואָס איז ארויפגעוואָרפען געוואָרען אויף דעם דענקען, דער טויט־אורטייל וואָס איז איינגערוימט געוואָרען אין אויער פון דעם געוויסען, כּדי צו פערהאַלטען דעם פאָרטשריט פון דעם מענשען צום אמת און אויפצוהאַלטען די עבודה־זרה פון דעם טעות.

דער קאָדעקס דעפינירט חזקה אַזוי: „אַ מיטעל צו ערווערבען אָדער פערלירען אין לויף פון „צייט". ווען מיר זאָלען אָנווענדען די דעפיניציאָן אויף אידעען און אמונות, וואָלטען מיר זיך געקאָנט בענוצען מיט דעם וואָרט ח ז ק ה, כּדי צו בעצייכענען די שטאַרקע ליעבע וואָס מענשען האָבען צו יעדען אַלטען אַבערגלויבען אויף יעדען געביט און די אָפט בלוטיגע און ווילדע געגנערשאַפט, וואָס יעדע נייע ענטדעקונג, יעדער נייער אמת בעגעגענט צו אַלע צייטען; די געגנערשאַפט וואָס מאַכט דעם פאָרשער און דענקער צו אַ מאַרטירער. עס איז ניטאָ קיין איין פּרינציפּ, קיין איין ענטדעקונג, קיין איין איידעלער געדאַנק, וואָס זאָל זיך ניט האָבען אָנגעשטויסען ביי זיין ערשטען אריינפאָהר אין דער וועלט אָן אַ שרעקליכער באַריקאַדע פון פאָראויס־געפאַסטע מיינונגען, אַ פערשווערונג פון אַלטע פאָראורטיילען. חזקה אַקעגען דעם שכל, חזקה אַקעגען די פאַקטען, חזקה אַקעגען יעדען אמת, וואָס איז פריהער ניט געווען בעקאַנט, — דאָס איז דער סך הכּל פון דער פילאָזאָפיע פון „סטאַטוס קוואָ", דער סימבאָל פון די קאָנסערוואַטאָרען אין אַלע יאָהרהונדערטען.

ווען די עוואַנגעלישע רעפאָרם איז געבראַכט געוואָרען צו דער וועלט, איז דאָרט געווען א חזקה פאַר גוואַלדטהאַט, אויסגעלאַסענ־קייט און ענגאַאיזם; ווען גאַלילעאַ, דעקאַרט, פאַסקאַל און זייערע תלמידים האָבען מחדש געווען די פילאָזאָפיע און די וויסענשאַפטען, — האָט די פילאָזאָפיע פון אריסטאָטעל געהאַט א חזקה; ווען אונזערע עלטערן פון 89 האָבען פערלאַנגט פרייהייט און גלייכהייט, איז געווען א חזקה פאַר טיראַנײ און פריווילעגיעס. „תמיד זיינען געווען אייגענטימער און זיי וועלען תמיד זיין" — אָט מיט דעם טיעפען מאמר, מיט די לעצטע אָנשטרענגונג פון א ווילדען עגאָאיזם, ווילען די פראָפעסאָרען פון אונגלייכהייט ענטפערן אויף די אָנגריי־פען פון זייערע געגנער; און זיי גלויבען הפנים, אז מען קען האָבען א חזקה אויף אידעען פונקט ווי אויף אייגענטום.

מיר, היינטיגע מענשען, וואָס זיינען אויפגעקלערט דורך דעם טריאומף־גאַנג פון די וויסענשאַפטען, האָבענדיג געלערנט פון די גלענצענדסטע ערפאָלגען, ניט צו געטרויען אונזערע אייגענע מיינונגען, — מיר נעהמען אויף מיט נחת־רוח, מיט אפלאָוז דעם נאַטור־בעאָבאַכטער, וועלכער זוכט א נייעם פרינציפ, א נייעם ניט־ענטדעקטען געזעץ, שטיצענדיג זיך אויף דער טיעפסטער אַנאַליזע, בענוצענדיג זיך מיט טויזענדער עקספּערימענטען. מיר שטויסען היינט ניט אוועק קיין שום אידעע, קיין שום פאַקט אויף דעם גרונד, ווייל עס האָבען אַמאָל געלעבט מענשען וואָס זענען געווען פעהיגער פאַר אונז און האָבען דאָך ניט בעמערקט די זעלבע ערשיינונגען, ניט פערשטאַנען די זעלבע אַנאַלאָגיעס. פאַרוואָס זאָלען מיר ניט אריינטראָגען אין פּאָליטישע און פילאָזאָפישע פראַגען די זעלבע אָביעקטיוויטעט? פון וואַנען קומט די לעכערליכע מאַניע צו בעהויפּטען, אז אַלצדינג איז שוין געזאָגט געוואָרען, דאָס הייסט, אז אַלצדינג איז שוין בעקאַנט אין פראַגען פון פערשטאַנד און מאָראַל? פאַרוואָס דיענט דער שפּרוך פון „אין כל חדש תחת השמש" אויסשליסליך פאַר מעטאַפּיזישע חקירות?

מען מוז מודה זיין, אז מיר האַלטען נאָך דערביי, אז מיר פילאָזאָפירען נאָך אַלץ מיט אונזער פאַנטאַזיע און ניט מיט מעטאָ־דע און אויף גרונד פון בעאָבאַכטונג; די פאַנטאַזיע און דער ווילען זיינען אומעטום די ריכטער אויף דעם אָרט פון שכל און

פון פאקטען. און דערפאר איז עד היום אונמעגליך צו דערקענען צווישען דעם שארלאטאן און דעם פילאָזאָף, דעם געלעהרטען און דעם שווינדלער. פון שלמה המלך׳ס און פיטאגאָראס׳ צייטען אָן האָט די פאנטאזיע זיך ממש ערשעפּט מיט דעם אויסטראכטען און ט ר ע פ ע ן די סאָציאלע און פּסיכאָלאָגישע געזעצען; אלע מינים סיסטעמען זיינען פאַרגעשלאָגען געוואָרן. און אָט פון דעם שטאנדפונקט איז פיליכט ריכטיג, אז „א ל צ ד י נ ג א י ז ג ע ז א ג ט ג ע װ א ר ע ן". עס איז אָבער אויך נאָך מעהר ריכטיג, אז „א ל צ ד י נ ג א י ז נ א ך ג ע ב ל י ב ע ן נ י ט ע ר פ א ר ש ט". אין דער פּאָליטיק (אום צו רעדען בלויז פון דעם צווייג פון דער פילאָזאָפיע) קלייבט זיך יעדער מענש אויס זיין פּארטיי לויט זיין ליידענשאפט און זיין אינטערעס; דער פערשטאנד אונטערוואַרפט זיך דעם געבאָט פון דעם ווילען; עס איז ניט פאראן קיין וויסען, אפילו ניט קיין אָנהויב פון זיכערהייט. די אלגעמיינע אונוויסענהייט ברענגט מיט זיך די אלגעמיינע טיראַניי; און אין דערזעלבער צייט וואָס די כּארטע גאראנטירט די פרייהייט פון דענקען, בעשליסט די כּארטע — אונטער דעם נאָמען פון אחרי רבים להטות, — די שקלאפעריי פון דעם דענקען.

איך וויל מיך האלטען ביי דער פראגע פון דער חזקה בנוגע צו דיני ממונות, פון וועלכע דאָס בירגערליכע געזעצבוך רעדט, און האָב ניט די אבזיכט אריינצולאָזען זיך אין א דיסקוסיע איבער די נאטור פון אָט דעם רעכט, פון וועלכען די אייגענטימער רעדען. עס וואָלט געווען צו לאנגווייליג און מליצה׳דיג. יעדער איינער ווייסט, אז עס זיינען פאראן רעכט, וואָס קאָנען ניט איבערגעהן אין חזקה; און אפילו ביי די זאכען, וועלכע מען קאָן יאָ קונה זיין דורך דעם פערלויף פון צייט, איז אויך, ווי יעדער ווייסט, די חזקה געבונדען צו געוויסע תנאים, וואָס אויב עס פעהלט נאָר איינער פון זיי, פערלירט די חזקה איהר ווערטה. אויב עס איז אפילו אמת, למשל, אז דער בעזיץ פון דעם אייגענטימער איז געווען ב י ר ג ע ר ל י ך, ע פ ע נ ט ל י ך, פ ר י ד ל י ך און נ י ט א ו נ ט ע ר ב ר א כ ע ן, איז פון דער אנדער זייט ניט ווייניגער אמת, אז ער האָט ניט דעם ר י כ ט י ג ע ן ר ע כ ט ס-ט י ט ע ל, ווייל די איינציגע רעכטס-טיטלען, אויף וועלכע ער

קאן זיך בערופען, — דהינו, די אקופאציאן און די ארבייט, — קאנען גילטען פונקט אזוי גוט פאר דעם מאהנענדען פראלעטאריער ווי פאר דעם בעל־דין דעם אייגענטימער. נאך מעהר, דער דאזיגער בעזיץ האט אפילו ניט דעם פארצוג פון גוטען גלויבען, פון באנא פידעס, ווייל ער שטיצט זיך אויף א רעכטס־פעהלער, און א פעהלער לאזט ניט צו קיין חזקה, לויט דעם גרונדזאץ פון פאול: „ביי בעזיץ־און געברויכס־פראגען קאן קיין פעהלער ניט דיענען לטובה פון דעם בעזיצער“. דא איז פאראן א רעכטס־פעהלער, סיי אין דעם וואס דער בעזיצער בענוצט זיך מיט דעם רעכטס־טיטעל אייגענטימער בשעת ער האט ניט קיין אנדער רעכטס־טיטעל ווי אלס שומר שכיר, וואס ציהט נוצען פון דער צו איהם אנפערטרויטער זאך; סיי שוין אין דעם אליין וואס ער האט געקויפט א זאך וואס קיינער האט ניט געטארט, ניט אבטרעטען, ניט פערקויפען.

אן אנדער גרונד פארוואס די חזקה קאן ניט ווערן קיין ארגומענט פאר דעם אייגענטום, — א גרונד וואס איז גענומען פון די פיינסטע יוריסטישע חקירות, — איז דער, וואס דאס רעכט אויף בעזיץ פון אונבעוועגליכע גיטער איז א טייל פון אן אלגעמיינעם רעכט, וועלכער איז קיינמאל ניט אונטערגעגאנגען, אפילו ניט אין די שווערסטע און אונגליקליכסטע צייטען פון דער מענשהייט; און עס איז גענוג פאר די פראלעטאריער צו בעווייזען, אז זיי האבען תמיד, לכל הפחות צום טייל בענוצט זיך מיט דעם דאזיגען רעכט, כדי זיי זאלען צוריק בעקומען דאס פולע רעכט. דער מענש, למשל, וואס האט דאס אלגעמיינע רעכט צו בעזיצען, געבען, אויסטוישען, לייהען, פערדינגען, פערקויפען, אומבילדען אדער צושטערען א חפץ, האלט פאר זיך דאס רעכט שטענדיג שוין דורך דעם פאקט אליין, וואס ער קאן זי פערלייהען, אפילו ווען ער האט ניט ארויסגעוויזען אויף אן אנדער אופן אין בעזיץ־רעכט. מיר וועלען ווייטער זעהן, אז גלייכהייט פון גיטער, גלייכהייט פון רעכט, פרייהייט, ווילען, פערזענליכקייט זיינען סינאנימען, פערשיידענע אויסדרוקען פאר דעם אייגענעם בעגריף, — דהינו, דאס רעכט פון ערהאלטען און ענטוויקלען; מיט איין ווארט, פון דעם רעכט צו לעבען, אקעגען וועלכען די חזקה קאן האבען א ממשות נאר דעמאלט, ווען די מענשען הערן אויף צו עקזיסטירען.

וואָס איז שייך צו דער צייט, וואָס איז נויטיג פאַר דער ענטשטעהונג פון דעם חזקה־רעכט, איז דאָך איבעריג צו בעווייזען, אז דאָס אייגענטום־רעכט בכלל קאָן ניט ווערן ערוואָרבען דורך דעם בעזיץ אין דעם משך פון צעהן, צוואַנציג, הונדערט, טויזענד, הונדערט טויזענד יאָהר; און אזוי לאַנג וגי עס וועט נאָך בלייבען א מענשליכער קאָפּ וואָס איז פעהיג צו פערשטעהן און צו בעקעמפען דעם אייגענטומס־רעכט, וועט דאָס דאָזיגע רעכט קיינמאָל ניט אריינגעהן אין חזקה. וואָרים א יורידישער פרינציפּ אָדער אן אקסיאָם פון דער פערנונפט קאָן ניט ווערן אוועקגעשטעלט אויף דער־זעלבער שטופע ווי א צופעליגער און גרונדלאָזער פאַקט. דער בעזיץ פון איין מענשען קען זיך פערשליסען אקעגען דעם בעזיץ פון א צווייטען מענשען; אָבער פונקט אזוי ווי דער בעזיצער קאָן זיך ניט אָבשליסען פאַרזיך אליין, אזוי האָט אויך דער פערשטאַנד די פעהיגקייט תמיד אויפ׳ס ניי זיך צו ענדערען און פערבעסערן. דער פעהלער פון דער פערגאַנגענהייט בינדט איהם ניט אויף דער צוקונפט. דער פערשטאַנד איז תמיד און אייביג דער אייגענער; אָבער די אינסטיטוציע פון אייגענטום, דאָס ווערק פון דעם אונוויסענדען פערשטאַנד, קאָן אָבגעשאַפט ווערען פון דעם פערשטאַנד, ווען ער ווערט אויפגעקלערט. דערפאַר קאָן אויך דאָס אייגענטום זיך ניט שטיצען אין גאַנצען אויף חזקה. דאָס אלעס איז אזוי פעסט און אמת, אז דערפון איז אויסגעוואַקסען דער יורידישער כלל, אז בנוגע צו חזקה העלפט קיין שום רעכטס־פעהלער ניט.

אָבער איך וואָלט געוואָרען אונטריי צו מיין מעטאָדע, און דער לעזער וואָלט געהאַט א פולען רעכט מיך צו בעשולדיגען אין שאַרלאַטאַניזם און ליגען, ווען איך וואָלט ניט געהאַט צו זאָגען עפּעס מעהר בנוגע צו דער חזקה. איך האָב פריהער בעוויזען, אז די אָנאייגנונג פון באָדען איז אונגעזעצליך; און אפילו ווען דאָס וואָלט געווען געזעצליך, וואָלט אויך דערפון לאָגיש געדאַרפט פאָלגען די גלייכהייט פון אייגענטום. ווייטער האָב איך בעוויזען, אז די אלגעמיינע הסכמה איז גאָר קיין ראיה ניט פאַר דעם אייגענטום; און ווען זי קאָן יאָ עפּעס בעווייזען, בעווייזט זי די גלייכהייט פון אייגענטום. איצט בלייבט מיר נאָך איבער צו בעוויי־

זען, אַז אפילו די חזקה, ווען מען וואָלט זי געקאָנט צולאָזען, זעצט אויף פאַראויס די גלייכהייט פון אייגענטום.

דער דאָזיגער בעוויז וועט זיין ניט לאַנג און ניט שווער. עס וועט זיין גענוג בלויז צו דערמאָנען די מאָטיווען, וואָס האָבען געבראַכט צו דער איינפיהרונג פון חזקה.

„די חזקה", זאָגט דיונאָ, „איז אויף דעם ערשטען בליק ניט צו פעראייניגען מיט דעם פרינציפּ פון דער נאַטירליכער גלייכהייט, וועלכע ערלויבט ניט, אַז מען זאָל ביי איינעם צונעהמען זיין פערמעגען קעגען זיין ווילען און אָהן זיין וויסען, און מאַכען דערמיט רייך אַ צווייטען. אָבער ווען די חזקה וואָלט ניט עקזיסטירט, ווי אָפט וואָלט עס פאָרגעקומען, אַז איינער וואָס ערווערבט זיך אַ נחלה מיט גוטען גלויבען, וואָלט אַרויסגעוואָרפען געוואָרען פון זיין נחלה, ניט קוקענדיג אויף דעם לאַנגיאָהריגען בעזיץ; און אַפילו דער, וואָס האָט ערוואָרבען די נחלה פון דעם אמת'ן בעזיצער, אָדער דער וואָס האָט זיך פריי געמאַכט מיט געזעצליכע מיטלען פון אַלע פערפליכטונגען און פערשולדיגונגען, וואָלט געקאָנט, פערלירענדיג זיין בעזיץ־דאָקומענט, ווערן אַרויסגעשטעלט אָדער אויפ'ס ניי פערשקלאַפט אין חובות און פערפליכטונגען! דערפאַר האָט דאָס עפענטליכע רעכט געפאָדערט, אַז מען זאָל פעסטזעצען אַ טערמין, נאָך וועלכען עס זאָל מעהר ניט ערלויבט ווערן צו בעאונרוהיגען די בעזיצער אָדער נאָכצופאָרשען נאָך לאַנג פערנאַכלעסיגטע רעכט... דאָס בירגערליכע רעכט, דורך דער איינפיהרונג פון חזקה־רעכט, האָט בלויז פערפאָלקאָמט דאָס נאַטירליכע רעכט, און מוסיף געוועזן צו דעם פעלקער־רעכט. און אַזוי ווי די חזקה איז בעגרינדעט אויף דעם אַלגעמיינעם וואוילזיין, וואָס דאַרף תמיד שטעהן פריהער פון יעדען פריוואַטאינטערעס, — די חזקה איז איינגעפיהרט געוואָרען צוליעב דעם עפענטליכען אינטערעס, — מוז זי געהאַלטען ווערן אין כבוד, כל זמן זי ערפילט די בעדינגונגען וואָס דאָס געזעץ פערלאַנגט".

טוליע, אין זיין „בירגערליכעס רעכט", זאָגט:

„כדי דער בעזיץ פון זאַכען זאָל זיך ניט געפינען שטענדיג אין אַ צושטאַנד פון אַ צו־לאַנגער אונזיכערקייט, וועלכע קען שאָדען דעם עפענטליכען אינטערעס און אַריינברענגען פערווירונג אין דעם פאַמיליען־לעבען און צושטערען די דויערהאַפטיגקייט און ממשות'דיגקייט פון סאָציאַלע פערהאַנדלונגען, האָט דאָס געזעץ בעשטימט אַ צייט, נאָך וועלכער ער לאָזט מעהר ניט צו, אַז מען זאָל צוריק־פערלאַנגען די נחלה, און גיט צוריק דעם בעזיץ זיין אַלטע פּריווילעגיע דורך דעם, וואָס ער פעראייניגט איהם מיט דאָס אייגענטום."

קאָסיאַדאָר האָט געזאָגט וועגען אייגענטום, אַז עס איז

דער איינציגער זיכערער האָפען אין דעם שטורם פון אינטריגען און דעם קאָבעניש פון דער גיריגקייט.

די חזקה, הייסט עס, איז לויט אַלע אויטאָריטעטען אַ מיטעל אויפצוהאַלטען די עפענטליכע אָרדנונג; אין געוויסע פאַלען אַן אומקעהר צו דעם פּרימיטיווען שטייגער פון ערווערבען אייגענטום; אַ פיקציע פון דעם בירגערליכען געזעץ, וואָס שעפּט זיין גאַנצען כח פון דער נויטווענדיגקייט צו רעגולירען סכסוכים, וועלכע מען וואָלט ניט געקאָנט אויסמיידען אויף אַן אַנדער אופן. ווייל, ווי גראָציוס זאָגט, די צייט אַליין האָט ניט קיין שום ווירקענדע סיבה; אַלצדינג קומט מיט דער צייט, אָבער גאָר נישט געשעהט דורך דער צייט. די חזקה, אָדער דאָס רעכט אויף אַ נחלה נאָך דעם פערלויף פון אַ בעשטימטער צייט, איז דערפאַר אַ פיקציע פון דעם געזעץ, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן קאָנווענציאָנעל.

אָבער יעדעס אייגענטום האָט בהכרח אָנגעהויבען מיט דער חזקה, אָדער ווי דער לאַטיינישער טערמין זאָגט, מיט דער Jsucapion ד"ה מיט דעם דויערהאַפטען בעזיץ. איצט פרעג איך: ערש־טענס, ווי אַזוי קאָן דער בעזיץ ווערן אייגענטום דורך דער צייט? איהר מעגט פערלענגערן די צייט פון בעזיץ אַזוי לאַנג ווי איהר ווילט, עס בלייבט פאָרט בלויז אַ צייט, און צייט קען ניט מאַ־כען דעם געברויכער צום אייגענטימער. ווען דאָס געזעץ ערקלערט, אַז די צייט קאָן מאַכען דעם בעזיצער פאַר אַן אייגענטימער, זעצט עס דערמיט פאָראויס, אַז אַ רעכט קאָן בעשאַפען ווערן אָהן אַ סבה, אָהן אַ מאָטיוו; דאָס געזעץ טרעט אַריבער זיינע גרענעצען. די עפענטליכע אָרדנונג און די זיכערקייט פון די בירגער האָבען געפאָ־דערט בלויז, אַז דער בעזיץ זאָל ווערן גאַראַנטירט; פאַרוואָס האָט דאָס געזעץ געדאַרפט שאַפען אייגענטום? די חזקה איז געווען אַ מין צוקונפטס־פערזיכערונג; פאַר וואָס האָט דאָס געזעץ געמאַכט דערפון אַ פּרינציפּ פון פּריווילעגיע?

לכן, איז דער אורשפּרונג פון דער חזקה דער אייגענער ווי דער אורשפּרונג פון אייגענטום אַליין; און אַזוי ווי דאָס איי־גענטום האָט זיך ניט געקאָנט לעגיטימירען אונטער אַן אַנדער בע־דינגונג ווי אונטער אַ פאָרמעלער גלייכהייט, איז די חזקה בלויז איינע פון די טויזענד געשטאַלטען אין וועלכע עס טרעט אַרויס די נויטווענדיגקייט צו בעזיצען די דאָזיגע קאָסטבאַרע גלייכהייט. אין

דאָס איז ניט סתם א השערה אין דער וועלט אריין; איהר קענט געפינען דעם בעווייז דערפאר אין אַלע געזעצביכער.

אָבער, אין דער אייגענער צייט וואָס מען האָט אייגעפיהרט די חזקה און די קאָדעקסען, האָט מען אויפגעשטעלט דעם גרונד־זאַץ, אז דאָס אייגענטום קאָן ווערן ערהאַלטען דורך דעם בלויזען ווילען. אויב דאָס איז אזוי, אויב דער אייגענטימער קאָן ניט פערלירען זיין רעכט אנדערש ווי דורך זיין אייגענע הסכמה, ווי אזוי קאָן דאָן זיין ניצליך די חזקה? וואָס האָט דען די צייט צו טהאָן מיט דעם ווילען פון דעם אייגענטימער? מיט וואָס פאר א רעכט בעשטראָפט מען דעם אייגענטימער, וואָס איז א לאַנגע צייט געווען ווייט פון זיין נחלה, און מען נעהמט זי אוועק פון איהם? מיט אנדערע ווערטער, פריהער האָבען מיר געזעהען, אז חזקה און אייגענטום זיינען צוויי בעגריפען פאר איין זאַך, איצט אָבער געפינען מיר, אז זיי זיינען הפכים!

גראָציוס האָט פערשטאַנען די הארבקייט פון דעם ווידער־שפרוך און האָט עס פערענטפערט אויף א מערקווירדיגען אופן: „וואו איז דער מענש — זאָגט ער — מיט אזא ניט־קריסטליכער נשמה, וואָס וואָלט געוואָלט פאר א קליינינקייט פעראייביגען די זינד פון דעם בעזיצער, וואָס וויל זיך ניט אָבזאָגען פון זיין רעכט?" וואו? מיין גאָט — איך בין אזא מענש! מעגען א מיליאָן אייגענטימער זיך בראָטען אין גיהנום, איך לעג אויף זייער געוויסען די שולד פאר דעם וואָס זיי האָבען ביי מיר אוועקגעראָבעוועט מיין חלק אין דער וועלט. גראָציוס האָט נאָך אַן ארגומענט. ער זאָגט, אז עס איז גלייכער אָבצוזאָגען זיך פון א רעכט, ווי צו פיהרען פּראָצעסען איבער איהם, ברענגען מחלוקות, צושטערען דעם שלום, אָנצינדען דעם פייער פון בירגער־קריעג. מהיכי־תיתי; אָבער מען מוז מיך ענטשעדיגען פאר דעם דאָזיגען אָבזאָגען־זיך פון מיין רעכט. ווען מען טהוט עס ניט, וואָס ארט מיך, פּראָלעטאריער, די רוה און די זיכערקייט פון די גבירים? מיך אָרט די עפענטליכע אָרדנונג פונקט אזוי פיעל ווי דער וואוילטאָג פון די אייגענ־טימער. איך פערלאַנג צו לעבען פון דער ארבייט; און אויב ניט, וועל איך שטאַרבען אין קאַמף.

אין וואָס פאר פּלפּולים מען זאָל זיך ניט אריינלאָזען, די חזקה בלייבט פאָרט דער היפוך פון אייגענטום; אָדער, בעסער געזאָגט,

אייגענטום און חזקה זיינען צוויי פאָרמען פון דעמזעלבען פרינציפּ, אָבער אזעלכע צוויי פאָרמען, וואָס קאָרעגירען זיך איינע די אַנדערע; און דער פערזוך פון דער אַלטער און מאָדערנער יוריספּרודענץ זיי צו פעראייניגען איז געווען איינער פון איהרע גרעסטע שטותים.

די מיסיאָן פון די געזעץ־מענשען האָט געדאַרפט זיין צו רעפאָרמירען דאָס, וואָס איז געווען שלעכט אין דער געזעצגעבונג; אַנשטאט אָבער צו רעפאָרמירען, גוט־מאַכען דאָס פעהלערהאַפטע, אויסגלייכען די ווידערשפּרוכען, האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט ביי דעם בוכשטאַב פון דעם געזעץ און זיך בעגנוגענט מיט דער ראָלע פון מפרשים און הגהות־שרייבער. זיי האָבען, ווי די טעאָלאָגען, געמאַכט זיך פאַר אַ חוק, אז דאָס וואָס איז אָנגענומען געוואָרן פון אַלעמען, אומעטום און שטענדיג — איז אַן אונפעהלבארער אמת; פונקט אזוי ווי אַן אַלגעמיין אָנגענומענע אמונה, וואָס האָט קיין שום גרונדלאַגע ניט אין דעם פערשטאַנד, וואָלט בעוויזען עפּעס אַנדערש ווי אַן אַלגעמיינע פערבלענדעניש. לאָמיר זיך ניט נאַרען: די הסכמה פון אַלע פעלקער קאָן דיענען דערצו, אז מען זאָל אויפמערקזאם ווערען אויף אַ פאַקט, דערפיהלען די פערשוואומענע סענטימענטען פון אַ געזעץ; אָבער זי קאָן אונז גאָרנישט זאָגען ממשות'דיגעס, ניט איבער דעם פאַקט און ניט איבער דעם געזעץ. די הסכמה פון דעם גאַנצען מין האנושי איז אַן אָנדייטונג פון דער נאַטור, און ניט ווי ציצעראָ האָט געזאָגט, אַ געזעץ פון דער נאַטור.

דער אמת בלייבט פערבאָרגען אונטער דעם שיין, וואָס די אמונה מעג זיך גלויבען אין איהם; אָבער נאָר דער שכל אַליין קאָן איהם דערקענען און פערשטעהן. אַזוי איז געווען דער גאַנג פון דעם פּראָגרעס פון דעם מענשליכען גייסט אין אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו פיזיקאַלישע ערשיינונגען און צו די שאַפונגען פון זשעניען. פאַרוואָס זאָל עס זיין אַנדערש מיט די פאַקטען פון געוויסען און די רעגעלען פון אונזערע האַנדלונגען?

### § 4. איבער ארבייט, — די ארבייט אַן און פאר זיך האָט ניט קיין שום אַנאייגנונגס־קראַפט איבער די זאַכען פון דער נאַטור.

מיר וועלען בעווייזען דורך די אַפּאָריזמען פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע און רעכט, ד. ה. דורך די וויכטיגסטע ארגומענטען וואָס דאָס אייגענטום האָט אויפצואווייזען:

1) אַז די ארבייט אַן און פאר זיך האָט ניט קיין שום אנאייגענונגס־קראַפט איבער די זאכען פון דער נאַטור;

2) אַז אפילו ווען מען אנערקענט די דאָזיגע קראַפט, איז מען לאָגישערווייזע געצוואונגען אָנצוערקענען די גלייכהייט פון אייגענטום, — ווי פעיִשיידען עס זאָל ניט זיין די ארט פון דער ארבייט, די זעלטענקייט פון דעם פּראָדוקט, די אונגלייכקייט פון די פּראָדוצירענדע קרעפטען;

3) אַז אין דעם געביט פון גערעכטיגקייט ווערט דאָס אייגענטום צ ו ש ט ע ר ט דורך די ארבייט.

נאָכפאָלגענדיג דעם ביישפּיעל פון אונזערע געגנער, און כדי ניט איבערצופולאָזען אויף אונזער וועג קיין דערנער און שטרויכלונגען, וועלען מיר די פראגע בעהאנדלען פון אָנהויב, אזוי וויים ווי ס'איז מעגליך.

ש. קאָמט („טראַקטאַט איבער אייגענטום") זאָגט: „פראנקרייך, בעטראַכט אלס נאַציאָן, האָט איהר אייגענע טעריטאָריע".

פראנקרייך בעזיצט, ווי א יחיד, א טעריטאָריע, וועלכע זי נוצט אויס, אָבער זי איז ניט איהר אייגענטימער. נאַציאָנען צווישען זיך זיינען פּונקט ווי יחידים צווישען זיך: זיי ארבייטען און זיי ציהען נוצען פון דער ארבייט. עס איז בלויז א מיסברויך פון דער שפּראַך ווען מען זאָגט, אַז א נאַציאָן האָט א הערשאַפט איבער דעם באָדען. דאָס רעכט צו געברויכען און מיסברויכען געהערט צו א פאָלק פּונקט אזוי וועניג, ווי צו דעם איינצעלנעם מענשען; און עס וועט קומען א צייט, ווען א מלחמה וואָס וועט ווערן אונטערנומען צו בעשטראָפען דעם מיסברויך פון דער ערד דורך א נאַציאָן, וועט זיין א הייליגע מלחמה.

ש. קאָמט, — וועלכער נעהמט זיך אונטער צו ערקלערן ווי אזוי אייגענטום ווערט געבילדעט, און פאַנגט לכתחילה אָן מיט

דער בעהויפּטונג, אַז אַ נאַציאָן איז אַן אייגענטימער, — פאַלט אויף אַזאַ אופן אריין אין אַ סאָפיזם, וואָס ווערט גערופען Petitio Principii, (אַ פאַלשער סילאָגיזם, וועלכער נעהמט־אָן אַלס אַן אמת דאָס, וואָס ער דאַרף ערשט בעווייזען) און פון דעם מאָמענט אָן איז זיין גאַנצע ארגומענטאַציע פערניכטעט.

אויב דער לעזער דענקט, אַז צו שטעלען אונטער פראַגע דאָס אייגענטום־רעכט פון אַ נאַציאָן איבער איהר טעריטאָריע, הייסט אביסעל צו וויים טרייבען די לאָגישע חריפות, וועל איך איהם בלויז דערמאָנען, אַז פון דעם פיקטיווען נאַציאָנאַלען רעכט אויף אייגענטום זיינען ענטשטאַנען אין אַלע צייטען די פּרעטענזיעס אויף הערשאַפט און שטייערן־צינזען, צוואַנגס־ארבייט, אָבצאָהלונג־ גען פון מענשען און געלדער, ליפערונגען פון סחורות א. אַז. וו. און אַז דאָס אָבזאָגען זיך פון די דאָזיגע שטייער־צאָהלונגען האָט ארויס־ גערופען אויפשטאַנדען, מלחמות און פעלקער־פערניכטונגען.

„עס עקזיסטירען, אין מיטען פון דער דאָזיגער טעריטאָריע, גרויסע שטרעקען לאַנד, וועלכע זיינען נישט פערוואַנדעלט געוואָרען אין פּריוואַטע אייגענטימער. דיזע שטרעקען, וועלכע בעשטעהען מייסטענס פון וועלדער, געהערען צו דער גאַנצער בעפעלקערונג, און די רעגירונג וועל־ כע נעהמט די שטייערן פון זיי, נוצט זיי אויס, אָדער וואָלט געדאַרפט זיי אויסנוצען, אין די אינטערעסען פון כלל.“

„וואָלט זיי געדאַרפט אויסנוצען“, איז גוט געזאָגט; עס ווערט דורך דעם אויסגעמיטען צו זאָגען אַ ליגען.

„זאָל מען זיי שטעלען צום פערקויף...“

פאַרוואָס שטעלען צום פערקויף? ווער האָט דאָס רעכט זיי צו פערקויפען? אפילו ווען אַ נאַציאָן זאָל זיין דער אייגענטימער, האָט דען דער היינטיגער דור אַ רעכט עס צוצונעהמען ביי דעם קינפטיגען? דאָס פאָלק בעזיצט נאָר דאָס געברויך־רעכט; די רעגירונג רעגירט, גיט אכטונג, בעשיצט, און פערטיידיגט עס. אויב זי גיט אויך קאָנצעסיאָנען אויף לאַנד, קען זי עס נאָר געבען פאַר'ן געברויך; זי האָט ניט קיין רעכט צו פערקויפען אָדער אוועקצושענקען די מינדסטע זאַך. ניט האָבענדיג קיין אייגענטום־ רעכט, ווי אַזוי וואָלט זי געקאָנט איבערגעבען אייגענטום?

„ווען אַ פלייסיגער מענש וואָלט, למשל, געקויפט אַ טייל פון אַ גרויסען זומפּ, וואָלט עס ניט געווען קיין אוזורפּאַציאָן. ווייל דער

עולם וואָלט געקראָגען דערפאַר פון דער רעגירונג פונקט אַזויפיעל ווי־פיעל עס איז ווערטה, און וואָלט געבליבען פונקט אַזוי רייך נאָכ'ן פער־קויף, ווי ער איז געוועזען פריהער."

דאָס ווערט שוין לעכערליך. וואָס! ווייל אַ פערשווענדע־רישער מיניסטער, אונפאַרזיכטיג אָדער אונפעהיג, פ ע ר ק ו י פ ט די גיטער פון דעם שטאַאט, בעת איך קאָן אַפילו ניט פערביטען דעם פערקויף; בעת איך, — דאָס אויג אין קאָפּ פון דעם שטאַאט, — איך האָב ניט קיין דעה און ניט קיין שטימע, סיי צו בעראַטען סיי צו בעשליסען אין דעם שטאַאטס־ראטה, — זאָל דער פערקויף דערפאַר זיין גוט און געזעצליך! די אַפּטרופּסים פון דעם פאָלק פערשווענדען זיין נחלה און דאָס פאָלק קאָן זיך נישט העלפען! איך האָב ערהאַלטען, זאָגט איהר, פון מיין רעגירונג, מיין טייל פון דעם וואָס דער האַנדעל האָט איינגעבראַכט. אָבער קודם כל האָב איך גאָר ניט געוואָלט פערקויפען; און ווען איך וואָלט עס געוואָלט, וואָלט איך עס ניט געקאָנט. איך האָב דערצו קיין רעכט ניט געהאַט. און נאָך אַלעמען זעה איך גאָרנישט וואָס איך האָב פון דעם געשעפט פּראָפיטירט. מיינע אַפּטרופּסים האָבען בעקליידט עטליכע סאָלדאַטען, פעררוכט אַן אַלטע פעסטונג, אויפגעשטעלט פאַר זייער אייגענער גאוה וועגען עפּעס אַ טהייערן אָבער ווערטה־לאָזען מאָנומענט, — נאָכדעם האָבען זיי אויסגעשאָסען מיט ראַקע־טען און אויפגעהויבען אַ שטעקען מיט אַ פאָהן: וואָס איז דאָס אַלעס אין פערגלייך מיט דעם וואָס איך האָב פערלאָרען?

דער קויפער שטעלט אַוועק אַ פּלאַנקען, שליסט זיך אָב און זאָגט: „דאָס איז מיינס; יעדער ביי זיך, יעדער פאַר זיך". אָט האָט מען אַ שטיק פון אונזער טעריטאָריע, אויף וועלכער פון איצט אָן וועט קיינער ניט האָבען דאָס רעכט צו שטעלען אַ פוס, אַ חוץ דער אייגענטימער און די פריינד זיינע; עס ברענגט קיינעם מעהר קיין נוצען ניט, אַ חוץ דעם אייגענטימער און זיינע דיענער. זאָל מען נאָר אַזעלכע מכירות זיך לאָזען פערמעהרען, און באַלד וועט דאָס פאָלק, וואָס האָט ניט געוואָלט און ניט געקאָנט פערקויפען, און האָט פון דעם פערקויף גאָרניט געקראָגען, — ניט האָבען קיין פּלאַץ וואו זיך אויסצורוהען, וואו זיך צו בעשיצען, און וואָס צו בעאַרבייטען. עס וועט שטאַרבען פון הונגער ביי די טויערן פון אייגענטימער, אויף דער שוועל פון יענעם אייגענטום וואָס איז

געוועזן זיין ירושה; און דער אייגענטימער, זעהענדיג איהם אויס־געהן, וועט זאָגען: „כן יאבדו; זאָלען אַלע טויגעניכטסען און לעדיג־געהער שטאַרבען אַזוי".

כדי אונז מסביר צו זיין די גזלה, די אוזורפּאַציאָן פון דעם אייגענטימער, מאַכט ש. קאָמט דעם אָנשטעל, אַז כלומרשט דער פּרייז פון דעם באָדען פאַלט אין דעם מאָמענט ווען מען געהט איהם פערקויפען.

„מען מוז זיך היטען פאַר דעם איבערטרייבען פון דער וויכטיגקייט פון די דאָזיגע אוזורפּאַציאָנען. מען דאַרף זיי אָבשעצען לויט דער צאָהל מענשען, וואָס די פעלדער האָבען גענעהרט און לויט דעם וואָס זיי האָבען דערפון גענאָסען. עס איז זעלבסטפערשטענדליך, צום ביישפּיעל, אַז אויב דאָס שטיק ערד וועלכעס איז היינט ווערטה טויזענד פראַנק איז נאָר ווערטה געוועזען פינף סאַנטים ווען מען האָט עס אונגערעכטער־ווייזע פערקויפט, איז דער גערויבטער ווערטה ניט גרעסער פון פינף סאַנטים. אַ קוואַדראַט מייל איז קוים גענוג גרויס צו ערהאַלטען אין לעבען אַ ווילדען אין דער נויט; היינט פערזיכערט עס די עקזיסטענץ פון טויזענד מענשען. ניין הונדערט ניין און ניינציג טיילען דערפון זיינען דאָס לעגאַלע אייגענטום פון דעם בעזיצער. דאָס אונגערעכטע בעזיצטום איז נאָר אַ 10־טויזענדטעל פון דעם ווערטה."

אַ פויער האָט זיך מודה געוועזען פאַר'ן גלח, אַז ער האָט פער־ניכטעט אַ דאָקומענט אין וועלכען ער האָט זיך פערפליכטעט אָבצוצאָהלען אַ חוב פון דריי הונדערט פראַנק. דער גייסטליכער האָט געזאָגט: „דו מוזט צוריקגעבען די דריי הונדערט פראַנק". — „ניין, — ענטפערט דער פויער, — איך וועל איהם צוריק־געבען צוויי פרוטות פאַר דעם בלעטעל פּאַפּיער".

ש. קאָמט'ס דענקען דערמאָנט אָן דער תמימות פון פויער. דער ווערטה פון דער ערד איז ניט נאָר דער וואָס איז איצט, ער האָט אויך אַ מעגליכקייטס־ און צוקונפטס־ווערטה, וועלכער הענגט אָב פון אונזער געשיקליכקייט עס צו ערווערבען און שטעלען אין דער ארבייט. פערניכטעט אַ טויש־שיין, אַ וועקסעל, אַן איינ־קונפטס־אַקט, אַלס פּאַפּיר פערניכטעט איהר כמעט גאָרנישט; אָבער מיט'ן פּאַפּיר פערניכטעט איהר אייער רעכטס־דאָקומענט און דערמיט בערויבט איהר זיך פון אייער פערמעגען. פערניכטעט אייער ערד, אָדער, וואָס איז פאַר אייך די איינענע זאַך, פערקויפט עס, — און ניט נאָר זאָגט איהר זיך אָב פון איינע, צוויי אָדער

מעהרערע ערנטען, זאָנדערן איהר פערניכטעט יעדען פּראָפיט, וואָס איהר קאָנט דערפון האָבען, איהר, אייערע קינדער און אייערע קינדס־קינדער.

ווען ש. קאָמט, דער אַפּאָסטאָל פון אייגענטום און דער ליבּ־זינגער פון ארבייט, נעהמט אָן א טעאָריע־רעכט זייטענס דער רעגי־רונג, דאַרף מען ניט גלויבען, אז ער טהוט עס אָהן א מאָטיוו און אָהן א כונה; עס איז א נויטיגער טייל פון זיין פּאָזיציע. אַזוי ווי ער האָט צוריקגעוויזען די טעאָריע פון אָקופּאַציע, און וויסענדיג, אז ארבייט שאַפט ניט דאָס רעכט אָהן א פריהערדיגער ערלויבניס צו אָקופּירען, איז ער געווען געצוואונגען צו געבען דאָס ערלויבניס־רעכט צו דער רעגירונג. דאָס וויל מיינען, אז אייגענטום האָט אלס פּרינציפּ די סואווערעניטעט פון פאָלק, די אוניווערסאַלע הסכמה. מיר האָבען דיזען פּאַראָרטייל שוין ארומגערעדט.

צו זאָגען, אז דאָס אייגענטום איז די טאָכטער פון ארבייט, און נאָכדעם געבען דער ארבייט א קאָנצעסיע עס אויסצופיהרען, איז, אויב איך האָב ניט קיין טעות, א לאָגישער פעהלער־קרייז. די ווידערשפּרוכען וועלען באַלד זיך ארויסווייזען.

„א געוויסע שטיק ערד קאָן געבען גענוג נאַהרונגס־שטאָף פאַר איין מענשען נור פאַר איין טאָג. אויב אָבער דער בעזיצער געפינט א וועג, ארויסצוברענגען דורך זיין אַרבייט פון איהר נאַהרונג אויף צוויי טעג, האָט ער דערמיט פערדאָפּעלט דעם ווערטה פון דער ערד. דער דאָזיגער נייער ווערטה איז זיין ווערק, זיין שאַפונג, ער איז פון קיינעם נישט גע־רויבט: ער איז זיין אייגענטום.“

איך בעהויפּט, אז דער בעזיצער איז בעלוינט פאַר זיין ארבייט און זיין פלייסיגקייט שוין דורך דער פערדאָפּעלונג פון זיין ערנטע, אָבער ער געווינט דערמיט ניט קיין רעכט אויפ'ן לאַנד. „זאָל דער אַרבייטער נעהמען פאַר זיך די פּרוכט פון זיין אַרבייט“, דאָס גיב איך צו; אָבער איך פערשטעה ניט, פאַרוואָס אייגענטום אין די פּראָדוקטען זאָל אויך איינשליסען דאָס אייגענטום־רעכט אויפ'ן לאַנד. ווערט דען דער פישערמאַן, וועלכער ווייסט ווי צו כאַפּען אויף דעם אייגענעם ברעג ים מעהר פיש ווי זיינע ברידער, דורך זיין געשיקטקייט אויך דער אייגענטימער פון די וואַסערען וואו ער פישט? און איז דען די בעסערע שיס־קונסט פון א יעגער ווען עס איז גערעכענט געוואָרען פאַר א גרונד צו א בעזיין רעכט

אויף אַלע חיות פון דער אומגעבונג? דער נמשל איז קלאָר: דער פלייסיגער ערד־ארבייטער געפינט זיין לוין אין דער גרעסערער און בעסערער ערנטע. אויב ער האָט זיין באָדען פערבעסערט, האָט ער א פאָרצוגס־רעכט אלס בעזיצער; אָבער קיינמאָל און אונטער קיינע אומשטענדען, קאָן מען ערלויבען אז ער זאָל זיך בענוצען מיט דער פליים און פעהיגקייט צו בעאַרבייטען דאָס לאַנד אלס א מין שטר אויף אייגענטום פון דער ערד וואָס ער בעאַרבייט.

דער פראָצעס פון פערוואַנדלען בעזיץ אין אייגענטום, נויטיגט זיך אין עפּעס אַנדערש א חוץ ארבייט, זאָנסט וואָלט דאָך דער מענש אויפגעהערט צו זיין אַן אייגענטימער אַזוי גיך ווי ער הערט אויף צו זיין אַן ארבייטער. אָבער דאָס געזעץ באַזירט דאָס אייגענ־טום אויף דעם לאַנג־יאָהריגען אונבעשטרייטבאַרען בעזיץ, דאָס הייסט אויף דער חזקה. די ארבייט איז נאָר דער זיכטבאַרער צייכען, די מאַטעריעלע טהאַט, דורך וועלכער די אָקופּאַציאָן בעווייזט זיך. דאָן, אויב דער ערד־ארבייטער פערבלייבט דער אייגענטימער נאָכדעם, ווי ער האָט אויפגעהערט ארבייטען און פּראָדוצירען; אויב זיין בעזיץ, וואָס איז איהם צוערשט געגעבען געוואָרן אלס קאָנצעסיע און איז שפּעטער געדולדעט געוואָרען, ווערט סוף כל סוף פערפעסטיגט צו זיין גונסטען, — איז עס נאָר א דאַנק דעם בירגערליכען געזעץ און דער קראַפט פון דעם פּרינציפּ פון אָקופּאַציאָן. דאָס איז אַזוי אמת, אז עס איז ניטאָ קיין איין פערקויפס־קאָנטראַקט, קיין איין פּאַכט־ אָדער פערמיטונגס־קאָנטראַקט, וואָס זאָל איהם ניט ענטהאַלטען. איך וועל דאָ נאָר געבען איין ביישפּיעל.

ווי אַזוי שאַצט מען אָב אַן איינענטום? דורך דעם וואָס עס פּראָדוצירט. אויב א שטיק לאַנד ברענגט 1000 פראַנק, זאָגט מען, אז אויף פינף פּראָצ. איז עס ווערטה 20,000 פראַנק, אויף 4% 25,000 און אז וו.; דאָס מיינט, מיט אַנדערע ווערטער, אז נאָך 20 אָדער 25 יאָהר וועט זיך די ערד אָבצאָהלען צום קויפער. אויב אָבער נאָך א געוויסער צייט איז דער פּרייז פון אַן אייגענטום גענצליך אויסגעצאָהלט געוואָרן, פאַרוואָס איז דער קויפער נאָך אַלץ דער אייגענטימער? דורך דעם רעכט פון בעזיץ, אָהן וועלכען יעדער פערקויף וואָלט געווען נאָר א היפּאָטעקע, וועלכען דער פערקויפער וואָלט געקאָנט צוריק־קויפען, אומקעהרענדיג דאָס געלד

צום קויפער. די טעאָריע פון אָנאייגענונג דורך ארבייט איז פאָלגליך אין ווידערשפרוך מיט'ן בירגערליכען געזעץ; און ווען די פערטיידיגער פון דער דאָזיגער טעאָריע ווילען זיך דערמיט בענוצען כדי צו ערקלעהרען זייערע געזעצען, זיינען זיי אין ווידערשפרוך מיט זיך אליין.

„אויב עס געלינגט מענשען צו מאַכען אַ באָדען פרוכטבאַר, וועלכער האָט פריהער גאָרנישט אַרויסגעבראַכט, אָדער וועלכער איז געוועזען שעדליך, ווי געוויסע זומפען זיינען, בעשאַפען זיי דערמיט פאָלשטענדיגעם אייגענטום.“

צו וואָס זיך שפּיעלען מיט ווערטער? **בעשאַפען דערמיט פאָלשטענדיגעם אייגענטום**; איהר ווילט זאָגען, אַז זיי שאַפען אַ פּראָדוקטיווע מעגליכקייט, וואָס האָט פריהער ניט עקזיסטירט; אָבער די מעגליכקייט קאָן נאָר בעשאַפען ווערן דורך דער מאַטעריע וועלכע עקזיסטירט. דער סובסטאַנץ פון דער ערד בלייבט דערזעלבער. בלויז די אייגענשאַפטען און פאָרמען האָבען זיך געביטען. דער מענש האָט אַלעס בעשאַפען, — אַלעס, אַ חוץ דעם שטאָף גופא. אָבער אויף דער מאַטעריע, דעם שטאָף, בעהויפּט איך, האָט ער נאָר דאָס רעכט פון בעזיץ און געברויך מיט דעם תנאי פון שטענדיגער אַרבייט, אַפילו ווען מיר לאָזען איהם איבער דערווייל דאָס רעכט פון אייגענטום אויף דעם, וואָס ער האָט פּראָדוצירט.

הייסט עס, אַז דער ערשטער פונקט איז ערלעדיגט: אייגענטום אויף דעם פּראָדוקט, אַפילו ווען מיר נעהמען עס אָן אין פּרינציפּ, שליסט ניט איין דאָס אייגענטום פון ווערקצייג. איך רעכנ ניט אז עס איז נויטיג נאָך ווייטערע בעווייזע. דער סאָלדאַט וואָס בעזיצט זיין געוועהר, דער מויעדער וואָס בעזיצט זיין מאַטעריאל וואָס מען פערטרויט איהם, דער פישערמאַן וואָס בעזיצט די וואַסערן, דער יעגער וואָס בעזיצט די פעלדער און וועלדער, און דער ערדאַרבייטער וואָס בעזיצט די ערד, — אַלע וועלען זיין, אויב מען וויל, בעזיצער פון זייערע פּראָדוקטען; קיינער איז ניט קיין אייגענטימער פון זיינע ווערקצייג. דאָס רעכט אויף דעם פּראָדוקט איז פּערזענליך — Jus in re. דאָס רעכט אויף ווערקצייג איז געמיינשאַפטליך — Jus ad rem.

§ 5. די אַרבייט פיהרט צו דער גלייכהייט פון אייגענטום.

לאָמיר דערווייל אָננעהמען, אז די ארבייט גיט אַן אייגענ־טום־רעכט אויפ'ן שטאָף. פאַרוואָס איז דער פּרינציפּ ניט אוני־ווערסאל? פאַרוואָס איז דער געווינס פון דעם אַזויגערופענעם גענוּץ געגעבען נאָר צו אַ קלייגער צאָהל מענשען און פאַר וואָס איז ער צוגענומען ביי דער מאַסע פון ארבייטער? אַ פילאָזאָף האָט אַמאָל בעהויפּטעט, אַז אַלע חיות זיינען געבאָרען געוואָרען פון דער ערד, וועלכע איז געווען צוהיצט פון די שטראַהלען פון דער זון, כמעט אַזוי ווי די שוועמלעך; ווען מען האָט איהם גע־פרעגט וואָרום פּראָדוצירט די ערד איצט ניט אויף דעם זעלבען אופן, האָט ער געענטפערט: „ווייל זי איז אַלט און האָט איהר פרוכטבאַרקייט פערלאָרען". די אַרבייט, וואָס איז אַמאָל געווען אַזוי פרוכטבאַר, — איז זי אפשר אויך געוואָרן אונפרוכטבאַר? פאַרוואָס קאָן דער ערד־אַרבייטער היינט ניט בעקומען דורך אַר־בייט יענע ערד, וועלכע דער אייגענטימער האָט זיך ערוואָרבען דורך אַרבייט?

„עס איז דערפאַר" — זאָגט מען — „ווייל זי איז שוין אין בעזיץ פון אַנדערע." דאָס איז ניט קיין תשובה. אַ שטיק לאַנד דאַרף על פּי חשבון געבען 50 מאָס אויפ'ן העקטאַר; די פעהיג־קייט און אַרבייט פון אַן אַקערבויער קאָנען פערדאָפּלען דעם פּראָ־דוקט: די פערגרעסערונג פון ווערטה איז די שאַפונג פון דעם פאַכטער. לאָמיר אפילו אָננעהמען, אַז דער בעל־הבית פון דעם באָדען, דורך אַ זעלטענע בעשיידענהייט, וועט נישט צונעהמען דעם פּראָדוקט פון דער ארבייט דורך דעם, וואָס ער וועט הע־בערען דעם יעהרליכען פּרייז פון דער אַרענדע, און וועט לאָזען דעם אַקערבויער געניסען די פרוכטען פון זיין פליים, — אויך דעמאָלט איז די גערעכטיגקייט דורך דעם נאָך אַלץ נישט בע־פרידיגט געוואָרן. דער פאַכטער האָט פערבעסערט דעם באָדען און האָט בעשאַפען אַ נייעם ווערטה פאַר דעם אייגענטום, — פאָלגליך האָט ער אַ רעכט אויף אַ טייל פון דעם אייגענטום. אויב דאָס גוט האָט פריהער געהאַט אַ ווערטה פון 100,000 פראַנק אוז די אַרבייט פון דעם פאַכטער האָט געהעכערט דעם ווערטה פון דעם באָדען אויף 150,000 פראַנק, איז דער פאַכטער, דער שאַפער

פון דעם דאָזיגען מעהר־װערטה, דער געזעצליכער אײגענטימער פון א דריטעל פון דעם גוט. ש. קאָמט װאָלט נישט געקאָנט סותר זײן די דאָזיגע טעאָריע; װײל ער האָט אלײן געזאָגט:

„די מענשען, װאָס מאַכען די ערד מעהר פרוכטבאַר, זײנען ניט װעניגער ניצליך פאַר זײערע ברידער, װי װען זײ װאָלטען געשאַפען א נײע שטרעקע לאַנד."

פאַרװאָס װערט דיזעלבע רעגעל ניט אָנגעװענדעט אויף דעם װאָס פערבעסערט דאָס לאַנד, פונקט אזוי גוט װי אויף דעם װאָס בעאַרבײט א פרישען באָדען, א קרקע בתולה? דורך דער ארבײט פון דעם ערשטען בעקומט די ערד דעם װערטה אײנס, דורך דער ארבײט פון צװײטען — צװײ: בײדע בעשאַפען גלײכע װערטהען. פאַרװאָס זאָל מען דאַן ניט אנערקענען פאַר בײדען גלײכהײט פון אײגענטום? אויב מען זאָל נאָר ניט װידער זיך שטיצען אויף דעם רעכט פון דעם ערשטען בעזיץ־ערגרײפער, — בין איך זיכער, אז מען קאָן ניט געפינען קײן שום שטאַרקען ארגומענט אקעגען דעם.

אָבער, װעט מען זאָגען, אויב מען זאָל נאָכגעבען דאָס װאָס איהר פערלאַנגט, װעט דען דערפון ארויסקומען א פיעל גלײכ־מעסיגערע פערטײלונג פון גיטער? דער באָדען שטײגט ניט אין װערטה אָהן אויפהער; נאָך צװײ אָדער דרײ גערעטעניסן דער־גרײכט דער באָדען זײן מאַקסימום פון פרוכטבאַרקײט. דאָס װאָס די אגראַנאָמישע קונסט העלפט צו קומט מעהר פון דעם פּראָגרעס פון דער װיסענשאַפט און פון דער פערשפּרײטונג פון אויפקלערונג, װי פון דער פעהיגקײט פון דעם אקערבויער. דאָס הײסט, אז אויב נאָך עטליכע ארבײטער װאָלטען געװאָרען אײגענטימער, װאָלט דאָס גאָר ניט געװען קײן ארגומענט אקעגען אײגענטום.

דער רעזולטאַט פון דיזער דעבאַטע װאָלט געהאַט א קלײנעם װערטה, װען מיר װאָלטען מעהר ניט געװען אויפגעטאָן, װי צו פערברײטערן די פּריװילעגיע אויף לאַנד און דעם מאָנאָפּאָל פון אינדוסטריע, בעפרײענדיג בלויז עטליכע הונדערט ארבײטער אויפ'ן חשבון פון די מיליאָנען פּראָלעטאַריער; אָבער דאָס װאָלט אויך געהײסען שלעכט פערשטעהן אונזער געדאַנק, און געגעבען א בעװײז פון װעניג אינטעליגענץ און לאָגיק.

אויב דער ארבײטער, װעלכער פערגרעסערט דעם װערטה פון

אַ זאַך, האָט אַ רעכט אויף אייגענטום, איז די לאָגישע פאָלגע דערפון, אַז דער וואָס האַלט־אויף דעם ווערטה געווינט דעמזעלבען רעכט. וואָרים וואָס הייסט אויפהאַלטען דעם ווערטה? עס הייסט צוגעבען אָהן אויפהער, ס'איז אַ מין שטענדיגער שאַפען. וואָס הייסט בעאַרבייטען? געבען דער ערד איהר ווערטה יעדעם יאָהר; ניט צולאָזען, דורך שאַפען יאָהר־איין יאָהר־אויס, אַז דער ווערטה פון דער ערד זאָל פערמינדערט אָדער פערניכטעט ווערן. צוגעבענדיג, אַז דאָס אייגענטום איז ראַציאָנאַל און לעגאַל, — צוגעבענדיג, אַז דאָס פערפאַכטען איז עהרליך און גערעכט, — זאָג איך פאָרט, אַז דער וואָס בעאַרבייט האָט דאָסזעלבע אייגענטום־רעכט ווי דער וואָס ברעכט אויף דעם באָדען אָדער פערבעסערט איהם; און אַז יעדעס מאָל ווען אַן ארענדאַר צאָהלט זיין פאַכט, קריגט ער אַן אייגענטום רעכט אויף אַ טייל פון דער ערד וועלכע ער האָט בעאַרבייט, לויט דער פראָפּאָרציאָן פון דעם רענט וואָס ער האָט בעצאָהלט. פּרובט אַוועקגעהן פון דעם דאָזיגען פרינציפּ און איהר פאַלט אַריין אין געזעצלאָזיגקייט און טיראַניי; איהר אַנערקענט קלאַסען פריווילעגיעם; איהר סאַנקציאָנירט די שקלאַפעריי.

ווער עס אַרבייט ווערט אַן אייגענטימער, — אָט דער פאַקט קאָן ניט אָבגעלייקענט ווערן לויט די איצטיגע פרינציפען פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע און דער יוריספּרודענץ. און ווען איך זאָג אייגענטימער, מיין איך ניט נאָר ווי אונזערע היפּאָקריטישע עקאָנאָמיסטען מיינען, אייגענטימער פון זיין לוין, זיין געהאַלט, זיין שכירות; איך מיין דערמיט אייגענטימער פון דעם ווערטה, וואָס ער האָט געשאַפען, און פון וועלכען עס פראָפיטירט בלויז דער בעל הבית.

אַזוי ווי דאָס אַלעס בעריהרט די טעאָריע פון געהאַלט און פון פערטיילונג פון פראָדוקטען, — און אַזוי ווי די דאָזיגע פראַגע איז נאָך קיינמאָל ניט געמאַכט געוואָרען קלאָר, — בעט איך ערלויבניס זיך אָבצושטעלען ביי דעם ענין; דאָס וועט ניט זיין אָהן נוצען פאַר אונזער זאַך. אַ סך מענשען רעדען פון אריינגעהמען די אַרבייטער אין דער פערטיילונג פון דער פראָדוקציאָן און פראָפיטען; די דאָזיגע בעטיילינונג וואָס מען פערלאַנגט פאַר זיי, איז בלויז אַן אַקט פון נדיבות. מען האָט קיינמאָל ניט געוויזען, — אַפילו ניט געאַהנט, — אַז דאָס איז אַ נאַטירליכעס און נויטווענ־

דיגעס רעכט, וואָס איז איינגעבאַרען אין דער אַרבייט, אַז מען קאָן עס ניט אוועקנעמען פון קיינעם פון די פּראָדוצירער, אפילו ניט ביים לעצטען טאָג־לוינער.

איך בעהויפּט פאָלגענדעס: **דער אַרבייטער האָט. אפילו נאָכדעם ווי ער האָט שוין בעקומען זיין לוין, אַ נאַטירליכעס אייגענטום־רעכט אויף דער זאַך וואָס ער האָט פּראָדוצירט.**

איך וועל ווידער ציטירען ש. קאָמט:

„אַרבייטער זיינען בעשעפטיגט אויסצוטריקענען זומפּען, אַרונטערצושניידען בוימער און בוריאַנעס, — מיט איין וואָרט, אָבצורייניגען דעם באָדען. זיי פערגרעסערען זיין ווערטה, זיי מאַכען פון איהם אַ פיעל גרעסערע נחלה; מען בעצאָהלט זיי פאַר דעם ווערטה וואָס זיי האָבען צוגעגעבען מיט דעם עסען וואָס זיי קריגען און דעם טאָג־לוין וואָס מען גיט זיי. דער באָדען בלייבט דאָס אייגענטום פון דעם קאַפּיטאַליסט“.

אַזאַ פּרייז איז ניט גענוג. די אַרבייט פון די אַרבייטער האָט געשאַפען אַ ווערטה; דער דאָזיגער ווערטה איז זייער אייגענטום. אָבער זיי האָבען איהם ניט פערקויפט, ניט אויסגעביטען; און איהר, קאַפּיטאַליסט, איהר האָט איהם ניט ערוואָרבען. איהר האָט אַ טיילווייזעס רעכט דורך דעם, וואָס איהר האָט זיי נעגעבען די אַרבייטס־מיטעל — דאָס איז אמת און גערעכט. איהר האָט מיטגעווירקט ביי דער פּראָדוקציאָן, דערפאַר קומט אייך אַ טייל פון די פּרוכטען. אָבער אייער רעכט פערניכטעט ניט דאָס רעכט פון די אַרבייטער, וועלכע זיינען, צי איהר ווילט צי ניט, געוועזען אייערע חברים ביי דער שאַפונגס־אַרבייט. וואָס רעדט איהר פון געהאַלט? דאָס געלד וואָס איהר בעצאָהלט פאַר דער אַרבייט, וואָלט קוים געהעקט עטליכע יאָהר בעזיץ פון דעם אייגענטום וואָס זיי לאָזען אייך איבער. דער געהאַלט איז נאָר די אויסגאַבע וואָס איז נויטיג צו דערהאַלטען און אויפפרישען די טעגליכע פערלוסטען פון דער ענערגיע פון די אַרבייטער; איהר האָט אַ טעות, אויב איהר בעטראַכט איהם פאַר אַ פערקויפס־פּרייז. דער אַרבייטער האָט גאָרנישט ניט פערקויפט; ער ווייס ניט, ניט זיין רעכט, ניט די בעדייטונג פון דעם וואָס ער טרעט אייך אָב, און אויך ניט דעם זין פון דעם קאָנטראַקט, וואָס ווי איהר בעהויפּטעט ער האָט מיט

אייך געשלאָסען. פון זיין זייט — אבסאָלוטע אונוויסענהייט; פון אייער זייט — א פעהלער און אן איבערראשונג, אויב נים קיין בייזע אבזיכט און שווינדעל.

לאָמיר עס מאַכען קלאָרער דורך א צווייטען, מעהר טרעפענדען ביישפיעל.

יעדער איינער איז בעקענט מיט די שוועריגקייטען, וואָס מען בעגעגענט, בעת מען וויל פערוואנדלען א נים־בעארבייטען באָדען אין אן אקערבארען און פראָדוקטיווען לאנד; די שוועריגקייטען זיינען אזעלכע, אז אן איזאָלירטער מענש וואָלט פריהער אומגעקומען איידער ער וואָלט געקאָנט פון דעם באָדען ארויסקריגען די ערימסטע נאהרונג. דערצו דארף מען האָבען די געמיינשאפטליכע און קאָמבינירטע ארבייט פון דער געזעלשאפט און אלע ערפאהרונגען פון דער אינדוסטריע. ש. קאָמט ציטירט ביי דער אנגעלעגענהייט פיעלע און אונצווייפעלהאַפטע פאקטען, כאָטש איהם פאלט גאָר נים איין, אז ער זאמעלט דערמיט וואפען געגען זיין אייגענעם סיסטעם.

לאָמיר אננעהמען, אז א קאָלאָניע פון צוואנציג אָדער דרייסיג פאמיליעס בעזעצט זיך אין א ווילדער געגענד, בעדעקט מיט בוריאנעס און וועלדער, פון וועלכער די פריהעריגע איינוואוינער זיינען מסכים, לויט אן אבמאך, זיך צוריקצוציהען. יעדע פון די דאָזיגע פאמיליען האָט א קליינעם קאפיטאל, וואָס איז גענוג פאר דעם וואָס דער קאָלאָניסט דארף: בהמות, זריעה, אביסעל ווערקצייג אביסעל געלד און עסענווארג. נאָך דער פונאנדערטיילונג פון דעם באָדען בעזעצט זיך יעדערער ווי ער קאָן און הויבט אָן אויפצוברעכען דאָס שטיק ערד, וואָס ער האָט געקראָגען. אָבער נאָך עטליכע וואָכען פון אונגעהייערע שוועריגקייטען, אונגלויבליכע ארבייט און פלאָגען זיך אָהן רעזולטאטען, הויבען אָן די קאָלאָניסטען זיך צו בעקלאָגען; די לאגע שיינט זיי צו זיין אן אונערטרעגליכע און זיי פערשילטען זייער טרויעריג לעבען.

פלוצלים אָבער נעהמט דער קליגסטער פון זיי און קוילעט א חזיר, זאלצט איין א טייל דערפון און, בעשלאָסען צו אָפּפערן דאָס איבעריגע פון זיין עסענווארג, זוכט ער אויף זיינע ליידענסגענאָסען. „פריינד", — זאָגט ער צו זיי, מיט א טאָן פון גרויסער גוטסקייט, — „ווי שווער איהר ארבייט כדי אויפצוטהאָן אזוי

ווינציג און צו לעבען אזוי שלעכט! פופצעהן טעג ארבייט האָבען אייך בדלות געשטעלט! איך מאַך מיט אייך אַ געשעפט, פון וועלכען איהר וועט בלויז פּראָפּיטירען; איך גיב אייך עסען און טרינקען און צאָהל אייך אזוי פיעל און אזוי פיעל. מיר וועלען ארבייטען צוזאמען, און ווי ס'איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, מיינע פריינד, מיר וועלען זיין פרעהליך און צופריעדען".

וואָלט עס געווען מעגליך, אז לעדיגע מאָגענס זאָלען קאָנען ווידערשטעהן אזא מין רעדע? די וואָס זיינען אַם מייסטען הונגעריג פאָלגען דער פאַלשער איינלאַדונג. מען נעהמט זיך צו דער ארבייט; דער רייץ פון געזעלשאפטליכקייט, נאָכאהמונג, פרעהליכקייט, די געגענזייטיגע הילף, פערטאָפּעלט די כחות; די ארבייט וואקסט כהרף עין; מען צוימט די נאַטור זינגענדיג און לאַבענדיג; אין אַ קורצער צייט איז די ערד פערוואַנדעלט; די בעאַרבייטע ערד וואַרט שוין אויף דער זריעה. נאָך דער אַרבייט בעצאָהלט דער אייגענטימער זיינע ארבייטער, וועלכע ציהען זיך צוריק, בעדאַנקענדיג איהם, און עס טהוט זיי באַנג נאָך די גליקליכע טעג וואָס זיי האָבען מיט איהם פערבראַכט.

אַנדערע טהוען-נאָך זיין ביישפּיעל, שטענדיג מיט'ן זעלבען ערפאָלג. נאָכהער ווי די האָבען זיך בעזעצט, צוגעהען זיך די איבעריגע, יעדער צוריק אויף זיין אָרט. אָבער מען דאַרף דאָך לעבען. בשעת מען צואַקערט דעם שכנ'ס לאַנד, בּרעכט מען ניט אויף דאָס אייגענע. איין יאָהר איז שוין פערלאָרען פאַר'ן זעען און פאַר דער ערנטע. זיי האָבען גערעכענט, אַז דאָס פערדינגען פון דער ארבייטס-קראַפט ברענגט אַ געווינס, ווייל מען שפּאָרט דאָס אייגענע עסענוואַרג, מען לעבט בעסער און מען שפּאָרט נאָך אַב געלד. אַ פאַלשער חשבון! מען האָט געשאַפען פאַר אַן אנדערן אַ פּראָדוצירענד ווערקצייג און גאָרנישט געשאַפען פאַר זיך; די שוועריגקייטען פון אויפברעכען דאָס לאַנד זיינען געבליבען דיזעלבע; די קליידער טראָגען זיך אָב, דאָס עסענוואַרג ווערט ווייניגער, באַלד לעדיגט זיך אויך אוים דער טייסטער צו גונסטען פון דעם, פאַר וועלכען זיי האָבען געאַרבייט און וועלכער איז דער איינציגער. וועלכער האָט דאָס, וואָס זיי פעהלט, ווייל נאָר ער האָט אַ בעאַרבייטען באָדען. נאָכהער, ווען די אָרימע אַקערבויער האָבען ניט מעהר קיין מיטלען, קומט דער מאַן מיט'ן בייטעל, דער פּרנסה-

געבער (פונקט ווי דער וואָלף, וועלכער דערשמעקט פון ווייטען זיין קרבן). ער נעהמט איינעם צו דער ארבייט און פון צווייטען קויפט ער אָב, כמעט פאַר גאָרנישט, א שטיק פון דער שלעכטער ערד, פון וועלכער דער בעטרעפענדער האָט גאָרנישט און וועלכע וועט קיינמאָל צו גאָרנישט נים טויגען; דאָס הייסט, ער עקספּלואַטירט די ארביים פון איינעם אויף דעם פעלד פון צווייטען, און אזוי ווערן, נאָך א משך פון צוואַנציג יאָהר, פון די דרייסיג קאָלאָניסטען פינף אָדער זעקס די אייגענטימער פון דעם גאַנצען לאַנד, און די איבעריגע בלייבען אויף א פילאַנטראָפּישען אופן ביי גאָרנישט.

אין דעם יאָהרהונדערט פון בורזשואזער מאָראַל, אין וועלכען איך האָב געהאַט דאָס גליק געבאָרען צו ווערען, איז דער מאָראַלישער חוש אזוי אָבגעשוואַכט, אז איך וואָלט זיך גאָרנישט געוואונדערט, ווען גרויסע עהרליכע אייגענטימער וואָלטען מיך געפרעגט: וואָס אזוינס אונגערעכטעס און אונגעזעצליכעס זעה איך דען? נידעריגע בעשעפעניסען! גאַלוואַניזירטע מתים! קאָן איך האָפען אייך צו איבערצייגען, אויב איהר זעהט ניט די גנבה מיט אייערע אויגען? ווען א מענש געפינט א מיטעל ווי צו מאכען דורך זיסע און שמייכלענדע רייד, אז אנדערע זאָלען ארבייטען אויף איהם, און דאַן, נאָכדעם ווי ער איז רייך געוואָרען דורך דער אַלגעמיינער אָנשטרענגונג, ענטזאגט ער זיך צו העלפען, אויף דעם זעלבען אופן, די יעניגע וואָס האָבען איהם רייך געמאַכט — פרעגט איהר נאָך וואָס איז דאָ ניט עהרליך אין דעם געשעפט! ער טענה'ט, אז ער האָט זיינע ארבייטער בעצאָהלט, אז ער איז זיי מעהר גאָרנישט ניט שולדיג, אז ער דאַרף זיך נישט שטעלען אין דיענסט פון אנדערע, ווען זיינע אייגענע אינטערעסען זיינען איהם אין קאָפּ; און ער ענטזאגט זיך, זאָג איך, צו העלפען אנדערע זיך בעזעצען, אזוי ווי זיי האָבען עס איהם געהאָלפען טהאָן; און ווען די ארבייטער געפינען זיך דורך דער אָבגעזונדערטקייט אין דער נויט אויסצובייטען אויף געלד זייער נחלה, קומט דער אונדאַנקבאַרער אייגענטימער, דער געמיינער אויפגעקומענער גביר און קויפט פון זיי אַלעס אָב און רואינירט זיי. און איהר געפינט דאָס פאַר גערעכט! ניט אַכטונג, איך לעז אין אייערע פערוואונדערטע אויגען

דעם פארוואורף פון א שולדיגען געוויסען, וואס איז מעהר ווי א נאאיווע פערוואונדערונג פון גיט־ווילענדיגער אונוויסענהייט!

„דער קאפיטאליסט, — זאגט מען, — האט דעם ארבייטער בעצאהלט זיין טעגליכען לוין". אבער גענויער גערעדט, מוז מען זאגען, אז דער קאפיטאליסט האט בעצאהלט אזוי פיעל מאל פאר דער טעגליכער ארבייט, וויפיעל ארבייטער ער האט טעגליך בעשעפטיגט, — און דאס איז גאר ניט דאסזעלבע. ווייל פאר די געוואלטיגע קראפט וואס ענטשטעהט פון דער פעראייניגונג און דעם צוזאמענארבייטען פון די ארבייטער, פון דעם צוזאמענטרעפען, צוזאמענפאסען און גלייכצייטיגקייט פון זייער ארבייט, — פאר דעם האט ער ניט בעצאהלט. צוויי הונדערט גרענאדירען האבען אין אייניגע שטונדען ארויפגעשטעלט דעם אבעליסק פון לוקסאר אויף זיין פעדעסטאל; דענקט איהר אז איין מענש אליין וואלט דאס געקאנט טהאן אין צוויי הונדערט טעג? אבער לויט קאפיטאליסטישען חשבון וואלט די סומע פון דעם לוין געווען דיזעלבע. נון, מאכען פון א מדבר אן אקער־לאנד, בויען א הויז, איינריכטען אן אינדוסטריע, — איז דאס אייגענע ווי אויפצושטעלען אן אבעליסק, איבערצוטראגען א בארג. דאס קלענסטע פערמעגען, דער קלענסטער שטאנד, דאס זעצען אין בעוועגונג די קלענסטע פאבריק, נויטיגט זיך אין אלגעמיינער ארבייט און פערשיידענע פעהיגקייטען, אזוי אז איין מענש וואלט דאס ניט געקאנט אויספיהרען. עס איז א וואונדער וואס די עקאנאמיסטען האבען דאס קיינמאל ניט בעמערקט. לאמיר איצט מאכען א באלאנס פון דעם וואס דער קאפיטאליסט האט אריינגעקראגען און וואס ער האט אויסגעצאהלט.

דער ארבייטער נויטיגט זיך אין א לוין, פון וועלכען ער זאל קאנען לעבען בשעת ער ארבייט; ווארים ווען ער האט ניט וואס צו פערצעהרען קאן ער ניט פראדוצירען. ווער עס בעשעפטיגט א מענשען איז איהם שולדיג נאהרונג און קליידונג, אדער א געהאלט, פאר וועלכען ער קאן דאס קריגען. דאס איז די ערשטע זאך, וואס מען רעכענט אין יעדער פראדוקציאן. איך גיב דערווייל צו, אז אין דער הינזיכט האט דער קאפיטאליסט געטהאן וואס זיין חוב איז געווען.

עס איז נויטיג, אז דער ארבייטער, אחוץ זיינע דערווייליגע בעדערפעניסען, זאל געפינען אין זיין ארבייט אן ערבות פאר זיין

קינפטיגער ערנעהרונג; אנדערש וועט זיך זיין ארבייטס־קוואַל אויסלאָזען און זיין פּראָדוקטיווע פעהיגקייט וועט ווערן פערניכ־טעט. מיט אנדערע ווערטער: עס איז נויטיג, אז די קינפטיגע ארבייט זאָל ווידער שטענדיג געבוירען ווערן פון דער געענדיגטער ארבייט. אַזוי לויטעט דער אוניווערסאַלער געזעץ פון רעפּראָדוק־ציאָן. אַזוי געפינט דער גוטס־בעזיצער: 1) אין די ערנטען, ניט נאָר אַ מיטעל צו לעבען פאַר זיך און זיין פאַמיליע, נאָר אויך אויס־צוהאַלטען און פערגרעסערן זיין קאַפּיטאַל, אויסצוהאָדוועןבהמות; מיט איין וואָרט, ווייטער צו ארבייטען און שטענדיג צו רעפּראָדוצירען; 2) זיין בעזיץ פון אַ פּראָדוקטיווען ווערקצייג, אַ שטענדיג גאַראַנטירטען פונדאַמענט פון עקספּלואַטאַציע און ארבייט.

וואָס איז אָבער דער יסוד פון עקספּלואַטאַציע פון דעם וואָס פערדינגט זיין ארבייטס־קראַפט? דאָס וואָס מען נעהמט־אָן, אז דער אייגענטימער נויטיגט זיך אין זיינע לייסטונגען, און וואָס מען שרייבט־צו דעם אייגענטימער די בערייטוויליגקייט איהם צו בעשעפטיגען. פּונקט אַזוי ווי אין די אַלטע צייטען האָבען די פּאַכטער געהאַלטען די ארענדע דורך דער נדיבות און דעם גוטען ווילען פון פּריץ, אַזוי האָט היינט דער ארבייטער זיינע ארבייטס־פּריווילעגיען פון דער וואָוילהאַרציגקייט און דעם בעדאַרף פון בעל־הבית און אייגענטימער. דאָס איז וואָס מען רופט, אַ לאַגע פון זיין אַנגעוויזען אויף חסד. אָבער אָט די חסד־בעדינגונג איז אַן אונגערעכטיגקייט, ווייל זי ענטהאַלט אין זיך אַן אונגלייכהייט פון תנאים. דער לוין פון ארבייטער איז ניט מעהר ווי זיינע טעגליכע בעדערפעניששען, און פערזיכערט איהם ניט אויף מאָרגען; דער קאַפּיטאַליסט אָבער געפינט אין דעם פּראָדוצירטען ווערקצייג פון ארבייטער אַ זיכערע זעלבסטשטענדיגקייט און צוקונפטס־פערזי־כערונג.

אָט די דאָזיגע רעפּראָדוצירענדע קראַפט, — דיזער אייביגער לעבענס־קערן, די צוגרייטונג פון דעם לאַנד און דאָס שאַפען די ווערקצייג פאַר פּראָדוקציאָן, — דאָס איז וואָס דער קאַפּיטאַליסט איז שולדיג דעם ארבייטער און צאָהלט עס איהם קיינמאָל ניט; און עס איז דער דאָזיגער שווינדלערישער אָנזעץ, וואָס שאַפט די אָרימקייט פון די ארבייטער, דעם לוקסוס פון די ליידיג־געהער און

די אונגלייכהייט פון לעבענסבעדינגונגען. אין דעם בעשטעהט דאָס, וואָס מען האָט אַזוי גוט אַנגערופען, די עקספּלואַטאַציע פון איין מענשען דורך דעם אַנדערן.

פון דריי זאַכען איינע: אָדער דער ארבייטער האָט א חלק אין דעם וואָס ער האָט פּראָדוצירט אונטער אַ מייסטער, א חוץ דעם לוין־געלד וואָס ער האָט געקראָגען; אָדער דער מייסטער גיט דעם אַרבייטער אַן ענטשעדיגונג פאַר דעם וואָס ער האָט פּראָדוצירט; אָדער ער מוז זיך פערפליכטען איהם שטענדיג צו בעשעפטיגען. צוטיילען זיך מיט דעם פּראָדוקט, געגענזייטיגע הילף, אָדער פערפליכטונג פון שטענדיגער ארבייט, — פון איינער פון די דריי זאַכען קאָן זיך דער קאַפּיטאַליסט ניט ארויסדרעהען. אָבער עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אַז ער קאָן ניט ערפילען די צווייטע אָדער דריטע בעדינגונג: ער קאָן זיך ניט שטעלען אין דיענסט פון די טויזענדער אַרבייטער, וועלכע האָבען דירעקט אָדער אינדירעקט מיטגעווירקט צו זיין פערמעגען און ער קאָן זיי אויך ניט געבען קיין שטענדיגע בעשעפטיגונג. בלייבט איהם איבער די גלייכע צוטיילונג פון אייגענטום. אָבער ווען דאָס אייגענטום איז צוטיילט, זיינען אַלע בעדינגונגען גלייך; עס וועלען ניט זיין מעהר קיין גרויס־קאַפּיטאַליסטען און קיין גרויס־אייגענטימער.

ווען ש. קאָמט, ענטוויקלענדיג זיין טעאָריע, ווייזט אונז איצט ווי דער קאַפּיטאַליסט אייגענט זיך אָן ביסלעכווייז די פּראָדוקטען פון זיינע ארבייטער, פאַר וועלכע ער האָט בעצאָהלט, פערפּלאָנטערט ער זיך אין זיינע אייגענע נעצען; און אַזוי ווי זיין ארגומענט בייט זיך ניט, בלייבט אויך אונזער תשובה שטענדיג דיזעלבע.

„אַנדערע אַרבייטער זיינען בעשעפטיגט ביים אויפבויען הייזער, אייניגע האַקען אויס די שטיינער פון דער שטיין־גרוב, אַנדערע פיהרען זיי צו, אַנדערע בעאַרבייטען זיי און אַנדערע שטעלען זיי אויף׳ן פּלאַץ. יעדער פון זיי לעגט עפּעס צו צום ווערטה פון דער זאַך וואָס געהט דורך דורך זיינע הענד; און דער דאָזיגער ווערטה, דער פּראָדוקט פון זיין אַרבייט, איז זיין אייגענטום. ער פערקויפט עס, בשעת ער שאַפט עס, צו דעם אייגענטימער פון קאַפּיטאַל, וועלכער בעצאָהלט איהם דעם פּרייז אין עסענוואַרג און אין געלד.“

Divide et impera צושייד און דו וועסט רעגירען; צושייד און דו וועסט רייך ווערען; צושייד און דו וועסט די מענשען אָבנאַרען, דו וועסט פערבלענדען זייער פערשטאַנד און וועסט דיך

אויסלאכען פון גערעכטיגקייט! זונדערט אַב די ארבייטער איינעם פון אַנדערן, — עס איז מעגליך דאָן, אַז דער לוין וואָס ווערט בעצאָהלט יעדען איינעם פון זיי וועט זיין גרעסער פון דעם ווערטה פון דער אינדיווידועלער ערציינגיס; אָבער ניט דאָס איז די פראַגע. די קראַפט פון טויזענד מענשען, וואָס ארבייטען צוואַנציג טעג, איז בעצאָהלט געוואָרען ווי פאַר דער קראַפט פון אַן איינציגען פאַר פינף און צוואַנציג יאָהר; אָבער די קראַפט פון טויזענד האָט אין צוואַנציג טעג אויפגעטהאָן דאָס, וואָס אַן איינצעלנער וואָלט ניט געקאָנט אויפטהאָן אין הונדערט מיליאָן יאָהר. איז דאָס עהרליך געהאַנדעלט? ניין, און נאָך אַמאָל ניין; איהר האָט בעצאָהלט פאַר יעדער אינדיווידועלער קראַפט, איהר האָט אָבער ניט בעצאָהלט פאַר דער קאָלעקטיווער; פאָלגליך, בלייבט שטענדיג איבער אַ רעכט פון קאָלעקטיווען איינענטום, וואָס איהר האָט ניט ערוואָרבען און איהר בעזיצט עס אויף אַן אונגערעכטען אופן.

איך גיב־צו, אַז דער לוין פאַר צוואַנציג טעג איז גענוג פאַר דעם הויפען מענשען זיך צו ערנעהרען און צו קליידען די צוואַנציג טעג; אָבער שפּעטער, ווען די ארבייט האָט זיך געענדיגט נאָך אַ בעשטימטער צייט, וואָס בלייבט זיי? זיי האָבען דאָך בשעת דער ארבייטס־צייט געשאַפען בלויז פאַר דעם אייגענטימער, וועלכען זיי מוזען באַלד פערלאָזען. דער אייגענטימער, פעסט פערפונדעוועט דורך דער געמיינשאַפטליכער ארבייט פון אַלע, לעבט אין זיכערקייט און האָט ניט קיין מורא אַז עס וועט איהם אויספעהלען ארבייט און ברויט, אָבער דער ארבייטער האָט אין דערזעלבער צייט קיין אַנדערע האָפנונג ניט ווי אויף דעם חסד פון דעם זעלבען אייגענטימער, צו וועלכען ער האָט פערשקלאַפט און פערקויפט זיין פרייהייט. נון, און ווען דער אייגענטימער ציהט זיך צוריק אין זיין וואוילטאג, דעקט זיך צו מיט זיין רעכט און וויל ניט מעהר בעשעפטיגען דעם ארבייטער, ווי אַזוי קאָן דער ארבייטער לעבען? ער האָט בעארבייט אַ וואונדערבאַר שטיק לאַנד, און קאָן עס ניט פערזעען; ער האָט אויפגעשטעלט אַן אויסגעצייכענט און בעקוועם הויז, און קאָן אין איהר ניט וואוינען; ער האָט אַלעס פּראָדוצירט און קאָן קיין זאַך ניט געניסען.

ארבייט פיהרט אונז צו גלייכהייט. יעדער שריט וואָס מיר מאַכען דערנעהענטערט אונז דערצו; און אויב די קראַפט, דער

פליים און די פעהיגקייט פון די ארבייטער וואָלטען געווען גלייך, וואָלטען די פערמעגענס זיכער אויך געווען גלייך. דעריבער, אויב דער ארבייטער, ווי מען בעהויפּטעט און ווי מיר האָבען צוגעגעבען, איז דער אייגענטימער פון דעם ווערטה וואָס ער האָט געשאַפען, מוז מען ציהען פאָלגענדע שלוסען :

1) אז דער ארבייטער ערווערבט אויפ'ן חשבון פון לעדיג־געהענדען אייגענטימער ;

2) אַזוי ווי יעדע פּראָדוקציאָן איז אבסאָלוט קאָלעקטיוו, האָט דער ארבייטער א רעכט, אין פערהעלטנים צו זיין ארבייט, אויף דעם גענוס פון די פּראָדוקטען און פּראָפיטען ;

3) אַזוי ווי יעדער אַנגעזאַמעלטער קאַפּיטאַל איז א סאָציא־לעם אייגענטום, קאָן קיינער ניט האָבען קיין רעכט אויף אויסשליס־ליכען בעזיץ.

דאָס זיינען אייזערנע קאָנסעקווענצען. דאָס אליין וואָלט געדאַרפט זיין גענוג איבערצוקעהרען אונזער גאַנצע עקאָנאָמיע און איבעראַנדערשען אונזערע אינסטיטוציעס און אונזערע געזעצען. פאַרוואָס־זשע האָבען דיזעלבע מענשען, וואָס האָבען אויפגעשטעלט די פּרינציפּען, זיך ענטזאָגט פון די קאָנסעקווענצען? פאַרוואָס האָבען די סעיס און די קאָמטס און די הענעקענס און די אַנדערע — נאָכדעם ווי זיי האָבען אליין געזאָגט, אז דער קאַפּיטאַל ענטשטעהט דורך ארבייט — געזוכט איהם צו פערפעסטיגען דורך אָקופּאַציאָן און חזקה?

אָבער לאָמיר איבערלאָזען די סאָפיסטען ביי זייער פערבלענ־דונג און זייערע ווידערשפּרוכען ; דער געזונטער פערשטאַנד פון דעם פאָלק וועט אויסגעפינען זייערע דריידלעך. לאָמיר זיך איילען איהם אויפצוקלעהרען און בעלייכטען זיין וועג. די גלייכהייט קומט שוין נעהנטער ; אפילו איצט זיינען מיר נאָר אָבגעשיידט פון איהר דורך א קורצע שטרעקע : מאָרגען וועלען מיר די שטרעקע אויך אריבערשפּאַנען . . .

## § 6. אין דער געזעלשאַפט איז יעדער לוין גלייך.

ווען די סען־סימאָניסטען, די פוריעריסטען און בכלל אַלע די וואָס מישען זיך היינט צוטאָג אין סאָציאַל־עקאָנאָמישע פראַגען און רעפאָרמען, שרייבען־אָן אויף זייער פאָהן:

„יעדען לוים זיינע פעהיגקייטען, יעדער פעהיגקייט לוים איהר אַר־בייט.“ (סען סימאָן);

„יעדען לוים זיין קאַפּיטאַל, זיין אַרבייט און זיין טאַלאַנט“ (פוריער) מיינען זיי, — כאָטש זיי זאָגען עס ניט אַזוי פאָרמעל אַרויס, — אַז אַלע פּראָדוקטען פון דער נאַטור, וואָס ווערען אַרויסגעבראַכט דורך פלייס און אַרבייט, זיינען אַ בעלוינונג, אַ מעדאַל, אַ קרוין פאַר אַלע מינים טאַלאַנטען און גרויסע פעהיגקייטען. זיי קוקען אויף דער ערד ווי אויף אַן אונגעהייערע אַרענאַ, אין וועלכער מען קעמפּפט פאַר וועט־פּרייזען, — אמת, ניט מעהר מיט שפּיזען און שווערדען, דורך מאַכט און פערראַט, נאָר דורך אָנגעאייגענטען רייכטום, דורך וויסענשאַפט, טאַלאַנט און אפילו דורך טוגענד. מיט איין וואָרט, זיי מיינען, — און די גאַנצע וועלט מיינט מיט זיי, — אַז דער גרעסטער פעהיגקייט געהערט דער גרעסטער לוין; אָדער, אום צו רעדען אויף דעם סוחרישען סטיל, — וועלכער האָט די מעלה וואָס ער איז גענוי, — אַז די שכירות מוזען זיין פּראָ־פּאָרציאָנעל צו דער אַרבייט און פעהיגקייט.

די אָנהענגער פון די צוויי בלומרשט רעפאָרמאַטאָרען קאָנען ניט אָבלייקענען, אַז דאָס איז זייער געדאַנק; וואָרים ווען זיי זאָלען עס טהאָן וואָלטען זיי זיך געשטעלט אין ווידערשפּרוך מיט דער אָפיציעלער אויסטייטשונג און צערבראָכען די איינהייט פון זייערע סיסטעמען. איבעריגענס איז אַזאַ מין אָבלייקנונג גאָר ניט צו ערוואַרטען. ביידע סעקטען זיינען שטאָלץ דערויף, וואָס זייער אויסגאַנגס־פּונקט איז די אונגלייכהייט פון בעדינגונגען, — שטיצענדיג זיך אויף דעם ביישפּיעל פון דער נאַטור, וועלכע, ווי זיי זאָגען, האָט געוואָלט די אונגלייכהייט פון פעהיגקייטען; זיי נעהמען זיך נאָר איבער מיט איין זאַך, און דאָס איז, אַז זייער פּאָליטישער סיסטעם איז אַזוי פּאָלקאָם, אַז די סאָציאַלע אונגלייכהייטען וועלען שטענדיג איינשטימען מיט דער נאַטירליכער אונגלייכהייט. ווען עס קומט צו אונטערזוכען אויב די אונגלייכהייט פון בעדינגונגען, — איך וויל זאָגען שכירות, — איז מעגליך, זיינען זיי ניטאָ אין

דער היים, עס געהט זיי גאָרנישט אָן, אחוץ פעסטצושטעלען דעם מאָס־סיסטעם פון פעהיגקייטען *).

„יעדען לויט זיינען פעהיגקייטען, און יעדער פעהיגקייט לויט איהר ארבייט.“

„יעדען לויט זיין קאַפּיטאַל, זיין אַרבייט און זיין טאַלאַנט.“

זינט סען סימאָן און פוריער זיינען געשטאָרבען, האָט קיינער פון זייערע צאָהלרייכע נאָכפאָלגער ניט פּרובירט צו געבען דער וועלט א וויסענשאַפטליכען בעווייז פון דעם דאָזיגען גרויסען כלל; און איך קאָן וועטען הונדערט געגען איינס, אז קיין איינציגער פוריעריסט צווייפעלט אפילו ניט, אז דער דאָזיגער צוויי־געשטאַלטיגער אפאָריזם קאָן אויסגעטייטשט ווערן אויף צוויי פערשיידענע אופנים.

„יעדען לויט זיינע פעהיגקייטען, און יעדער פעהיגקייט לויט איהר ארבייט.“

„יעדען לויט זיין קאַפּיטאַל, זיין אַרבייט און זיין טאַלאַנט.“

נעהמט מען די דאָזיגע בעהויפּטונג בוכשטעבליך ווי מען זאָגט זי, איז זי וואולגאַר, פאַלש, אבסורד, אונגערעכט, ווידערשפּרעכענד, פרייהייטס־פיינדליך, פיהרט צו אנטי־סאָציאַלער טיראַניי, שטאַמט און האָט איהר יניקה פון דעם פאָראורטייל פון אייגענטום.

קודם כל וואָלט מען געדאַרפט אויסמעקען דעם ק א פּ י ט א ל פון די עלעמענטען פון בעלוינונג. די פוריעריסטען, אויף וויפיעל איך האָב געקאָנט לערנען פון זייערע בראָשורען, — לייקענען דאָס רעכט פון בעזיץ און אנערקענען נישט קיין אנדער באזיס פאַר אייגענטום, ווי די ארבייט. מיט אזא גרונד־כלל וואָלטען זיי געדאַרפט פערשטעהען, — ווען זיי וואָלטען זיך נאָר פערטראַכט, אז קאַפּיטאַל פראָדוצירט פאַר זיין אייגענטימער נאָר דורך דעם כח פון אָקופּאַציאָן,

*) לויט סען סימאָן׳ס סיסטעם, האָט דער סען סימאָניסטישער גייסטליכער געדאַרפט בעשטימען די פעהיגקייט פון יעדען איינעם, זייענדיג זיכער אז זיין היילינקייט קאָן קיין טעות ניט האָבען, וואָס איז אַ נאָכאַהמונג פון דער קאַטוילישער קירכע; לויט פוריער, וואָלט דער ראַנג און פעהיגקייט ענטשיידען געוואָרען דורך אָבשטימען, — אַ נאָכאַהמונג פון דעם קאָנסטיטוציאָנעלען רעזשים. עס זעהט אויס, אז דער גרויסער מאַן האָט חוזק געמאַכט פון לעזער; ער האָט איהם ניט געוואָלט זאָגען זיין סוד.

און דערפאר איז אזא פּראָדוקציאָן אונגעזעצליך. און באמת, אווב די ארבייט איז דער איינציגער באזיס פון אייגענטום, הער איך אויף צו זיין דער אייגענטימער פון א נחלה אזוי גיך ווי איך קריג בעצאָהלט די ארענדע פון א צווייטען. מיר האָבען דאס אונבע־שטרייטבאר בעוויזען. און דאס איינענע איז מיט יעדען קאפּיטאל; דאָס הייסט, אז אריינלעגען קאפּיטאל אין אן אונטערנעהמונג איז, לויט דער געטרייער גערעכטיגקייט, אויסבייטען דעם קאפּיטאל אויף א צאָהל פּראָדוקטען פון דעמזעלבען ווערטה. איך וועל זיך מעהר ניט אריינלאָזען אין דער נוצלאָזער דיסקוסיע, ווייל איך וועל דעם ענין גרינדליך אונטערזוכען אין נעקסטען קאפּיטעל, ווען איך וועל בעהאנדלען דאס וואָס מען רופט: פּ ר אָ ד ו צ י ר ע ן ד ו ר ך ק א פּ י ט א ל.

בכן, קאפּיטאל קאָן ווערן אויסגעביטען; עס קאָן אָבער ניט זיין קיין מקור פון איינקונפט.

בלייבט אונז נאָך א ר ב י י ט און ט א ל א נ ט; אָדער, ווי סען סימאָן זאָגט, ר ע ז ו ל ט א ט ע ן און פ ע ה י ג־ ק י י ט ע ן. איך וועל זיי אונטערזוכען איינע נאָך דער אנדערער.

דארפען די שכירות זיין פּראָפּארציאָנעל צו דער ארבייט? מיט אנדערע ווערטער, איז עס גערעכט אז ווער עס שאפט מעהר, זאָל קריגען מעהר? איך בעט דעם לעזער צו פערשטארקען זיין אויפמערקזאמקייט אויף דעם דאָזיגען פּונקט.

כדי צו לעזען דאס פּראָבלעם מיט איין שטריך, איז גענוג זיך צו שטעלען די פאָלגענדע פראגע: איז ארבייט א צ ו ש ט א נ ד אָדער א ק א מ ף? איך צווייפעל ניט אין דעם ענטפער.

גאָט האָט געזאָגט צו דעם מענשען: „מיט'ן שוויים פון דיין אָנגעזיכט וועסטו דו דיין ברויט עסען" — דאָס הייסט, דו וועסט אליין פּראָדוצירען דיין ברויט; דו וועסט ארבייטען מיט מעהר אָדער ווייניגער פערגניגען, לויט נאָך דיין וויסען ווי אזוי צו קאָמבי־נירען און פיהרען דיין קראפט. גאָט האָט ניט געזאָגט: „דו וועסט ארויסרייסען דיין ברויט פון דיין שכן"; נאָר „דו וועסט ארבייטען נעבען דיין שכן און ביידע וועט איהר לעבען בשלום". לאָמיר ענטוויקלען דעם זין פון דעם דאָזיגען געזעץ, וועלכער קאָן פאַלש אויסגעטייטשט ווערען צוליעב זיין אויסערסטער פּשוט'קייט.

**אין דער אַרבייט מוז מען אונטערשיידען צוויי זאַכען: פ ע ר־ א י י נ י ג ו נ ג און אַ ר ב י י ט ס ־ ש ט אָ ף.**

אויף אַזוי פיעל וויפיעל אַרבייטער זיינען פעראייניגט, זיינען זיי גלייך; און עס וואָלט געווען אַ ווידערשפּרוך ווען איינער זאָל קריגען אַ גרעסערן לוין פון דעם אַנדערן. ווייל אַזוי ווי דער פּראָדוקט פון איין אַרבייטער קאָן ניט ווערן בעצאָהלט סיידען מיט דעם פּראָדוקט פון אַן אַנדער אַרבייטער, איז אויב ביידע פּראָדוקטען האָבען אַ ניט־גלייכען ווערטה, וועט דער רעשט, דאָס הייסט דער אונטערשייד פון קלענערן ביז צום גרעסערן, ניט ווערן ערוואָרבען פון דער געזעלשאַפט; פאָלגליך, ניט האָבענדיג עס אויסגעביטען, וועט עס ניט ווירקען אויף דער גלייכהייט פון דעם לוין. דערפון וועט, אמת, אַרויסקומען אַ טובה פאַר דעם שטאַרקערן אַרבייטער. אַ נאַטירליכע אונגלייכהייט, אָבער ניט קיין סאָציאַלע אונגלייכהייט; ווייל קיינער וועט ניט האָבען געליטען פון זיין קראַפט און זיין פּראָדוקטיווער ענערגיע. מיט איין וואָרט, די געזעלשאַפט בייט נאָר אויס גלייכע פּראָדוקטען, דאָס הייסט, זי צאָהלט נאָר פאַר דער אַרבייט וואָס איז געמאַכט פאַר איהר; פאָלגליך, צאָהלט זי אויס גלייך צו אַלע אַרבייטער; וועגען דעם, וואָס זיי פּראָדוצירען אויסערהאַלב איהר ספערע, געהט איהר פונקט אַזוי וועניג אָן, ווי דער אונטערשייד פון זייערע שטימען און זייערע האָר.

עס מאַכט כמעט דעם איינדרוק, אַז איך אַליין שטעל אַוועק דעם פּרינציפּ פון אונגלייכהייט; עס איז אָבער פונקט פערקערט. אַזוי ווי די צאָהל פון אַרבייטען וואָס קאָנען געמאַכט ווערן פאַר דער געזעלשאַפט (דאָס הייסט אַרבייטען, פאַר וועלכע עס איז דאָ אַן אויסבייט) אויף אַ בעשטימטען פּלאַץ, איז אָבהענגיג אָן דעם סאָרט אַרבייט וואָס יעדער איינער האָט צו פערריכטען, — פאָלגט דערפון, אַז די נאַטירליכע אונגלייכהייט ווערט קלענער וואָס מעהר די פעראייניגונג ווערט גרעסער, און וואָס מעהר פערברויכבאַרע ווערטהען עס ווערען דערביי פּראָדוצירט. דאָס הייסט, אַז די איינציגע זאַך, וואָס קאָן צוריקברענגען די אונגלייכהייט פון דער אַרבייט אין דער געזעלשאַפט, איז דאָס רעכט פון אָקופּאַציאָן, דאָס רעכט פון אייגענטום.

לאָמיר אָננעהמען, אַז די טעגליכע געזעלשאַפטליכע אַרבייט

בעשטעהט אין בעאַקערן, בראַנעווען אָדער שניידען צוויי קוואַדראַט דעקאַמעטער, און אַז די דורכשניטליכע צייט וואָס איז נויטיג דערצו איז זיבען שטונדען: איין ארבייטער וועט עס אָבטהאָן אין זעקס שטונדען און ביי אַ צווייטען וועט עס נעהמען אַכט שטונדען; ביי די מייסטע אַרבייטער וועט עס נעהמען זיבען שעה; אָבער אַזוי לאַנג ווי יעדער איינער טהוט דעם טייל ארבייט וואָס מען פאָדערט פון איהם, ווי לאַנג דאָס זאָל איהם ניט נעהמען, זיינען זיי אַלע בערעכטיגט צו אַ גלייכען לוין.

וואָלט דער אַרבייטער, וועלכער קען ענדיגען זיין אַרבייט אין זעקס שטונדען, דערפאַר וואָס ער האָט מעהר כח און איז געשווינדער, נעהאַט דאָס רעכט, אַוועקצונעהמען ביי דעם וועניגער פעהיגען אַרבייטער זיין אַרבייט און זיין ברויט? ווער וועט האָבען דעם מוטה עס צו בעהויפּטען? זאָל דער, וואָס ענדיגט זיין אַרבייט פריהער ווי די איבעריגע, זיך אויסרוהען, אויב ער וויל; אָדער זאָל ער טהאָן אַנדערע ניצליכע אַרבייטען: מאַכען איבונגען, כדי צו שטאַרקען זיין קראַפט און זיין גייסט, און אַנטהאָן זיך פערגניגען; ער קאָן דאָס טהאָן אָהן עמיצען צו שאַדען; אָבער זאָל ער זיך האַלטען ביי אַזעלכע לייסטונגען, וואָס בעריהרען איהם אַליין. קראַפט, טאַלאַנט, פליים, און די פערזענליכע פאָרציגע, וואָס זיי ברענגען מיט זיך, זיינען אַ נאַטור־זאַך און ביז אַ געוויסען גראַד קאָן מען זיי פערעכענען אויף דעם חשבון פונ'ם יחיד; די געזעלשאַפט שאַצט זיי אָב לויט זייער פערדיענסט; אָבער דער לוין, וואָס זי צאָהלט, איז פּראָפּאָרציאָנעל צו דעם וואָס איינער פּראָדוצירט און ניט נאָך זיין כח. דער פערדיענסט פון יעדען איינעם איז בעשרענקט דורך דעם רעכט פון אַלע אַנדערע.

אַפילו ווען די ערד וואָלט געווען אונענדליך, און די קוואַנטיטעט פון געברויכס־מאַטעריאַל אונערשעפּליך, וואָלט מען אויך ניט געקאָנט אַננעהמען דעם כלל: י ע ד ע ן ל ו י ט ז י י ן אַ ר ב י י ט. און פאַרוואָס? איך ווידערהאָל עס, ווייל די געזעלשאַפט, ווי גרוים עס זאָל ניט זיין די צאָהל פון איהרע מיטגליעדער, מוז זיי אַלעמען צאָלען דעמזעלבינען געהאַלט, ווייל זי בעצאָהלט זיי נאָר מיט זייערע אייגענע פּראָדוקטען. בלויז אויף אַזוי פיעל, וויפיעל מען קאָן ניט שטערען די שטאַרקע פון בענוצען זיך מיט זייערע פאָרציגע, לויט דער היפּאָטעזע וואָס מיר האָבען פריי־

הער געמאַכט, וואָלט זיך די אומבעקוועמליכקייט פון דער נאַטירלי־כער אונגלייכהייט פון דאָס ניי בעוויזען אין דעם שויס פון דער געזעלשאַפטליכער גלייכהייט. אָבער די ערד, אין פערהעלטניס צו דער פּראָדוקטיווער קראַפט פון איהרע בעוואוינער און זייער פעהיגקייט זיך צו פערמעהרען, איז זעהר בעגרענעצט; נאָך מעהר, דורך דער אונגעהייערער פערשיידענהייט פון פּראָדוקטען און דורך דער אויסערסטער ארבייטס־פערטיילונג, איז די געמיינשאַפטליכע ארבייט זעהר לייכט צו מאַכען. איז אַט דורך דער בעשרענקונג פון דער פּראָדוקציאָנס־מעגליכקייט און די לייכטיגקייט פון פּראָדוק־ציאָנס־פּראָצעס טרעט אריין אין קראַפט דער געזעץ פון אַבסאָלו־טער גלייכהייט.

יא, דאָס לעבען איז אַ קאַמף. אָבער דער דאָזיגער קאַמף איז נים צווישען מענש און מענש, — נאָר פון דעם מענש געגען דער נאַטור; און עס איז די פליכט פון יעדען מענשען אַנטייל צו נעהמען אין איהם. אויב אין דעם קאַמף קומען די שטאַרקע צו הילף די שוואַכע, פערדיענען זיי פאַר זייער גוטהערציגקייט אז מען זאָל זיי לויבען און ליעבען; אָבער זייער הילף מוז מען אָננעה־מען אלס אַ פרייע מתנה — נים ארויפגעצוואונגען דורך גוואַלד, און נים געקויפט פאַר געצאָהלט. יעדער האָט פאַר זיך דעמזעלבען לעבענס־וועג, נים צו־לאַנג און נים צו־קורץ; וועמען עס געהאָט איהם דורכצוגעהן, בעקומט סוף כל סוף זיין שכר; עס איז נים נויטיג אַנצוקומען דער ערשטער.

אין דער דרוקעריי, וואו די ארבייטער ארבייטען געוועהנליך פון שטיק, בעקומט דער זעצער אַ געוויסע סומע פאַר אויפזעצען טויזענד בוכשטאַבען; דער דרוקער אַ געוויסע סומע פאַר אָבדרוקען טויזענד בויגען. דאָרט, ווי איבעראַל, טרעפט מען אונגלייכקייטען אין טאַלאַנט און פעהיגקייטען. ווען עס זיינען נישטאָ קיין אויס־זיכטען אז עס וועט ווערען וועניג ארבייט (ווייל אין דער דרוקעריי, ווי אין אַלע אנדערע פאַכען, טרעט אָפט אריין אַ שטילשטאַנד), איז יעדער פריי צו ארבייטען אַזוי שנעל ווי ער קאָן און אויסאיבען זיינע פעהיגקייטען; דער וואָס פּראָדוצירט מעהר, פערדינט מעהר און דער וואָס פּראָדוצירט וועניגער קריגט וועניגער. ווערט אָבער די ארבייט וועניגער, צוטיילען זיך די זעצער און די דרוקער מיט

דער אַרבייט צווישען זיך; דער וואָס זוכט צו פערכאַפּען די אַרבייט פאַר זיך, ווערט פעראַכט ניט ווענינער ווי אַ גנב אָדער אַ פּעררעטער.

די דאָזיגע הנהגה פון די דרוקער ענטהאַלט אין זיך אַ פילאָ־זאָפיע, צו וועלכער עס האָבען זיך קיינמאָל ניט דערהויבען ניט די עקאָנאָמיסטען און ניט די געזעץ־מענשען. ווען אונזערע געזעץ־געבער וואָלטען אין זייערע קאָדעקסען אריינגעפיהרט דעם פּרינציפּ פון גערעכטער פערטיילונג, ווי ער עקזיסטירט ביי די דרוקער; ווען זיי וואָלטען זיך צוגעקוקט צו די פאָלקסטימליכע אינסטינקטען, — ניט זיי בלינד נאָכצופאָלגען, נאָר אום זיי רעפאָרמירען און גענע־ראַליזירען, — וואָלט שוין פון לאַנג פרייהייט און גערעכטיגקייט געווען אוועקגעשטעלט אויף אַ סאָלידען פונדאַמענט און מיר וואָל־טען שוין ניט געדאַרפט דיסקוטירען איבער דעם רעכט פון אייגענ־טום און דער נויטווענדיגקייט פון סאָציאַלע אונטערשיידען.

מען האָט אויסגערעכענט, אַז ווען די אַרבייט זאָל פערטיילט ווערן גלייך צווישען אַלע אַרבייטס־פעהיגע מענשען, וואָלט דער אַרבייטס־טאָג אין פראַנקרייך געווען ניט לענגער פון פינף שטונדען. אויב דאָס איז אַזוי, טאָ מיט וואָס פאַר רעכט וואַגט מען צו רעדען פון דער אונגלייכהייט פון די אַרבייטער? עס איז די אַרבייט פון ראָבערט מאַקער וואָס שאַפט די אונגלייכהייט.

דער פּרינציפּ פון „יעדען לויט זיין אַרבייט". אויסגעטייטשט אין זין פון „ווער עס אַרבייט מעהר, קריגט מעהר", זעצט פאָראויס צוויי גאַנץ דייטליכע טעות'ן: איינער איז אַ טעות אין דער עקאָנאָמיע, נעמליך, אַז אין געזעלשאַפטליכער אַרבייט מוזען די אויפגאַבען זיין ניט גלייך; דער צווייטער, איז אַ טעות אין דער פיזיק, אַז די סומע פון זאַכען וואָס מען קאָן פּראָדוצירען איז אונבעגרענעצט.

„אָבער", וועט מען זאָגען, „לאָמיר זיך פאָרשטעלען, אַז עס געפינען זיך מענשען וואָס ווילען ניט טהאָן מעהר ווי די העלפט פון זייער אַרבייט?"... איז וואָס איז דאָ די פערלעגענהייט? מן הסתם בעגנוגענען זיי זיך מיט אַ העלפט פון זייער לוין. אויב מען בעצאָהלט זיי לויט דער אַרבייט וואָס זיי האָבען אויפגעטהאָן, וואָס־זשע האָבען זיי זיך צו קלאָגען? און וואָס פאַר אַ בייז וואָלטען זיי אימיצען געטהאָן דערמיט? נאָר אין אַזאַ זין קאָן מען אויס־

טייטשען דעם מאמר: „יעדען נאָך זיינע מעשים". עס איז דאָס געזעץ פון גלייכהייט אליין.

איבריגענס, קאָן מען דאָ פאָרברענגען א מאסע קלאָץ־קשיות בנוגע צו דער אָרדנונג און דער אָרגאניזאציע פון דער אינדוסטריע. איך וועל אויף זיי ענטפערן מיט איין זאץ, — אז זיי מוזען אלע פערענטפערט ווערן לויט דעם פרינציפ פון גלייכהייט. אזוי קאָן מען צ. ב. בעמערקען: „אָט האָט איהר אן ארבייט, וואָס קאָן בשום אופן ניט אָבגעלעגט ווערן אָהן א שטערונג פאר דער גאנצער פראָ־דוקציאָן. זאָל די געזעלשאפט ליידען פון דער נאכלעסיגקייט פון אייניגע מענשען? און וועט זי ניט וואגען, אוים רעספעקט צו דעם רעכט פון ארבייט, זיך צו בעזאָרגען דורך איהרע אייגענע כחות, מיט די פראָדוקטען, וואָס מען וויל איהר ניט געבען? איז אין אזא פאל, ועמען וועט געהערען דער לוין?

צו דער געזעלשאפט, וועלכע וועט טהאָן די פערנאכלעסיגטע ארבייט אליין, אָדער דורך איהרע פערטרעטער, אָבער שטענדיג אויף אזא אופן, אז די אלגעמיינע גלייכהייט זאָל ניט פערגוואלטיגט ווערן און אז נאָר די פוילע זאָלען ליידען פון זייער פוילקייט. און וואָס נאָך מעהר, אויב די געזעלשאפט קאָן ניט זיין צו־שטרענג צו די וואָס ארבייטען צו־לאנגזאם, האָט זי אָבער א רעכט, אין די אינטערעסען פון איהר אייגענער עקזיסטענץ, זיך צו בעוואָרענען געגען מיסברויכונגען.

עס איז אָבער נויטיג, וועט מען ווייטער זאָגען, אז יעדע אינדוסטריע זאָל האָבען פיהרער, לעהרער, אויפזעהער א. אז. וו. וועלען זיי אויך דארפען זיין בעשעפטיגט אין דער אלגעמיינער ארבייט? ניין; ווייל זייער ארבייט איז אכטונג צו געבען, צו ווייזען און צו לערנען. זיי מוזען אָבער אויסגעקליבען ווערען פון צווישען די ארבייטער און פון די ארבייטער אליין, און זיי מוזען ערפילען די וואהל־בעדינגונגען. אזוי איז אויך מיט אלע עפענט־ליכע עמטער, סיי פון פערוואלטונג, סיי פון אונטעררילכט.

דער ערשטער פאראגראף פון דער אוניווערסאלער קאָנסטיטו־ציאָן וועט דערפאר זיין:

„די בעשרענקטקייט אין געברויכס־מאטעריאל בעווייזט די נויטווענדיגקייט צו צוטיילען די ארבייט לויט דער צאָהל ארבייטער. די פעהיגקייט, וואָס יעדער איינער האָט, אויסצופילען א געזעל־

שאַפּטליכע אַרבייט, — דאָס הייסט אַ גלייכע אַרבייט, — און דאָס וואָס איז ניט מעגליך צו בעצאָהלען איין אַרבייטער מיט קיין אַנדער זאַך, סיידען מיט די פּראָדוקטען פון אַ צווייטען אַרבייטער, רעכט־פערטיגט די גלייכהייט פון לוין פאַר אַלע".

---

## § 7. די אונגלייכהייט פון פעהיגקייטען איז די נויטיגע בעדינגונג פון דער גלייכהייט פון פערמעגענס.

עס ווערט אויסגעזעצט, — און די דאָזיגע אויסזעצונג שטעלט צונויף דעם צווייטען טייל פון סען סימאָן'ס און דעם דריטען טייל פון פוריער'ס פּרינציפּען: „אַז אַלע אַרבייטען קאָנען ניט דורכ־געפיהרט ווערן מיט דערזעלבער גרינגקייט. עס זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס פאָדערען אַ הויכע שטופע פון געניטקייט און אינטע־ליגענץ; און לויט דער הויכקייט פון דער דאָזיגער שטופע ווערט בע־שטימט די בעלוינונג. דער קינסטלער, דער געלעהרטער, דער דיכ־טער, דער שטאַאַטס־מאַן ווערן געשעצט בלויז צוליעב דעם וואָס זיי צייכענען זיך אויס; און די דאָזיגע אויסצייכענונגען צושטערט יעדע גלייכהייט צווישען זיי און אַנדערע מענשען. פאַר דעם זשעני, פאַר דער קונסט און וויסענשאַפט האָט דאָס געזעץ פון גלייכהייט קיין ממשות ניט. היינט. אויב די גלייכהייט איז ניט פאַר אַלעמען, איז עס ניט קיין גלייכהייט. פון דעם דיכטער ווען מיר אַרונטער־געהן צום ראָמאַנען־שרייבער, פון דעם סקולפּטאָר צום שטיין־אַרבייטער; פון דעם אַרכיטעקט צום מויערער; פון דעם בעמיקער צום קאָכ־קינסטלער א. אז. וו. די פעהיגקייטען ווערן קלאַסיפיצירט און ווידער צוטיילט אין אַרטען, אָבצווייגונגען און מינים; די עקסטרעמען פון טאַלענט פעראייניגען זיך דורך די צווישען־טאַלענ־טען; די מענשהייט איז ווי אַן אונגעהייערע היעראַרכיע, אין וועל־כער דער איינציגער ווערט אָבגעשאַצט אין פערגלייך צו די אַנדערע, און זיין לוין ווערט בעשטימט דורך דעם ווערטה וואָס דער עולם לעגט אויף דעם וואָס ער שאַפט".

די דאָזיגע אויסזעצונג האָט תמיד געהאַט אַ געוואַלדיגע קראַפט. זי איז דער שטיין, אָן וועלכען עס זיינען געשטרויכעלט

געווארען די עקאנאמיסטען, ווי אויך די פערטיידיגער פון גלייכהייט. זי האט געפיהרט די ערשטע צו אונגעהייערע פעהלערן, און האט געבראכט די לעצטע צו גרויסע נארישקייטען. גראקכוס באבעף האט געוואלט, אז יעדע העכערקייט (סופעריאריטעט) זאל שטרענג אונטערדריקט און זאגאר פערפאלגט ווערן ווי א געזעלשאפטליכע פלאג. כדי אויפצובויען זיין קאמוניסטישען בנין, האט ער ארונטערגעצויגען אלע בירגער ביז צו דער הויך פון דעם קלענסטען. אונוויסענדע עקלעקטיקער זיינען בעקאנט מיט דעם וואס זיי זעצען־אויס געגען דער אונגלייכהייט פון וויסען און איך וועל גארנישט זיין איבערראשט, ווען אימיצער וועט נאך ארויסטרעטען געגען דער אונגלייכהייט פון טוגענד. אריסטאטעל'ן האט מען פערטריבען, סאקראטעס האט געמוזט טרינקען גיפט, עפאמינאנדאס'ן האט מען גערופען פאר'ן געריכט, דערפאר וואס זיי האבען זיך ארויסגעצייגט צו שטעהן פיעל העכער אין אינטעליגענץ און אין טוגענד ווי מאנכע אונמאראלישע און אידיאטישע דעמאגאגען. אזעלכע משוגע'תן וועלען זיך ווידערהאלען, אזוי לאנג ווי א פאלק, פערבלענדט און געדריקט פון רייכטום און אונגלייכהייט פון פערמעגען, וועט מורא האבען, אז עס וועלען אויפשטעהען נייע טיראנען.

קיין זאך איז ניט אזוי אוננאטירליך, ווי דאס וואס מען בעטראכט צו־נאהענט; און אפטמאל איז קיין זאך ניט אזוי וועניג וואהרשיינליך, ווי דער אמת אליין. לויט זש. זש. רוסא, ווידער. „מוז מען זיין א גרויסער פילאזאף צו קענען אמאל בעאבאכטען דאס וואס מען זעהט יעדען טאג"; און לויט ד'אלאמבער, „מאכען די געוועהנליכע אמת'ן א קנאפען איינדרוק אויף די מענשען, סיידען מען מאכט זיי שטארק אויפמערקזאם דערויף". דער פאטער פון די עקאנאמיסטען, — סעי, — פון וועמען איך האב געבארגט די ציטאטען, וואלט דערפון געקאנט אליין ציהען נוצען; אבער אפטמאל דארף דער, וואס לאכט פון א בלינדען, אליין טראגען ברילען; און דער וואס בעמערקט עס, איז אליין אויך א קורצזיכטיגער.

ס'איז א מערקווירדיגע זאך! דאס וואס האט דערשראקען אזוי פיעל דענקער איז ניט די אויסזעצונג געגען דער אונגלייכהייט, — עס איז די בעדינגונג גופא, אויף וועלכער די גלייכהייט עקזיסטירט!...

די אונגלייכהייט פון דער נאַטור פיהרט צו דער גלייכהייט פון פערמעגען!... וואָס פאַר אַ פּאַראַדאָקס!... איך ווידערהאָל מיין בעהויפּטונג, כדי מען זאָל ניט מיינען, אַז איך האָב זיך פערפּלאָנטערט: די אונגלייכהייט פון פעהיגקייטען פיהרט צו דער גלייכהייט פון פערמעגען.

עס זיינען דאָ צוויי זאַכען וואָס מוזען בעטראַכט ווערען אין אַ געזעלשאַפט: פונקציאָנען און פערהעלטניסען.

1) פונקציאָנען. יעדער ארבייטער דאַרף זיין ביכולת צו טהאָן די ארבייט, צו וועלכער ער ווערט בעשטימט; אָדער, צו געברויכען אַ געוועהנליכען אויסדרוק, „יעדער ארבייטער דאַרף קאָנען זיין פאַך". דער ארבייטער איז גלייך צו זיין ארבייט, — עס איז דאָ אַ פערגלייך צווישען דער פונקציאָן און דעם וואָס פונקציאָנירט.

אין אַ געזעלשאַפט פון מענשען זיינען די פונקציאָנען ניט גלייך; דערפאַר מוז מען האָבען פערשיעדענע פעהיגקייטען. נאָך מעהר, — געוויסע פונקציאָנען פאָדערען אַ העכערע אינטעליגענץ און גרעסערע פעהיגקייטען; הייסט עס, עס זיינען דאָ מענשען מיט העכערן שכל און טאַלאַנט. פאַר דער דורכפיהרונג פון אַן ארבייט מוז מען נויטווענדיגעווייזע האָבען אַן ארבייטער: פון דער נויט קומט די אידעע, און די אידעע שאַפט דעם פּראָדוצירער. מיר ווייסען נאָר דאָס וואָס אונזערע חושים ווינשען און וואָס אונזער שכל פאָדערט. פאַר די זאַכען וואָס מיר קאָנען ניט בעגרייפען, האָבען מיר ניט קיין שטאַרקען וואונש, און וואָס גרעסער עס ווערט אונזער קראַפט צו בעגרייפען, דעסטאָ גרעסער ווערן אונזערע פעהיגקייטען צו פּראָדוצירען.

דאָס הייסט, די פונקציאָנען ענטשטעהען פון די נויטען, די נויטען פון די פערלאַנגען, און דער פערלאַנג פון דעם ספּאָנטאַנעם בעגריף און דער פאָרשטעלונג, דער שכל וואָס דערדענקט זיך צו אַ זאַך קאָן איהר אויך פּראָדוצירען; פאָלגליך, איז ניטאָ קיין ארבייט וואָס זאָל שטעהן העכער ווי דער ארבייטער. מיט איין וואָרט, אויב אַ פונקציאָן רופט ארוים דעם וואָס פונקציאָנירט, איז עס דערפאַר, ווייל דער וואָס פונקציאָנירט האָט שוין עקזיסטירט פריהער ווי די פונקציאָן.

מיר מוזען בעוואונדערן די עקאָנאָמיע פון דער נאַטור. צוזאַ־

מען מיט די פערשיידענע פערלאַנגען וואָס זי האָט אונז געגעבען, און וועלכע דער אַבגעזונדערטער מענש וואָלט אליין ניט געקאָנט בעפרידיגען, האָט זי געגעבען דער ראַסע די קראַפט, וואָס זי האָט ניט געגעבען דעם יחיד. פון דאַנען שטאַמט דער פּרינציפּ פון דער אַרבייטס־פּערטיילונג, אַ פּרינציפּ וואָס איז געגרינדעט אויף דער ספּעציאַליזירונג פון פעהיגקייטען.

די צופרידענשטעלונג פון געוויסע נויטען פאָדערט, אז דער מענש זאָל שטענדיג שאַפען; בעת אַנדערע קאָנען צופרידענ־געשטעלט ווערן, פאַר מיליאָנען מענשען אויף טויזענדער יאָהר־הונדערטען, דורך דער אַרבייט פון איין איינציגען מענשען. צום ביישפּיעל, דאָס בעדערפעניש פון קליידער און שפּייז פאָדערט אַ שטענדיגען ווידער־שאַפען; בעת די וויסענשאַפט פון'ם וועלט־סיסטעם קאָן בעזאָרגט ווערן פון צוויי אָדער דריי בעגאַבטע מענ־שען פאַר דער אייביגקייט. דער אונאויפהערליכער שטראָמען פון די טייכען האַלט־אויף אונזער קאָמערץ און טרייבט די רעדער פון די מאַשינען; אָבער די זון, איינע אליין אין מיטען פון רוים, גיט ליכט פאַר דער גאַנצער וועלט. די נאַטור, וועלכע וואָלט געקאָנט בעשאַפען פּלאַטאָנס, ווירגילס, ניוטאָנס, קוואַוויערס, ווי זי בעשאַפט ערד־אַרבייטער און פּאַסטוכער, געפינט עס ניט פאַר נויטיג; איהר געפעלט בעסער צוצוטיילען די זשעניען אַזוי זעלטען, לויט דעם דויער פון זייער שאַפען, און אויסצוגלייכען די צאָהל פון פעהיגקייטען דורך דער קאָמפּעטענטקייט פון יעדען איינעם פון זיי.

איך אונטערזוך דאָ ניט צי די ווייטקייט וואָס טיילט אָב איין מענשען פון צווייטען, בנוגע צו טאַלאַנט און אינטעליגענץ, ענט־שטעהט פון דעם קלעגליכען צושטאַנד פון דער ציוויליזאַציע, אָדער צי דאָס וואָס מען רופט היינט אונגלייכהייט פון כחות וועט אין אן אידעאַלען געזעלשאַפט זיין עטוואָס אַנדערש ווי אַ פערשיידענקייט פון כחות. איך נעהם אָן דאָס ערגסטע; און כדי מען זאָל מיך ניט בעשולדיגען, אז איך זוך אויסצומיידען אָדער זוך זיך ארויסדרעהען פון שוועריגקייטען, גיב איך צו די אַלע אונגלייכהייטען, וואָס קאָנען וועמען עס איז

איינפאַלען*). געוויסע פילאָזאָפען, פערליעבט אין דער אידעע פון פערפלאַכונג, בעהויפטען, אַז דער שכל איז ביי אַלעמען גלייך, און יעדער אונטערשייד איז דער רעזולטאַט פון בילדונג. איך בין זיך מודה, אַז איך גלויב ניט אין דער דאָזיגער לעהרע, וועלכע, ווען זי זאָל אפילו זיין אמת, וואָלט געפיהרט צו אַ שלום, וואָס איז פונקט דער היפּוך פון דעם וואָס זיי ווילען. וואָרים, אויב פעהיגקייטען זיינען גלייך, וואָס עס זאָל ניט זיין דער גראַד פון זייער קראַפט, און אַזוי ווי מען קאָן קיינעם ניט צווינגען, וואָלטען די פונקציאָנען וואָס ווערן בעטראַכט אַלס גראָב און נידעריג, געדאַרפט ב ע ס ע ר ו ו ע ר ן בעצאָהלט, — אַ רעזולטאַט וואָס איז ניט וועניגער אין ווידערשפּרוך צו דער גלייכהייט, ווי צום פּרינציפּ: צ ו י ע ד ע ר פ ע ה י ג ק י י ט ל ו י ט א י ה ר ע א ו י פ ט ה ו א ו נ ג ע ן. פערקעהרט, גיט מיר אַ געזעלשאַפט, אין וועלכער יעדער סאָרט טאַלאַנט איז גומערירט לויט זיין שייכות צו די נויטען פון דער געזעלשאַפט, און וועלכע פערלאַנגט פון יעדען פּראָדוצירער בלויז דאָס וואָס זיין ספּעציעלע פונקציאָן פאָדערט פון איהם צו פּראָדוצירען; און מיט אַלער רעספּעקט פאַר דער היעראַרכיע פון פונקציאָנען, וועל איך פון דעם אַרויסברענגען די גלייכהייט פון פערמעגען.

דאָס איז מיין צווייטער פונקט:

2) פ ע ר ה ע ל ט נ י ס ע ן. ווען איך האָב בעהאַנדעלט דעם עלעמענט פון אַרבייט האָב איך בעוויזען, אַז אַזוי ווי אַלע בעזיצען די פעהיגקייט דורכצופיהרען אַ געזעלשאַפטליכע אַרבייט, קאָן די אונגלייכהייט אין לוין ביי איין און דעמזעלבען קלאַס פון פּראָדוקטיווער אַרבייט ניט בעגרינדעט ווערען אויף דער אונגלייכהייט פון די אינדיווידועלע קרעפטען. פונדעסטוועגען איז עס ניט מעהר ווי רעכט צו זאָגען, אַז געוויסע פעהיגקייטען זיינען אַבסאָלוט

---

*) איך קאָן ניט פערשטעהן ווי אַזוי מען וואַגט צו בערעכטיגען די אונגלייכהייט פון בעדינגונגען, בערופענדיג זיך אויף די שלעכטע און נידעריגע אייגענשאַפטען פון געוויסע מענשען. פון וואַנען קומט דען אַט די שענדליכע ערנידעריגונג פון הארץ און נשמה, צו וועלכער אַזוי פיעל פאַלען אַלס קרבנות, אויב ניט פון דער אָרימקייט און עלענד, אין וועלכע דאָס אייגענטום שלײדערט זיי אַריין? דאָס אייגענטום מאַכט פון דעם מענשען אַ סריס, און דערנאָך וואַרפט זי איהם אויף, אַז ער איז אַ שטיק האָלץ, אַן אָבשטאַרבענדער בוים.

ניט צוגעפּאַסט פאַר געוויסע אַרבייטען; אַזוי אַז ווען די מענשליכע אינדוסטריע זאָל אינגאַנצען בעשרענקט ווערן צו איין קלאַס פּראָ־דוקטען, וואָלטען אויפגעקומען אַ גרויסע צאָהל אונפעהיגע און עס וואָלט אויך ענטשטאַנען אַ גרויסע סאָציאַלע אונגלייכהייט. אַלע זעהען אָבער, אָהן מיין אָנדייטונג דערויף, אַז די פערשיידענקייט פון די אינדוסטריען פערמיידט די דאָזיגע שוועריגקייט; דאָס איז אַזוי קלאָר, אַז איך וועל זיך דערויף ניט אָבשטעלען. עס בלייבט אונז נאָר צו בעוויזען, אַז די פונקציאָנען זיינען גלייך איינע צו די אַנדערע, פּונקט ווי עס זיינען גלייך די אַרבייטער, וועלכע ערפי־לען איין און דיזעלבע פונקציאָן.

וואונדערט עס אייך וואָס איך ענטזאָג דער געניאַליטעט, דער וויסענשאַפטליכקייט, דער טאַפּפערקייט, — מיט איין וואָרט, די אַלע אויסצייכענונגען וואָס די וועלט בעוואונדערט, — דעם כבוד פון ווירדיגקייט, די אויסצייכנונג פון מאַכט און רייכטום? ניט איך ענטזאָג זיי עס: עס איז די עקאָנאָמיע, די גערעכטיגקייט און די פרייהייט וואָס פערבאָטען עס. די פרייהייט! עס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס איך געברויך איהר נאָמען אין דער דעבאַטע. זאָל זי זיך אַליין אויפהויבען צו פערטהיידיגען זיך און דערגרייכען איהר זיעג.

יעדע פערהאַנדלונג, וואָס ענדיגט זיך מיט דעם אויסטויש פון פּראָדוקטען, אָדער דיענסטען, קאָן בעצייכענט ווערן אַלס אַ קאָמערציעלע אָפּעראַציע.

דער וואָס רעדט פון קאָמערץ, רעדט פון אַן אויסטויש פון גלייכע ווערטהען; וואָרים אויב די ווערטהען זאָלען ניט זיין גלייך, און דער אָבגענאַרטער זאָל עס בעמערקען, וועט ער ניט איינגעהן אויף דעם אויסטויש און עס וועט ניט זיין קיין קאָמערץ.

קאָמערץ קאָן נאָר עקזיסטירען צווישען פרייע מענשען. מען קאָן פערהאַנדלען מיט אַנדערע מענשען דורך געוואַלד אָדער שווינ־דעל, דאָס איז אָבער ניט קיין קאָמערץ.

אַ פרייער מענש איז דער, וועלכער קאָן זיך בענוצען מיט זיין שכל און זייגע פעהיגקייטען; דער וואָס איז ניט פערבלענדט פון ליידענשאַפט, ניט געשטערט און ניט געטריבען דורך אונטער־דריקונג און ניט אָבגענאַרט דורך פאַלשע מיינונגען.

הייסט עס, אַז ביי יעדען אויסטויש איז פאַראַן אַ מאָראַלישע

פערפליכטונג, אז איינער פון די צדדים זאָל ניט מאַכען קיין פּראָ־פיט אויף דעם חשבון פון דעם צווייטען; דאָס הייסט, אז אַ מסחר, אום צו זיין ריכטיג און געזעצליך, מוז ער זיין פריי פון יעדער אונגלייכהייט. דאָס איז די ערשטע בעדינגונג פון קאָמערץ. איהר צווייטע בעדינגונג איז: זיין פרייוויליג, ד. ה. אז די צדדים זאָלען האנדלען פריי און אָפען.

איך שטעל אַלזאָ אַוועק דעם האנדעל אָדער אויסטויש אַלס אַ געזעלשאַפטליכען אקט.

דער נעגער, וועלכער פערקויפט זיין פרוי פאַר אַ מעסער, זיינע קינדער פאַר שטיקלעך גלאָז, און זיך אַליין פאַר אַ פלאַש בראַנפען, איז ניט פריי. דער סוחר פון מענשען־פלייש, איז ניט קיין חבר פון דעם מיט וועמען ער האנדעלט, ער איז זיין שונא.

דער ציוויליזירטער אַרבייטער, וועלכער באַקט אַ לאַבען ברויט, כדי צו קריגען דערפון אַ ביסען; וועלכער בויט אַ פּאַלאַץ, כדי צו קאָנען שלאָפען אין אַ שטאַל; וועלכער וועבט רייכע שטאָפען, כדי צו קאָנען טראָגען שמאַטעס; וועלכער פּראָדוצירט אַלעס כדי אויסצוקומען אָהן אַלעס, — איז ניט פריי. זיין אַרבייטס־געבער, וועלכער ווערט ניט זיין חבר אין דעם אויסטויש פון לוין און אַרבייט וואָס קומט פאַר צווישען זיי, איז זיין שונא.

דער סאָלדאַט, וועלכער דיענט זיין פאַטערלאַנד אויס מורא, אָנשטאַט עס צו טהאָן אויס ליעבע, — איז ניט פריי; זיינע חברים און זיינע עלטסטע, די מיניסטאָרען אָדער די בעאַמטע פון מיליטער־יוסטיץ, — זיינען אַלע זיינע שונאים.

דער פויער וואָס דינגט די ערד, דער פאַבריקאַנט וואָס באָרגט זיינע קאַפּיטאַלען, דער טעקסעס־צאָהלער, וועלכער צאָהלט איינ־פיהר־און ארויספיהר־שטייערן, פאַר פּאַטענטען און ערלויבנישען, קאָפּשטייערן און נחלה־שטייערן און אז. וו.; ווי אויך דער דעפּו־טאַט וואָס שטימט פאַר זיי, — אַלע האנדלען זיי ניט על פּי שכל, און ניט פריי. די אייגענטימער, די קאַפּיטאַליסטען און די רעגי־רונגען זיינען זייערע שונאים.

גיט די מענשען פרייהייט, קלערט אויף זייערע מוחות, אז זיי זאָלען פערשטעהן דעם זין פון זייערע קאָנטראַקטען, און איהר וועט זעהן די גרעסטע גלייכהייט אין זייער אויסטויש, אָהן דער מינדסטער ריקזיכט פאַר דער העכערקייט פון טאַלענט און וויסען;

און איהר וועט אייגזעהן, אז אין קאָמערציעלען זין, דאָס הייסט, אין דער ספערע פון געזעלשאפט, האָט דאָס וואָרט „העכערקייט" קיין שום אינהאַלט ניט.

זאָל האָמער זינגען זיינע פערזען. איך וועל זיך צוהערען צו דעם ערהאבענעם זשעני, אין פערגלייך צו וועלכען, איך, איינפאכער פאסטוך, פראָסטער ערד־ארבייטער, בין גאָרנישט. אין דער ווירק־ליכקייט, — ווען מען זאָל פערגלייכען ארבייט מיט ארבייט, — וואָס פאר א בעטרעף האָבען מיינע קעז און מיינע בעבלעך אין פער־גלייך מיט זיין „איליאדע"? ווען האָמער זאָל אבער וועלען אוועקנעה־מען ביי מיר, פאר זיין אונפערגלייכליכער פאָעמע, אַלצדינג וואָס איך פערמאָג און נאָך מאכען מיר פאר זיין שקלאַף, בין איך איהם מוחל, און איך ענטזאָג זיך פון דעם פערגניגען פון זיינע ליעדער. איך קאָן זיך בעגעהן אָהן דער „איליאדע" און זיך צוהערען, אויב עס איז נויטהיג, צו דער „ענעאידע"; האָמער קאָן זיך ניט בעגעהן פיער און צוואַנציג שטונדען אָהן מיינע פּראָדוקטען. זאָל ער דער־פאַר אָננעהמען דאָס, וואָס איך קאָן איהם געבען, און זאָלען זיינע שירים מיר לערנען, מיר געבען מוטה און מיך טרייסטען.

„וואָס? איהר ווילט זאָגען, אז דאָס זאָל זיין די לאגע פון דעם וואָס בעזינגט די מענשען און די געטער? בעטלען, מיט אַלע איהרע ערנידערונגען און ליידען! — וואָס פאר א בארבארישע גרויסמוטיגקייט!"... בייזערט זיך ניט, איך בעט אייך. אייגענ־טום מאכט פון דיכטער א קרעזוס אדער א בעטלער; נאָר די גלייכהייט וויים ווי איהם צו שעצען און צו עהרען. פון וואָס האַנדעלט זיך דאָ? ווענגען רעגולירען דאָס רעכט פון דעם וואָס זינגט און די פליכט פון דעם וואָס הערט. טאָ בעטראַכט זשע אָט דעם פונקט, וואָס איז זעהר וויכטיג אין דער לעזונג פון דער דאָזיגער פראגע: ביידע זיינען פריי, איינער צו פערקויפען, דער אַנדערער צו קויפען; פון דעם מאָמענט אָן האָבען זייערע בעזונ־דערע פרעטענזיעס קיין ווערטה ניט; און די גערעכטע אָדער איבערשעצטע מיינונג וואָס דער ערשטער קען האָבען וועגען זיינע שירים און דער צווייטער וועגען זיין מילדקייט, קאָנען ניט האָבען קיין איינפלוס אויף די תנאים פון זייער אָבמאַך. ניט דעם טאַלאַנט דאַרפען מיר וועגען, ווען מיר געהען עפּעס קויפען, נאָר דאָס וואָס ער האָט געשאפען.

כדי דער דיכטער און בעזינגער פון אַכילעס זאָל קריגען זיין בעלוינונג, מוז ער אָנפאַנגען דערמיט, אז מיר זאָלען איהם וועלען הערען: אויסגעהענדיג פון דער דאָזיגער הנחה, איז דער בייט פון זיינע פערזען אויף א געוויסען לוין א פרייער אקט, וועלכער דאַרף אין דערזעלבער צייט אויך זיין א גערעכטער; דאָס הייסט, דער לוין פון דיכטער דאַרף זיין גלייך צו זיין ווערק. אָבער וואָס איז דער ווערטה פון אַזא ווערק?

לאָמיר ראשית אָננעהמען אז די „איליאַדע", — דאָס מייס־טערווערק וואָס מען דאַרף עהרליך בעלוינען, — שטעהט ווירקליך העכער פון יעדען פרייז, אז מיר ווייסען ניט ווי אַזוי עס אַבצושאַ־צען. אויב דער עולם, וועלכער איז פריי צו האנדלען, וויל עס ניט קויפען, איז עס קלאָהר אז די פּאָעמע, וועלכע קאָן ניט אויס־געביטען ווערן, פערליערט מאקע ניט איהר אינערליכען ווערטה; אָבער איהר טויש־ווערטה, אָדער איהר פּראָדוקטיווע ניצליכקייט, איז רעדוצירט צו נול־פּונקט, צו גאָר־נישט. עס שטעהען דעמאָלט אונענדליכקייט פון איין זייט און גאָרנישט פון דער אנדער זייט, און מיר, זייענדיג אויף א גלייכע שטרעקע פון ביידע, ווייל אַלע רעכטע און אַלע פרייהייטען מוזען זיין גלייך רעספּעקטירט, דאַר־פען זוכען אַבצומעסטען דעם געהעריגען לוין; מיט אנדערע ווער־טער, עס איז ניט דער ווערטה אָן־און־פיר־זיך, נאָר דער פערהעלט־ניסמעסיגער ווערטה פון דער זאַך וואָס ווערט פערקויפט, וואָס מיר דאַרפען בעשטימען. די פראַגע הויבט אָן ווערען אייגפאַכער: וואָס איז דער פערהעלטניסמעסיגער ווערטה? וואָס איז דער לוין פאַר אַזא פּאָעמע ווי די „איליאַדע", צו וועלכען דער מחבר איז בערעכטיגט?

דאָס איז געווען דאָס פּראָבלעם, וואָס די פּאָליטישע עקאָנאָמיע האָט צוערשט געדאַרפט ענטשיידען, באַלד נאָך די ערשטע כללים און דעפיניציאָנען; אָבער זי האָט עס ניט נאָר ניט ענטשידען, זי האָט עס גאָר ערקלערט פאַר אונמעגליך צו ענטשיידען. לויט די עקאָנאָמיסטען, קאָן דער רעלאַטיווער ווערטה אָדער טויש־ווערטה פון א געגנשטאַנד אַבסאָלוט ניט בעשטימט ווערן: ער איז אונבע־שטענדיג.

„דער ווערט פון א זאַך, — זאָגט סעי, — איז א בעשטימטע קוואַנטי־טעט, אָבער בלויז פאַר א געוויסער צייט. ער האָט די טבע זיך שטענדיג

צו בייטען פון מדרגה צו מדרגה. ער קאָן ניט פעסטגעשטעלט ווערן אויף שטענדיג, ווייל ער איז געגרינדעט אויף די בעדערפענישען און פּראָדוקציאָנס־מיטלען וועלכע בייטען זיך יעדע מינוט. די דאָזיגע אונבעשטענדיגקייט מאַכט די עקאָנאָמישע ערשיינונגען קאָמפּליצירט, און עס איז זעהר אָפט שווער זיי צו בעאָבאַכטען און ערקלערען. איך האָב דערצו קיין תרופה ניט; עס איז ניט אין אונזער קראַפט צו בייטען די נאַטור פון זאַכען."

אויף אן אנדער אָרט ווידערהאָלט סעי און זאָגט, אז אזוי ווי דער ווערטה איז באַזירט אויף ניצליכקייט, און ניצליכקייט הענגט אָב פון אונזערע בעדערפענישען, אונזערע קאַפּריזען, מאָדעס א. אז. וו., בייט ער זיך אזוי שנעל ווי די מיינונג. הייסט, אזוי ווי די פּאָליטישע עקאָנאָמיע איז די וויסענשאַפט פון ווערטהען, זייער פּראָדוקציאָן, פערטהיילונג, אויסטויש און געברויך, — טאָ פרעגט זיך: אויב דער ווערטה איז אזוי אונבעשטענדיג און ניט בעשטימבאַר, ווי אזוי איז גאָר די פּאָליטישע עקאָנאָמיע מעגליך? ווי אזוי קאָן זי זיין א וויסענשאַפט? ווי אזוי קאָנען זיך צוויי עקאָנאָמיסטען אָנקוקען און ניט לאַכען? ווי וואַגען זיי צו מאַכען חוזק פון די מעטאַפיזיקער און פּסיכאָלאָגען? וואָס! יענער נארישער דעקאַרט האָט זיך איינגערעדט, אז די פילאָזאָפיע נויטיגט זיך אין א פעסטען באַזיס, אויף וועלכער מען זאָל קאָנען אויפבויען דעם בנין פון דער וויסענשאַפט און ער איז געווען דום גענוג איהם צו זוכען! און דער מכשף פון דער עקאָנאָמיע, דער דריי מאָל גרויסער מאַגיקער סעי גיט אוועק א גאַנצען האַלבען באַנד צו ערקלערען דעם גרויסען אמת, אז *די פּאָליטישע עקאָנאָמיע איז א וויסענשאַפט*, און האָט דעם מוטה שפּעטער צו ערקלערען, אז די דאָזיגע וויסענשאַפט קאָן איהר געגענשטאַנד ניט פעסטשטעלען, וואָס איז דאָס אייגענע ווי צו זאָגען, אז זי איז אָהן א פּרינציפּ און אָהן א יסוד! האָט ער, דער בעריהמטער סעי, ניט געוואוסט וואָס עס הייסט וויסענשאַפט; אָדער האָט ער אינגאַנצען ניט געוואוסט וואָס ער רעדט?

סעי'ס ביישפּיעל האָט געבראַכט זיינע פרוכטען. די פּאָליטישע עקאָנאָמיע, ווי זי איז היינט, קאָן פערגליכען ווערן צו דער אָנטאָלאָגיע; זי רעדט איבער ווירקונג און אורזאַכען און ווייס גאָרנישט, ערקלערט גאָרנישט, בעשטימט גאָרנישט. די אידעען וואָס מען בעהערט מיט דעם נאָמען עקאָנאָמישע געזעצען, זיינען ניט

מעהר ווי עטליכע אלגעמיינהייטען אָהן א שום ווערטה, וועלכע די עקאָנאָמיסטען האָבען געמיינט צו געבען א שיין פון טיעפקייט, דערמיט וואָס זיי וועלען זיי אויספּוצען אין הויך־געפליגעלטע ווערטער. וואָס איז שייך די פּראָבען וואָס די עקאָנאָמיסטען האָבען געמאכט צו לעזען סאָציאַלע פּראָבלעמען, איז אלץ וואָס מען קאָן פון זיי זאָגען, אז אויב זייערע בויך־סברות הויבען זיך יאָ אמאָל ארויס פון דעם שטות, פאַלען זיי תיכף צוריק אריין אין אבסורד. שוין פינף און צוואנציג יאָהר הענגט די פּאָליטישע עקאָנאָמיע איבער פראנקרייך ווי א שווערער נעבעל, וועלכער שטערט די אנשטרענגונגען פון דעם גייסט, און שטעלט אוועק גרענעצען פאַר דער פרייהייט.

האָט יעדע אינדוסטריעלע שאַפונג א פּערקויפליכען, אבסאָלוטען, אונפערענדערליכען, און פאַלגליך אויך א לעגיטימען און אמת'ן ווערטה? — יאָ.

קאָן יעדער מענשליכער פּראָדוקט אויסגעטוישט ווערן פאַר דעם פּראָדוקט פון א צווייטען מענשען? — ווידער יאָ.

וויפיעל טשוועקעס זיינען ווערטה א פּאָר שטיוועל?

אויב מיר וועלען קאָנען לעזען דעם דאָזיגען מורא'דיגען פּראָבלעם, וועלען מיר האָבען דעם שליסעל צו דעם סאָציאַלען סיסטעם, וואָס די מענשהייט זוכט שוין זינט זעקס טויזענד יאָהר. פאַר דעם דאָזיגען פּראָבלעם בלייבט יעדער עקאָנאָמיסט שטעהן א צוטומעלטער; דער פויער, וועלכער קאָן ניט ניט לעזען און ניט שרייבען, קלערט גאָר ניט און ענטפערט: „אזוי פיעל, וויפיעל מען קאָן מאכען אין דערזעלבער צייט און מיט דיזעלבע קאָסטען“.

דער אבסאָלוטער ווערטה פון א זאַך איז דעריבער, דאָס וואָס זי קאָסט אונז אין צייט און מאַטעריאַל. וויפיעל איז ווערטה א דימענט, וועלכער האָט נאָר געקאָסט די טרחה איהם אויפצוהויבען פון זאמד? — גאָרנישט; ווייל ער איז ניט געשאַפען פון מענשען. וויפיעל וועט ער ווערטה זיין נאָכדעם ווי מען האָט איהם געשליפען און איינגעפאסט? — די צייט און די אויסגאַבען וואָס ער האָט געקאָסט דעם ארבייטער. פאַרוואָס־זשע נעהמט מען פאַר איהם אזא הויכען פּרייז? — דערפאַר וואָס די מענשען זיינען ניט פריי. די געזעלשאַפט דאַרף רעגולירען דעם אויסטויש און די פערטיילונג פון זעלטענע זאכען, ווי זי טהוט דאָס מיט די גאַנץ געוועהנליכע,

אויף אזא אופן, אז יעדער איינער זאָל קאָנען האָבען א חלק זיי צו געניסען. וואָס איז דאַן דער אָנגענומענער ווערטה? — א ליגען, אַן אונגערעכטיגקייט און א גנבה.

אויף דעם שטייגער איז גרינג זיך אויסצוגלייכען מיט יעדען איינעם. אויב דער צווישען־אויסדרוק, וועלכען מיר ווילען בעשטימען, צווישען אַן אונבעצאָהלבארען געגענשטאַנד און א ווערטהלאָזען, ווערט אויסגעדריקט פאר יעדען פּראָדוקט אין דעם סכום פון צייט און אויסגאַבען, וואָס עס האָט געקאָסט איהם צו פּראָדוצירען, איז למשל, ווען א פּאָעמאַ האָט געדויערט דעם מחבר דרייסיג יאָהר צו פערפאַסען און ער האָט אויסגעגעבען 10,000 פראַנק אויף רייזען, ביכער א. אז. וו., דאַן מוז מען איהם בעצאָהלען מיט דעם געוועהנליכען לוין פון דרייסיג יאָהר ארבייט און די צעהן טויזענד פראַנק, וואָס ער האָט אויסגעגעבען. אָנגענומען, אַז די גאַנצע סומע איז פופציג טויזענד פראַנק; איז אויב די געזעלשאַפט וואָס ערווערבט דאָס מייסטער־ווערק בעשטעהט פון א מיליאָן מענשען, קומט אויס אויף מיין חלק צו בעצאָהלען פינף סאַנטים.

דאָס פיהרט אונז צו איינינע בעמערקונגען:

1) דערזעלבער פּראָדוקט קאָן אין פערשיידענע צייטען און אין פערשיידענע געגענדען קאָסטען מעהר אָדער וועניגער אין צייט און אויסגאַבען; אין דער הינזיכט איז עס אמת, אַז די גרויס פון ווערטה איז אונבעשטענדיג. אָבער דאָס איז ניט די אונבעשטענדיגקייט פון די עקאָנאָמיסטען, וועלכע רעכענען אריין אין די אורזאַכען פון דער אונבעשטענדיגקייט פון ווערטהען ניט נאָר די פּראָדוקציאָנס־מיטעל, נאָר אויך געשמאַק, קאַפּריז, מאָדע און אורטייל. מיט איין וואָרט, דער אמת'ער ווערטה פון א געגענשטאַנד אין זיין מאַטעמאַטישען אויסדרוק איז א בעשטענדיגער, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס די סומע געלד וואָס מען צאָהלט פאַר איהם איז ניט שטענדיג דיזעלבע.

2) דער פּרייז פאר יעדען פּראָדוקט, אויף וועלכען עס איז דאָ א פאָדערונג, דאַרף זיין אזוי פיעל, וויפיעל ער האָט געקאָסט אין צייט און אין אויסגאַבען, — ניט מעהר און ניט ווייניגער, יעדער פּראָדוקט, וואָס האָט ניט קיין נאָכפראַגע, איז א פערלוסט פאַר דעם פּראָדוצירער, איז קאָמערציעל ווערטהלאָז.

3) דאָס ניט פערשטעהען פון דעם אָבשאַצונגס־פּרינציפּ, און

אין א סך פעלע די שווערינקייט איהם אַנצואַווענדען, איז דער קוואל פון קאָמערציאַלע שווינדלען, און איז איינע פון די שטאַרקסטע אורזאַכען פאַר דער אונגלייכהייט פון פערמעגען.

4) צו בעלוינען פאַר געוויסע אינדוסטריען און צו בעצאָהלען פאַר געוויסע פּראָדוקטען, מוז מען האָבען א געזעלשאַפט, וואָס זאָל שטימען אין איהר גרויס מיט דער זעלטענהייט פון טאַלענטען, מיט דער קאָסטבאַרקייט פון די פּראָדוקטען און מיט דער פערשיידענאַרטיגקייט פון די קונסטען און וויסענשאַפטען. אויב, למשל, א געזעלשאַפט פון פופציג פערמער קאָנען אויסהאַלטען א שול־לעהרער, איז נויטיג הונדערט אויסצוהאַלטען א שוסטער, הונדערט און פופציג פאַר א שמיד, צוויי הונדערט פאַר א שניידער א. אז. וו. אויב די צאָהל פערמער שטייגט צו טויזענד, צעהן טויזענד, הונדערט טויזענד א. אז. וו., איז וואָס שנעלער זייער צאָהל וואַקסט, מוז אויך פּראָפּאָרציאָנעל וואַקסען די צאָהל פון די אָנגעשטעלטע, וואָס זיינען פריהער געוועזן נויטיג; אזוי אַז די העכסטע עמטער זיינען מעגליך נאָר אין די שטאַרקסטע געזעלשאַפטען*). אָט דאָס איז דער אייגענטימליכער שטריך פון פעהיגקייטען; די אייגענשאַפט פון א זשעניע, דער חותם פון זיין רוהם און גרויסקייט קאָן ניט געבאָרען ווערן און זיך ענטוויקלען, סיידען אין דעם שוים פון א גרויסער נאַציאָן. אָבער די דאָזיגע פיזיאָלאָגישע בעדינגונג, וואָס איז נויטיג פאַר דער עקזיסטענץ פון דעם זשעניע, פערגרעסערט גאָרנישט זיינע סאָציאַלע רעכטען: ווייט דערפון, — דאָס וואָס ער בעווייזט זיך ערשט שפּעטער איז א בעוויז, אַז אין עקאָנאָמישע און ציווילע ענינים מוז זיך די העכסטע אינטעליגענץ אונטערוואַרפען צו דער גלייכהייט פון פערמעגען, א גלייכהייט וואָס איז עלטער פון איהר, און פון וועלכער זי איז די קרוין.

דאָס איז א שווערער ביסען פאַר אונזער שטאָלץ, ער איז אָבער אַן אונ'רחמנות'דיגער אמת. דאָ קומט די פּסיכאָלאָגיע צו־הילף דער סאָציאַלער עקאָנאָמיע, און גיט אונז צו פערשטעהן, אַז טאַלאַנט און

*) וויפיעל בירגער זיינען נויטיג אויסצוהאַלטען א פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע? — פינף און דרייסיג מיליאָן. וויפיעל פאַר אַן עקאָנאָמיסט? — צוויי ביליאָן. און פאַר א ליטעראַרישען מענשען, וואָס איז ניט קיין געלעהרטער, ניט קיין קינסטלער, ניט קיין פילאָזאָף, ניט קיין עקאָנאָם, און וועלכער שרייבט צייטונגס־ראָמאַנען? — גאָרנישט.

מאַטעריעלע בעלוינונג האָבען ניט קיין געמיינשאַפטליכע מאָס; אז אין דער הינזיכט זיינען די בעדינגונגען פון אלע פּראָדוצירער גלייך: פאַלגליך, אז יעדער פערגלייך צווישען זיי, און יעדער אונטערשיעד פון פערמעגען, איז אונמעגליך.

יעדע ארבייט וואָס קומט ארוס פון א מענשען'ס הענט, — ווען מען פערגלייכט עס מיט דעם רויהען מאַטעריאַל פון וועלכען עס איז געשאַפען געוואָרען, — איז גאָר ניט אָבצושאַצען. אין דער הינזיכט איז דער חילוק צווישען א פּאָר הילצערנע שיך און דעם שטאַם פון א נוס־בוים, פונקט אזוי גרוים, ווי צווישען א סטאַטוע פון סקאָפּאַס און א שטיק מאַרמאָר. דער גייסט פון דעם איינפאַכען ארבייטער בעהערשט דעם שטאָף וואָס ער בעארבייט, פונקט אזוי ווי דער גייסט פון ניוטאָן בעהערשט די אונבעוועגליכע ספערען, וועמעס ווייטקייטען, גרויסקייטען און בעוועגונגען ער רעכענט־אויס. איהר פערלאַנגט פאַר'ן טאַלאַנט און פאַר'ן זשעני א געהעריגען גראַד כבוד און בעלוינונג. בעשטימט מיר דעם ווערטה פון א האָלץ־העקער'ס טאַלאַנט און איך וועל אייך בעשטימען וויפיעל האָמער'ס טאַלאַנט איז ווערטה. אויב עפּעס קאָן בעלוינען פאַר אינטעליגענץ, איז עס די אינטעליגענץ גופא. אָט דאָס איז וואָס קומט פאָר, ווען פּראָדוצירער פון פערשיידענע זאַכען צאָהלען זיך איינע די אנדערע מיט בעוואונדערונג און לויב. אָבער ווען עס האַנדעלט זיך אום אויסצוטיילען פּראָדוקטען, מיט דעם אבזיכט צו בעפרידיגען געגענזייטיגע בעדערפעגישען, מוז דער אויסטויש געמאַכט ווערן אין איינקלאַנג מיט דעם עקאָנאָמישען סיסטעם, וועמען עס געהערן ניט די אויסרעכענונגען פון טאַלאַנט און געניאַליטעט, און וועמעס געזעצען עס זיינען א פּועל־יוצא, ניט פון אונבעשטימטער און ווערטלאָזער בעוואונדערונג, נאָר פון א גערעכטען בילאַנץ צווישען דעביט און קרעדיט; מיט איין וואָרט, פון דער סוחרישער אריפמעטיק.

אָבער כדי מען זאָל זיך ניט פאָרשטעלען, אז די פרייהייט פון קויפען און פערקויפען איז דער איינציגער באַזיס פון דער גלייכהייט פון לוין, און אז דער געזעלשאַפט'ס איינציגע בעוואָרענים קעגען דער אויבערמאַכט פון טאַלאַנט ליגט אין א געוויסער טויטער קראַפט, וועלכע האָט ניט קיין געמיינשאַפטליכעס מיט רעכט, וועל איך ערקלערן פאַרוואָס אלע פעהיגקייטען זיינען בערעכטיגט צו דערזעלבער בעלוינונג און פאַרוואָס א ניט־גלייכע בעלוינונג וואָלט גע־

ווען אַן אונגערעכטיגקייט. איך וועל בעווייזען, אַז דער טאַלאַנט מוז זיך בויגען צו דער מדרגה פון דער סאָציאַלער לאַגע; און אויף דער העכערקייט פון טאַלאַנט גופא, וועל איך בעגרינדען די גלייכהייט פון פערמעגען. איך האָב פריהער געגעבען דעם נעגאַטיווען גרונד פאַר דער גלייכהייט פון לוין פאַר אַלע פעהיגקייטען; איצט וועל איך געבען דעם דירעקטען און פּאָזיטיווען גרונד.

לאָמיר צוערשט אויסהערען דעם עקאָנאָמיסט: עס איז שטענדיג אַ פערגניגען צו הערען ווי ער אַרגומענטירט און ווי אַזוי ער פּערשטעהט גערעכטיגקייט. אָהן איהם, אָהן זיינע נאַרישע, לעכערליכע אַרגומענטען וועלען מיר גאָרנישט ניט לערנען. די גלייכהייט, וואָס איז אַזוי שטאַרק פערהאַסט ביי דעם עקאָנאָמיסט, איז פּאַר אַלעם פערפּליכטעט צו דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע.

„ווען די עלטערן פון אַ דאָקטאָר (אין טעקסט זאָגט זיך אַ ן אַ ד ו ו אָ ק אַ ט, וואָס דאָס איז ניט אַזאַ גוטער ביישפּיעל) האָבען אויסגעגעבען אויף זיין ערציהונג פערציג טויזענד פראַנק, קאָן מען די דאָזיגע סומע בעטראַכטען אַלס קאַפּיטאַל וואָס איז אַריינגעטהאָן געוואָרען אין זיין קאָפּ. מען האָט דעריבער אַ רעכט צו ערוואַרטען אַז די סומע זאָל ברענגען אַ יעהרליכע הכנסה פון פיער טויזענד פראַנק. ווען דער דאָקטאָר פערדיענט דרייסיג טויזענד, בלייבען דערפון זעקס און צוואַנציג טויזענד פראַנק, וואָס געהערען זיין פּערזענליכען טאַלאַנט, וואָס די נאַטור האָט איהם געגעבען. דיזער נאַטירליכער קאַפּיטאַל, אויב מיר נעהמען אָן צעהן פּראָצ. אַלס די פּראָצענט־ראַטע, בעטרעפט דאַן צוויי הונדערט און זעכציג טויזענד פראַנק; און דער קאַפּיטאַל וואָס זיינע עלטערן האָבען איהם געגעבען, צו בעצאָהלען די אויסגאַבען פון זיין בילדונג, פערציג טויזענד פראַנק. די דאָזיגע ביידע סומען צוזאַמענגענומען זיינען זיין פערמעגען.“ (סעי, פּאָל־שטענדיגער קורס און ז. וו.)

סעי צוטיילט דעם דאָקטאָר'ס פערמעגען אין צוויי טייל: איין טייל איז דער קאַפּיטאַל וואָס איז בעצאָהלט געוואָרען פאַר זיין ערציהונג, דער צווייטער טייל שטעלט מיט זיך פּאַר זיין פּערזענליכען טאַלאַנט. די דאָזיגע איינטיילונג איז אַ גערעכטע; זי איז אין איינקלאַנג מיט דער נאַטור; זי איז אַנערקענט פון דער גאַנצער וועלט; זי דיענט אַלס די הויפּט־פּאַראויסזעצונג פאַר יענעם פּאַרטרעפליכען אַרגומענט פאַר דער אונגלייכהייט פון פעהיגקייטען. איך נעהם אָן די דאָזיגע פּאַראויסזעצונג אָהן בעדינגונגען; לאָמיר זעהן די פאָלגען.

1) סעי שטעלט אוועק צום ק ר ע ד י ט פון דאָקטאָר די פערציג טויזענד פראנק, וואָס זיין ערציהונג האָט געקאָסט; די דאָזיגע סומע דאַרף געשטעלט ווערן צו זיין ד ע ב י ט. וואָרים אויב די אויסגאַבע איז געמאַכט געוואָרען פ א ר איהם, איז זי ניט געמאַכט געוואָרען פון איהם; אזוי אז אנשטאָט וואָס די פערציג טויזענד פראנק זאָלען ווערן זיין אייגענס, דאַרף גאָר דער דאָקטאָר די קאָסטען פון זיין פּראָדוקט צוריקצאָהלען צו די וואָס זיינען צו דעם בערעכטיגט. מיר מוזען ווייטער בעמערקען, אז סעי רעדט פון א י י נ ק ו נ פ ט אנשטאָט פון א ו י ס צ אָ ה ל ו נ ג ע ן; ווייל ער דענקט לויט דעם פאַלשען פּרינציפּ, אז קאַפּיטאַל איז פּראָדוקטיוו. די אויסגאַבען אויף דער אויסבילדונג פון א טאַלאַנט זיינען א חוב, וואָס דער טאַלאַנט האָט זיך פערשולדיגט. דורך דעם פאַקט אַליין, וואָס דער טאַלאַנט איז דאָ, ווערט ער שוין א בעל חוב אויף פּונקט אזא סומע, וויפיעל עס האָט געקאָסט אז ער זאָל עס ווערען. דאָס איז אזוי אמת, אז אויב די ערציהונג פון איין קינד אין א פאַמיליע האָט געקאָסט צוויי אָדער דריי מאָל אזוי פיעל ווי די ערציהונג פון די אַנדערע ברידער, האָבען זיי א רעכט עס ארונטערצורעכענען פון דער אַלגעמיינער ירושה, איידער זיי צו־טיילען עס צווישען זיך. אין פאַל אַן אַפּטרופּוס פערוואַלטעט דאָס פערמעגען פון מינדעריעהריגע, איז גאָר קיין שוועריגקייט וועגען דעם ניטאָ.

2) דאָס וואָס איך האָב נאָר וואָס געזאָגט וועגען דער התחייבות פון א טאַלאַנט צוריקצוצאָהלען די קאָסטען פון זיין אויס־בילדונג, קימערט ניט דעם עקאָנאָמיסט. דער טאַלאַנטפאָלער מענש, — זאָגט ער, — וואָס ירשה'ט פון זיין פאַמיליע, ירשה'ט אויך צווישען די איבעריגע זאַכען דעם אַנשפּרוך אויף דעם חוב פון פערציג טויזענד פראנק, וואָס זיין אויסבילדונג האָט געקאָסט; און פאָלגליך ווערט ער אויך דער אייגענטימער פון דעם. אָבער דאָס הייסט דאָך אויפגעבען דאָס רעכט פון טאַלאַנט און צוריקפאַלען אויף דעם רעכט פון אָקופּאַציאָן; וואָס דאָס ברענגט צוריק די אַלע פראַגען וואָס מיר האָבען געשטעלט אין קאַפּיטעל צוויי. וואָס איז דאָס רעכט פון אָקופּאַציאָן? וואָס איז ירושה? איז דאָס רעכט אויף ירושה אַן אַנזאַמלונגס־רעכט, אָדער ניט מעהר ווי א ברירה־רעכט? ווי אזוי איז דעם דאָקטאָר'ס פאָטער געקומען צו זיין

פערמעגען? איז ער געווען אַן אייגענטימער, אָדער האָט ער בלויז געהאַט אַ רעכט אויף די הכנסות? אויב ער איז געווען רייך, טאָ זאָל ער געבען חשבון פאַר זיין עשירות; אויב ער איז געווען אָרעם, ווי אַזוי האָט ער געקאָנט מאַכען אַזעלכע גרויסע הוצאות? אויב עס האָט איהם ווער געשטיצט, וואָס פאַר אַ רעכט האָט ער געהאַט צו פערווענדען די שטיצע אַזוי, אַז עס זאָל אַרויסקומען אַ רעה פאַר זיין בעל־טובה? א. אז. וו.

3) „עס בלייבען זעקס און צוואַנציג טויזענד פראַנק, וואָס געהערען דעם פערזענליכען טאַלאַנט, וואָס די נאַטור האָט איהם געגעבען" (זאָגט סעי, ווי מיר האָבען פריהער ציטירט). אויס־געהענדיג פון דער דאָזיגער פּראָפּאָזיציע קומט סעי צום שלוס, אַז דעם דאָקטאָר'ס טאַלאַנט האָט פּונקט דעמזעלבען ווערטה ווי אַ קאַפּיטאַל פון צוויי הונדערט זעכציג טויזענד פראַנק. דער געשיק־טער בעל־חשבון פערבייט דאָ אַ פאָלגע אויף אַ פּרינציפּ. דער טאַלאַנט דאַרף ניט געמאָסטען ווערען לויט דעם פערדיענסט, נאָר דער פערדיענסט דאַרף גיכער געמאָסטען ווערען לויט דעם טאַלאַנט; וואָרים עס קאָן גאָר פּאַסירען, אַז דער דאָקטאָר, פון וועמען מיר רעדען דאָ, ניט קוקענדיג אויף זיינע פעהיגקייטען, זאָל גאָרנישט ניט פערדינען, וואָלט מען דען אין אַזאַ פאַל געמוזט קומען צום שלוס, אַז זיין טאַלאַנט און זיין פערמעגען זיינען לחלוטין ווערטה־לאָז? צו אַזאַ רעזולטאַט אָבער וואָלט אונז געפיהרט סעי'ס טענות; אַ רעזולטאַט וואָס איז בעשיינפּערליך נגד השכל.

אָבער אַזוי ווי טאַלאַנט און געלד האָבען ניט קיין געמיינ־שאַפטליכע מאָס, איז גאָר ניט מעגליך אַרויסצולעגען אירגענד וועלכען געלד־ווערטה אויף טאַלאַנט. אויף וואָס פאַר אַ שכל'דיגען גרונד קאָן מען בעהויפּטען, אַז אַ דאָקטאָר קומט צו בעצאָהלען צוויי, דריי, אָדער הונדערט מאָל אַזוי פיעל ווי אַ פּויער? דאָס איז אַ שוועריגקייט וואָס מען קאָן ניט אויסמיידען, וועלכע איז קיינמאָל ניט געלעזט געוואָרען, סיידען דורך קאַרגקייט, נויט און אונטער־דריקונג. ניט אַזוי דאַרף מען בעשטימען דאָס רעכט פון טאַלאַנט. אָבער ווי זשע דען זאָל מען עס בעשטימען?

4) קודם זאָג איך, אַז דער דאָקטאָר מוז בעהאַנדעלט ווערן מיט דערזעלבער פריינדליכקייט ווי יעדער אַנדער פּראָדוציר'ער, אַז ער טאָר ניט געשטעלט ווערן נידעריגער ווי אין איין רייה מיט די

אנדערע. איך וועל זיך ניט אָבשטעלען עס צו בעווייזען. איך וועל אָבער צוזעצען, אז מען טאָר איהם ניט שטעלען העכער ווי דעם דורכשניט; ווייל זיין טאַלאַנט איז א קאָלעקטיווער אייגענטום, פאַר וועלכען ער האָט ניט בעצאָהלט, און פאַר וועלכען ער בלייבט תמיד א בעל־חוב.

פונקט אזוי ווי די שאַפונג פון יעדען פּראָדוקציאָנס־מיטעל איז דער רעזולטאַט פון קאָלעקטיווע כחות, אזוי איז אויך דעם מענשען'ס טאַלאַנט און וויסען דער פּראָדוקט פון אַלגעמיינער אינטעליגענץ און אַלגעמיינעם וויסען, וואָס איז לאַנגזאַם געזאַמעלט געוואָרען פון א סך קינסטלער און דורך דער הילף פון א מאַסע ווייניגער וויכטיגע טהעטיגקייטען. ווען דער דאָקטאָר האָט בעצאָהלט פאַר זיינע לעהרער, פאַר זיינע ביכער, פאַר זיינע דיפּלאָמען און פאַר די איבעריגע זאַכען פון זיינע בילדונגס־אויסגאַבען, האָט ער דערמיט ניט מעהר בעצאָהלט פאַר זיין טאַלאַנט, ווי דער קאַפּיטאַליסט פאַר זיין הויז און זיין לאַנד, בעת ער צאָהלט זיינע אַרבייטער זייערע שכירות. דער מענש מיט טאַלאַנט האָט בייגעטראָגען צו דער פּראָדוקציאָן, דערמיט וואָס ער האָט פון זיך אַליין געמאַכט א ניצליכען ווערקצייג; ער האָט דעריבער א חלק אין דעם בעזיץ; ער איז אָבער ניט קיין אייגענטימער. ער האָט אין זיך א פּרייען אַרבייטער און אַן אַנגעזאַמעלטען געזעלשאַפטליכען קאַפּיטאַל. אַלס אַן אַרבייטער ווערט איהם אַנגעטרויט דער געברויך פון א ווערקצייג, די אויפפאַסונג פון א מאַשין; דאָס הייסט, זיין פעהיגקייט. אַלס קאַפּיטאַל איז ער ניט זיין אייגענער בעל־הבית; ער מאַכט פון זיך געברויך, ניט פאַר זיין אייגענער טובה, נאָר פאַר דער טובה פון אַלע אַנדערע.

אַפילו ווען דער טאַלאַנט זאָל ניט געפינען אין זיין אייגענער אויסצייכענונג א בעלוינונג פאַר די קרבנות וואָס איהם האָט געקאָסט, וואָלט עס אויך געווען גרינגער פאַר איהם צו געפינען א גרונד צו פערקלענערן זיין בעלוינונג, איידער איהר צו שטעלען העכער פון דעם אַלגעמיינעם דורכשניט. יעדער וואָס שאַפט קריגט אַן ערציהונג; יעדער אַרבייטער איז א טאַלאַנט, א פעהיגקייט, — דאָס הייסט א שטיק קאָלעקטיווער אייגענטום. אָבער ניט אַלע טאַלאַנטען זיינען גלייך קאָסטבאַר. צו מאַכען איינעם פאַר א לאַנד־אַרבייטער אָדער א מעכאַניקער, פאָדערט זיך ווייניג לעהרער, עס

געהמט ווענינער צייט, און מען דאַרף ניט פיעל לערנען. די שאַפענדע אַנשטרענגונג און — אויב איך מעג זיך בענוצען מיט אַזאַ שפּראַך — די פּעריאָדע פון סאָציאַלער שוואַנגערשאַפט זיינען פּראָפּאָרציאָנעל לויט דער הויכקייט פון די פעהיגקייטען. אָבער בעת דער דאָקטאָר, דער דיכטער, דער קינסטלער, דער געלעהרטער שאַפען ווענינ, און דערצו נאָך לאַנגזאַם, זיינען די שאַפונגען פון דעם ערד־ארבייטער וועניגער אָבהענגיג אָן צופאַל און פאָדערן ניט אַזוי פיעל צייט. צו וואָס א מענש זאָל ניט פעהיג זיין, — ווען די פעהיגקייט איז שוין איינמאָל געשאַפען, — געהערט זי ניט צו איהם. אַזוי ווי דער שטאָף וואָס ווערט אויסגעארבייט אין א פלייסיגער האַנד, האָט ער געהאַט די קראַפט צו ווערן, און די געזעלשאַפט האָט איהם געגעבען דאָס זיין. וואָלט דער טאָפּ געזאָגט צום טעפּער: „איך בין דאָס וואָס איך בין, און איך בין דיר גאָרנישט שולדיג“?

דער קינסטלער, דער געלעהרטער, דער דיכטער, קריגען זייער גערעכטע בעלוינונג אין דעם, וואָס די געזעלשאַפט ערלויבט זיי זיך אָבצוגעבען אויסשליסליך מיט דער קונסט, מיט דער וויסענשאַפט: אַזוי אַז אין דער ווירקליכקייט ארבייטען זיי ניט פאַר זיך, זאָנדערן פאַר דער געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיי געשאַפען און פאָדערט ניט פון זיי קיין אַנדער פליכט. אין א נויט קאָן די געזעלשאַפט זיך בעגעהן אָהן פּראָזא און אָהן געדיכטע, אָהן מוזיק און מאַלעריי, אָהן דער וויסענשאַפט פון די בעוועגונגען פון דער לבנה און שטערן; זי קאָן זיך אָבער קיין איין טאָג ניט בעגעהן אָהן שפּייז און אָהן אַ דירה.

ס'איז גאָר קיין ספק ניט, אַז דער מענש לעבט ניט מיט ברויט אַליין; ער מוז אפילו אויך (לויט דעם עוואַנגעליום) ל ע ב ע ן פ ו ן ג אָ ט'ס ו ו אָ ר ט; דאָס הייסט, ער מוז ליעב האָבען דאָס גוטע, און טהאָן גוטס, קענען און בעוואונדערען דאָס שעהנע און שטודירען די וואונדער פון דער נאַטור. אָבער כדי צו קולטי־ווירען זיין גייסט, מוז ער צוערשט אויפפּאַסען אויף זיין גוף, — די לעצטע פליכט איז פונקט אַזוי נויטיג, ווי נאָבעל עס איז די ערשטע. אויב עס איז לויבענסווירדיג צו דערהויבען און בעלערנען די מענשען, איז עס אויך עהרענווירדיג זיי צו דערנעהרען. אַזוי ווי די געזעלשאַפט, — טריי צו דעם פּרינציפּ פון דער ארבייטס־

פערטיילונג, — פערטרויט א וויסענשאפטליך אָדער קונסט־ארבייט צו איינעם פון איהרע מיטגליעדער, ערלויבענדיג איהם אויפצוגעבען די געוועהנליכע ארבייט, איז זי מחויב איהם צו בעצאָהלען פאר אלעם דעם, וואָס זי שטערט איהם פון פּראָדוציר[ע]ן, אויף אן אינ־דוסטריעלער ארט; אָבער מעהר ווי דאָס איז זי איהם ניט שולדיג. אויב ער זאָל פאָדערען מעהר, וואָלט די געזעלשאפט זיך געקאָנט אבזאָגען פון זיינע לייסטונגען, און אוועקנעהמען פון איהם זיינע פּרעטענזיעס. זייענדיג דעמאָלט געצוואונגען זיך אבצוגעבען מיט ארבייטען וואָס זיינען איהם בטבע ניט צום הארצען, כדי ער זאָל קאָנען עקזיסטירען, וואָלט דער זשעניאַלער מענש געפיהלט זיין שוואכקייט, און ער וואָלט געפיהרט א זעהר מיזעראבעלען לעבען.

מען דערצעהלט פון א בעריהמטען זינגער, וועלכער האָט פער־לאנגט פון דער רוסישער קייזערינע (קאטערינע די צווייטע) צוואנ־ציג טויזענד רובעל פאר זיין זינגען. „דאָס איז מעהר וויפיעל איך צאָהל מיינע פעלדמארשאלען“ — האָט קאטערינע געזאָגט. — „טאָ זאָל אייער מאיעסטעט“, — האָט דער זינגער געענטפערט, — „הייסען די פעלדמארשאלען זיי זאָלען זינגען“.

אויב פראנקרייך (וואָס איז מעכטיגער פון קאטערינע די צווייטע) וואָלט געזאָגט צו דער גרויסער ראשעל: „איהר וועט שפּיעלען פאר הונדערט לואי אָדער איהר וועט שפּינען באוועל“; צו הערר[ן] דיפּרע: „איהר וועט זינגען פאר צוויי טויזענד פיער הונדערט פראנק, אָדער איהר וועט געהן ארבייטען אין וויינגאָרטען“, — דענקט איהר אז די טראגיקערין ראשעל און דער זינגער דיפּרע וואָלטען אויפגעגעבען די ביהנע? אויב זיי וואָלטען עס געטהאָן, וואָלטען זיי געוועזען די ערשטע וואָס וואָלטען חרטה געהאט.

ראשעל קריגט, זאָגט מען, פון דער קאָמעדי פראנסעז, זעכציג טויזענד פראנק א יאָהר. פאר אזא טאלאנט ווי איהרער, איז דאָס א קליינער געהאלט. פארוואָס ניט הונדערט טויזענד? פארוואָס ניט מעהר? וואָס פאר א קליינליכקייט! דינגט מען זיך עפּעס מיט א קינסטלערין, ווי פרייליין ראשעל?

מען ענטפערט דערויף, אז די פערוואלטער פון טעאטער קאָנען מעהר ניט געבען, סיידען זיי זאָלען פערלירען געלד; אז זיי זיינען מודה, אז די יונגע קינסטלערין האָט אן אויסערגעוועהנליכען טאלאנט; אָבער ווען עס קומט צו בעשטימען איהר געהאלט, מוז

די קאָמפּאַניע זיך אויך רעכענען מיט די ביכער, וואָס ווייזען די איינ־נאַהמען און אויסגאַבען פון דעם טעאַטער.

גערעכט איז עס, אָבער דאָס בעשטעטיגט בלויז וואָס איך האָב געזאָגט; נעמליך, אַז דער טאַלאַנט פון אַ קינסטלער מעג זיך זיין אונענדליך, אָבער די קאָמערציעלע פּרעטענזיעס זיינע מוזען האָבען אַ גרענעץ, — פון איין זייט, דורך דעם נוצען וואָס ער ברענגט דער געזעלשאַפט, וועלכע בעלוינט איהם; און פון דער אַנדער זייט, דורך די געלד־קוועלען פון דערזעלבער געזעלשאַפט. מיט אַנדערע ווערטער, אַז די פאָדערונגען פון פערקויפער ווערן אויסגעגליכען דורך דעם רעכט פון קויפער.

פרייליין ראַשעל, זאָגט מען, ברענגט אריין אין דער קאַסע פון דעם „טעאַטער פראַנסעז" מעהר ווי די זעכציג טויזענד פראַנק. איך גיב עס צו; אָבער דאַן בעשולדיג איך דעם טעאַטער. פון וועמען קריגט דאָס טעאַטער דאָס גאַנצע געלד? פון נייגיעריגע און אַבסאָלוט פרייע מענשען. — יאָ, אָבער די אַרבייטער, די אַרענ־דאַטאָרס, די שכנים, יענע וואָס בּאָרגען אויף משכנות, פון וועמען די דאָזיגע נייגיעריגע קריגען צוריק אַלעס, וואָס זיי בעצאָהלען דעם טעאַטער, — זיינען זיי פרייע מענשען? און ווען דער בעסטער טייל פון זייערע פּראָדוקטען ווערט פערצעהרט פון אַנדערע אין טעאַטער, פערזיכערט איהר מיר, אַז זייערע פאַמיליען געפינען זיך ניט אין נויט? אַזוי לאַנג ווי דאָס פראַנצויזישע פאָלק וועט ניט האָבען נאָכגעדענקט מכח די געהאַלטען וואָס ווערן אויסגעצאָהלט צו די אַלע קינסטלער, געלעהרטע און עפענטליכע בעאַמטע, און וועט ניט האָבען אַרויסגעזאָגט קלאָר זיין וואונש און זיין אורטייל וועגען דעם, — וועלען די געהאַלטען פון פרייליין ראַשעל און די איבעריגע אַלע קינסטלער בלייבען אַ געצוואונגענער שטייער, אויסגעריסען מיט געוואַלד, צו בעלוינען דעם שטאָלץ און אויפצוהאַלטען די אויסגע־לאַסענקייט.

ווייל מיר זיינען ניט פריי און ניט גענוג אויפגעקלערט, דעריבער לאָזען מיר זיך בעשווינדלען אין אונזערע אָבמאַכונגען; דעריבער צאָהלט דער אַרבייטער די שטייערן וואָס ווערן אַרויפגעלעגט דורך דעם פרעסטיזש פון מאַכט און דער אייגענליעבע פון טאַלאַנט אויף דער נייגעריגקייט פון די לעדיגגעהער; און דעריבער ווערן מיר תמיד בעליידיגט פון יענע עפעלהאַפטע אונגלייכהייטען, וואָס ווערן

ערמוטיגט און אפלאדירט פון דער עפענטליכער מיינונג. די נאציאן אלס גאנצעס, און נאר די נאציאן אליין בעצאהלט איהרע מחברים, איהרע געלעהרטע, איהרע קינסטלער, איהרע בעאמטע, קיין אונטערשייד ניט דורך וועלכע הענד זייערע שכירות געהען דורך. אויף וועלכען באזיס זאל די געזעלשאפט זיי צאהלען? אויפ'ן באזיס פון גלייכהייט. איך האב דאס בעוויזען, אבשאצענדיג דעם ווערטה פון טאלאנטען. איך וועל עס נאך בעפעסטיגען אינ'ם נעקסטען קאפיטעל, בעווייזענדיג די אונמעגליכקייט פון יעדער סאציאלער אונגלייכהייט.

וואס האבען מיר בעוויזען דורך אונזערע פריהערדיגע בעהויפ־טונגען? אזוינע פשוטע זאכען, אז זיי זעהען ווירקליך אויס נאריש: אז פונקט ווי דער רייזענדער נעהמט ניט צו אלס זיין אייגענטום דעם ברייטען וועג וועלכען ער געהט דורך, אזוי מאכט ניט דער אקערבויער די ערד, וואס ער פערזעעט, פאר זיין אייגענ־טום.

אז אויב נאך אלעם דעם אן ארבייטער קאן דורך זיין פלייסיג־קייט מאכען פאר זיין אייגענטום דעם מאטעריאל, וואס ער בעאר־בייט, ווערט יעדער בעארבייטער פון מאטעריאל, שוין דורך דעם אליין אן אייגענטימער.

אז יעדער קאפיטאל, סיי א מאטעריעלער, סיי א גייסטיגער, ווי באלד עס איז א קאלעקטיווע שאפונג, איז עס במילא קאלעק־טיוועס אייגענטום.

אז דער שטארקער האט ניט קיין רעכט צו פערנעהמען די ארבייט פון שוואכען, און דער כיטרער האט ניט קיין רעכט צו ציהען נוצען פון דער לייכטגלויביגקייט פון דעם פראסטען.

און שליעסליך, אז קיינער קאן ניט געצוואונגען ווערן צו קויפען דאס, וואס ער וויל ניט, און נאך ווייניגער — צו צאהלען פאר דאס, וואס ער האט ניט געקויפט. און פאלגליך, אזוי ווי דער אויסטויש־ווערטה פון א פראדוקט מעסט זיך ניט לויט דער מיינונג פון קויפער און ניט לויט דער מיינונג פון פערקויפער, נור לויט דער צייט און די אויסגאבען, וואס עס האט געקאסט די זאך צו פראדוצירען, בלייבט יעדערנס אייגענטום שטענדיג גלייך.

זיינען דאס ניט זעהר איינפאכע אמת'ן? יא, ווי נאריש זיי זאלען זיך אייך ניט אויסדאכטען, לעזער, וועט איך נאך אויס־

קומען צו הערן אַנדערע אמת'ן, וועלכע זיינען נאָך פלאַכער און נארישער. וואָרים אונזער וועג איז דער היפך פון דעם וועג פון די בעלי געאָמעטריע: זיי וואָס ווייטער זיי געהען, אַלץ שווערער ווערן זייערע פּראָבלעמען; מיר, פערקעהרט, האָבען אָנגעפאַנגען מיט די שווערסטע זאַצען און וועלען ענדיגען מיט די אַקסיאָמען.

איך מוז אָבער ענדיגען דעם קאַפּיטעל, קלאָרשטעלענדיג איינעם פון יענע אויפפאַלענדע אמת'ן, פון וועלכע אונזערע אַדוואָקאַטען און עקאָנאָמיסטען האָבען נאָך קיינמאָל ניט גע'חלום'ט.

## § 8. פון שטאַנדפּונקט פון גערעכטיגקייט ווערט דאָס אייגענטום פערניכטעט פון דער אַרבייט.

אָט די בעהויפּטונג איז די לאָגישע פאָלגע פון די צוויי פריהערדיגע פאַראַגראַפען, וועלכע מיר האָבען אָקאָרשט רעזומירט.

דער אָבגעזונדערטער מענש קאָן אויסאַרבייטען בלויז אַ קליינעם טייל פון זיינע בעדערפנישען; זיין גאַנצע קראַפט ליעגט אין פעראייניגונג און אין דער אינטעליגענטער אויסאיבונג פון די אַלגעמיינע קרעפטען. די אַרבייטסטיילונג און די מיטווירקונג פון דער אַרבייט פערמעהרט די צאָהל און די פערשיידענהייט פון די פּראָדוקטען; די ספּעציאַליזירונג פון פאַכען פערגרעסערט, פערבעסערט זייער קוואַליטעט. פאָלגליך איז ניט פאַראַן קיין איין מענש, וואָס לעבט ניט פון די פּראָדוקטען פון טויזענד פערשיידענע אינדוסטריען; קיין איין אַרבייטער, וועלכער קריגט ניט פון דער גאַנצער געזעלשאַפט די זאַכען, וואָס ער פערברויכט און דערמיט אויך די קראַפט צו רעפּראָדוצירען. ווער, אין דער אמת'ן, וואָלט געקאָנט זאָגען: איך פּראָדוציר אַליין אַלץ וואָס איך פערברויך און דאַרף ניט האָבען קיינעמס הילף? דער ערד־אַרבייטער, וועלכען די אַלטע עקאָנאָמיסטען האָבען בעטראַכט אַלס דעם איינציגען אמת'ן פּראָדוצירער; דער ערד־אַרבייטער, וועלכער בעקומט זיין וואוינונג, זיינע מעבעל, קליידער און עסען מיט דער הילף פון מויערער, סטאָליער, שניידער, מילנער, בעקער, קצב, שמיעד און אַז. וו. — דער דאָזיגער ערד־אַרבייטער, פרעג איך, קען ער זיך בערימען אַז ער פּראָדוצירט אַלץ אַליין? וואָס יעדער מענש

פערברויכט, האָט ער גענומען ביי דער גאַנצער וועלט. איינעמס פּראָדוקציאָן שליסט איין אַלעמענס פּראָדוקציאָן. איין פּראָדוקט קאָן ניט עקזיסטירען אָהן דעם אנדערנ׳ס פּראָדוקט. אַן אָבגע־זונדערטע אינדוסטריע איז אַן אונמעגליכע זאַך. וואָס פאַר אַ בעטרעף וואָלט געהאַט דעם פויער׳ס גערעטעניש, ווען אַנדערע מענשען וואָלטען פאַר איהם ניט געמאַכט שפּייכלערס, וואַגענס, סאָכעס, קליידער און דערגלייכען? וואָס וואָלט געטהאָן דער געלעהרטער אָהן דעם בוכדרוקער, דער דרוקער אָהן דעם גיסער און מאַשיניסט; און זיי אַלע ווידער אָהן אַ מענגע אַנדערע אינדוס־טריען? מיר ווילען ניט אויסציהען לענגער אַט דעם צעטעל — וואָס איז אזוי לייכט צו טהאָן —, מען זאָל אונז ניט בעשולדיגען אַז מיר דערצעהלען זאַכען, וואָס אַלע ווייסען. אַלע אינדוסטריען זיינען פעראייניגט דורך געגענזייטיגע בעציהונגען אין איין איינ־ציגער גרופּע. אַלע פּראָדוקציאָנען דיענען איינע דער אַנדערער אַלס מיטעל און צוועק; אַלע פערשיידענהייטען און טאַלאַנטען זיינען ניט מעהר ווי אַ סעריע ענדערונגען פון דעם מינדערווערטיגען צו דעם העכערן.

דער האַזיגער פאַקט פון אַלגעמיינער טיילנאַהמע אין יעדען מין פּראָדוקט, וועלכען קיינער בעשטרייט ניט און קאָן ניט בע־שטרייטען, מאַכט אַלע אינדיווידועלע שאַפונגען פאַר אַלגעמיינע שאַפונגען, אזוי, אַז יעדער פּראָדוקט, וואָס געהט ארויס פון די הענד פונ׳ם פּראָדוצירער, איז שוין לכתחילה פער׳משכונ׳ט צו דער געזעלשאַפט. דער פּראָדוצירער גופא איז בערעכטיגט בלויז צו אַזאַ טייל פון זיין פּראָדוקט, וואָס קאָן זיך אויסדריקען דורך אַ ברוך־צאָהל, וועמעס דענאָמינאַטאָר איז גלייך צו דער צאָהל אינ־דיווידומען, פון וועלכע די געזעלשאַפט בעשטעהט. עס איז אמת, אַז דער זעלבער פּראָדוצירער האָט דערפאַר אַ רעכט אויף אַלע אַנדערע מענשענ׳ס פּראָדוקטען, אזוי אַז ער האָט אַן אַנשפּרוך אויף אַלעמען, פונקט ווי אַלע האָבען אַן אַנשפּרוך אויף איהם; צי זעהט מען אָבער דערפון ניט ארויס, אַז אַט די געגענזייטיגע תביעות קאָנען ניט נאָר ניט אויטאָריזירען אייגענטום, נאָר אַז זיי פערניכטען אפילו דאָס רעכט פון בעזיץ? דער ארבייטער איז אפילו ניט קיין בעזיצער פון זיין פּראָדוקט; קוים האָט ער עס נאָר געענדיגט, האָט שוין די געזעלשאַפט אויף דעם אַ תביעה.

„אָבער,“ וועט מען זאָגען, „ווען דאָס זאָל שוין אפילו זיין אזוי, ווען אפילו דער פּראָדוקט געהערט ניט צום פּראָדוצירער, — גיט דאָך אָבער די געזעלשאַפט יעדען ארבייטער אַן עקוויוואלענט פאר זיין פּראָדוקט, ווערט דאָך אָט דער עקוויוואלענט, אָט די שכירות, די בעלוינונג, דער חלק, — זיין אייגענטום. וועט איהר לייקענען אַז דאָס דאָזיגע אייגענטום איז אַ געזעצליך אייגענטום? און אויב דער ארבייטער, אנשטאָט צו פערצעהרען זיינע גאנצע שכירות, וויל בעסער שפּאָרען, עקאָנאָמיזירען, — ווער קען איהם דאָס פערווערען?“

דער ארבייטער איז ניט קיין אייגענטימער אפילו פון דעם פּרייז פון זיין ארבייט און האָט ניט קיין רעכט צו טהאָן דערמיט וואָס ער וויל. לאָמיר זיך ניט לאָזען פערבלענדען פון אַ פאלשער גערעכטיגקייט. דאָס וואָס דער ארבייטער קריגט פאר זיין פּראָ־דוקט, ווערט איהם געגעבען ניט ווי אַ בעלוינונג פאר געטאָנענע ארבייט, נאָר אלס לעבענסמיטעל כדי צו פערזיכערן די ארבייט וואָס ער וועט טהאָן. מיר פערברויכען איידער מיר פּראָדוצירען. דער ארבייטער קאָן צום סוף פון יעדען טאָג זאָגען: איך האָב אָבגע־צאָהלט מיינע נעכטיגע הוצאות, מאָרגען וועל איך בעצאָהלען פאר מיינע היינטיגע הוצאות. אַ מיטגליעד פון דער געזעלשאַפט איז יעדע מינוט פון זיין לעבען אַ בעל־חוב; ער שטאַרבט און דער חוב איז ניט אָבגעצאָהלט — ווי אזוי קאָן ער שפּאָרען?

מען רעדט פון שפּאָרזאַמקייט: דאָס איז דעם אייגענטי־מער'ס ווערטיל. אונטער אַ רעזשים פון גלייכהייט, איז יעדע שפּאָרזאַמקייט, וועלכע האָט ניט צום צוועק אַ שפּעטערע רעפּראָ־דוקציאָן אָדער אַ געָנוס, אַן אונמעגליכקייט. פאַרוואָס? ווייל וויבאלד דאָס אָבגעשפּאָרטע זאַך קאָן ניט פערוואנדעלט ווערן אין קאַפּיטאל, האָט זי ניט קיין צוועק און איז אָהן אַן ענד־אור־זאַך. דאָס וועט דייטליכער דערקלערט ווערן אין דעם נעכסטען קאַפּיטעל.

מיר וועלען אונטערציהען דעם סך־הכל.

דער ארבייטער איז בנוגע צו דער געזעלשאַפט אַ בעל־חוב, וועלכער שטאַרבט ניט קאָנענדיג אָבצאָהלען דעם חוב. דער אייגענטימער איז אַן אונעהרליכער אַפּוטרופּוס, וועלכער פערלייי־קענט אז מען האָט ביי איהם עפּעס איינגעלעגט, און וויל אז מען

זאָל איהם בעצאָהלען פאַר זיין אפּוטרופּסות ביז דעם לעצטען טאָג פון זיין לעבען.

טאָמער וועלען די פּרינציפּען, וואָס מיר האָבען דאָ ערקלערט, זיך אויסווייזען פאַר אייניגע לעזער ווי אביסעל צו מעטאַפיזיש, וועל איך זיי ארויסברענגען נאָך אמאָל אין א מעהר קאָנקרעטער פאָרם, וואָס אפילו די גרעבסטע קעפּ וועלען זיי קאָנען פערשטעהן, און וועלען זיין רייך אין העכסט וויכטיגע פאָלגען.

ביז אהער האָב איך בעטראַכט דאָס אייגענטום אלס א מאַכט פון א ו י ס ש ל י ס ו נ ג; פון איצט אָן וועל איך עס אונ־טערזוכען אלס א מאַכט פון אָ נ ג ר י י פ ו נ ג.

# קאפיטעל IV

## דאָס אייגענטום איז אונמעגליך.

די לעצטע פעסטונג פון די אייגענטימער, דער שטארקסטער ארגומענט אויף וועלכען זיי שטיצען זיך איז, וואָס, אין זייער מיינונג, איז גלייכהייט פון בעדינגונגען אן אונמעגליכקייט. „די גלייכהייט פון בעדינגונגען איז א חלום", שרייען זיי מיט א קול פון בעוואוסטזיניגקייט. „צעטיילט היינט אַלע גיטער אין גלייכע פּראָפּאָרציעס, און מאָרגען וועט אָט די גלייכהייט פערשווינדען".

צו אָט דער באנאלער טענה, וועלכע זיי ווידערהאָלען ביי יעדער געלעגענהייט מיט אזא מאָדנער זיכערקייט, פערפעהלען זיי קיינמאָל ניט צוצוזעצען דעם צושפּיעל, ווי ביים דאווגען דעם הללויה:

„אויב אַלע מענשען וואָלטען געווען גלייך, וואָלט קיינער ניט געוואָלט ארבייטען".

אָט דער נגון זינגט זיך אויף פערשיידענע וואריאציעס.

„ווען אַלע וואָלטען געווען בעלי בתים, וואָלט קיינער ניט געוואָלט פּאָלגען."

„ווען עס וואָלטען ניט געווען קיין רייכע, ווער וואָלט געגעבען ארבייט די אָרעמע?"

און „ווען עס וואָלטען ניט געווען קיין אָרעמע, ווער וואָלט דאן געארבייט פאר די רייכע?"

אָבער מיר וועלען ניט מאכען קיין פּאָרוואורפען: מיר האָבען בעסערע ארגומענטען.

אויב איך וועל בעווייזען, אז דאָס אייגענטום אליין איז אונמעגליך; אז אייגענטום איז א ווידערשפּרוך, א חלום, אן אוטאָפּיע; און אויב איך וועל עס בעווייזען, ניט מיט מעטאפיזישע און יורידישע ארגומענטען, זאָנדערן אויפ'ן גרונד פון ציפער, גלייכונגען און רעכענונגען, — שטעלט זיך פאָר דעם שרעק פון דעם ערשטוינטען אייגענטימער! און איהר, לעזער, וואָס דענקט איהר פון אזא מין געבען א גאָב?

ציפער רעגירען די וועלט: Mundum regunt numeri
אָט דער שפּרוך איז פּונקט אזוי אמת אין דער מאָראַלער און פּאָליטישער וועלט, ווי אין דער שטערען־ און מאָלעקולען־וועלט. די עלעמענטען פון רעכט זיינען דיזעלביגע ווי פון אַלגעבראַ; געזעצגעבונג און רעגירונג זיינען פּשוט ניט מעהר ווי די קונסט פון קלאַסיפיצירען און באַלאַנסירען די קרעפטען; די גאַנצע יוריספּרודענץ איז ענטהאַלטען אין די רעגעלען פון דער אריפמעטיק. דער איצטיגער קאַפּיטעל און דער פאָלגענדער וועלען אויפשטעלען דעם פונדאַמענט פון דער האָזיגער אויסערגעוועהנליכער טעאָריע. עס העט זיך דאַן עפענען פאַר די אויגען פון לעזער אן אונגעהייערער און נייער וועג: מיר וועלען דאַן אָנהייבען צו זעהן אין ציפער־פּראָפּאָרציעס די סינטעטישע איינהייט פון דער פילאָזאָפיע און דער וויסענשאַפט, און, פול מיט בעוואונדערונג און בעגייסטערונג פאַר דער מאַיעסטעטישער איינפאַכקייט פון דער נאַטור, וועלען מיר אויסשרייען צוזאַמען מיט'ן אַפּאָסטעל: „יאָ, גאָט האָט אַלצדינג געמאַכט מיט א צאָהל, א געוויכט און מיט א מאָס"! מיר וועלען דאַן פערשטעהן, אז די גלייכהייט פון בעדינגונגען איז ניט נאָר מעגליך, נאָר אז זי איז די איינציגע מעגליכע; און אז די שיינבאַרע אונמעגליכקייט, וואָס מיר וואַרפען איהר פאָר, קומט דערפון, וואָס מיר דענקען פון איהר שטענדיג אין פערבינדונג אָדער מיט אייגענטום אָדער מיט דעם קאָמוניסטישען רעזשים — פּאָליטישע פאָרמען וואָס זיינען ביידע גלייך אין ווידערשפּרוך מיט דער נאַטור פון מענשען. מיר וועלען ענדליך איינזעהן, אז די גלייכהייט ווערט שטענדיג מקוים גאָר אָהן אונזער וויסען, אפילו אין דערזעלבער רגע, וואָס מיר בעהויפּטען אז זי איז אונאויספיהרבאַר; אז די צייט איז נאָהענט ווען זי וועט ווערן איינגעריכטעט אויך אָהן אונזער מיה און פערלאַנג; אז מיט איהר, אין איהר און פון איהר מוז זיך בעווייזען די פּאָליטישע אָרדנונג לויט דער נאַטור און דעם אמת.

מען האָט געזאָגט, רעדענדיג פון דער בלינדקייט און איינגעשפּאַרטקייט פון ליידענשאַפטען, אז ווען דער מענש וואָלט געהאַט אן אינטערעס אָבצולייקענען די אמת'ען פון דער אריפמעטיק, וואָלט ער געפונען א מיטעל ווי אזוי צו שטעלען אין ספק זייער זיכערקייט; איצט איז די געלעגענהייט צו מאַכען אָט דעם מערק־

ווירדיגען עקספּערימענט. איך גרייף אָן דאָס אייגענטום, ניט מעהר מיט זיינע אייגענע געזעצען, נאָר מיט אַריפמעטיק. זאָלען זיך די אייגענטימער האַלטען גרייט נאָכצורעכענען מיינע ציפער: ווייל אויב מיינע אויסרעכענונגען וועלען זיך צו זייער אומגליק בעוויזען ריכטיג, זיינען זיי פערלאָרען.

דורך דעם, וואָס איך וויז נאָך די אונמעגליכקייט פון אייגענטום, בעוויז איך איהר אונגערעכטיגקייט.

דאָס וואָס איז גערעכט, איז אויך מן ההכרח נוצליך;

דאָס וואָס איז נוצליך, איז אויך מן ההכרח אמת.

דאָס וואָס איז אמת, איז אויך מן ההכרח מעגליך;

פאָלגליך איז אַלץ, וואָס איז אונמעגליך, ניט־אמת, נוצלאָז, אומגערעכט. פאָלגליך קאָן מען, אַפּריאָרי, אורטיילען וועגען דער גערעכטיגקייט פון אַ זאַך לויט איהר מעגליכקייט; אַזוי, אַז אויב אַ זאַך איז אבסאָלוט אונמעגליך, איז עס אויך אבסאָלוט אונגערעכט.

## אייגענטום איז פיזיש און מאַטעמאַטיש אונמעגליך.

## בעוויז.

אקסיאָם. — אייגענטום איז דאָס רעכט פון הוספה, וואָס דער אייגענטימער נעהמט זיך בנוגע יעדער זאַך, וועלכע ער רופט אָן זיינס.

די דאָזיגע בעהויפּטונג איז אַן אמת'ער אקסיאָם. ווייל: —

1) עס איז ניט קיין דעפיניציאָן פון אייגענטום, ווייל עס דריקט ניט אויס אַלץ וואָס דאָס אייגענטום־רעכט ענטהאַלט — רעכט צו פערקויפען, אויסצוטוישען, צו שענקען, צו ענדערן, איבערמאַכען, אויסנוצען, פערניכטען, געברויכען און מיסברויכען און אז. וו. אַט די אַלע רעכטען זיינען פערשיידענע טיילען פון דער מאַכט פון אייגענטום, וועלכע מען קאָן ניט בעטראַכטען בעזונדער; אָבער מיר וועלען זיי דערווייל אוועקשטעלען אָן אַ זייט, כדי צו שענקען אונזער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אויף אַט דעם איין־איינציגען רעכט — דאָס רעכט פון הוספה.

2) די גאַנצע וועלט איז דעריין מודה. קיינער קאָן זי ניט אָבלייקענען, ניט אָבלייקענענדיג די פאַקטען, ניט אריינפאַלענדיג תיכף אין א ווידערשפּרוך צו דעם פּראַקטישען טהאָן, צו די מנהגים פון דער גאַנצער וועלט.

3) זי איז זעלבסטפערשטענדליך, ווייל אייגענטום איז שטענדיג בעגלייט (בפּועל אָדער בכח) פון דעם פאַקט, וואָס דער אַקסיאָם דריקט אויס, און דורך דעם פאַקט הויפּטזעכליך ווערט דאָס אייגענטום ענטפּלעקט, עטאַבלירט זיך און מאַכט זיך גילטיג.

4) ענדליך, די אָבלייקענונג פון דער בעהויפּטונג פיהרט צו אַ ווידערשפּרוך. דאָס רעכט פון הוספה איז ווירקליך אַן איינגעוואַקסען רעכט און אַזאַ גרינדליכער טייל פון אייגענטום, אַז דאָרט וואו עס עקזיסטירט ניט, איז דאָס אייגענטום בטל ומבוטל.

בעמערקונגען. — די הוספה טראָגט פערשיידענע נעמען לויט דער זאַך, פון וועלכער זי בעקומט זיך: אויב פון לאַנד, הייסט עס פּ א כ ט - ר ע נ ט; אויב פון הייזער און מעבעל, ר ע נ ט; אויב פון פעסטע איינלעגונגען, א י י נ ק י נ פ ט ע; אויב פון געלד, צ י נ ז ע ן; אויב פון אויסטויש, נ ו צ ע ן, ג ע ו ו י נ ס ע ן, פּ ר אָ פ י ט ע ן (דריי זאַכען, וועלכע מען מוז ניט פערוועקסלען מיט געהאַלט אָדער לעגאַלען פּרייז פאַר ארבייט).

די הוספה — אַ מין קעניגליכער פּרעראָגאַטיוו, אַ ממשות'־דיגע און פערצעהרבאַרע שעצונג — קומט דעם אייגענטימער צוליב זיין נאָמינעלען און מעטאַפיזישען בעזיץ. ער האָט ארויפ־געלעגט זיין שטעמפּעל, איז שוין גענוג, אַז קיינער זאָל עס ניט קאָנען בענוצען אָהן ז י י ן ערלויבניש.

דער אייגענטימער, אויב ער וויל, קאָן פריי געבען די ערלויב־ניש צו בענוצען זיינע זאַכען. געוועהנליך פערקויפט ער די ערלויבניש. דער פערקויף איז אין אמת'ן אַ שווינדעל, אַ גזלה; אָבער דורך אַ לעגאַלע פיקציע פונ'ם רעכט פון אייגענטום איז אָט דערזעלבער פערקויף, וואָס ווערט שווער בעשטראָפט, מיר ווייסען ניט וואָרום, אין אַנדערע פעלען, אַ קוואַל פון פּראָפיט און ווערטה פאַר דעם אייגענטימער.

די סומע, וואָס דער אייגענטימער פערלאַנגט פון דער דאָזיגער

ערלויבניש, דריקט זיך אויס אין געלד אָדער אין אַ טייל פון די פּראָדוקטען פון דעם געגענשטאַנד. אַזוי, אַז דורך דעם רעכט פון הוספה שניידט דער אייגענטימער כאָטש ער אַקערט ניט, נעהמט אַראָב פון פעלד, כאָטש ער זעעט ניט, ער קאָנסומירט און פּראָדוצירט ניט, ער געניסט און ארבייט ניט. זעהר פערשיידען פון די געצען פון דעם תהלים־זינגער זיינען די געטער פון אייגענטום: יענע האָבען געהאַט הענד און האָבען ניט אָנגעריהרט; די האָבען הענד און נעהמען. (Manus habent et palpabunt)

אַלעס איז מיסטעריעז און איבערנאַטירליך אין דעם געזעץ־בוך פון הוספה־רעכט. געוואַלטיגע צערעמאָניעס בעגלייטען די איינוויהונג פון אַ נייעם אייגענטימער, ווי אין די אַלטע צייטען די איינוויהונג אין אַ געהיימער געזעלשאַפט. צוערשט קומט די פ ע ר ה ײ ל י ג ו נ ג פון דער זאַך — אַ פערהייליגונג דורך וועלכער מען לאָזט אַלעמען וויסען, אַז זיי מוזען ברענגען אַ פּאַסיגען קרבן צום אייגענטימער, יעדעס מאָל, וואָס זיי וועלען פון איהם קריגען אַן אונטערגעשריבענע ערלויבניש צו געברויכען דאָס וואָס געהערט איהם.

צווייטענס, קומט די אַנאַטעמאַ, דער פלוך, וועלכער פערבאָט יעדען, אויסער אויף די פריהער דערמאָנטע תנאים, אָנצוריהרען דעם געגענשטאַנד, אפילו ווען דער בעל־הבית איז ניטאָ, און ערקלערט יעדען וואָס פערלעצט דאָס אייגענטום, פאַר אַ מחלל השם, אַ רשע מרושע, וועלכער איז אונטערוואָרפען דערפאַר צו דער וועלטליכער מאַכט און פערדיענט בעשטראָפט צו ווערן פון איהר.

ענדליך קומט די א י י נ װ ײ י ה ו נ ג, דורך וועלכער דער אייגענטימער אָדער דער בעשיצענדער הייליגער, — דער גאָט, וואָס איז ערוועהלט געוואָרען צו וואַכען איבער דעם געגענשטאַנד, — וואוינט דערינען (גייסטיג) ווי אין אַ הייליגען קלויסטער. דורך אָט דער איינוויהונג ווערט די סובסטאַנץ פון דער זאַך, אַזוי צו זאָגען, אומגעוואַנדעלט אין דער פערזאָן פון אייגענטימער, וועלכער געפינט זיך שטענדיג אין דער פאָרם פון דעם בעשטימטען געגענשטאַנד.

דאָס איז גענוי די לעהרע פון אונזערע יוריסטען. „דאָס אייגענטום — זאָגט טוליע — איז אַ מ אָ ר אַ ל י ש ע ק װ אַ ל י ט ע ט, איינגעבאָרען אין דעם געגענשטאַנד; אַ װ י ר ק ל י כ ע ר

באַנד, וואָס בינדט איהם צו צום אייגענטימער און וועלכער קאָן ניט צוריסען ווערן, סיידען דורך דעם אייגענטימער'ס ווילען". לאָקע האָט עניוות'דיג געצווייפעלט, צי גאָט וואָלט געקאָנט מאַכען, אַז שטאָף זאָל דענקען; טוליע בעהויפּטעט, אַז דער אייגענטימער מאַכט אַז דער שטאָף זאָל זיין מאָראַליש. וויפיעל פעהלט איהם נאָך צו ווערן פערגעטערט? ווירקליך, ער ווערט עס ניט, נאָר דערפאַר ווייל עס זיינען ניטאָ קיין אָנבעטער...

אייגענטום איז דאָס רעכט פון הוספה; דאָס הייסט די מאַכט צו פּראָדוצירען ניט אַרבייטענדיג. אָבער פּראָדוצירען ניט אַרבייטענדיג מיינט מאַכען עפּעס פון גאָרנישט, אין איין וואָרט, בעשאַפען. געוויס, דאָס איז זיכער ניט שווערער איידער צו מאַכען דעם שטאָף מאָראַליש. האָבען דאָך די יוריסטען רעכט אָנצואווענדען אויף די אייגענטימער די ווערטער פון עוואַנ־געליום: איך האָב געזאָגט Dii estis et filii Excelsi omnes „איהר זייט געטער; און איהר אַלע זייט קינדער פונ'ם אויבער־שטען".

אייגענטום איז דאָס רעכט פון הוספה. אָט דער אַקסיאָם וועט פאַר אונז זיין ווי דער נאָמען פון דער חיה פון דער אַפּאָקאַליפּס, אַ נאָמען אין וועלכען עס ליגט איינגעשלאָסען די גאַנצע מיסטעריע פון דער דאָזיגער חיה. עס איז בעקאַנט, אַז דער, וואָס דערגרונטעוועט די מיסטעריע פון דעם נאָמען, בעגרייפט די גאַנצע נביאות און קומט־ביי די חיה. אַלזאָ, גוט! דורך אַ ריכטיגער אויסטייטשונג פון אונזער אַקסיאָם וועלען מיר טויטען דעם ספינקס פון אייגענטום. אַרויסגעהענדיג פון אָט דעם העכסט כאַראַקטעריסטישען פאַקט, — דאָס רעכט פון הוספה, — וועלען מיר פאַריאָגען די אַלטע שלאַנג מיט אַלע איהרע קנוילען. מיר וועלען איבערצעהלען יעדען מערדערליכען פאַלב פון אָט דער שרעקליכער חיה, וואָס איהר קאָפּ מיט זיינע טויזענד צוויגערס האָט זיך שטענדיג אויסגעדרעהט פון שווערד פון איהרע ביטערסטע שונאים, הגם זי האָט איבערגעלאָזט פאַר זיי גרויסע שטיקער פון איהר קערפּער. עס פאָדערט זיך עפּעס מעהר איידער מוטה, בייצו־קומען אָט דעם מאָנסטער. הדאָ הוא דכתיב, וועגען דעם שטעהט געשריבען, אַז ער וועט ניט קראַפּיערען, ביז וואַנען אַ פּראָלעטאַריער,

בעוואָפּענט מיט אַ צוויבער שטעקעלע, וועט זיך ניט האָבען מיט איהם געראַנגעלט.

שלוסען היוצאים מזה: — 1. די סומע פון דער הוספה איז פּראָפּאָרציאָנעל צו דער זאַך וואָס ווערט פערמעהרט. עס מאַכט ניט אויס, וואָס פאַר אַ צינזען־ראַטע עס זאָל ניט זיין — צי עס שטייגט ביז 3, 5, אָדער 10 פּראָצענט, צי עס פאַלט צו אַ האַלבען, אַ פערטעל אָדער אַ צעהענטעל פּראָצענט — דאָס געזעץ פון פערמעהרונג בלייבט דאָס זעלבע. דאָס געזעץ איז ווי פאָלגט:

יעדער קאַפּיטאַל, וואָס זיין ווערטה קאָן געשאַצט ווערן, קאָן בעטראַכט ווערן ווי אַ צאָהל־טייל אין אַן אַריפמעטישע שורה, וואָס געהט גרעסער אויף אַ הונדערט, און די הכנסה וואָס דער קאַפּיטאַל ברענגט, אַלס דער צאָהל־טייל פון אַן אַנדער אַריפמעטישער שורה, וועלכע געהט גרעסער אין דעם ערך פון דער צינזען־ראַטע. אַזוי למשל, אַ קאַפּיטאַל פון 500 פראַנק, אַלס דער פינפטער צאָהל־טייל פון אַן אַריפמעטישער פּראָגרעסיאָן, פון וועלכער די באַזע איז 100. וועט זיין הכנסה פון דריי פּראָצענט אָנגעוויזען ווערן דורך דעם פינפטען צאָהל־טייל פון דער אַנדערער אַריפמעטישער פּראָגרעסיאָן, פון וועלכער די באַזע איז 3: —

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 100 | 200 | 300 | 400 | 500 |
| 3 | 6 | 9 | 12 | 15 |

אַ בעקאַנטשאַפט מיט דעם סאָרט לאָגאַריטמען, — די אייגענטימער האָבען ביי זיך פערטיגע טאַבעלען, אויסגערעכענט ביז אַ זעהר הויכען גראַד, — וועט אונז געבען דעם שליסעל צו די העכסט פערפּלאָנטערטע פּראָבלעמען, און וועט אונז ברענגען אַ גאַנצע רייה איבערראַשונגען.

לויט דיזער לאָגאַריטמישער טעאָריע פונ'ם רעכט פון הוכפה, קאָן אַ שטיק אייגענטום, צוזאַמען מיט זיין הכנסה, דעפינירט ווערן אַלס: אַ צאָהל וואָס איהר לאָגאַריטם איז גלייך מיט דער סומע פון איהרע איינהייטען, געטיילט אויף 100 און געכּפל'ט מיט דער צינזען־ראַטע.

צום ביישפּיעל, אַ הויז, וואָס איז געשאַצט אין 100,000 פראַנק און איז פערדונגען אויף 5 פּראָצענט, ברענגט אַ הכנסה פון 5,000 פראַנק לויט דער פאָרמולע $\frac{100{,}000 \times 5}{100} = 5{,}000$. דאָס אייגענע אומ־געקעהרט: אַ שטיק לאַנד, וואָס ברענגט אריין אויף 2½% דריי טויזענד פראַנק הכנסה, איז ווערטה 120,000 פראַנק, לויט דער אַנ־דער פאָרמולע: $\frac{3{,}000 \times 100}{2\frac{1}{2}} = 120{,}000$.

אין ערשטען פאַל איז די פּראָגרעסיאָן, וועלכע בעצייכענט די פערמעהרונג דורך צינזען, די ציפער 5, אין צווייטען פאַל — די ציפער 2½.

בעמערקונג. — די פאָרמען פון הוספה, וואָס זיינען בעקאַנט אונטער'ן נאָמען פאַכט־רענט, איינקונפט און צינזען, ווערן געצאָהלט יעהרליך; דירה־געלד ווערט געצאָהלט פון וואָך, אויפ'ן מאָנאַט, אָדער יעהרליך; געווינסען ווערען אָבגעצאָהלט בעת מען מאַכט דעם אויסטויש. אויף דעם אופן איז די סומע פון דער הוספה פּראָפּאָרציאָנעל, אי לויט דער זאַך וואָס קריגט די הוספה, אי לויט דער צייט, אין וועלכער די הוספה וואַקסט אָן. מיט אַנדערע ווער־טער: וואוכער וואַקסט ווי אַ קרעבס.

2. די הוספה, וואָס דער בעזיצער צאָהלט דעם אייגענטימער, איז אַ טאָטאַ־לער פערלוסט פאַר'ן בעזיצער. ווען דער אייגענטימער וואָלט געמוזט געבען פאַר דער הוספה, וואָס ער בעקומט, נאָך עפּעס אַ חוץ די ערלויבניש, וואָס ער גיט, וואָלט זיין אייגענטום־רעכט ניט געווען פאָלקאָם, ער וואָלט ניט געהאַט קיין „יורע אָפּטימאָ, יורע פּערפעקטאָ"; ד. ה. ער וואָלט אין דער ווירק־ליכקייט ניט געווען קיין אייגענטימער. בכן, איז אַלץ וואָס דער בעזיצער גיט אַוועק דעם אייגענטימער אין דעם נאָמען פון הוספה און אַלס דעם פּרייז פאַר דער ערלויבניש צו בעזיצען, אַ פעסטער געווינס פאַר'ן אייגענטימער און אַ טאָטאַלער פערלוסט, אַ פער־ניכטונג, פאַר דעם בעזיצער, ווייל איהם וועט דערפון גאָרניט אָנקו־מען, סיידען אין דער פאָרם פון אַ געשענק, אַ נדבה, שכירות פאַר זיין אַרבייט, אָדע אַלס פּרייז פאַר סחורה, וואָס ער וועט צושטעלען. קורץ, די הוספה געהט לאיבוד, אויף וויפיעל עס איז נוגע דעם לוה, אָדער צו געברויכען די שטאַרקערע לאַטיינישע פראַזע — רעם פּעריט סאַלוענטי.

3. דאָס רעכט פון הוספה דריקט אויף דעם איינגענטימער, אזוי גוט ווי אויפ'ן פרעמדען. דער בעל־הבית פון א זאך, אלס איהר אייגענטימער, לעגט ארויף רעמזעלבען שטייער אויף זיך אליין פאר דעם געברויך פון זיין אייגענטום אלס בעזיצער, ווי ער וואָלט בעקו־מען פון א דריטער פערזאָן; אזוי אז קאפיטאל טראָגט צינזען אין די הענד פונ'ם קאפיטאליסט, אזוי גוט ווי אין די הענד פונ'ם אויס־באָרגער. וואָרים ווירקליך, אויב אנשטאָט צו קריגען 500 פראַנק אלס דירה־געלד פאר מיין וואוינונג, ציה איך פאָר אליין צו בעוואוי־נען די דירה, איז דאך קלאָר, אז איך בלייב זיך אליין שולדיג די־זעלבע סומע, וואָס איך ענטזאג זיך צו נעהמען. אָט דער פרינציפּ ווערט איבעראל פּראקטיצירט אין געשעפט־פיהרונג, און ווערט בעטראכט אלס אן אקסיאָם ביי די עקאָנאָמיסטען. אויך פאבריקאנ־טען, וועלכע האָבען דעם פאָרטייל קיינעם ניט צאָהלען קיין צינזען, פונדעסטוועגען בעת זיי רעכענען צוזאמען זייערע פּראָפיטען, ציהען זיי ארונטער ניט נאָר די לויפענדע הוצאות און די שכירות פון זייערע ארבייטער, נאָר אויך די צינזען אויף זייער קאפיטאל. מחמת דעמ־זעלבען טעם האלטען די געלד־לייהער פאר זיך אזוי ווענינ געלד ווי מעגליך; ווייל אזוי ווי יעדער קאפיטאל ברענגט צינזען, איז אויב קיינער טראָגט די דאָזיגע צינזען ניט אריין, קומט עס אראָב פון דעם קאפיטאל, וועלכער ווערט אין דעם ערך ווענינער. דער קאפיטאל בעשרענקט זיך אָט אזוי אליין דורך דער רעכט פון הוספה. דאָס איז בלי ספק דער געדאַנק וואָס פּאפּיניום האָט געמיינט אויס־צודריקען מיט דער פראזע, וועלכע איז אזוי עלעגאַנט ווי קרעפטיג — Foenus mordet Solidum איך מוז זיך ענטשולדיגען וואָס איך געברויך אזוי אָפט לאַטיין, רעדענדיג וועגען דעם ענין. דאָס גיב איך אזוי אָב כבוד דעם פאָלק פון די גרעסטע וואוכערער, וואָס האָט ווען עס איז געלעבט.

# ערשטער זאַץ.

## אייגענטום איז אונמעגליך, ווייל עס פערלאַנגט עפּעס פאַר גאָרנישט.

די אונטערזוכונג פון אַט דעם זאַץ איז פּונקט דיזעלביגע ווי פון דעם אורשפּרונג פון פּאַכט, איבער וועלכער די עקאָנאָמיס־טען האָבען געפיהרט אַזאַ מחלקה. ווען איך לעז דאָס, וואָס דאָס רוב פון זיי האָט געשריבען, ווען איך קוק זיך צו צו דער אָנהויפּונג פון שטות, צו דעם וועט־געלאַף פון העסליכקייט און לעכערליכקייט, קאָן איך ניט צוריקהאַלטען אין זיך דאָס געפיהל פון עקעל און צאָרן. עס וואָלט געווען אַזוי קאָמיש, ווי למשל די געשיכטע פון דעם העלפאַנד אין דער לבנה, ווען די קאָנזע־קווענצען וואָלטען ניט געווען אַזוי גרויזאַם. זוכען דעם גזועצלי־כען און פערנינפטיגען אורשפּרונג פון דאָס, וואָס איז און מוז אימער זיין ניט מעהר ווי גנבה, ערפּרעסונג און גזלה — דאָס איז די העכסטע שטופּע פון משוגעת, וואָס די אייגענטימער האָבען געקאָנט דערגרייכען, די העכסטע מדרגה פון פערבלענדונג, אין וועלכער זאָנסט גאַנץ אויפגעקלערטע קעפּ האָבען זיך געלאָזט פער־פיהרען דורך דער פערדאָרבענקייט פון עגאָאיזם.

„אַן ערד־אַרבייטער, זאָגט סעי, איז אַ פאַבריקאַנט פון ווייץ, וועלכער געברויכט נעבען אַנדערע ווערקצייג, וואָס דיענען איהם צו בעאַרבייטען דעם מאַטעריאַל, פון וועלכען ער ברענגט אַרויס ווייץ, אויך אַ גרויס ווערק־צייג, וואָס מיר האָבען אָנגערופען אַ פעלד. אַז׳ער איז ניט דער אייגענ־טימער פון׳ם פעלד, אויב ער איז נאָר דער פּאַכטער, צאָהלט ער דעם אייגענ־טימער פאַר דער פּראָדוקטיווער בענוצונג פון דעם דאָזיגען ווערקצייג. דער פּאַכטער לאָזט זיך בעצאָהלען דערפאַר פון דעם קויפער, דער ערשטער קויפער פון דעם צווייטען, ביז דער פּראָדוקט גרייכט דעם פערברויכער, וועלכער בעצאָהלט אַלע אויסלאָגען פון דעם ערשטען ביז צום לעצטען, דורך וועלכע דער פּראָדוקט איז אָנגעקומען צו איהם.“

לאָמיר לאָזען אַן אַ זייט די שפּעטערע אויסלאָגען, דורך וועלכע דער פּראָדוקט קומט אָן צום פערברויכער, און לאָמיר זיך דערווייל בעשעפטיגען מיט דעם גאַנץ ערשטען — מיט דער

רענטע וואָס דער פאַכטער בעצאָהלט דעם אייגענטימער. די פראַ־
גע איז איצט, אויף וואָס פאַר אַ רעכט שטיצט זיך דער אָנשפּרוך
פון דעם אייגענטימער אויף אָט דער רענטע?

לויט ריקאַרדאָ, מאַקולאָך און מילל איז דער פאַקט ניט
מעהר ווי דער בעטרעף פון דעם איבער־
פלוס אין פּראָדוקטען, וואָס אַ פרוכט־
באַרע ערד גיט ארויס, אין פערגלייך
מיט די פּראָדוקטען פון ווענינער־פרוכט־
באַרע שטיקער לאַנד; אַזוי אַז די פאַכט פאַר די
פרוכטבאַרע שטיקער לאַנד הויבט זיך ערשט אָן, ווען מען מוז,
צוליעב דער פערמעהרונג פון דער בעפעלקערונג, אָנהויבען בעאַר־
בייטען די ווענינער־פרוכטבאַרע פעלדער.

עס איז זעהר שווער צו געפינען דערין עפּעס אַ זין. ווי אַזוי
קאָן פון דעם אונטערשייד צווישען דער קוואַליטעט פון
צוויי פעלדער ענטשטעהן אַ רעכט אויף אַ שטיק ערד? ווי אַזוי
קאָן די דאָזיגע פערשיידענהייט בעשאַפען אַ יורידישען און פּאָליטי־
שען פּרינציפּ? די דאָזיגע מעטאַפיזיק איז פאַר מיר אַזוי פיין
אָדער אַזוי געדיכט, אַז וואָס מעהר איך דענק וועגען איהר, אַלץ
מעהר פערליר איך זיך אין איהר. לאָמיר אָננעהמען אַז דאָס
פעלד א׳ קען ערנעהרען 10,000 איינוואָיהנער, און דאָס פעלד ב׳
קאָן ערנעהרען נאָר 9.000, און ביידע פעלדער האָבען אַ גלייכען
שטח. ווען די פערמעהרונג פון די בעוואוינער פון דעם באָדען א׳
וועט זיי צווינגען צו בעאַרבייטען אויף דעם באָדען ב׳, וועלען זיך
די גרונד־אייגענטימער פון א׳ הייסען בעצאָהלען פון די פאַכטערס
רענטע, לויט דער פערהעלטניס פון 10 צו 9. דאָס איז, ווי איך
גלויב אַלץ וואָס ריקאַרדאָ, מאַקולאָך און מילל מיינען צו זאָגען.
אָבער אויב באָדען א׳ קאָן נאָר ערנעהרען אַזוי פיעל איינוואוינער
וויפיעל ער קאָן ענטהאַלטען, דאָס הייסט, ווען די בעוואוינער פון
א׳ האָבען לויט זייער צאָהל פונקט אַזוי פיעל וויפיעל זיי מוזען
האָבען צו לעבען, ווי אַזוי קאָנען זיי נאָך בעצאָהלען די פאַכט?

ווען זיי וואָלטען זיך בעשרענקט און בלויז געזאָגט, אַז דער
אונטערשייד צווישען די צוויי פעלדער איז געווען אַן אַנלאַס
פון פאַכט, אָבער ניט איהר סבה, וואָלטען מיר פון דער דאָזי־
גער איינפאַכער בעאָבאַכטונג געקאָנט עפּעס לערנען, דהינו, אַז די

ענטשטעהונג פון פּאַכט האָט געהאַט אַלס פּרינציפּ דעם וואונש נאָך גלייכהייט. אין דער אמת'ן, אויב אַלע מענשען האָבען אַ גלייך רעכט אויף גוטע פעלדער, קאָן קיינער ניט געצוואונגען ווערן צו בעאַרבייטען די שלעכטע פעלדער אָהן אַן ענטשפּרעכענדע בעלוי־נונג. לויט ריקאַרדאָ, מאַקולאָך און מילל איז לכן געווען אַ מין ענטשעדיגונג, וואָס האָט געזאָלט אויסגלייכען די פערדינסטען מיט די טרחות. מען מוז צוגעבען, אַז דאָס איז אַ שלעכטער סיסטעם פון פּראַקטישער גלייכהייט; אָבער דאָס וואָלט לכל הפּחות געווען אַ גוטע כונה. וואָס פאַר שליסע האָבען געקאָנט ציהען דערפון ריקאַרדאָ, מאַקולאָך און מילל צו גונסטען פון אייגענטום? זייער טעאָריע איז אַ וואפע געגען זיך אליין. מאַלטוס גלויבט, אַז דער שורש פון פּאַכט איז די פעהיגקייט פון דער ערד צו געבען מעהר נאַהרונג ווי עס איז נויטיג פאַר די וואָס בעאַרבייטען זי. איך וואָלט פרעגען מאַלטוס'ן, פאַרוואָס זאָל דער ערפאָלג פון אַרבייט בעגרינדען צו גונסטען פון פוילענצער אַ רעכט אויף אַ חלק אין די פּראָדוקטען?

אָבער דער הערר מאַלטוס פערשטעהט ניט דעם פאַקט, פון וועלכען ער רעדט. יאָ, די ערד האָט די מעגליכקייט צו ערנעהרען מעהר מענשען וויפיעל עס בעאַרבייטען זי, אויב מען פערשטעהט אונטער ב ע אַ ר ב י י ט ע ן בלויז די פערמערס. אָבער דער שניידער מאַכט אויך מעהר קליידער ווי ער פערנוצט, און דער טישלער מעהר מעבעל ווי ער ברויכט. און אזוי ווי די אַלע פּראָ־פעסיאָנען בעשטעהען און שטיצען זיך געגענזייטיג, מוז מען דערפון דרינגען, אַז ניט נאָר דער ערד־אַרבייטער, נאָר אויך אַלע געווערבען און מלאכות, ביז צום לעהרער און דאָקטאָר, מוזען ווערען בעציי־כענט אַלס ע ר ד ־ אַ ר ב יי ט ע ר. דער פּרינציפּ וואָס מאַלטוס בעשטימט פאַר פערמערס, איז דער פּרינציפּ פון האַנדעל; אָבער אזוי ווי דער גרונדגעזעץ פון האַנדעל איז די גלייכווערטהיגקייט פון די אויסגעטוישטע פּראָדוקטען, איז אַלצדניג וואָס צושטערט די דאָזיגע גלייכווערטיגקייט אַ פערלעצונג געגען דעם געזעץ; עס איז אַ רעכנונגס־פעהלער, וואָס מען מוז אויסבעסערן.

ביוקאַנאַן, אַ קאָמענטאַטאָר פון סמיטה, האָט אין דער פּאַכט געזעהן דעם רעזולטאַט פון אַ מאָנאָפּאָל און בעהויפּטעט, אַז נאָר אַרבייט אַליין איז פּראָדוקטיוו. ער האָט דערפון געצויגען דעם

שלום, אַז אָהן דעם מאָנאָפּאָל וואָלטען די פּראָדוקטען געווען טהייע־רער, און ער האָט ניט געפונען קיין בעגרינדונג פון פאַקט ווי נאָר אינ׳ם בירגערליכען געזעץ. די דאָזיגע מיינונג איז אַ נעבענפאָלגע פון דער פּאָראויסזעצונג, וועלכע מאַכט פונ׳ם בירגערליכען געזעץ דעם גרונד פון אייגענטום. אָבער פאַרוואָס האָט דאָס בירגערליכע געזעץ, וועלכעס דאַרף זיין די געשריבענע פערנונפט, סאַנקציאָנירט דעם דאָזיגען מאָנאָפּאָל? ווער עס זאָגט מאָנאָפּאָל שליעסט אויס גערעכטיגקייט; אַזוי אַז ווען מען זאָגט אַז פאַקט איז אַ מאָנאָפּאָל, געהייליגט פון געזעץ, זאָגט מען דערמיט, אַז אונגערעכטיגקייט האָט די גערעכטיגקייט צום פּרינציפּ, און דאָס איז אַ ווידערשפּרוך. סעי ענטפערט ביוקאַנאַנ׳ען, אַז דער אייגענטימער איז ניט קיין מאָנאָ־פּאָליסט, ווייל דער אמת׳ער מאָנאָפּאָליסט איז דער „וועלכער גיט ניט צו קיין שום גראַד פון נוצליכקייט צו דער סחורה“.

וואָס פאַר אַ גראַד פון ניצליכקייט גיט צו דער אייגענטימער צו די פּראָדוקטען פון דעם פערמער? האָט ער געאַקערט, געזעעט, גערייניגט, געשניטען? און דאָס זיינען דאָך די פּראָצעסען, דורך וועלכע דער פערמער און זיינע מענשען פערגרעסערן די נוצען פון דעם מאַטעריאַל, וואָס זיי פערברויכען מיט דעם צוועק צו רעפּראָדו־צירען.

„דער לאַנד־אייגענטימער פערגרעסערט די נוצען פון דער סחורה דורך זיין ווערקצייג, די ערד. דער דאָזיגער אינסטרומענט נעהמט אַריין די מאַטעריאַלען, פון וועלכע דער ווייץ בעשטעהט, אין איין צושטאַנד און גיט זיי אַרויס אין אַנאַנדערען. די ווירקונג פון דער ערד איז אַ כעמישער פּראָצעס, וועלכער ענדערט דעם שטאָף אויף אַזאַ אופן, אַז עס פערגרעסערט איהם דורכדעם וואָס עס צערשטערט איהם. דער באָדען איז אַלזאָ אַ פּראָדו־צירער פון אַ נוצליכער זאַך; און ווען ער (ווער, דער באָדען?) לאָזט זיך בעצאָהלען דערפאַר אין דער פאָרם פון פּראָפיט אָדער פאַכט פאַר זיין אייגענטימער, גיט ער אויך עפּעס דעם פערברויכער פאַר דער סומע, וואָס דער פערברויכער צאָהלט איהם. ער גיט איהם אַ פּראָדוצירטע געברויך־זאַך; און טאַקע מחמת דער פּראָדוקציאָן פון דער דאָזיגער געברויך־זאַך רופען מיר אָן די ערד פּראָדוקטיוו, פּונקט אַזוי ווי די אַרבייט.“

לאָמיר דאָס אַביסעל מסביר זיין.

דער שמיד, וואָס פאַבריצירט פאַר דעם אַקער־בויער די אַקער־געצייג, דער וועגען־מאַכער, וואָס מאַכט איהם אַ וואָגען, דער מויערער, וואָס בויט זיין שפּייכלער, דער טישלער, דער בלעכער א. אז.

וו„ וועלכע ווירקען אַלע מיט ביי דער אַגריקולטור דורך די ווערק־צייג, וואָס זיי פערפערטיגען, זיינען פּראָדוצירער פון ניצליכקייטען; פאָלגליך האָבען זיי אַ רעכט אויף אַ טייל פון די פּראָדוקטען.

„אָהן צווייפעל“, זאָגט סעי; „אָבער די ערד איז אויך אַ ווערקצייג און איהרע דיענסט־לייסטונגען מוזען אויך בעצאָהלט ווערן, פאָלגליך...“

איך שטים איין, אַז די ערד איז אַ ווערקצייג, אָבער ווער האָט געמאַכט דעם דאָזיגען ווערקצייג? האָט דער אייגענטימער עס געמאַכט? האָט ער אַריינגעגעבען אין איהר קראַפט און פרוכטבאַרקייט דורך דעם ווירקענדען כח פון אייגענטומס־רעכט, דורך אַט דער „מאָראַלער אייגענשאַפט“, וואָס ער האָט אַריינגעגאָסען אין דעם באָדען? געניי אין דעם בעשטעהט דעם אייגענטימער'ס מאָנאָפּאָל, וואָס כאָטש ער האָט ניט געמאַכט דעם אינסטרומענט, הייסט ער זיך בעצאָהלען פאַר געברויכען איהם. ווען דער בורא עולם וואָלט געקומען און זיך געהייסען בעצאָהלען פאַכט־רענט פאַר דער ערד, וואָלטען מיר זיך מיט איהם גערעכענט; אָבער דער אייגענטימער, אונטערשטיצט פון דער רעגיערונג, מוז אונז צייגען זיין שטר נאמנות פון גאָט?

„דעם אייגענטימער'ס אַרבייט“, זאָגט סעי, „איז אַ גאַנץ בעקוועמע, דאָס גיב איך צו“.

די הודאה איז אמת נאאיוו.

„אָבער מיר קאָנען זיך גיט בעגעהן אָהן איהם. אָהן אייגענטום וואָלט זיך איין פויער געשלאָגען מיט'ן צווייטען כדי צו בעאַרבייטען אַ פעלד, וואָס האָט ניט קיין אייגענטימער, און דאָס פעלד וואָלט געבליבען אונבעאַרבייט...“

אַלזאָ, די ראָלע פון אייגענטימער איז צו מאַכען שלום צווישען אַלע ערד־אַרבייטער דורך דעם וואָס ער בערויבט זיי אַלעמען גלייך... אָה, פערנונפט! אָה, גערעכטיגקייט! אָה וואונדערבאַרע חכמה פון עקאָנאָמיסטען! דער אייגענטימער, לויט זיי, טהוט ווי פּערעץ־צאַנדרען, וועלכען צוויי רייזענדע, וואָס האָבען זיך געקריגט איבער אַן אויסטער, האָבען גענומען פאַר אַ בורר. ער האָט אויפגעעפענט די שאָלען, האָט איינגעשלונגען דעם אויסטער און געזאָגט צו ביידע צדדים: — „דאָס געריכט פּסקנ'ט, יעדערער פון אייך זאָל קריגען אַ שאָל.“

קאָן מען נאָך זאָגען ערגערס וועגען אייגענטום? וועט סעי

אונז ערקלערן, ווארום די ארבייטער, וועלכע וואָלטען זיך אָהן דעם אייגענטימער געשלאָגען פאר'ן בעזיץ פון באָדען, שלאָגען זיך ניט מיט די אייגענטימער פאר'ן בעזיץ פון דעמזעלבען באָדען? עס איז מן הסתם דערפאר, ווייל זיי האַלטען זיי פאר געזעצליכע בעזיצער און ווייל זייער רעספעקט פאר אן איינגעבילדעטען רעכט איז שטארקער איידער זייער גייציגקייט.

איך האָב בעוויזען אין צווייטען קאפיטעל, אז דער בעזיץ אָהן אייגענטום האָט בכח אויפצוהאַלטען די סאָציאַלע אָרדנונג. איז עס דען שווערער צו מאכען שלום צווישען בעזיצער אָהן בעלי בתים, איידער צווישען פערמערס, וועלכע האָבען איבער זיך אייגענטימער? וואָלטען דען ארבייטענדע מענשען, וועלכע רעספעקטירען, צו זייער אייגענעם שאָדען, די פרעטענדירטע רעכט פון פוילענצער, ארויס־געטראָטען אנטקעגען דעם נאטירליכען רעכט פון פראָדוצירער און בעלי מלאכות? וואָס! אויב דער פויער וואָלט פערלוירן זיין רעכט אויף דער ערד אזוי שנעל ווי ער זיצט ניט מעהר אויף איהר, וואָלט ער דעריבער געוואָרן גייציגער? און צי דען וואָלט די אונ־מעגליכקייט צו פאָדערן הוספה, צו לעגען א קאָנטריבוציע אויף פרעמדע ארבייט, געוואָרן א קוואַל פון מחלוקות און געריכט־משפטים? די עקאָנאָמיסטען האָבען א מערקווירדיגע לאָגיק. אָבער מיר זיינען נאָך ניט פארטיג. בעהמט אָן, אז דער אייגענ־טימער איז דער לעגאַלער הארר פון דעם גרונד און באָדען. „די ערד", זאָגען זיי, „איז אן אינסטרומענט פון פראָדוקציאָן". דאָס איז אמת. אָבער ווען זיי בייטען איבער אין זאַץ די שטעלונג פון די וערטער און זאָגען, אז „די ערד איז א פראָדוצירענדער אינסטרו־מענט", בעהויפּטען זיי א פערפלוכטען ליגען.

לויט קענעי און די אַלטע עקאָנאָמיסטען, קומט יעדע פראָ־דוקציאָן פון דער ערד. סמיטה, ריקאַרדאָ, טראָסי, דאגעגען, ער־קלערן, אז יעדע פראָדוקציאָן איז נאָר ארבייט. סעי און אלע די, וואָס זיינען געקומען נאָך איהם, בעהויפּטען, אז ביידע, די ערד און די ארבייט זיינען פראָדוקטיוו און אז די קאפּיטאַלען זיינען אויך פראָדוקטיוו. די לעצטע זיינען די עקלעקטישע שולע אין דער פּאָ־ליטישער עקאָנאָמיע. דער אמת איז, אז ניט די ערד און ניט די ארבייט און ניט די קאפּיטאַלען זיינען פראָדוקטיוו; די פראָדוק־ציאָן ענטשטעהט פון דער מיטווירקונג פון די אַלע דריי גלייך־נויט־

טיגע עלעמענטען, וועלכע זיינען אָבער, יעדער בעזונדער, גלייך אונ־
פּרוכטבאַר.

די פּאָליטישע עקאָנאָמיע, אמת, בעשעפטיגט זיך מיט דער
פּראָדוקציאָן, מיט דעם קאָנסום פון רייכטימער און פון ווערטהען;
אָבער פון וואָס פאר ווערטהען? פון ווערטהען וואָס זיינען בע־
שאַפען פון מענשליכען פליים; דאָס הייסט פון ענדערונגען, וואָס
דער מענש מאכט אין דער מאטעריע כדי צו מאכען זי געאייגנעט
פאר זיינע בעדערפנישען, אָבער ניט פון פארטיגע נאטור פּראָדוק־
טען. אָפילו ווען די ארבייט פון מענשען זאָל בעשטעהן בלויז אין
דעם אָנפאסען מיט דער האנד, וואָלט פאר איהם ניט עקזיסטירט
קיין פּראָדוצירטער ווערטה, ביז ער וואָלט זיך ניט געגעבען די דאָ־
זיגע מיה. ביז דעמאָלט האָט פאר איהם דאָס זאַלץ אין ים, דאָס
וואסער פון קוואַל, דאָס גראָז פון פעלד, דאָס האָלץ פון וואלד, אַזוי
גוט ווי קיין שום עקזיסטענצווערטה. אָהן דעם נעץ פון דעם פישער
גיט דער ים ניט קיין פיש; אָהן דער האַק און דעם האָלץ האַקער
גיט ניט דער וואלד קיין האָלץ, ניט קיין האָלץ צום הייצען און ניט
קיין בויהאָלץ; אָהן דעם אַקער גיט דאָס פעלד ניט קיין היי און ניט
קיין ווייץ. די נאטור איז א מין גרויסע שטאָף־מאסע צום אויס־
נוצען און בעאַרבייטען; אָבער די נאטור פּראָדוצירט נאָר פאר
דער נאטור; אין זין פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע, ד"ה בנוגע צום
מענשען, זיינען די פּראָדוקטען נאָך ניט קיין פּראָדוקטען.

די קאפּיטאַלען, די ווערקצייג און די מאשינען זיינען דאָס־
גלייכען אונפּראָדוקטיוו. דער האַמער און דער אמבוס שמידען
ניט אָהן דעם שמיד און אָהן אייזען; די מיהל אָהן דעם מילנער
און אָהן די קערנער מאָהלען ניט א. אז. וו. ברענגט צוזאמען די
ווערקצייג און די רויע מאטעריאַלען; לעגט אוועק אויף א פרוכט־
באַרער ערד אַן אַקעראייזען און זריעה; שטעלט אויף א בלאָזזאַק,
צינדט אָן דאָס פייער און פערמאכט די קוזנע, — איהר וועט דער־
מיט גאָר ניט פּראָדוצירען. די דאָזיגע בעמערקונג איז געמאכט
געוואָרען פון אַן עקאָנאָמיסט, וועלכער האָט געהאט מעהר געזונטען
פערשטאנד איידער זיינע קאָלעגען. „סעי לאָזט דעם קאפּיטאַל
שפּיעלען א ראָלע וואָס ליגט ניט אין זיין נאטור; אַן און פאר זיך
איז דער קאפּיטאַל א אונבעוועגליכער אינסטרומענט". (זש. דראָז:
פּאָליטישע עקאָנאָמיע.)

און אפילו דאַן, ווען קאַפּיטאַל און ארבייט זיינען פעראייניגט, נאָר זיי זיינען שלעכט פעראייניגט, פּראָדוציִרען זיי אויך גאָר־נישט. אַקערט אַ זאַמדיגע וויסטע, דרעשט דאָס וואַסער פון טייכען, וואַרפט דורך אַ זיפּ בוכשטאַבען פון אַ זעצקאַסטען — עס וועט אייך ניט ברענגען, ניט קיין ווייץ, ניט קיין פיש און ניט קיין ביכער. אַזאַ ארבייט וועט זיין פּונקט אַזוי אונפּראָדוקטיוו ווי די גרויסע ארבייט פון קסערקסעס' ארמעע, וועלכער האָט, ווי הערא־דאָט דערצעהלט, געהייסען דריי מיליאָן סאָלדאַטען שמייסען דעם ים אַלס שטראָף, פאַר וואָס ער האָט צובראָכען און צוטראָגען די שווים־בריק, וואָס דער גרויסער קעניג האָט אריבערגעוואָרפען איבער איהם.

אינסטרומענטען און קאַפּיטאַלען, ווי ערד און ארבייט, ווען זיי זיינען אָבגעזונדערט און ריין אַבסטראַקט גענומען, זיינען ניט, אויסדריקליך געזאָגט, פּראָדוקטיוו. דער אייגענטימער וועלכער פער־לאַנגט אַ צינז פאַר דער בענוצונג פון אַ אינסטרומענט, אָדער פאַר דער פּראָדוקטיווער קראַפט פון זיין ערד, נעהמט אָן פאַר אַן אמת אַ גרונדפאַלשען פאַקט: נעמליך, אַז די קאַפּיטאַלען פּראָדוציִרען עטוואָס דורך זיך אַליין; און ווען ער לאָזט זיך בעצאָהלען פאַר דיזען כלומרשט'דיגען פּראָדוקט, קריגט ער, בוכשטעבליך, עטוואָס פאַר גאָרנישט.

אַ ק ש י ה: — אויב אָבער דער שמיד, דער וואָגען־מאַכער, מיט איין וואָרט, יעדער פאַבריקאַנט, האָט אַ רעכט אויף דעם פּראָדוקט, אַלס שכר פאַר די אינסטרומענטען וואָס ער שטעלט צו; און אויב די ערד איז אָן אינסטרומענט פון פּראָדוקציאָן, — פאַר וואָס זאָל דער אינסטרומענט ניט איינברענגען זיין אייגענטימער, דעם ווירקליכען צי דעם פיקטיווען, אַ חלק פון דעם פּראָדוקט, פּונקט אַזוי ווי דעם בעל־מלאכה, וואָס מאַכט די סאַכעס אָדער וואָגענס?

ת ש ו ב ה: — דאָ ריהרען מיר אָן דעם תוך פון דער פראַגע, דעם סוד פון אייגענטום, וועלכען מיר מוזען קלאָר מאַכען, אויב מיר ווילען וויפיעל ניט איז פערשטעהן די משונה'דיגע פאָלגען פון דעם צינז אָדער הוספה־רעכט.

דער ארבייטער וואָס פאַבריצירט אָדער פעררעכט די אינסטרו־מענטען פון דעם אַקערבויער קריגט זיין פּרייז א י י ן  מ אָ ל, — אָדער ווען ער האָט געענדיגט זיין ארבייט, אָדער אין עטליכע אָב־

צאָהלונגען; און ווען דער ארבייטער האָט געקראָגען זיין גע־צאָהלט, זיינען די ווערקצייג ניט מעהר זיינע. ער פערלאַנגט ניט מען זאָל איהם צאָהלען צוויי מאָל פאַר'ן זעלבען ווערקצייג, פאר דערזעלבער רעפּאראטור. אויב ער קריגט יעדען יאָהר א חלק פון דעם אקערבויער'ס פּראָדוקטען, איז עס דערפאר וואָס ער טהוט עפּעס פאר איהם יעדען יאָהר.

דער אייגענטימער, פערקעהרט, גיט גאָרנישט אוועק פון זיין ווערקצייג; לאָזט זיך אייביג פאר איהם בעצאָהלען און איז זיין אייביגער בעל־הבית.

די רענטע וואָס דער אייגענטימער פערלאַנגט, איז ניט פאר די קאָסטען פונ'ם האלטען און רעפּארירען פון דעם אינסטרומענט; די דאָזיגע קאָסטען מוז טראָגען דער, וואָס דינגט עס און קעהרען זיך מיט דעם אייגענטימער אָן נור אזוי ווייט, ווי ער איז פער־אינטערעסירט אין דער ערהאַלטונג פון זיין אייגענטום. אויב ער נעהמט די דאָזיגע אויסגאַבען אויף זיך, גיט ער שוין גוט אכטונג, מען זאָל זיי איהם אָבצאָהלען דערפאַר.

די רענטע איז אויך ניט דער פּראָדוקט פון אינסטרומענט, ווייל דער אינסטרומענט אַליין פּראָדוצירט גאָרנישט; מיר האָ־בען דאָס שוין פריהער בעוויזען און וועלען עס נאָך ווייטער זעהען פון די קאָנסעקווענצען.

ענדליך, די רענטע איז אויך ניט דעם אייגענטימער'ס חלק אין דער פּראָדוקציאָן, ווייל דאַן וואָלט ער דאָך גע־דאַרפט אוועק־געבען אין גאַנצען אָדער א טהייל פון זיין אינסטרומענט, אזוי ווי עס טהוט דער שמיד און דער וואָגענמאכער, און דאַן וואָלט ער אויפגעהערט צו זיין אייגענטימער, און דאָס וואָלט דאָך געווען א ווידערשפּרוך צו דער אידעע פון אייגענטום.

בכן, צווישען אייגענטימער און פאַכטער איז ניטאָ קיין אויס־טויש פון ווערטהען און דיענסטען; דערפאר איז, ווי מיר האָבען שוין געזאָגט אין דעם אקסיאָם, דער פאַכט אַן אמת'ער צינז, א גזלה, געגרינדעט אויסשליסליך אויף שווינדעל און געוואַלט פון איין זייט און שוואכקייט און אונוויסענהייט פון דער אנדערער זייט. די פּראָדוקטען, זאָגען די עקאָנאָמיסטען, ווע־רען געקויפט נאר פאר פּראָדוקטען. דער דאָזיגער אפאָריזם איז די פערורטהיילונג פון אייגענטום. אזוי ווי

דער אייגענטימער פּראָדוצירט גאָרנישט, ניט אַליין און ניט מיט זיין אינסטרומענט, און קריגט פּראָדוקטען פאר גאָרנישט, איז ער אָדער א פּאַראַזיט אָדער א גנב. פאָלגליך, אַזוי ווי אייגענטום קען נאָר עקזיסטירען אַלס א רעכט, איז דאָס אייגענטום אונ־מעגליך.

שׁ ל ו ס ע ן : — 1) די רעפּובליקאַנישע קאָנסטיטוציע פון 1793, וועלכע האָט דעפינירט אייגענטום אַלס „דאָס רעכט צו געניסען די פּרוכטען פון אייגענער אַרבייט", האָט געמאַכט א גרויסען טעות; זי האָט געדאַרפט זאָגען: אייגענטום איז דאָס רעכט צו געניסען און פערברויכען אַנדערע מענשען'ס גיטער — די פרוכטען פון פרעמדער אַרבייט.

2) יעדער בעזיצער פון פעלדער, הייזער, מעבעל, מאַשינען, ווערקצייג, מזומן־געלד, א. אז. וו., וואָס פערדינגט אירגענד וועל־כע זאַך, פאר א העכערן פּרייז איידער די קאָסטען פון רעפּאַראַ־טור בעטרעפען (די אויסגאַבען רעכענען זיך על חשבון פון דעם באַרגער און שטעלען פאר פּראָדוקטען, וועלכע ער טוישט אויס אויף אַנדערע פּראָדוקטען), איז א שווינדלער, א בעטריגער. מיט איין וואָרט, יעדע רענטע, וואָס איינער בעקומט, ניט אַלס לוין פאר ענטשעדיגונג, נאָר אַלס געצאָהלט פאר א הלואה, איז אַן אייגענטומס־אַקט, א גנבה.

ה י ס ט אָ ר י ש ע ר  ק אָ מ ע נ ט א ר. — די קאָנטריבו־ציע וואָס א זיגענדע נאַציאָן לעגט אַרויף אויף א בעזיעגטער איז אַן אמת'ער פאַכט־רענט. די באַראָנישע רעכטע, דער מעשר, די „טויטע האַנד", די פּאַנשציזנע אַרבייט, וועלכע די רעוואָלוציאָן פון 1789 האָט אָבגעשאַפט, זיינען נאָר געווען פערשיידענע פאָרמען פון אייגענטומסרעכט; און אַלע די וואָס האָבען אונטער דעם נאָ־מען פון אדעלינגע, פּריצים, גייסטליכע א. אז. וו., גענאָסען די דאָזיגע רעכט זיינען ניט געווען עפּעס אַנדערש ווי אייגענטימער. ווען מען פערטיידיגט היינט אייגענטום, פעראורטהיילט מען דער־מיט די רעוואָלוציאָן.

## צווייטער זאַץ

### אייגענטום איז אונמעגליך, ווייל דאָרט וואו עס עקזיסטירט, קאָסט די פּראָדוקציאָן מעהר וויפיעל זי איז ווערטה.

דער פאָריגער זאַץ האָט בעהאַנדעלט געזעצגעבענדע פּראָגען, דער איצטיגער וועט זיך בעשעפטיגען מיט עקאָנאָמישע פּראָבלעמען. ער וועט זוכען צו בעווייזען, אַז אייגענטום, וואָס האָט זיין מקור אין געוואַלט, פיהרט צו אויסברענגעריי.

„די פּראָדוקציאָן", זאָגט סעי, „איז אַ גרויסער אויסטויש. כדי דער אויסטויש זאָל זיין פּראָדוקטיוו, מוז דער ווערטה פון אַלע דיענסט־לייסטונגען שטעהן אין גלייכגעוויכט מיט דעם ווערטה פון דעם פּראָדוצירטען געגענשטאַנד. איז די דאָזיגע בעדינגונג ניט ערפילט געוואָרען, איז דער אויסטויש ניט געווען קיין גלייכער, דער פּראָדוצירענדער האָט געגעבען מעהר וויפיעל ער האָט בעקומען".

אָבער, אַזוי ווי ווערטה האָט אַלס יסוד ניצליכקייט, פאָלגט דערפון, אַז יעדער נוצלאָזער פּראָדוקט איז בהכרח ווערטהלאָז, אַז ער קאָן ניט אויסגעטוישט ווערן; דאָס הייסט, אַז מען קאָן ניט בעצאָהלען מיט איהם פאַר פּראָדוקטיווע דיענסט־לייסטונגען.

פאָלגליך, אויב די פּראָדוקציאָן קאָן זיין גלייך מיט דעם קאָנסום, קאָן זי אָבער קיין מאָל ניט זיין גרעסער; ווייל עס איז נור דאָרט פאַראַן אַ אמת'ע פּראָדוקציאָן וואו עס איז דאָ אַ פּראָדוקציאָן פון אַ ניצליכער זאַך און עס איז ניטאָ קיין ניצליכקייט וואו עס איז ניטאָ קיין מעגליכקייט פון קאָנסום. פאָלגליך, יעדער פּראָדוקט וואָס ווערט דורך דעם איבערפלוס ניט קאָנסומירבאַר, ווערט ער בנוגע צו דער דאָזיגער קוואַנטיטעט, נוצלאָז, ווערטהלאָז, אָהן אויסטויש־ווערטה, דאָס הייסט מען קען דערמיט גאָרניט בעצאָהלען; עס איז גאָר קיין פּראָדוקט ניט.

און וויעדערגערעדט, כדי דער קאָנסום זאָל זיין לעגיטים, אַ ווירקליכער קאָנסום, מוז ער האָבען אַ רעפּראָדוקציאָנסווערטה; ווייל אויב ער איז ניט פּראָדוקטיוו, זיינען די פּראָדוקטען, וואָס ער פערצעהרט, פערניכטעטע ווערטהען, זאַכען פּראָדוצירט אויף לאַבוד, און דורכדעם ווערט דער פּרייז פון פּראָדוקטען אַראָבגעזעצט

אונטער זייער ווערטה. דער מענש האָט די קראַפט צו פּערניכ־טען, ער קאָנזומירט אָבער נאָר דאָס, וואָס ער רעפּראָדוצירט. אין אַ גערעכטער עקאָנאָמיע איז פאָלגליך דאָ אַן אויסגלייכונג צווישען דער פּראָדוקציאָן און דעם קאָנסום.

אויסגעהענדיג פון די דאָזיגע הנחות, שטעל איך זיך פאָר אַ שבט פון טויזענד פאַמיליעס פערשפּאַרט צווישען די מויערן פון אַ בעשטימטער טעריטאָריע און אָבגעזונדערט פון יעדען אויסערען האַנדעל. דער דאָזיגער שבט וועט פאָר אונז רעפּרעזענטירען די מענשהייט, וועלכע איז צושפּרייט איבער דער גאַנצער ערד און באמת איזאָלירט. אַזוי ווי דער חילוק צווישען אַ שבט און די גאַנצע מענשהייט איז בלויז אין צאָהל, וועלען די עקאָנאָמישע רעזול־טאַטען זיין דיזעלבע.

איך נעהם אָן, אַז די דאָזיגע טויזענד פאַמיליען, וועלכע גי־בען זיך אויסשליסליך אָב מיט געטריידע־קולטור, מוזען צאָהלען יעדעס יאָהר, אַ סכום פון צעהן פּראָצענט פון זייערע פּראָדוקטען צו הונדערט מענשען, וואָס זיי האָבען אויסגעקליבען. ס'איז קלאָר, אַז אין דעם דאָזיגען פאַל וועט דאָס צינז רעכט זיין אַ מין שטייער אויף דער געזעלשאַפטליכער פּראָדוקציאָן. צו וואָס וועט דער שטייער דיענען? עס קאָן ניט זיין כדי צו פערזאָרגען דעם שבט מיט לעבענס־מיטלען, ווייל דאָס האָט גאָרנישט צו טהאָן מיט פּאַכט־רענט; עס קאָן אויך ניט זיין צו צאָהלען פאַר דיענסט־לייסטונגען און פּראָדוקטען, ווייל די אייגענטימער, וועלכע האָ־בען געאַרבייט פּונקט ווי די אַנדערע, האָבען געאַרבייט נאָר פאַר זיך. און ענדליך, וועט דער דאָזיגער שטייער אויך זיין נוצלאָז פאַר די וואָס בעקומען די רענטע. זיי האָבען אריינגענומען גענוג תבואה פאַר זייער געברויך, און קאָנען ניט, אין אַ געזעלשאַפט אָהן האַנדעל און אָהן אינדוסטריע, זיך פערשאַפען קיין שום אַנ־דער זאַך דורך אויסטויש, זיי קאָנען דעריבער קיין נוצען ניט האָ־בען פון זייער הכנסה.

אין אַזאַ געזעלשאַפט, וואו אַ צעהנט־חלק פון די פּראָדוקטען קאָן ניט פערצעהרט ווערן, איז אַ צעהנטעל פון דער אַרבייט ניט בעצאָהלט, הייסט עס אַז די פּראָדוקציאָן קאָסט מעהר ווי זי איז ווערטה.

לאָמיר איצט פערוואַנדלען דריי הונדערט פון אונזערע תבואה־

פּראָדוצירער אויף בעלי מלאכות פון אַלערליי סאָרטען : 100 גערטנער און ווייןַ-מאַכער, 60 שוסטער און שניידער, 50 טישלער און שמידען, 80 געלערנטע אין פערשיידענע פּראָפעסיעס און כדי עס זאָל גאָר ניט פעהלען, 7 שוהל-לעהרער, 1 מעיאָר, 1 ריכטער, 1 גלח : יעדער איינער פון זיי פּראָדוצירט אויף דעם גאַנצען שבט. אזוי אז ווען די אַלגעמיינע פּראָדוקציאָן איז 1000, איז דער קאָנסום, פאַר יעדען ארבייטער 1, נעמליך : תבואה, פלייש, 0.7 ; וויין און גרינסען, 0.1 ; שיף און קליידער, 0.06 ; אייזענוואַרג און מעבעל, 0.05 ; פערשיידענעס, 0.08 ; אונטעררי‌כט, 0.007 ; פערוואַלטונג, 0.002 ; דאוועגען, 0.001. סך-הכל, 1. אָבער די געמיינדע מוז געבען אַ רענטע פון 10 פּראָצענט ; און מיר וועלען זעהן אז ס'איז גאָר קיין חלוק ניט, צי נאָר די אַקערבויער צאָהלען די רענטע, צי אַלע ארבייטער זיינען פעראַנטוואָרטליך פאַר דעם : דער רעזולטאַט איז דערזעלבער. דער פערמער העכערט דעם פּרייז פון זיינע פּראָדוקטען פּראָפּאָרציאָנעל צו דעם וואָס ער מוז צאָהלען אויף זיין חלק ; די אינדוסטריעלע ארבייטער פאָלגען נאָך זיין ביישפּיעל. נאָך געוויסע שוואַנקונגען, שטעלט זיך איין אַ גלייכגעוויכט און יעדער צאָהלט כמעט אַ גלייכע סומע. עס וואָלט געווען אַ גרויסער טעות צו מיינען, אז נאָר די פערמער צאָהלען דעם פאַכט פון דער פערמע ; ניין, די גאַנצע נאַציאָן צאָהלט זי.

אַלזאָ, זאָג איך, די אָבצאָהלונג פון 10 פּראָצענט האָט פערקלענערט דעם קאָנסום פון יעדען ארבייטער אויף פאָלגענדען אופן : תבואה 0.63, וויין און גרינסען 0.09, קליידער און שיף 0.054, מעבעל און אייזענוואַרג 0.045, פערשיידענע פּראָדוקטען 0.072, אונטעררי‌כט 0.0063, פערוואַלטונג 0.0018, דאוועגען 0.0009. סך-הכל 0.9.

דער ארבייטער האָט געשאַפען 1, און ער פערצעהרט נאָר 0.9. פאָלגליך פערלירט ער אַ צעהנטעל פון דעם פּרייז פון זיין ארבייט, זיין פּראָדוקציאָן קאָסט אַלץ מעהר וויפיעל זי איז ווערטה. פון דער אנדערער זייט איז דאָס צעהנטעל, וואָס די אייגענטימער נעהמען צו, אויך ווערטהלאָז ; ווייל, זייענדיג אַליין ארבייטער, האָבען זיי גענוג צום לעבען פון די ניין-צעהנטעל פון זייערע פּראָדוקטען, און עס פעהלט זיי גאָרנישט. צו וואָס דאַרפען זיי האָבען אַ דאָפּעלטע פּאָרציאָן ברויט, וויין, פלייש, קליידער, גרינס, וואוי-

נונג א. אז. וו., ווען זיי קאָנען עס ניט פערברויכען און ניט אויס־טוישען? דער פּרייז פון פאַכט בלייבט פאר זיי, ווי פאר אלע איבריגע ארבייטער, א ווערטהלאָזיגקייט, און געהט לאיבוד אין זייערע הענד. דערוויייטערט די היפּאָטעזע, מולטיפּליצירט די צאָהל און די מינים פון פּראָדוקטען, עס וועט ניט ענדערן דעם רעזול־טאַט אויף א האָר.

ביז אהער האָב איך בעטראַכט דעם אייגענטימער אלס אנ־טיילנעהמער אין דער פּראָדוקציאָן — ניט נאָר, ווי סעי זאָגט, דורך דעם געברויך פון זיין אינסטרומענט, נאָר אויף א גאַנץ ווירק־זאמען אופן און דורך דער ארבייט פון זיינע הענד. עס איז לייכט צו זעהן, אז אונטער אזעלכע אומשטענדען וועט אייגענטום קיין מאָל ניט עקזיסטירען. וואָס געשעהט אָבער?

דער אייגענטימער, א חיה פול מיט תאוה, אָהן בושה און אָהן טוגענד, קאָן זיך ניט צופּאַסען צו א לעבען פון אָרדנונג און דיסציפּלין; אויב ער ליעבט אייגענטום, איז עס כדי ער זאָל קאָ־נען לעבען ווי אזוי ער וויל אליין און פון וואָס ער וויל אליין. זיי־ענדיג זיכער אז ער וועט האָבען פון וואנען צו לעבען, גיט ער זיך אָב מיט פּוסטע זאכען, מיט וואוילטאָג; ער שפּיעלט, פוילענצט און זוכט אויף זאכען, וואָס זאָלען רייצען זיין נייגיער, זיינע תאוות. כדי צו געניסען פון זיך אליין, מוז דאָס אייגענטום זיך ארויסנעהמען פון דעם כלל און זיך אָבגעבען מיט לוקסוס און אונמאָראלע פּער־גניגונגען.

אנשטאָט אָבצוזאָגען זיך פון דעם פאַכט־צינז, וואָס געהט לאיבוד אין זייערע הענד, און אויף דעם אופן פערלייכטערן די ארבייט פון דער געמיינדע, ווילען בעסער אונזערע הונדערט אייגענ־טימער ארומגעהן לעדיג. אלס רעזולטאַט פון זייער צוריקציהען זיך — די אבסאָלוטע פּראָדוקציאָן איז פערקלענערט געוואָרן אויף הונ־דערט און דער קאָנזום איז געבליבען דערזעלביגער — זעהט עס אויס, אז די פּראָדוקציאָן און דער קאָנזום באלאַנסירען זיך. אָבער ערשטענס, ווי באלד אז די אייגענטימער ארבייטען שוין מעהר ניט איז דאָך זייער קאָנזום, לויט די עקאָנאָמישע פּרינציפּען, ניט־פּראָ־דוקטיוו; פאָלגליך איז אנשטאָט דעם פריהערדיגען צושטאנד פון דער געמיינדע — ווען די ארבייט פון א הונדערט מענשען האָט זיך ניט בעצאָהלט דורך קיינע פּראָדוקטען — איצט איינגעטראָטען א

צושטאַנד, אין וועלכען די פּראָדוקטען פון אַ הונדערט מענשען ווערן קאָנזומירט אָהן ארבייט. דער דעפיציט בלייבט שטענדיג דער־זעלבינער, אויף וועלכער זייט פון קאָנטאָ־בוך ער זאָל ניט שטעהן. ענטוועדער די כּללים פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע זיינען פאַלש, אָדער אז ניט, איז דאָס אייגענטום, וואָס ווידערשפּרעכט זיי, אונ־מעגליך.

די עקאָנאָמיסטען, בעטראַכטענדיג יעדען אונפּראָדוקטיווען קאָנזום, ווי אַ שלעכטע זאַך, ווי אַ בערויבונג פון דער מענשליכער ראַסע, הערן ניט אויף צו מוסר'ן די אייגענטימער, זיי זאָלען זיין בעשיידען, זיי זאָלען ארבייטען און זיין שפּאָרזאַם. זיי פּרעדיגען די נויטווענדיגקייט זיך צו מאַכען נוצליך, און צוריקצוגעבען דער פּראָדוקציאָן דאָס, וואָס זיי בעקומען פון איהר. זיי שיטען פּעך און שוועבעל אויף לוקסוס און פוילענצען. עס איז אודאי זעהר אַ שעהנע מאָראַל: עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס זי האָט קיין זין ניט. דער אייגענטימער וואָס ארבייט אָדער, ווי די עקאָנאָמיסטען זאָגען, וואָס מאַכט זיך נוצליך, לאָזט זיך בעצאָהלען פאַר דער דאָזיגער ארבייט און פאַר דעם ניצליך מאַכען זיך; איז ער דען צוליב דעם ווענינער אַ פוילענצער בנוגע דאָס אייגענטום וואָס ער בעאַרבייט ניט און קריגט פון איהם אַ הכנסה? זיין לאַגע, וואָס ער זאָל ניט טהאָן, איז אַן אונפּראָדוקטיווע און אַ פערברע־כערישע; ער קאָן ניט אויפהערן פערשווענדען און פערניכטען, סיידען נאָר דאַן, ווען ער הערט אויף צו זיין אייגענטימער.

אָבער דאָס איז נאָך דאָס וויניגסטע פון די אומגליקען וואָס אייגענטום ברענגט ארויס. מען קאָן זיך פאָרשטעלען, אַז די געזעל־שאַפט מוז אויסהאַלטען אַ געוויסע צאָהל לעדיג־געהער, צי זי וויל, צי זי וויל ניט. עס וועלען שטענדיג זיין בלינדע, קאַליקעס, אידיאָ־טען, משוגעים; זי קען לייכט אויסהאַלטען אייניגע פוילענצער. אָבער דאָ ווערען די אונמעגליכקייטען קאָמפּליצירטער און הויפען זיך איינע אויף דער אַנדערער.

## דריטער זאַץ

**דאָס אייגענטום איז אונמעגליך, ווייל ביי אַ בעשטימטען קאַפּיטאַל איז די פּראָדוקציאָן פּראָפּאָרציאָנעל צו דער אַר־בייט און ניט צו דעם אייגענטום.**

כדי צו זיין ביכולת צו בעצאָהלען אַ פּאַכט־רענטע פון 100, לויט'ן ערך פון 10 פּראָצענט פון דעם פּראָדוקט, מוז דער פּראָדוקט זיין 1,000; כדי דער פּראָדוקט זאָל זיין 1,000, דאַרף מען האָבען 1,000 אַרבייטער. פון דערפון איז געדרונגען, אַז ווען מיר האָבען נאָר וואָס אָבגעזאָגט אונזערע 100 אַרבייטער־אייגענטימער, וועלכע האָבען אַלע געהאַט אַ רעכט צו לעבען פון רענטע, האָבען מיר אַליין עס געמאַכט אונמעגליך פאַר אונז אויסצוצאָהלען זיי זייער איינ־קונפט. די פּראָדוקטיווע קראַפט, וועלכע איז פריהער געווען 1,000 איז געוואָרן 900, פאָלגליך איז אויך די פּראָדוקציאָן נאָר 900, און אַ צעהנטעל דערפון איז 90. איינס פון די צוויי מוז אַלזאָ געשעהען, אָדער 10 אייגענטימער זאָלען ניט קריגען בעצאָהלט, אויב די אַנדערע 90 וועלען בעקומען די גאַנצע פּאַכט־רענטע; אָדער אַלע זאָלען איינוויליגען אויף די פערמינדערונג פון 10 פּראָצענט. וואָרים עס איז ניט די שולד פון דעם אַרבייטער, וועלכער האָט קיין זאַך ניט פערפעהלט, וועלכער פּראָדוצירט פּונקט ווי פריהער, אַז ער זאָל דאַרפען ליידען דערפון, וואָס דער אייגענטימער האָט זיך צוריקגעצויגען; דער אייגענטימער אַליין מוז טראָגען די פאָלגען פון זיין פּוילענצען. אָבער אין דעם פאַל ווערט דער אייגענטימער ווערן אָרימער צוליב דעם וואָס ער וויל געניסען. בעת ער וויל אויסאיבען זיין רעכט, פערלירט ער עס; עס קומט אויס, אַז דאָס אייגענטום ווערט קלענער און פערשווינדט, אין דעם ערך וואָס מיר ווילען עס אָנפּאַסען: וואָס מעהר מיר יאָגען זיך נאָך דעם, אַלץ מעהר אַנטלויפט עס פון אונז. וואָס איז דאָס פאַר אַ מין רעכט, וואָס בייט זיך לויט די פערהעלטנים פון די ציפער און קאָן פערניכ־טעט ווערן פון אַן אריפמעטישער קאָמבינאַציע?

דער אַרבייטענדער אייגענטימער האָט געקראָגען: ערשטענס,

אלס ארבייטער, 0,9 אין ארבייטס־לוין; צווייטענס, אלס אייגענ־טימער, 1 אין פּאַכט־רענטע. האָט ער זיך געזאָגט: מיין פּאַכט־רענטע איז מיר די והותר אָהן מיין ארבייט. תיכף אָבער איז זיין הכנסה, אויף וועלכער ער האָט גערעכענט, פערמינערט געוואָרען אויף א צעהנטעל, ניט וויסענדיג אפילו, ווי אזוי דאָס איז געשעהן. ווען ער האָט מיטגעהאָלפען אין דער פּראָדוק־ציאָן, האָט ער אליין געשאפען דאָס צעהנטעל, וואָס איז איצט פערשוואונדען. ער האָט געמיינט, אז ער ארבייט נאָר פאר זיך, און האָט, ניט בעמערקענדיג, געהאט א פערלוסט ביים אויסטויש פון זיינע פּראָדוקטען, ער האָט זיך אליין בעצאָהלט א צעהנט חלק פון זיין אייגענער פּאַכט־רענטע. ווי אלע אנדערע, האָט ער פּראָדוצירט 1. און געקראָגען בלויז 0.9.

אויב אנשטאָט 900 ארבייטער, וואָלטען נאָר געווען 500, וואָלט די גאַנצע סומע פּאַכט־רענטע געווען נאָר 50; אויב עס וואָלטען געווען נאָר 100, וואָלט עס ארונטערגעפאַלען צו 10. מיר קאָנען אוועקשטעלען אלס א געזעץ פון אייגענטומס־עקאָנאָמיע דעם פאָל־גענדען אקסיאָם: דער צינז פערמינדערט זיך אין דער מאָס, וואָס די צאָהל פון לעדיג־געהער פערמעהרט זיך.

אָט דער ערשטער רעזולטאט וועט אונז פיהרען צו אן אנדערן, נאָך א מעהר איבערראשענדען. זיין ווירקונג איז צו בעפרייען אונז מיט איין קלאפּ פון אלע צרות פון אייגענטום, ניט אָבשאפענדיג איהם, ניט טהוענדיג קיין עולה דעם אייגענטימער און בענוצענדיג זיך מיט א זעהר קאָנסערוואטיווען מיטעל.

מיר האָבען געזעהן, אז אויב די פּאַכט־רענטע פון 1,000 ארבייטער איז 100, וואָלט פון 900 געווען 90, פון 800 — 80, פון 100 — 10 א. אז. וו. אזוי אז אויב די געזעלשאפט וואָלט בעשטאַ־נען נאָר פון איין ארבייטער, וואָלט די פּאַכט־רענטע געווען 0.1, ווי גרוים עס זאָל ניט זיין דער שטח און דער ווערטה פון דעם באָדען, וואָס מען האָט זיך אָנגעאייגענט. בכן, ווען דער לאנד קאפּיטאל איז בעשטימט, איז די פּראָ־דוקציאָן פּראָפּאָרציאָנעל צו דער ארבייט און ניט צום אייגענטום.

לויט אָט דעם פּרינציפּ, וועלען מיר אונטערזוכען, וועלכע סומע

וואָלט געדאַרפט זיין דער צינז־מאַקסימום פון יעדען אייגענטום. וואָס איז אין עצם אַ פּאַכט־אַרענדע? עס איז אַ קאָנטראַקט, דורך וועלכען דער אייגענטימער גיט אָפּ צו אַ פּעכטער דעם בעזיץ פון זיין לאַנד פאַר אַ געוויסען חלק, וואָס ער, דער אייגענטימער, קריגט דערפון. ווען דער פּאַכטער ווערט דורך דער פערמעהרונג פון זיין פאַמיליע צעהן מאָל שטאַרקער איידער דער אייגענטימער, וועט ער פּראָדוצירען צעהן מאָל אַזוי פיעל: וואָלט דער אייגענטימער געווען בערעכטיגט אין אַזאַ פאַל צו לאָזען זיך בעצאָהלען צעהן מאָל אַזוי פיעל פּאַכט־רענט? זיין רעכט זאָגט ניט: וואָס מעהר דו פּראָדוצירסט, אַלץ מעהר צאָהלסט דו; עס לויטעט: וואָס מעהר איך טרעט דיר אָב, אַלץ מעהר פערלאַנג איך. די פערגרעסערונג פון דעם פּערמער'ס פאַמיליע, די צאָהל הענד וואָס ער האָט צו זיין פערפיגונג, זיין אַרבייטסזאַמקייט — דאָס אַלעס זיינען אורזאַכען פון דער פערמעהרונג פון פּראָדוקציאָן, האָט אָבער ניט קיין שייכות צו דעם אייגענטימער. זיינע תבואות, דאַרפען ווערן געמאָסטען לויט זיין אייגענער פּראָדוקטיוו קראַפט, ניט לויט דער פּראָדוקטיוו קראַפט פון אַנדערע. דאָס אייגענטום איז דאָס רעכט פון הוספה, פון צינז, עס איז אָבער ניט קיין קאָפּ־שטייער. ווי אַזוי קאָן איין מענש, וועלכער איז קוים פעהיג צו קולטיווירען איינציגע העקטאַר מיט זיינע אייגענע כחות, פערלאַנגען פון אַ געזעלשאַפט, אויפ'ן גרונד, וואָס זי בעאַרבייט צעהן טויזענד העקטאַר פון זיין אייגענטום, 10,000 מאָל אַזוי פיעל, וויפיעל ער קאָן ניט פּראָדוצירען אפילו פון איין העקטאַר? פאַרוואָס זאָל דער פּרייז פון אַ הלואה פערגרעסערט ווערן לויט דעם ערך פון דעם טאַלאַנט און דער קראַפט פון'ם בעל־חוב, אָנשטאָט לויט דעם ערך פון דער נוצליכקייט, וואָס דער אייגענטימער האָט דערפון געקאָנט האָבען? מיר מוזען פאָלגליך אָנערקענען דעם צווייטען עקאָנאָמישען געזעץ: *דער צינז האָט אַלס מאָס אַ ברוך־טייל פון דעם אייגענטימער'ס פּראָדוקציאָן.* אָבער וואָס איז אייגענטליך די דאָזיגע פּראָדוקציאָן? מיט אַנדערע ווערטער, וואָס האָט דער פּריץ און בעזיצער פון באָדען אַוועקגעגעבען פון זיין אייגענטום, בשעת ער לייהט איהם אויס צום פּאַכטער?

ווען די פּראָדוקטיווע קראַפט פון אייגענטימער, פּונקט ווי פון יעדען אַרבייטער, איז .1, איז דער פּראָדוקט וואָס ער אָפּפערט,

אבגעבענדיג זיין לאנד, אויך .1. ווען די צינז־ראטע איז, אלזא, 10 פראצענט, וועט דער מאקסימום פון יעדען צינז זיין 0.1.

מיר האבען אבער געזעהן, אז יעדעס מאל וואס אן אייגענטימער ציהט זיך צוריק פון דער פראדוקציאן, פערמינדערט זיך די צאהל פראדוקטען מיט 1; אלזא, וועט דער צינז, וואס קומט איהם, פערמינדערט ווערן פון 0,1, וואס איז איהם געקומען כל זמן ער איז געבליבען צווישען די ארבייטער צו 0.09, וואס איהם קומט איצט בעת ער ארבייט ניט, לויט דעם געזעץ פון פערמינדערונג פון פאכט־רענט. דאס פיהרט אונז צו דער לעצטער פארמולע: די מאקסימום איינקונפט פון אייגענטימער איז גלייך צום קוואדראט וואורצעל פון דעם פראדוקט פון איין ארבייטער (אנגענומען א וועלכע עס איז צאהל אויסצודריקען אט דעם פראדוקט). די פערמינדערונג פון דער דאזיגער הכנסה, אויב דער אייגענטימער ארבייט ניט, איז גלייך צו דעם ברוך־טייל וואס זיין צעהלער איז 1 און זיין אנרופער איז די צאהל וואס דריקט אויס דעם פראדוקט.

דער מאקסימום איינקונפט פון א ניט־ארבייטענדען־אייגענטימער, אדער פון איינעם וואס ארבייט פאר זיך אליין אויסערהאלב דער געמיינדע, רעכענענדיג 10 פראצענט אויף א דורכשניטס־פראדוקציאן פון 1,000 פראנק פער ארבייטער, וואלט אויף דעם אופן געוועזן 90 פראנק. אויב פראנקרייך האט 1 מיליאן אייגענטימער, פון וועלכע יעדער איינער ציהט א הכנסה פון 1,000 פראנק און פערצעהרט עס אויף אן אונפראדוקטיווען אופן, איז אנשטאט דעם מיליארד וואס זיי לאזען זיך צאהלען יעדעס יאהר, קומט זיי נאך דעם שטרענגען רעכט און נאך דעם גענויען חשבון בלויז 90 מיליאן.

דאס הייסט ארונטערנעהמען נישקשה פון א סומע, 910 מיליאן, פון די לאסטען, וואס דריקען אזוי שווער אויף דעם ארבייטער קלאס. דער חשבון איז נאך אבער ניט געענדיגט, און דער ארבייטער איז נאך אלץ אונוויסענד וועגען אלע זיינע רעכט.

וואס איז דאס רעכט פון הוספה פון א גערעכטען שטאנדפונקט? אן אנערקענונג פון דעם רעכט אויף בעזיץ. אבער

וויבאלד אז דאָס רעכט אויף בעזיץ איז גלייך פאר אלעמען, איז דאָך יעדער מענש מיט דעמזעלבען רעכט אן אייגענטימער. יעדער מענש האָט דאָס רעכט צו א הכנסה וואָס איז גלייך צו א ברוכטייל פון זיין פּראָדוקט. אויב דער ארבייטער איז געצוואונגען, על פּי רעכט פון אייגענטום, צו צאָהלען דעם אייגענטימער א רענטע, איז דער אייגענטימער פערפליכטעט, דורכ'ן זעלבען רעכט, צו צאָהלען דיזעלבע רענטע צום ארבייטער; און אזוי ווי זייערע רעכטע גלייכען זיך אוים, איז דער אונטערשייד צווישעןביידען גלייך נול.

ה ע ר ה: אויב די פּאכט־רענט קאָן געזעצליך ניט זיין מעהר ווי א ברוכטייל פון'ם אָנגענומענעם פּראָדוקט פון אייגענטימער, ווי גרויס און ווערטהפול זיין אייגענטום זאָל ניט זיין, איז דאָס אויך ריכטיג פאר א גרויסער צאָהל קליינע אָבגעזונדערטע אייגענ־טימער: ווייל אָבוואָהל איין מענש קאָן בעארבייטען דאָס איי־גענטום פון יעדען איינעם בעזונדער, קאָן ער אָבער ניט בעאַר־בייטען זייער אלעמענס אייגענטום אין דערזעלבער צייט.

לאָמיר ציהען דעם סך־הכל: דאָס רעכט פון הוספה, וואָס קאָן עקזיסטירען נאָר אין זעהר בעשרענקטע גרענעצען, וועלכע דאָס געזעץ פון פּראָדוקציאָן צייכענט אָן, ווערט פערניכטעט דורך דעם רעכט פון בעזיץ (אָקופּאציאָן). אָהן דעם צינז־רעכט איז ניטאָ קיין רעכט פון אייגענטום; פאָלגליך, איז אייגענטום אונ־מעגליך.

# פערטער זאַץ

## אייגענטום איז אונמעגליך, ווייל עס איז מערדעריש.

ווען דאָס צינז־רעכט וואָלט געפאָלגט די געזעצען פון פער־נונפט און גערעכטיגקייט, וואָלט עס אינגאַנצען געווען ניט מעהר ווי אַ סאָרט ענטשעדיגונג אָדער בעלוינונג, וועלכע וואָלט אפילו אין מאַקסימום קיינמאָל ניט אריבערגעשטיגען פאַר אַן איינציגען ארבייטער העכער איידער אַ געוויסער ברוכטייל פון דאָס וואָס ער קאָן פראָדוצירען. מיר האָבען דאָס שוין בעוויזען. אָבער פאַר־וואָס זאָל אייגענטליך דאָס רעכט פון הוספה — אָדער, לאָמיר ניט מורא האָבען אָנצורופען עס ביים אמת'ן נאָמען, דאָס רעכט פון גנבה, — געהן אין די דרכים פון פערנונפט, מיט וועלכען עס האָט קיין שייכות ניט? דער אייגענטימער שטעלט זיך נישט צו־פריעדען מיט דער הוספה, וואָס דער מענשען־פערשטאַנד און די נאַטור טיילען איהם צו; ער לאָזט זיך בעצאָהלען צעהן מאָל, הונדערט מאָל, טויזענד מאָל, אַ מיליאָן מאָל אַזויפיעל. אליין וואָלט ער פון זיין אייגענטום ניט געהאַט קיין גרעסערן פערדינסט ווי 1, און ער פערלאַנגט אַז די געזעלשאַפט, וועלכע ער האָט ניט געשאַפען, זאָל איהם צאָהלען צינז ניט נאָר פראָפּאָרציאָנעל מיט זיין אייגענער פראָדוקטיווער קראַפט נור אויך אַ קאָפּשטייער. ער בעשטייערט זיינע ברידער לויט זייערע כחות, זייער צאָהל און זייער פלייסיגקייט. אַ זוהן ווערט געבוירען ביי דעם בויער: „גוט"! זאָגט דער אייגענטימער; „אַ געלעגענהייט צו קריגען מעהר צינזען!" ווי אַזוי האָט זיך דאָס געענדערט די פאַכט־רענטע אויף אַ קאָפּשטייער? ווי אַזוי האָבען דאָס אונזערע יוריסטען און אונזערע טעאָלאָגען, די גרויסע פקחים וואָס זיי זיינען, דער־לאָזט אַזאַ אויסברייטערונג פון דעם צינז־רעכט?

דער אייגענטימער, נאָכדעם ווי ער האָט אויסגערעכענט, לויט זיין אייגענער פראָדוקטיווער קראַפט, וויפיעל ארבייטער זיין נחלת וועט קאָנען אויסהאַלטען, צוטיילט ער זי אין פונקט אַזוי פיעל חלקים, און זאָגט: יעדער איינער זאָל מיר איינברענגען אַ צינז.

כדי צו פערמעהרען זיין הכנסה דאַרף ער בלויז צוטיילען זיין אייגענטום. אַנשטאַט אויסצורעכענען דעם פּראָצענט, וואָס קומט איהם פאַר זיין אייגענער ארבייט, רעכענט ער גאָר דעם פּראָצענט פאַר זיין קאַפּיטאַל; און דורך דעם דאָזיגען אומבייט איז דאָסזעלבע אייגענטום, וואָס וואָלט אין די הענד פון דעם אייגענטימער נאָר פּראָדוצירט 1, ווערטה געוואָרען 10, 100, 1000, א מיליאָן. אַלעס וואָס ער האָט צו טהאָן איז נאָר צו פערשרייבען די נעמען פון די ארבייטער וועלכע קומען צו איהם; זיין ארבייט איז בעשרענקט אויף שרייבען קאָנטראַקטען און געבען קוויטאַנציעס.

אָבער נאָך קאַרג, וואָס ער האָט אזא אָנגענעהמע ארבייט, וויל דער אייגענטימער ניט טראָגען אפילו דעם דעפיציט, וואָס ענטשטעהט פון זיין אונטהעטיגקייט; ער וואַרפט דאָס ארויף אויף דעם פּראָדוצירער, פון וועמען ער פערלאַנגט שטענדיג דיזעלבע אָבצאָהלונג. און ווען די פאַכט־רענטע איז ארויפגעטריבען ביז צו דעם העכסטען פּונקט, לאָזט זי דער אייגענטימער קיינמאָל ניט נאָך; הויכע פּרייזען פון נאַהרונגסמיטעל, מאַנגעל אין ארבייטערהענד, שלעכטע צייטען, געפעהרליכע מגפות אפילו, מאַכען אויף איהם קיין שום איינדרוק ניט: פאַרוואָס זאָל ער ליידען פון שלעכטע צייטען, ווען ער אליין ארבייט ניט?

דאָ פאַנגט זיך אָן א נייע סעריע ערשיינונגען. סעי, וועלכער ארגומענטירט אזוי פיין, ווען ער אַטאַקירט די שטייערן, וויל קיין מאָל ניט פערשטעהן, אַז דער אייגענטימער איז פּונקט אזא רויבער ווי דער שטייערבעאַמטער; ער זאָגט אין זיין צווייטען בריעף צו מאַלטוס: —

„אויב דער קאָלעקטאָר פון שטייערן, און די וואָס בעשעפטיגען איהם, פערברויכען אַ זעקסטעל פון די פּראָדוקטען, צווינגען זיי דערמיט די פּראָדוצירער, צו דערנעהרען זיך, קליידען און לעבען אויף בלויז פינף זעקסטעל פון דאָס, וואָס זיי פּראָדוצירען. זיי גיבען דאָס צו, זיי זאָגען אָבער, אַז עס איז מעגליך פאַר יעדען איינעם צו לעבען אויף פינף זעקסטעלען פון דאָס וואָס ער פּראָדוצירט. איך גיב עס אויך צו, אויב זיי בעשטעהען דערויף; אָבער איך פרעג, צי זיי מיינען, אַז דער פּראָדוצענט וואָלט פּונקט אַזוי גוט געלעבט, ווען מען וואָלט פון איהם פערלאַנגט אָנשטאָט אַ זעקסטעל, צוויי זעקסטלען, אָדער גאָר אַ דריטעל פון זיינע פּראָדוקטען? — ניין, אָבער ער וואָלט נאָך אַלץ געלעבט. — פרעג איך ווייטער, צי וואָלט ער נאָך אַלץ געלעבט ווען

מען וואָלט ביי איהם צוגענומען צוויי דריטעל.... דערנאָך דריי פער־
טעל ? איך האָב אָבער מעהר גיט קיין ענטפער.״

ווען דער רבי פון די פראַנצויזישע עקאָנאָמיסטען וואָלט גע־
ווען וועניגער פערבלענדעט פון די אייגענטומס־פאָראורטיילען
וואָלט ער איינגעזעהן, אז פאַכט־רענטע האָט פונקט דיזעלבע ווירקונג. לאָמיר זיך משער זיין, אז א בויערן־פאַמיליע פון זעקס פערזאָן, פאָטער, מוטער און פיער קינדער, לעבט אויפ'ן דאָרף פון
א קליינער נחלה, וואָס זיי בעאַרבייטען. איך נעהם אָן, אז שווער
אַרבייטענדיג, האָבען זיי, ווי מען זאָגט, ברויט מיט קאַשע; זיי
מאַכען ווי עס איז א לעבען, אָבער האָבען גאָרניט אָבגעשפּאָרט.
אַמאָל א גוט יאָהר, אַמאָל א שלעכט יאָהר, זיי שלאָגען זיך דורך.
ווען עס איז א געבענשט יאָהר, טרינקט דער פאָטער אביסעל מעהר
וויין, די טעכטער קויפען זיך א קלייד, די בחורים א היטעל; זיי
עסען א שטיקעל קעז און אַמאָל אויך א שטיקעל פלייש. איך
זאָג, אז אָט די מענשען שטעהט פאָר זעהר א טרויעריגע צוקונפט.
וואָרים, לויט דעם שלום פון אונזער אַקסיאָם, זיינען זיי זיך אליין
שולדיג די צינזען אויף זייער אייגענעם קאַפּיטאַל. ווען מיר זאָ־
לען אָבשאַצען דעם קאַפּיטאַל נאָר אין 8,000 פראַנק, אויף 2½%,
מאַכט עס אויס א יעהרליכער צינז פון 200 פראַנק. ווען, אלזאָ,
די דאָזיגע 200 פראַנק ווערען פערצעהרט, אַנשטאָט זיי זאָלען
ווערען אָבגעשפּאָרט און קאַפּיטאַליזירט, ווערט א דעפיציט פון
200 פראַנק אויפ'ן אַקטיוו, און אין פערציג יאָהר אַרום וועלען
די דאָזיגע נאַאיווע מענשען, גאָר ניט טראַכטענדיג וועגען דעם,
האָבען אויפגעגעסען זייער קאַפּיטאַל און ווערען באַנקראָט.
אַזאַ רעזולטאַט קלינגט ווי א שפּאַס: עס איז אָבער א טרוי־
עריגע ווירקליכקייט.

עס קומט דער מיליטערדיענסט... וואָס איז דער מיליטער־
דיענסט? דאָס איז אַן אַקט פון אייגענטום־רעכט וואָס די רע־
גירונג איבט אויס אויף די פאַמיליען אָהן א התראה אפילו — א
גזלה פון מענשען און געלד. די פויערים האָבען ניט ליעב צו לאָזען
אוועקגעהן זייערע זיהן: איך געפין אז זיי זיינען דעריין גאָר־
ניט אומגערעכט. א צוואַנציג יאָהריגער יונגער מאַן קאָן ניט ציהען
קיין נוצען פון א לעבען אין די קאַזאַרמעס; אויב ער איז ניט
קיין פערדאָרבענער יונג, פערהאַסט ער עס. מען קאָן אורטיילען

וועגען דעם סאָלדאַט'ס מאָראַל פון דעם ווי ער האָט זיין מונדיר. אומגליקליכע בעשעפעניסען אָדער ניכטסווירדיגע לייראַקעס — פון אַזוינע בעשטעהט די גאַנצע פראַנצויזישע אַרמעע.

עס וואָלט ניט געדאַרפט אַזוי זיין, אָבער עס איז אַזוי. כ'־עגט זיך נאָך ביי הונדערט טויזענד מענשען און איהר מעגט זיין זיכער, אַז קיינער וועט מיר ניט ווידערשפּרעכען.

אונזער פּויער בעצאָהלט 4000 פראַנק, כדי אויסצוקויפען זיינע צוויי רעקרוטען; ער לייהט דאָס געלד צו 5 פּראָצענט. און דאָס זיינען די 200 פראַנק פון וועלכע מיר האָבען נאָר וואָס גערעדט. אויב די פּראָדוקציאָן פון דער פאַמיליע, וואָס האָט זיך אויסגעגליכען רעגעלמעסיג מיט דעם קאָנסום, איז ביז אהער געוועזען 1,200 פראַנק, ד"ה 200 אויף אַ פּערזאָן, וועלען איצט די זעקס אַרבייטער מוזען אַרבייטען פאַר זיבען, כדי צו זיין ביכולת צו בעצאָהלען די פּראָצענט, אָדער זיי וועלען מוזען קאָנסומירען בלויז פאַר פינף. זיי קאָנען ניט פערקלענערן דעם קאָנסום: ווי אַזוי אָברייסען פון דאָס נויטיגסטע? מעהר פּראָדוצירען איז אונמעגליך; מען קאָן ניט אַרבייטען ניט מעהר און ניט שווערער ווי זיי האָבען ביז אהער געאַרבייט. זאָלען זיי אפשר זוכען אַ מיטעלוועג: פּראָדוצירען ווי זעקס און אַ האַלב און קאָנסומירען ווי פינף און אַ האַלב מענשען? וועלען זיי אָבער באַלד אויסגעפינען, אַז מיט'ן מאָגען קען מען ניט מאַכען קיין פשרות; אַז ווייטער פון אַ געוויסען גרעניץ קאָן מען ניט קמצנ'ען; אַז מען קאָן נאָר זעהר ווייניג אָראָבנעהמען פון דעם אַבסאָלוט נויטיגען אָהן אַ שאָדען פאַר'ן געזונד; און וואָס איז שייך פערמעהרען די פּראָדוקטען, קומט אַ פראָסט, אַ טרוקען יאָהר, אַ תבואה־קראַנקהייט און די גאַנצע האָפנונג פון דעם פּויער איז צערונען. קורץ, די רענטע וועט ניט בעצאָהלט ווערן, די פּראָצענטען וועלען אָנוואַקסען, די קליינע פאָסעסיע וועט צוגענומען ווערן פאַר חובות און דעם אַלטען פּאָסעסאָר וועט מען אַרויסוואַרפען.

אַ פאַמיליע, וואָס האָט געלעבט גליקליך כל זמן זי האָט זיך ניט בענוצט מיט דעם רעכט פון אייגענטום, פאַלט דערנאָך אַריין אין אָרעמקייט, ווען זי ווערט געצוואונגען אויסצונוצען דאָס דאָזיגע רעכט. כדי דאָס אייגענטום זאָל געהן כשורה, וואָלט דער אַקערבויער בעדאַרפט האָבען בכח צו פערגרעסערן זיין נחלה און

מאַכען זי פּרוכטבאַר דורך אַן איינפּאַכען בעפעהל. כל זמן אַ מענש איז אַן איינפּאַכער בעזיצער פון דער ערד, געפינט ער אין איהר זיינע לעבענסמיטלען; בעקומט ער אָבער פּרעטענזיעס צו האָבען דאָס רעכט פון אייגענטימער, איז עס איהם שוין ניט גענוג. אַזוי ווי ער קאָן ניט פּראָדוצירען מעהר וויפיעל ער פערצעהרט, איז די פרוכט פון זיין ארבייט דער לוין פאר זיין מיה: עס בלייבט גאָרניט פאַר'ן אינסטרומענט.

צאָהלען פאר דאָס, וואָס ער קאָן ניט פּראָדוצירען, — דאָס איז די לאַגע פון פערמער, נאָכדעם ווי דער אייגענטימער האָט זיך צוריקגעצויגען פון דער סאָציאַלער פּראָדוקציאָן, כדי צו עקס־פּלואַטירען דעם ארבייטער אויף אַ נייעם אופן.

לאָמיר איצטער זיך אומקעהרען צו אונזער ערשטער היפּאָ־טעזע.

די נײן הונדערט ארבייטער, וועלכע זיינען זיכער, אַז זיי וועלען פּראָדוצירען אין דער צוקונפט אַזויפיעל ווי זיי האָבען פּראָדוצירט אין דער פערגאַנגענהייט, ווערן זעהר ערשטוינט, ווען זיי זעהען, אַז נאָכדעם ווי זיי האָבען בעצאָהלט זייער פּאַכט־רענט, זיינען זיי אָרעמער מיט אַ צעהנט־חלק, ווי זיי זיינען געווען דעם פאָריגען יאָהר. אָט דאָס צעהנטעל וואָס איז פריהער געווען פּראָדוצירט און בעצאָהלט פון דעם ארבייטענדען אייגענטימער, בשעת ער האָט נאָך גענומען אַן אנטייל אין דער פּראָדוקציאָן און די סאָציאַלע פליכטען, איז איצט ניט פּראָדוצירט אָבער דאָך בע־צאָהלט געוואָרן. פאָלגליך האָט דאָס געמוזט אָבגעריסען ווערן פון דעם פּראָדוצירער'ס פערברויך. כדי צו דעקען אָט דעם אונפער־שטענדליכען דעפיציט, מאַכט דער ארבייטער אַ הלואה מיט דער זיכערקייט צו קאָנען אָבצאָהלען — אַ זיכערקייט, וועלכע ענדיגט זיך געקסטען יאָהר מיט אַ נייעם חוב, פלוס די פּראָצענטען פון זייער ערשטען חוב. ביי וועמען באָרגט ער? ביי דעם אייגענטי־מער. דער אייגענטימער לייהט דעם ארבייטער דעם מותר וואָס ער האָט געקראָגען; און דער דאָזיגער מותר, וועלכען ער וואָלט בעדאַרפט צוריקגעבען, ברענגט איהם נייע פּראָפיטען אין דער פאָרם פון פּראָצענט אויף אַ הלואה. אַזוי פערמעהרען זיך די חובות אָהן אַ סוף: דער אייגענטימער ווערט מיעד צו לייהען איינעם, וועלכער צאָהלט קיינמאָל ניט, און דער בעל־חוב, וואָס

ווערט שטענדיג בע׳גנב׳עט און מוז שטענדיג באָרגען ביי זיינע רויבער, ענדיגט מיט א באנקראָט און פערלירט אלצדינג וואָס ער האָט געהאַט.

לאָמיר זיך אויסמאָלען, אז דער אייגענטימער, וועלכער בנוי־טיגט זיך אין פערמער, כדי צו ציהען פון איהם ווייטערע הכנסה, איז איהם מוחל זיין חוב. דאָס איז א גרויסע וואוילטהאַט, פאַר וועלכער ער וועט קריגען א ספעציעלע רעקאָמענדאַציע אין דעם גלח׳ם תפלה; און דער אָרימער פערמער, איבעררּאַשט פון אזא אונערשעפליכער צדקה און אָנגעלערנט פון זיין קאטעכיזם צו בע־טען פאַר זיינע וואָהלטעטער, וועט זיך פאָרנעהמען צו ארבייטען צוויי מאָל אזוי פיעל, צו שפּאָרען און ליידען דחקות, ביז ער וועט אזא גוטען בעל־הבית אָבצאָהלען זיין חוב.

דאָס מאָל ווערט ער פאָרזיכטיג. ער העכערט דעם פּרייז פון זיינע תבואה. דער בעל מלאכה טהוט דאָס זעלבע מיט זיינע פּראָדוקטען. עס טרעט אריין א רעאַקציע, און נאָך אייניגע שוואַנ־קונגען, גלייכט זיך ווידער אויס די פאַכט־רענטע, וועלכע דער פערמער האָט געמיינט, אז ער וועט זי קאָנען ארויפוואַרפען אויפ׳ן בעל מלאכה. אָזוי, אז בעת ער טרייסט זיך מיט זיין ערפאָלג, ווערט ער דערוויילע ווידער אָרימער, הגם אין עפּעס א קלענערער מאָס ווי פריהער. ווייל אזוי ווי די פּרייז־העכערונג איז געווען אן אל־געמיינע, האָט עס אָנגעגריפען דעם אייגענטימער גלייך מיט אלעמען, איז אָנשטאָט וואָס די ארבייטער זיינען פריהער געוועזן אָרעמער מיט א צעהנטעל, פערלירן זיי איצט בלויז ניין הונדערטלעך. אָבער עס זיינען שטענדיג די חובות וואָס טרייבען צו הלואות, צו צאָהלען פּראָצענט, שפּאָרען און פאַסטען. פאַסטען פאַר די ניין הונדערטעל, וואָס מען וואָלט ניט געדאַרפט צאָהלען, און מען צאָהלט; פאַסטען כדי צו סלוק׳ן דעם חוב; פאַסטען כדי אָבצוּ־צאָהלען די צינזען. זאָל קומען א שלעכט יאָהר און דאָס פאַסטען מיינט הונגערן. מען זאָגט: מען מוז מעהר ארבייטען. אָבער צופיעל ארבייט איז אזוי מערדעריש ווי פאַסטען; וואָס וואָלט געשעהען, ווען מען וואָלט געטהאָן ביידע זאכען צוזאמען? מען מוז מעהר ארבייטען. דאָס הייסט אייגענטליך, אז מען מוז מעהר פּראָדוצירען. אונטער וועלכע אומשטענדען קומט פאַר די פּראָדוקציאָן? דורך דער פעראייניג־

טער ווירקונג פון ארבייט, קאַפּיטאַל און ערד. וואָס איז שייך דער ארבייט, וועט דער פּערמער זי שוין בעזאָרגען : אָבער קאַ־פּיטאַל קומט נאָר פון שפּאָרזאַמקייט ; אָבער ווען דער פּערמער וואָלט עפּעס געקאָנט שפּאָרען, וואָלט ער דאָך בעצאָהלט זיינע חובות. אָבער אָנגענומען אפילו, אז ער האָט גענוג קאַפּיטאַל : וואָס וועט עס איהם נוצען אויב די גרויס פון דעם באָדען, וואָס ער בעארבייט, בלייבט שטענדיג דיזעלבע ? ער מוז קאָנען פערגרע־סערען זיין פארם.

ווען מען אפשר זאָגען, אז ער מוז ארבייטען שווערער און פּרוכטבארער ? אָבער אָבשאַצענדיג די פּאַכט־רענט האָבען מיר משער געווען לויט א דורכשניטס פּראָדוקציאָן, וואָס קאָן שוין מעהר ניט פערגרעסערט ווערן. אויב זי וואָלט ניט געווען די העכסטע, וואָלט דער אייגענטימער געהעכערט די רענטע. איז עס דען ניט געשעהען אויף אזא אופן, אז די אייגענטימער האָבען געהעכערט ־עם פּרייז פון דער רענטע, לויט דער פערמעהרונג פון דער בעפעל־קערונג און די ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע, פון וועלכער זיי האָבען געלערנט וויפיעל די געזעלשאַפט קאָן ארויסבעקומען פון זייער לאַנד־אייגענטום ? דער אייגענטימער בלייבט א פּרעמדער אין דער געזעלשאַפט ; נאָר ער קוקט אוים, ווי א רויב־פויגעל אויף זיין קרבן, גרייט ארויפצופאַלען אויף איהם און איהם פערשלינגען.

די פאַקטען, אויף וועלכע מיר האָבען אויפמערקזאַם געמאַכט אין א געזעלשאַפט פון טויזענד מענשען, קומען פאָר אין א גרע־סערער מאָס, אין יעדער נאַציאָן, אין דער גאַנצער מענשהייט, נאָר מיט אונענדליכע וואַריאַציאָנען און אויף פערשיידענע ארטען, וועל־כע ליגען ניט אין מיין אבזיכט דאָ צו בעשרייבען.

קורץ, נאָכדעם ווי דאָס אייגענטום האָט בערויבט דעם ארביי־טער דורך צינזען, מערדערט עס איהם לאַנגזאַם דורך אויסהונגערן. אָהן גזלה און מאָרד קאָן דאָס אייגענטום ניט עקזיסטירען ; מיט גזלה און מאָרד, מוז עס אונטערגעהן אויס מאַנגעל אין שטיצע : פאָלגליך איז עס אונמעגליך.

## פינפטער זאַץ

### אייגענטום איז אונמעגליך, ווייל אויב עס עקזיסטירט, פערשלינגט די געזעלשאַפט זיך אליין.

ווען דער עזעל איז איבערגעלאָדען, פאַלט ער, — דער מענש נעהט שטענדיג ווייטער. דער דאָזיגער אונברעכבארער מוטה איז גוט בעקאַנט דעם אייגענטימער און דיענט איהם אַלס גרונד פאַר זיינע ספעקולאַציעס. דער פרייער אַרבייטער פּראָדוצירט 10; פאַר מיר, דענקט דער אייגענטימער, ווערט ער פּראָדוצירען 12.

און ווירקליך, איידער צו דערלאָזען, מען זאָל איהם קאָנפיס־קירען זיין פעלד, איידער זיך צו זעגענען מיט זיין היים, פּרובירט דער פויער, וועמעס געשיכטע מיר האָבען אָקאָרשט דערצעהלט. מאַכען אַ פערצווייפעלטע אַנשטרענגונג. ער נעהמט אין פאַכט נייע גרונדשטיקער. ער ווערט פערזייען מיט אַ דריטעל מעהר, און אַזוי ווי עס בלייבט איהם די העלפט פון די נייע פּראָדוקטען, ווערט ער האָבען אַ זעקסטעל מעהר און ווערט בעצאָהלען זיין רענטע. ווי שעדליך דאָס איז! כדי צו געווינען נאָך אַ זעקסטעל אין פּראָדוק־ציאָן, מוז דער פויער צולעגען ניט אַ זעקסטעל פון זיין אַרבייט, נאָר צוויי זעקסטלעך. מיט אַזאַ בלוטיגען פּרייז צאָהלט ער אַ פאַכט־רענט, וועלכע, גאָט ווייסט דעם אמת, אַז ער איז ניט שולדיג.

דאָס וואָס דער פּעכטער טהוט, טהוט־נאָך דער בעל מלאכה פון זיין זייט. דער ערשטער דינגט אָב מעהר ערד אויף צו בעאַר־בייטען און זעצט אַרוים זיינע שכנים; דער צווייטער לאָזט אַרונ־טער פון פּרייז פון זיין סחורה, כדי צו מאָנאָפּאָליזירען די פאַברי־קאַציע און דעם פערקויף און צו דערשטיקען זיינע קאָנקורענטען. כדי צו זעטיגען דעם אייגענטום מוז דער אַרבייטער צוערשט פּראָ־דוצירען מעהר וויפיעל ער האָט נויטיג; דערנאָך מוז ער פּראָדו־צירען איבער זיינע כחות; ווייל, דורך דעם אַוועקגעהן פון די פריהערדיגע אַרבייטער, וועלכע זיינען געוואָרן אייגענטימער, מוז איין זאַך פאָלגען פון דאָס אַנדערע. אָבער כדי צו פּראָדוצירען אי־בער זיינע כחות און מעהר וויפיעל ער בעדאַרף, מוז ער פערכאַפּען

די פּראָדוקציאָן פון אנדערע און פאָלגליך פערקלענערן די צאָהל פון די פּראָדוצענטען ; דער אייגענטימער האָט, אלזאָ, לכתחילה פערקלענערט די פּראָדוקציאָן, דערמיט וואָס ער האָט זיך געשטעלט אָן א זייט, און דערנאָך זי נאָך ווייטער בעשרענקט דערמיט, וואָס ער ערמוטיגט די מאָנאָפּאָליזירונג פון ארבייט. לאָמיר עס בערעכנען : דער דעפיציט, וואָס דער ארבייטער האָט, נאָכדעם ווי ער בעצאָהלט די רענטע, איז ווי מיר האָבען געזעהן, איין צעהנטעל. אויף אָט דער סומע זוכט ער צו פערגרעסערן זיין פּראָדוקציאָן. ער זעהט דערצו קיין אנדערן מיטעל ניט, ווי צו פערמעהרען זיין ארבייט ; און דאָס טהוט ער. די אונצופרידענהייט פון די אייגענטימער, וועלכע האָבען ניט בעקומען זייער צינז אינגאנצען ; די בעסערע אנבאָטונגען און צוזאָגען, וואָס אנדערע פערמערס מאכען זיי, ווען זיי רעכנען פאר פלייסיגער, ארבייטזאמער און זיכערער ; די געהיימע אינטריגעס וואָס קומען פאָר דערביי — דאָס אלעס רופט ארויס א בעוועגונג פאר אן איבערטיילונג פון דער ארבייט און אן אָבשאפונג פון א געוויסער צאָהל פּראָדוצענטען. פון 900 וועלען 90 ווערן אויסגעשלאָסען, כדי די פּראָדוקציאָן פון די איבעריגע זאָל קאָנען פערגרעסערט ווערן אויף איין צעהנטעל. אָבער וועט דער טאלאנט ווערן פארגרעסערט דורך דעם ? ניין : עס וועלען זיין 810 ארבייטער, וועלכע וועלען פּראָדוצירען ווי 900, בעת אייגענטליך, כדי צו פערווירקליכען זייער צוועק, וועלען זיי מוזען פּראָדוצירען ווי 1,000. אזוי ווי אָבער עס איז בעוויזען געוואָרען, אז די פאכט־רענטע איז פּראָפּאָרציאָנעל צו דעם באָדען־קאפּיטאל, אנשטאָט צו דער ארבייט, און אז די דאָזיגע רענטע ווערט קיינמאָל ניט קלענער, וועלען די חובות בלייבען ווי פריהער, נאר די ארבייט וועט ווערן גרעסער. אָט אזוי האָבען מיר א געזעלשאפט, וועלכע קוילעט נאכאנאנד אוים א צעהנטעל פון זיך און וואָלט זיך אינגאנצען פערניכטעט, ווען די באנקראָטען, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע קאטאסטראָפען, וואָס קומען פעריאָדיש, וואָלטען ניט ווידער איינגעשטעלט א גלייכגעוויכט און אָבגעצויגען די אויפמערקזאמקייט פון די אמת'ע אורזאכען פון דער אלגעמיינער נויט.

נאָך דעם מאָנאָפּאָל פון ערד און קאפּיטאל קומען די עקאָנאָמישע פּראָצעסען, וועלכע ברענגען אויך מיט עס זאָלען ארויסגעוואָרפען ווערן נאָך ארבייטער פון דער פּראָדוקציאָן. אזוי ווי יעדע־

רער זאָרגט פאַר זיין אייגענעם אינטערעס, זאָגט זיך יעדער איינער בעזונדער: „איך וואָלט געהאַט פון וואָנען צו צאָהלען מיין פּאַכט־רענטע און די צינזען, אויב איך וואָלט ניט געדאַרפט צאָהלען אַזוי פיעל ארבייטער־הענד“. דעמאָלסט ווערן יענע וואונדערבאַרע ערפינדונגען, וועלכע האָבען בעצוועקט צו ערלייכטערן די ארבייט, א מין העללישע מאַשינען, וואָס הרג'ענען אויס די ארבייטער אין די טויזענדער.

„מיט עטליכע יאָהר צוריק האָט די גרעפין סטראַפאָרד ארויסגעטריבען 15,000 מענשען פון איהרע נחלות, וועלכע האָבען אַלס פּאַכטער פערגרעסערט דעם ווערטה פון איהר לאַנד. דער דאָזיגער אַקט פון פּריוואַטער פערוואַלטונג איז וויעדערהאָלט געוואָרען אין 1820 פון אַן אַנדער גרויסען שאָטישען לאַנד־אייגענטימער אויף 600 פּאַכטער מיט זייערע פאַמיליען.“—ט י ס אָ, „זעלבסטמאָרד און אויפשטאַנד.“

דער פּערפאַסער, וועלכען איך ציטיר און וועלכער האָט געשריבען זעהר שעהנע ווערטער וועגען דעם רעוואָלוציאָנערען גייסט, וואָס הערשט אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט, זאָגט ניט צי ער וואָלט געוועזען נעגען אַן אויפשטאַנד פון די דאָזיגע ארויסגעטריבענע. איך אָבער ערקלער נאַנץ הויך, אַז אַזאַ אויפשטאַנד וואָלט אין מיינע אויגען געוועזען דאָס העכסטע רעכט און די הייליגסטע פליכט; און אַלץ וואָס איך ווינש היינטיגען טאָג איז, אַז אָט דער אני מאמין מיינער זאָל פערשטאַנען ווערן פון אַלעמען.

די נעזעלשאַפט פערצעהרט זיך אַליין, — 1) דורך דער געוואַלטיגער פעריאָדישער אויפאָפּפערונג פון ארבייטער: מיר האָבען דאָס שוין געזעהן און וועלען נאָך ווייטער זעהן; 2) דורך דעם, וואָס דאָס אייגענטום איז מקצר דעם קאָנזום פון דעם פּראָדוצירער. אָט דיביידע סאָרטען זעלבסטמאָרד קומען צוערשט גלייכצייטיג; די צווייטע מעטאָדע פערשטאַרקט אָבער באַלד די ערשטע: דער הונגער פעראייניגט זיך מיט דעם וואוכער און רופט ארויס אי מעהר נויט, אי א גרעסערן דוחק אין ארבייט.

לויט די פּרינציפּען פון האַנדעל און פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע קאָן א אונטערנעהמונג נאָר דאַן זיין ערפאָלגרייך, ווען איהר פּראָדוקט דעקט, 1) די פּראָצענטען אויפ'ן קאַפּיטאַל; 2) די ערהאַלטונגסקאָסטען פון דעם קאַפּיטאַל; 3) די שכירות וואָס די

אַרבייטער און אונטערנעהמער בעקומען, און דערצו ווען עס בלייבט נאָך דעם אַלעמען אַזא גרויסער פּראָפיט ווי מעגליך.

מיר מוזען בעוואונדערן דעם פינאַנציעלען עקספּלואַטאַציאָנס זשעניע פון קאַפּיטאַל: יעדער נייער נאָמען, מיט וועלכען דער צינז רופט זיך אָן, גיט דעם אייגענטימער אַ געלעגענהייט דאָס אַריינצוקריגען: 1) אַלס פּראָצענט פון קאַפּיטאַל; 2) אַלס פּראָפיט. אַ טייל פון דער הכנסה, זאָגט ער, וואָס מען בעקומט פון דער פאַבריק, בעשטעהט פון די פּראָצענטען אויפ'ן קאַפּיטאַל, וואָס איז אַריינגעלעגט אין דער פּראָדוקציאָן. אויב מען האָט אַריינגעלעגט 100,000 פראַנק אין אַ פאַבריק און מען קריגט דערפון 5,000 אַ יאהר, איז דאָס נישט קיין פּראָפיט, עס איז נאָר פּראָצענטען אויפ'ן קאַפּיטאַל. דער אייגענטימער אָבער איז ניט דער מענש צו אַרבייטען פאַר אומזיסט; פּונקט ווי דער לייב פון דער פאַבעל, לאָזט ער זיך בעצאָהלען פאַר יעדען פון זיינע רעכטע, אַזוי אַז צום סוף בלייבט גאָרניט איבער פאַר זיינע שותפים.

— „איך בין דער אונטערנעהמער, איך נעהם דעם ערשטען חלק;
— איך בין אַן אַרבייטער, איך נעהם דעם צווייטען;
— איך בין קאַפּיטאַליסט, איך נעהם דעם דריטען;
— איך בין אייגענטימער, איך נעהם דאָס גאַנצע".

אין פיער שורות, האָט פּעדרוס געגעבען אַ סך הכל פון אַלע פאָרמען פון אייגענטום.

איך זאָג, אַז די דאָזיגע פּראָצענטען, און בפרט דער דאָזיגער פּראָפיט, איז אונמעגליך.

אין וואָס פאַר אַ שייכות שטעהען די אַרבייטער איינער צום צווייטען? זיי זיינען גליעדער פון אַ גרויסער אינדוסטריעלער געזעלשאַפט, אין וועלכער יעדען איינעם איז געגעבען צו טהאָן אַ געוויסע טייל פון דער אַלגעמיינער פּראָדוקציאָן, לויט דעם פּרינציפּ פון דער אַרבייטסטיילונג. לאָמיר צוערשט אָננעהמען, אַז די געזעלשאַפט בעשטעהט פון בלויז דריי מענשען: אַ פיה ציכטער, אַ גאַרבער און אַ שוסטער. די סאָציאַלע אינדוסטריע בעשטעהט דאַן אין מאַכען שיך. ווען איך וואָלט געפרעגט, וואָס פאַר אַ חלק דאַרף יעדער פּראָדוצענט האָבען אין דעם סאָציאַלען פּראָדוקט, וואָלט מיר יעדער חדר־אינגעל געענטפערט, אַז זיין חלק דאַרף זיין אַ דריטעל פון דעם פּראָדוקט. אָבער עס האַנדעלט זיך דאָ ניט

אויסצוגלייכען די רעכטע פון ארבייטער, וואָס זיינען שותפים לויט אַן אַבגעמאַכטען קאָנטראַקט; מיר מוזען בעווייזען, אַז יאָ פערייניגט, צי ניט פעראייניגט, מוזען אונזערע דריי ארבייטער האַנדלען גלייך ווי זיי וואָלטען עס געוועזן; ווייל צי זיי ווילען אָדער ניט, זיי זיינען דערצו געצוואונגען פון דער זאַכלאַגע אליין, פון דער מאַטעמאַטישער נויטווענדיגקייט. דריי אָפּעראַציעס זיינען נויטיג צו פּראָדוצירען שיך: אויסהאָדעווען בהמות, אויסאַרבייטען לעדער, צושניידען און שטעפּען. אויב די פעל, ווען זי קומט ארויס פון דעם פויער'ס שטאַל, איז ווערטה 1, איז עס ווערטה 2, ווען עס קומט ארויס פון דעם גערבער'ס קאַסטענס, און 3, ווען עס קומט ארויס פון דעם שוסטער'ס וואַרשטאַט. יעדער ארבייטער האָט פּראָדוצירט איין טייל פון דער געברויך־זאַך, און ערשט ווען מען רעכענט צוזאַמען אַלע טיילען, בעקומט מען דעם ווערטה פון דעם געגענשטאַנד. כדי צו בעקומען וויפיעל עס איז פון דעם דאָזיגען אַרטיקעל, מוז יעדער פּראָדוצירער צאָהלען, ערשטענס — פאַר זיין אייגענער ארבייט, צווייטענס, פאַר די ארבייט פון די אַנדערע פּראָדוצענטען. אַלזאָ, כדי צו בעקומען אַזוי פיעל שיך וויפיעל מען קאָן מאַכען פון צעהן פעל, מוז דער פויער געבען 30 רויהע פעל און דער גאַרבער 20 שטיק פאַרטיגע לעדער. וואָרים די שיך, וואָס מען מאַכט פון 10 פעל, זיינען ווערטה 30 רויהע פעל, צוליב די עקסטראַ ארבייט, וואָס מען האָט אויף זיי פערווענדעט; דאָס זעלבע ווי 20 אויסגעגאַרבטע פעל זיינען ווערטה 30 רויהע פעל, צוליב דעם גאַרבער'ס ארבייט. ווען אָבער דער שוסטער וואָלט פערלאַנגט 33 פון דעם פויער'ס פּראָדוקט אָדער 22 פון דעם גאַרבער'ס פאַר 10 פון זיין אייגענעם פּראָדוקט, וואָלט עס ניט געוועזן קיין אויסטויש; ווייל דאָס וואָלט געמיינט, אַז דער פויער און דער גאַרבער וואָלטען דאַרפען בעצאָהלען 11 פאַר דאָס, וואָס זיי האָבען אליין פערקויפט פאַר 10, און דאָס איז אונמעגליך.

אָבער דאָס איז פּונקט, וואָס עס קומט פאָר, ווען מען קריגט עפּעס אַ געווינס, מעג עס הייסען הכנסה, פאַכט־רענטע, פּראָצענט אָדער פּראָפיט.

ווען דער שוסטער, אין דער קליינער געזעלשאַפט פון וועלכער מיר רעדען, מוז לייהען געלד אויף פּראָצענט כדי זיך צו פערשאַפען געציגע ווערקצייג, קויפען דעם לעדער און לעבען די גאַנצע צייט,

ביז ער בעקומט געלד פאר זיין ארבייט, איז עס קלאָר, — אז אום צו צאָהלען דעם פּראָצענט פאר דעם געלד, וועט ער זיין געצוואונגען צו מאכען א פּראָפיט אויף'ן חשבון פון'ם פויער און פון גארבער; אָבער אזוי ווי אזא פּראָפיט איז אונמעגליך אָהן שווינדעל, וועט דער פּראָצענט צוריקפאלען אויפ'ן אומגליקליכען שוסטער און וועט איהם אויפעסען.

איך האָב גענומען אלס ביישפּיעל א פאנטאסטישען פאל פון אַן אונגאטירליכער איינפאכקייט. עס איז ניטאָ קיין מענשליכע געזעלשאפט וואָס האלט אוים בלויז דריי פאכען. אָפּילו די אונ־ציווילעזירטעסטע געזעלשאפט האָט א גרויסע צאָהל אינדוסטריען; היינטיגע צייטען איז די צאָהל פון אינדוסטריעלע פונקציאָנען (איך פערשטעה אונטער אינדוסטריעלע פונקציאָן יעדע נ י צ ל י כ ע פונקציאָן) מעהר ווי טויזענד. אָבער ווי צאָהלרייך עס זאָל ניט זיין די בעשעפטיגונגען, בלייבט דאָס עקאָנאָמישע געזעץ דאָסזעלבע: כדי דער פּראָדוצענט זאָל קאָנען עקזיסטירען, מ ו ז ז י י ן געהאלט קאָנען צוריק־קויפען זיין פּראָ־דוקט.

די עקאָנאָמיסטען קאָנען ניט ניט־וויסען אָט דעם עלעמאנטארען פּרינציפּ פון זייער זאָגענאנטער וויסענשאפט; איז פארוואָס'זשע פערטיידיגען זיי מיט אזא עקשנות דאָס אייגענטום און די אונגלייכ־הייט פון די געהאלטען, און די געזעצליכקייט פון וואוכער, און די עהרליכקייט פון פּראָפיט־מאכעריי — ווען אָט די אלע זאכין שטעהען אין ווידערשפּרוך צו דעם עקאָנאָמישען געזעץ און מאכען יעדען אויסטויש אונמעגליך? אַן אונטערנעהמער קויפט רויהע מאטעריאלען פאר 100,000 פראנק; צאָהלט 50,000 אין ארבייטס־לוין, און דערווארט צו קריגען דערפאר 200,000 פראנק, ד. ה., ער דערווארט צו מאכען פּראָפיט אי פון דעם מאַטעריאל, אי פון די ארבייטער; אויב אָבער די וואָס האָבען געליפערט די רויהע מאטע־ריאלען, און די ארבייטער קאָנען ניט צוריק קויפען מיט זייער געהאלט דאָס וואָס זיי האָבען פּראָדוצירט פאר'ן אונטערנעהמער, ווי אזוי קאָנען זיי לעבען? איך וויל מעהר ענטוויקלען מיין פראגע; דאָ איז נויטיג אריינצוגעהן אין פּרטים.

אויב דער ארבייטער קריגט אין דורכשניט 3 פראנק א טאָג פאר דער ארבייט, מוז זיין בעל־הבית (כדי צו פערדינען, אחוץ

זיינע אייגענע שכירות, אפילו נאָר דעם פּראָצענט) פערקויפען דעם אַרבייטער'ס טאָג ארבייט, אין דער פאָרם פון סחורה, פאר מעהר ווי דריי פראנק. דער ארביימער קאָן אלזאָ ניט צוריק־קויפען דאָס, וואָס ער האָט פּראָדוצירט פאר זיין בעל־הבית. און אזוי איז עס ביי אלע פאכען אָהן אויסנאהמע. דער שניידער, דער היטעל מאַ־כער, דער טישלער, דער שמיעד, דער גארבער, דער מויערער, דער גאָלדשמיעד, דער דרוקער, דער געהילף אין א געשעפט, א. אז. וו., ביז צום ערד־ארבייטער און ווייגבויער: קיינער פון זיי קאָן ניט צוריק־קויפען זיין פּראָדוקט; וואָרים פּראָדוצירנדיג פאר א בעל־הבית, וועלכער ציהט דערפון, אין איין פאָרם אָדער אין אן אנדערער, פּראָפיט, מוז יעדער פון זיי צאָהלען פאר זיין אייגענער ארבייט טהייערער ווי־פיעל מען האָט איהם געצאָהלט.

20 מיליאָן ארבייטער, פערשפרייט אין אלע צווייגען פון דער אינדוסטריע, קונסט און וויסענשאפט, פּראָדוצירען אין פראנקרייך אלע נעגענשטענדע וואָס דער מענש דאַרף האָבען צום לעבען. עס איז אויסגערעכענט געוואָרען, אז זייער יעהרליכע שכירות בעטרעפט 20 מיליארד א יאָהר; אָבער, אלס רעזולטאט פון די אייגענטומס־רעכטע און די פיעלפאכיגע פאָרמען פון צינז, פּרעמיען, שטייער, פּראָצענט, פּראָפיטען, מעשר און דירה־געלד, פּאכט־רענט, הכנסות און געווינסען פון פערשיידענע סאָרטען, זיינען זייערע פּראָ־דוקטען געשאַצט פון די אייגענטימער און בעלי־הבתים אויף 25 מיליארד. וואָס וויל דאָס בעדייטען? אַז די ארבייטער, וועלכע זיינען געצוואונגען צוריקצוקויפען טאקע די אייגענע פּראָדוקטען כדי צו לעבען, מוזען צאָהלען 5 פאר דאָס, וואָס זיי האָבען פּראָדוצירט פאר 4, אָדער זיי מוזען פאסטען יעדען פינפטען טאָג.

אויב עס איז דאָ אן עקאָנאָמיסט אין פראנקרייך, וואָס איז פעהיג צו בעווייזען, אז די דאָזיגע רעכענונג איז פאלש, פערלאַנג איך ער זאָל זיך מעלדען און איך בין זיך מתחיב צוריקצוציהען אלצ־דינג וואָס איך האָב בטעות און מיט א בייזער כונה ארויסגעזאָגט אנטקעגען אייגענטום.

לאָמיר איצט בעטראכטען די פאָלגען פון די דאָזיגע פּראָפיטען.

ווען דער לוין וואָלט געווען גלייך פאר אלע פּראָפעסיאָנען און ארבייטען, וואָלט זיך דער דעפיציט, וואָס איז פערורזאכט געוואָ־רען פון דעם אייגענטימער'ס שטייער, גלייך געלאָזט פיהלען

אומעטום; דאַן וואָלט אָבער אויך די אורזאַך פון דעם לײַדען געווען אַזוי קלאָר, אַז מען וואָלט עס גלײַך דערזעהן און אָבגעשאַפט. אָבער אַזוי ווי צווישען די געהאַלטען פונ׳ם גאַסענקעהרער ביז צום מיניסטער, איז פאַראַן דיזעלבע אונגלײַכהייט ווי צווישען די אייגענטימער, פאַלט די אויסבייטונג צוריק פון דעם שטאַרקערן אויפ׳ן שוואַכערן, אַזוי אַז דער אַרבייטער, וואָס שטעהט אויף דער נידריגסטער מדרגה פון דער געזעלשאַפט, לײַדעט אַם מייסטען, און אַט דער נידריגסטער קלאַס פונ׳ם פאָלק ווערט בוכשטעבליך אויפגעגעסען לעבעדיגערהייט פון די אַנדערע.

די אַרבייטער קענען ניט קויפען די שטאָפען וואָס זיי וועבען, ניט די מעבעל וואָס זיי מאַכען, ניט די מעטאַלען וואָס זיי שמעלצען, ניט די שטיינער וואָס זיי שלײַפען, ניט די בראַוויורען וואָס זיי קריצען. זיי קענען זיך ניט פערזאָרגען מיט׳ן ווייץ וואָס זיי זעען, מיט דעם ווײַן וואָס זיי פּרעסען, און ניט מיט׳ן פלייש פון די בהמות וואָס זיי האָדעווען. עס איז זיי ניט ערלויבט צו וואוינען אין די הייזער וואָס זיי האָבען אויפגעבויט, בייצוואוינען די שוישפּיעלען פאַר וועלכע עס ווערט בעצאָהלט מיט זייער אַרבייט, און ניט צו געניסען די רוה וואָס דער קערפּער פערלאַנגט. פאַרוואָס? ווײַל דאָס צינז־רעכט דערלאָזט ניט, אַז די אַלע זאַכען זאָלען קאָנען פערקויפט ווערן אויף קאָסט־פּרייז, און דאָס איז אַלעס, וואָס די אַרבייטער קאָנען צאָהלען.

אויף די שילדען פון די פּראַכטפאָלע געשעפטען, וואָס דער קבצן בעוואונדערט, לייענט ער די אויפשריפטען אין גרויסע אותיות: ע ס א י ז ד י י ן א ר ב י י ט, אָ ב ע ר ד ו ו ע ס ט ע ס נ י ט ה אָ ב ע ן. א י י ע ר ס, אָ ב ע ר נ י ט פ אַ ר א י י ך!

יעדער פאַבריקאַנט, וועלכער בעשעפטיגט 1000 אַרבייטער און פערדיענט פון יעדען אפילו נאָר איין סענט א טאָג, טרייבט זיי ביסלעכווייז אין א צושטאַנד פון עלענד. יעדער איינער, וואָס לעבט פון פּראָפיטען, האָט אַרייננעטראָטען אין א פערשווערונג מיט׳ן הונגער. אָבער דאָס פאָלק האָט אפילו ניט גענוג אַרבייט, דורך וועלכער דער אייגענטימער הונגערט איהם אויס. פאַרוואָס? ווײַל דער קנאַפּער לוין צווינגט די אַרבייטער צו פערכאַפּען וואָס מעהר אַרבייט, און איידער זיי ווערען אויסגעצעהרט פון נויט, פערצעהרען

זיי איינע די אַנדערע דורך קאָנקורענץ. לאָמיר מעהר וועגען אָט דעם אמת ניט רעדען.

אויב דעם ארבייטער'ס לוין קאָן ניט צוריק־קויפען זיין פּראָ־דוקט, איז דערפון געדרונגען, אַז דער פּראָדוקט איז ניט געמאַכט פאַר'ן ארבייטער. פאַר וועמען דען? פאַר'ן רייכערן פערברוי־כער, דאָס הייסט נאָר פאַר אַ קליינעם טייל פון דער געזעלשאַפט. אָבער ווען די גאַנצע געזעלשאַפט ארבייט, פּראָדוצירט זי פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט; היינט אויב נאָר איין טייל פון דער געזעלשאַפט פערברויכט, מוז, פריהער אָדער שפּעטער, איין טייל פון דער געזעלשאַפט, געהן לעדיג. אָבער ליידיג געהן איז — אונ־טערגאַנג, פאַר'ן ארבייטער פונקט ווי פאַר'ן אייגענטימער: פון דעם שלוס קאָן מען זיך ניט אויסדרעהען.

דאָס טרויעריגסטע בילד וואָס מען קאָן זיך אויסמאָלען, איז צו זעהן, ווי די פּראָדוצירער קעמפען אנטקעגען אָט דער סיסטעמאַ־טישער נויטווענדיגקייט, אַנטקעגען אָט דער קראַפט פון ציפער, וועלכע זייערע פאַראורטיילען שטערען זיי צו זעהן.

אויב 100,000 זעצער קאָנען ליפערן גענוג לעזע־שטאָף פאַר 34 מיליאָן מענשען, און אויב דער פּרייז פון ביכער איז אַזוי הויך, אַז זיי זיינען צוגענגליך נאָר פאַר אַ דריטעל פון דער צאָהל, איז עס קלאָר, אַז די 100,000 וועלען פּראָדוצירען דריי מאָל אַזוי פיעל ווי די בוכהענדלער קאָנען פערקויפען. כדי די פּראָדוקציאָן זאָל קיין מאָל ניט איבערשטייגען דעם קאָנסום, מוזען די ארבייטער רוהען 2 טעג פון דריי, אָדער נאָר אַ דריטעל פון זיי זאָל ארבייטען. דאָס הייסט, אַ דריטעל פון זיי זאָל ניט לעבען. אָבער די אינדוס־טריע, וואָס שטעהט אונטער'ן איינפלוס פון אייגענטימער, האַנדעלט ניט אַזוי רעגעלמעסיג; זי זוכט צו פּראָדוצירען אַ סך אין ווייניג צייט, ווייל וואָס גרעסער די סומע פון פּראָדוקטען און וואָס קירצער די צייט זיי צו פּראָדוצירען, אַלץ ווייניגער קאָסט דער פּראָדוקט. ווי נאָר עס הויבט זיך אָן צו שפּירען אַ פאָדערונג, פילען זיך אָן די פאַבריקען, יעדער איינער שטעלט זיך צו דער ארבייט. די געשעפ־טען געהען דאַן גוט, די רעגירער ווי די רעגירטע זיינען צופרידען. וואָס מעהר אָבער מען ארבייט היינט, אַלץ מעהר לעדיג וועט מען געהן שפּעטער; וואָס מעהר מען לאַכט, אַלץ מעהר וועט מען וויינען. אונטער'ן רעזשים פון אייגענטום זיינען די בלומען פון אינדוס־

טריע ניט מעהר ווי קבר־בלומען: דער ארבייטער גראָבט זיין אייגע־נעם קבר.

ווען די פאבריק איז געשלאָסען, מוז דער פאבריקאנט אלץ איינס צאָהלען פּראָצענט אויף זיין קאפּיטאל. ער זוכט דעריבער אנצוגעהן מיט דער פּראָדוקציאָן, פערקלענערנדיג די אויסגאבען. עס קומט דאן: נידעריגע שכירות, איינפיהרונג פון מאשינען, בעשעפטיגונג פון פרויען און קינדער צו טהאָן די ארבייט פון מענער, שלעכטע ארבייטער און שלעכטע ארבייט. מען פּראָדוצירט נאָך, ווייל די פערקלענערונג פון די פּראָדוקציאָנס־קאָסטען שאפט א גרע־סערן מארק; זיי קאָנען אָבער ניט אָנהאלטען לאנג, ווייל אזוי ווי די פערקלענערטע פּראָדוקציאָנס־קאָסטען זיינען געבויט אויף דער גרויסער קוואנטיטעט און שנעלקייט פון דער פּראָדוקציאָן, איבער־שטייגט די פּראָדוקציאָנס־קראפט נאָך מעהר ווי פריהער די קאָנסום־קראפט. ערשט ווען די ארבייטער, וואָס זייער לוין קלעקט קוים זיי צו דערהאלטען ביים לעבען פון איין טאָג אויף דעם אנדערן, האָבען גאָר קיין ארבייט ניט, ווערן די פאָלגען פון דעם אייגענטום־פּרינציפּ העכסט שרעקליך. זיי האָבען ניט געקאָנט עקאָנאָמיזירען, פון וואָס צו שפּאָרען איז ניט געווען, האָבען זיי ניט געקאָנט אָנקליי־בען קיין קאפּיטאל, וואָס זאָל זיי קאָנען אויסהאלטען אפילו איין טאָג. היינט האָט זיך צוגעמאכט די פאבריק. מאָרגען הונגערן די מענשען אויפ'ן גאס. איבערמאָרגען וועלען זיי אָדער שטארבען אין שפּיטאָל אָדער עסען אין טורמע.

נייע צופאלען העלפען צו פערפלאָנטערן די דאָזיגע שרעקליכע לאגע. איבער דער שטארקער אָנזאמלונג פון סחורות און די אויסערסטע נידעריגע פּרייזען, איז דער אונטערנעהמער שוין באלד ניט אין דער לאגע צו צאָהלען די צינזען פאר די קאפּיטאלען, וואָס ער עקספּלואטירט; קומען דאן די דערשראָקענע אקציאָנערן און ציהען צוריק זייערע קאפּיטאלען, די פּראָדוקציאָן הערט אויף, די ארבייט בלייבט שטעהן. דאן וואונדערט מען זיך, וואָס דער קאפּיטאל ציהט זיך צוריק פון דעם האנדעל כדי צו ספּעקולירען אויף דער בערזע; און איך האָב שוין אמאָל געהערט ווי בלאנקי האָט בעוויינט מיט ביטערע טרעהרען די אונוויסענהייט און נארישקייט פון די קאפּיטא־ליסטען. די סבה פון דער דאָזיגער בעוועגונג פון קאפּיטאלען איז זעהר איינפאך; אָבער טאקע דערפאר האָט עס אן עקאָנאָמיסט ניט

געקאָנט בעמערקען, אָדער ניט געוואָלט זאָגען: די סבה איז אויס־שליסליך: די קאָנקורענץ.

איך רוף אָן קאָנקורענץ ניט נאָר דעם קאַמף צווישען צוויי אינדוסטריען פון דעמזעלבען סאָרט, זאָנדערן די אַלגעמיינע און גלייכצייטיגע שטרעבונג פון אַלע אינדוסטריען צו איבערטרעפען איינע די צווייטע. די דאָזיגע טענדענץ איז איצט אַזוי שטאַרק, אַז דער פּרייז פון סחורות קאָן קוים דעקען די קאָסטען פון פאַבריקאַציאָן און פערקויף; און ווען מען נעהמט אַרונטער די שכירות פון די אַרבייטער, בלייבט מעהר גאָרנישט, אפילו ניט דער קאַפּיטאַל־צינז פאַר די קאַפּיטאַליסטען.

די גרונד אורזאַך פון די האַנדעל און אינדוסטריע־קריזען איז, אַלזאָ, די פּראָצענטען אויפ'ן קאַפּיטאַל — פּראָצענטען וועלכע די פּאַרצייטיגע האָבען איינשטימיג געבראַנדמאַרקט מיט'ן נאָמען וואוכער, ווען מען האָט עס געצאָהלט פאַר דעם געברויך פון געלד, אָבער וועלכען עס האָט קיינער ניט געוואַגט צו פערדאַמען אין דער פאָרם פון דירה־געלד, פּאַכט־רענטע, אָדער פּראָפיט; פּונקט ווי דער כאַראַקטער פון דער זאַך, וואָס מען לייהט, קאָן בערעכטיגען דעם פּרייז פאַר'ן לייהען; עס איז רויבעריי.

לויט דעם ערך פון'ם צינז, וואָס דער קאַפּיטאַליסט בעקומט, — אַזוי אָפט און אינטענסיוו וועלען זיין די קאָמערציעלע קריזען. — ווייס מען דאָס ערשטע, קאָן מען אַלע מאָל בעשטימען די אַנדערע צוויי, און אַזוי אויך אומגעקעהרט. ווילט איהר וויסען, וואָס איז דער רעגולאַטאָר פון אַ געזעלשאַפט? געפינט אויס די סומע פון אַקטיווען קאַפּיטאַל, ד. ה. דעם קאַפּיטאַל, וואָס טראָגט צינזען, און די געזעצליכע ראַטע פון פּראָצענט. דער גאַנג פון די פּאַסירונגען וועט זיין אַ סעריע קראַכען, וואָס זייער צאָהל און העפטיגקייט וועלען שטעהן אין אַ דירעקטער פּראָפּאָרציע צו דער טהעטיגקייט פון קאַפּיטאַל.

אין יאָהר 1839 איז די צאָהל פון באַנקראָטען אין דער שטאָדט פּאַריז אַליין געווען 1064; דיזעלבע פּראָפּאָרציע האָט אָנגעהאַלטען אין די ערשטע מאָנאַטען פון 1840, און אין דער צייט, וואָס איך שרייב אָט די שורות, האָט זיך דער קריזיס, ווי עס ווייזט אויס, נאָך ניט געענדיגט. מען בעהויפּטעט, אַז די צאָהל פון געשעפטען, וואָס האָבען ליקווידירט, איז גרעסער איידער די צאָהל הייזער, וואָס

האָבען זיך ערקלערט באַנקראָט. לויט דעם מבול קאָן מען פערשטעהן די זויג־קראַפט פון דער וואַסער־רעהר.

די צושטערונג פון דער געזעלשאַפט איז מאַנכעס מאָל אונבעמערקבאַר און כראָניש, און מאַנכעס מאָל פעריאָדיש און געוואַלטיג. דאָס הענגט אָב פון דעם גאַנג, וואָס דאָס אייגענטום נעהמט אָן. אין אַ לאַנד, וואו דאָס אייגענטום איז כמעט גלייך פערטיילט און וואו ווענינ געשעפטען ווערן געמאַכט — די רעכטען און פאָדערונגען פון יעדען איינעם ווערן אויף דעם אופן באַלאַנסירט דורך די רעכטען און פאָדערונגען פון אַלע איבעריגע — איז דער כח פון אַנגריף פערניכטעט. דאָרט, קאָן מען ווירקליך זאָגען, עקזיסטירט גאָר ניט קיין אייגענטום, וואָרים דאָס צינז־רעכט ווערט דאָרט כמעט גאָר ניט אויסגעאיבט. דער מצב פון די אַרבייטער, וואָס איז שייך דער זיכערקייט צו מאַכען אַ לעבען, איז כמעט דערזעלביגער, ווי ווען עס וואָלט געהערשט אַבסאָלוטע גלייכהייט צווישען זיי. עס פעהלט זיי אַלע פאָרטיילען פון אַ פולער און פרייער אַסאָציאַציע, אָבער זייער עקזיסטענץ שטעהט אַ האָר ניט אין געפאַהר. מיט דער אויסנאַהם פון עטליכע פעראיינצעלטע קרבנות פון דעם אייגענטום־רעכט — פון דעם דאָזיגען אומגליק, וואָס קיינער זעהט ניט זיין הויפּט אורזאַך — דוכט זיך, אַז די געזעלשאַפט ליגט זיך רוהיג אין בוזים פון אָט אַזאַ מין גלייכהייט. גיט אָבער אַכטונג! זי באַלאַנסירט זיך אויפ'ן שאַרף פון אַ שווערד: ביים קלענסטען טרייסעל וועט זי אַראָבפאַלען און ווערן דער'הרג'עט.

געוועהנליך איז דער ווירבעל־שטראָם לאָקאַליזירט. פון איין זייט די פאַכט־רענטע מוז זיך אָבשטעלען ביי אַ געוויסען פונקט; פון דער אַנדער זייט, צוליבער דער קאָנקורענץ און איבער־פּראָדוקציאָן, שטייגט ניט צו הויך דער פרייז פון פאַבריצירטע אַרטיקלען, — אַזוי אַז די לאַגע פון'ם פויער ענדערט זיך קנאַפּ־וואָס און הענגט נאָר אָב פון די סעזאָנען. די פערצעהרענדע ווירקונג פון אייגענטום פיהלט זיך דערהויפּט אויפ'ן האַנדעל. מען זאָגט געוועהנליך *קאָמערציעלע קריזען*, ניט *לאַנדווירטשאַפטליכע קריזען*, ווייל בעת דער פאַכטער ווערט פערצעהרט לאַנגזאַם דורך דעם צינז־רענט, ווערט דער פאַבריקאַנט איינגעשלונגען מיט איין קלאַפּ. דאָס פיהרט צו אַן אָבשטעל פון געשעפטען, אַ פערניכטונג פון פערמעגענס און צו אַ צושטאַנד פון

ארבייטסלאָזיגקייט פאַר די ארבייטער, וועלכע שטאַרבען פון הונגער אייגער נאָכ׳ן אנדערן אויף די גאַסען, אין די שפּיטאָלען, אין די טורמעס און אויף די תליות.

מיר וועלען רעזומירען דעם זאַץ: —

אייגענטום פערקויפט דעם ארבייטער די פּראָדוקטען פאַר מעהר וויפיעל עס צאָהלט איהם פאַר זיי; דעריבער איז עס אונמעגליך.

## צוזאַץ צו דעם פינפטען זאַץ.

1. געוויסע רעפאָרמאַטאָרען, און אפילו פּובליציסטען וואָס פערנעהמען זיך, הגם זיי געהערן ניט צו קיין ספּעציעלער שול פון עקאָנאָמיק, מיט דער פראַגע ווי צו פערבעסערן די לאַגע פון דעם גרעסטען און אָרעמסטען קלאַס, לעגען היינטיגע צייטען געוויכט אויף אַ בעסערער אָרגאַניזאַציע פון ארבייט. די תלמידים פון פ ו ר י ע בפרט הערען ניט אויף צו שרייען צו אונז: געהט אין פ אַ ל אַ נ ס ט ע ר! און אין דערזעלבער צייט מאַכען זיי אַש און בלאָטע פון די אנדערע סעקטען. זיי זיינען אַ האַלב דוצען אונפערגלייכליכע גאונים, וועלכע האָבען ענטדעקט אַז פ י נ ף א ו ן פ י ע ר א י ז נ י י ן; נ ע ה מ ט א ר ו נ ט ע ר צ ו ו י י, ב ל י י ב ט א ל ץ נ י י ן, — און זיי בעוויינען די בלינדקייט פון פראַנקרייך, וואָס וויל ניט גלויבען אין אַזאַ ערשטוינענדע אריפמעטיק.*)

די פוריעריסטען שטעלען זיך פאַר פון איין זייט אַלס די פערטיידיגער פון אייגענטום און צינז־רעכט, וועלכעס זיי האָבען פאַר־

*) פוריע, זאָגט מען, ווען ער האָט גע׳כפל׳ט אַ גאַנצע צאָהל אויף אַ ברוך־טייל, פלעגט אַלעמאָל בעקומען אַ גרעסערע סומע איידער די וואָס ער האָט גע׳כפל׳ט. ער האָט בעהויפּטעט, אַז אונטער זיין סיסטעם פון האַרמאָניע וועט קוועק־זילבער ווערן האַרט, ווען די טעמפּעראַטור איז העכער ווי נול. ער וואָלט פּונקט אַזוי גוט געקאָנט זאָגען, אַז די האַרמאָניע־מיטגליעדער וועלען קאָנען מאַכען ברענענדיגען אייז. איך האָב אַמאָל געפרעגט אַ אינטעליגענטען פאַלאַנסטעריער, וואָס ער דענקט וועגען אַזאַ מין פיזיקע. „איך ווייס ניט,“ האָט ער געענטפערט, „אָבער איך גלויב“. דערזעלבער מאַן האָט פונדעסטוועגען ניט געגלויבט אין דער לעהרע פון יעזוס׳עס „ווירקליכע אַנוועזענהייט.“

מולירט: יעדען לויט זיין קאַפּיטאַל, זיין אַרבייט און זיין טאַלאַנט; פון דער אַנדער זייט ווילען זיי, אַז דער אַרבייטער זאָל גענִיסען פון אַלע גיטער פון דער געזעלשאַפט; דאָס הייסט, מיט אַנדערע ווערטער, אַז ער זאָל האָבען דעם גאַנצען גענוס פון זיין אייגענעם פּראָדוקט. איז עס ניט גלייך ווי זיי וואָלטען געזאָגט צו דעם אַרבייטער: „אַרבייטער, דו וועסט האָבען 3 פראַנק אַ טאָג, דו זאָלסט לעבען אויף 55 סו, דאָס איבריגע זאָלסטו אוועקגעבען דעם אייגענטימער, און אַט אַזוי וועסטו קאָנסומירען דריי פראַנק"?

אויב די דאָזיגע ווערטער זיינען ניט דער געטרייער סך־הכל פון דעם סיסטעם פון שאַרל פוריע, וועל איך זיך אונטערשרייבען אויף אַלע פאַלאַנסטערישע משוגעת'ן מיט אַ פעדער איינגעטונקט אין מיין אייגען בלוט.

וואָס איז די פּעולה צו רעפאָרמירען די אינדוסטריע און די אַגריקולטור, וואָס איז די פּעולה פון אַרבייטען איבערהויפּט, אויב דאָס אייגענטום בלייבט, אויב די אַרבייט קאָן קיין מאָל ניט דע־קען די אויסגאַבען? אָהן דער אָבשאַפונג פון אייגענטום איז די אָרגאַניזאַציאָן פון אַרבייט אַ בעטרוג. און ווען מען זאָל פער־פיערפאַכען די פּראָדוקציאָן, און איך גלויב, אַז דאָס איז ניט אונ־מעגליך, וועט עס אויך זיין אַן אומזיסטיגע טרחה: אויב די אי־בעריגע פּראָדוקטען וועלען ניט קאָנסומירט ווערן, זיינען זיי ווערטה־לאָז און דער אייגענטימער וועט זיי ניט אָננעהמען פאַר צינז; ווערן זיי יאָ קאָנסומירט, קומען ווידער אַרויס אַלע שוועריגקייטען פון אייגענטום. מען מוז צוגעבען, אַז די טהעאָריע פון ליידענ־שאַפטליכע אָנציהונגען שטעלט זיך דאָ אַרויס אַלס אַ פעהלער, און ווייל ער האָט געוואָלט האַרמאָניזירען די ליידענשאַפט פון אייגענטום — אַ שלעכטע ליידענשאַפט, וואָס פוריע זאָל ניט זאָגען — האָט ער אַליין געלעגט אַ באַלקען צווישען די רעדער פון זיין וואָגען.

די אַבסורדען פון דער פוריעריסטישער עקאָנאָמיע זיינען אַזוי גראָב, אַז ניט קוקענדיג אויף זיין רעספּעקט פאַר די אייגענטימער זיינען פיעלע איבערציינגט, אַז ער איז געווען אַ בעהאַלטענער שונא פון אייגענטום. די דאָזיגע מיינונג קאָן אונטערשטיצט ווערן אויפ'ן סמך פון גוטע גרינדע; דאָך איז עס ניט מיין מיינונג. ער וואָלט

בעדארפט דערצו זיין צופיעל שארלאטאן און צו ווייניג איש נאמן. איך וויל בעסער גלויבען, אז ער איז געווען אונוויסענד, (ווי דאס ווערט בכלל צוגעגעבען), איידער אז ער איז געווען ניט אויפריכטיג. וואס אנבעלאנגט זיינע תלמידים, מוזען זיי, איידער זיי זאגען ארויס אן אייגענע מיינונג, ארויסקומען אפען און קאטעגאריש און ענטפערן צי זיי ווילען אויפהאלטען דאס אייגענטום אדער ניט און וואס זיי מיינען מיט זייער בעקאנטען דעוויז „יעדען לויט זיין קאפיטאל, זיין ארבייט, און טאלאנט."

אבער א האלב־בעקעהרטער אייגענטימער וועט בעמערקען, „אפשר וואלט געווען מעגליך, אבשאפענדיג די באנקען, די רענטען, די פאכטען, די צינזען, מיט איין ווארט, דאס אייגענטום אינגאנצען, צו צוטיילען די פראדוקטען לויט די פעהיגקייטען? דאס איז געווען סען סימאן'ס געדאנק; אויך פוריע'ס; עס איז דער וואונש פון דעם מענשליכען געוויסען, און קיין אנשטענדיגער מענש וואלט ניט געוואגט צו זאגען, אז א מיניסטער זאל לעבען ניט בעסער ווי א פויער".

אה! מידאם, ווי לאנג דיינע אויערען זיינען! וואס! ווערט קיין מאל ניט פערשטעהן, אז אונגלייכע שכירות און צינז־רעכט זיינען דיזעלבע זאך? געוויס, סען סימאן, פוריע און זייערע נאכפאלגער זיינען בעגאנגען א געפעהרליכען פעהלער, וואס זיי האבען געוואלט פעראייניגען, דער — אונגלייכהייט מיט קאמוניזם, דער אנדערער — אונגלייכהייט און אייגענטום. אבער דו, א מענש פון ציפער, א מאן פון עקאנאמיע, דו, וואס דו קענסט אויף אויסענווייניג די טאבעלען פון די לאגאריטמען, ווי אזוי קענסטו מאכען אזא נארישען פעהלער? לערנט דיר ניט די פאליטישע עקאנאמיע גופא, אז דער פראדוקט פון איין מענשען, וואס פאר פערזענליכע פעהיגקייטען ער זאל ניט האבען, איז קיינמאל ניט ווערטה מעהר איידער זיין ארבייט, און אז א מענשענ'ס ארבייט איז ניט מעהר ווערטה וויפיעל זיין פערברויך? דו דערמאנסט מיך אן יענעם גרויסען מאכער פון קאנסטיטוציעס, דעם ארעמען פינעירא־פערעלירא, דער סייעס פון 19טען יאהרהונדערט, וועלכער האט איינגעטיילט די נאציאן אין צוועלף קלאסען, אדער אויב דו ווילסט, אין צוועלף ראנגען, און האט בעשטימט פאר דער ערשטער 100,000 פראנק יעהרליך, פאר דער צווייטער 80,000;

דאן 25,000, 15,000, 10,000 א. אז. וו. ביז צו 1,500, און 1,000 פראנק אלס דעם מינימום לוין פאר א בירגער. פינעירא האט ליעב געהאט אבשטופונגען און האט ניט געקאנט זיך פארשטעלען א שטאאט אהן גרויסע לייט, ווי ער האט ניט געקאנט בעגרייפען אן ארמעע אהן א הויפט־פייקלער; און אזוי ווי ער האט אויך ליעב געהאט, אדער ווי עס האט זיך איהם אויסגעוויזען אז ער האט ליעב געהאט, די פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט, האט ער צונויפגעמישט דאס גוטע און דאס שלעכטע פון אונזער אלטער געזעלשאפט אין איין עקלעקטישע פילאזאפיע, וועלכע ער האט פערקערפערט אין א קאנסטיטוציע. וואונדערבארער פינעירא! פריי־הייט אפילו ביז צו פאסיווען געהארכען, ברידערליכקייט אפילו ביז צו אן איינהייט פון שפראכען, גלייכהייט אפילו ביז אין זשורי־קאמער און אויף דער גילאטין — אט דאס איז געווען זיין אידעאל פון א רעפובליק. ניט אנערקענטער זשעניע, וואס דער איצטיגער יאהר־הונדערט איז איהם ניט ווערטה געווען, אבער די צוקונפט וועט זיך אברעכענען פאר איהם.

הער אויס, אייגענטימער. עס איז אמת, עס עקזיסטירט אן אונגלייכהייט פון פעהיגקייטען; יורידיש איז עס ניט אנערקענט, האט ניט קיין ממשות, ווערט ניט גענומען אין אנבע־טראכט. איין ניוטאן אין א יאהרהונדערט קאן זיך פערגלייכען צו 30 מיליאן מענשען; דער פסיכאלאג בעוואונדערט די זעלטענ־הייט פון אזא שעהנעם זשעניע, דער געזעצגעבער זעהט נאר די זעלטענהייט פון דער פונקציאן. אבער די זעלטענהייט פון דער פונקציאן גיט ניט קיין פריווילעגיע דעם, וואס בעזיצט די פונקציאן; און דאס איז אזוי צוליעב עטליכע טעמים, וועלכע זיינען אלע גלייך שטארק.

1. די זעלטענהייט פון דעם זשעני איז אין דעם בעשאפער'ס כונה ניט געווען געמיינט, אז די געזעלשאפט זאל פאלען אויף די קניה פאר דעם גרויסען טאלאנט, נור עס איז צוליעב דעם, כדי יעדער מענש זאל אויסאיבען זיינע פעהיגקייטען צום גרעסטען פארטייל פון אלעמען.

2. דער טאלאנט איז גיכער א ווערק פון דער געזעלשאפט איידער א גאבע פון דער נאטור; עס איז אן אנגעזאמעלטער קאפי־טאל, און דער וואס קריגט איהם איז בלויז זיין שומר. אהן דער

געזעלשאַפט, אָהן דער ערציהונג, וואָס זי גיט, און אָהן איהר קרעפ־טיגער הילף וואָלט די שעהנסטע נאַטור געווען נידעריגער, איידער די איינפאַכסטע פעהיגקייטען, אַפילו אין דעם פּרט, וואו זי דאַרף אַזוי גלענצען. וואָס גרעסער עס זיינען די קענטניסע פון אַ מענשען, וואָס שעהנער זיין פאַנטאַזיע, וואָס רייכער זיין טאַלאַנט, — אַלץ טהייערער האָט געקאָסט זיין ערציהונג, אַלץ גלענצענדער און צאָהל־רייכער זיינען געווען זיינע לעהרער און וועג־ווייזער, און אַלץ גרעסער איז זיין חוב. דער פויער פּראָדוצירט כמעט פון ערשטען טאָג, וואָס ער פערלאָזט זיין וויגעלע, ביז צום קבר; די פרוכט אָבער פון קונסט און וויסענשאַפט זיינען שפּעטע און זעלטענע, אָפטמאָל שטאַרבט אָב דער בוים איידער די פרוכט ווערן רייף. ווען די געזעלשאַפט קולטיווירט אַ טאַלאַנט, ברענגט זי אַן אָפּפער צוליעב אַ האָפנונג.

3. עס איז גאָר ניט פאַראַן קיין מאָס, נאָך וועלכער מען קאָן פערגלייכען פעהיגקייטען: אונטער גלייכע בעדינגונגען פון ענטוויקלונג איז די טאַלאַנטען־אונגלייכהייט בלויז אַ טאַלאַנטען־ספּעציאַליטעט.

4. די אונגלייכהייט פון לוין, פונקט ווי דאָס צינז רעכט, איז עקאָנאָמיש אונמעגליך. נעהמט דעם גינסטיגסטען פאַל, ווען יעדער ארבייטער האָט פּראָדוצירט דעם מאַקסימום. כדי די אויס־טיילונג פון די פּראָדוקטען צווישען זיי זאָל זיין אַ גערעכטע, מוז יעדען׳ס טייל זיין גלייך צו דער צאָהל וואָס בלייבט, ווען מען צו־טיילט די גאַנצע פּראָדוקציאָן אויף דער צאָהל ארבייטער. איז וואָס בלייבט דאַן איבער אויף צו צאָהלען העכערע בעלוינונגען? אַבסאָ־לוט גאָרנישט. וועט מען אפשר זאָגען, אז מען דאַרף ארויפלעגען אַ שטייער אויף יעדען ארבייטער? וועט דאָך דאַן זייער קאָנזום ניט זיין גלייך מיט זייער פּראָדוקציאָן, דער געהאַלט וועט ניט בעצאָהלען פאַר זייער פּראָדוקטיווער ארבייט, דער ארבייטער וועט ניט קענען צוריק־קויפען זיין פּראָדוקט און וועלען צוריק־פאַלען אין דעם אַלטען עלענד פון אייגענטום. איך רעד שוין ניט וועגען דער אונגערעכטיגקייט, וואָס מען וועט דערמיט טהאָן דעם בערויב־טען ארבייטער, וועגען דער קנאה וואָס עס וועט ארויסרופען, די אַמביציעס וואָס מען צוהיצט, דעם האַס וואָס מען צינדט אָן —

זיי זיינען אַלע וויכטיגע פּונקטען, אָבער האָבען ניט קיין דירעקטע שייכות צו דער זאַך.

אַזוי ווי, פון איין זייט, יעדען ארבייטער'ס אויפגאַבע וועט זיין לייכט און קורץ און די מיטלען דאָס דורכצופיהרען מיט ערפאָלג, וועלען זיין גלייך אין אַלע פעלען, איז ווי אַזוי וועלען קאָנען זיין גרויסע און קליינע פּראָדוצירער? פון דער אַנדער זייט ווידער, ווען אַלע פונקציאָנען זיינען גלייך, סיי מחמת אַ ווירקלי־כען אויסגלייך פון טאַלאַנטען און פעהיגקייטען, סיי מחמת דער געזעלשאַפטליכער קאָאָפּעראַציע, איז ווי אַזוי וועט אימיצער קאָנען מאַהנען אויפ'ן גרונד פון זיינע אויסגעצייכענטע פעהיגקייטען, פון זיין געניאַליטעט, אַ גרעסערן לוין?

אָבער, וואָס זאָג איך? איז דער גלייכהייט איז דער לוין שטענדיג פּראָפּאָרציאָנעל צו די פעהיגקייטען. וואָס איז די עקאָנאָ־מישע בעדייטונג פון לוין? דעם ארבייטער'ס פערברויך, וואָס רעפּראָדוצירט. דער אַקט גופא, דורך וועלכען דער ארבייטער פּראָ־דוצירט, איז שוין דער פערברויך, און איז גענוי גלייך צו דער פּראָדוקציאָן, פון וועלכער מיר רעדען. ווען דער אַסטראָנאָם פּראָ־דוצירט בעאָבאַכטונגען, דער פּאָעט פערזען אָדער דער וויסענ־שאַפטסמאַן עקספּערימענטען, פערברויכען זיי אינסטרומענטען, ביכער, רייזען א. אז. וו., א. אז. וו. היינט, אויב די געזעלשאַפט שטעלט צו אַט דעם פערברויך, איז וואָס נאָך קאָן דער אַסטראָנאָם, דער וויסענשאַפטסמאַן אָדער דער פּאָעט פערלאַנגען? מיר מוזען, אַלזאָ, קומען צום שלום, אז סען סימאָן'ס מאָטאָ: „יעדען לויט זיין פעהיגקייט, יעדער פעהיג־קייט לויט איהרע רעזולטאַטען" קאָן נאָר אין גלייכהייט געפינען איהר גאַנצע און פאָלשטענדיגע אָנווענדונג.

די גרויסע צרה, די שרעקליכע שטענדיג־עקזיסטירענדע צרה, וואָס שטאַמט פון אייגענטום, איז די — וואָס וויפיעל די בעפעל־קערונג זאָל ניט ווערן געמינערט כל זמן אייגענטום עקזיסטירט, איז זי, און מוז אימער זיין, צו־גרויס. אין אַלע צייטען האָט מען זיך געקלאָגט אויף אַן איבערפלוס פון בעפעלקערונג; דאָס אייגענ־טום איז אין אַלע צייטען געוועזען אין אַ פערלעגענהייט צוליב דער עקזיסטענץ פון דעם פּאָופּעריזם, ניט איינזעהענדיג אַז די אורזאַך ליגט אין איהם, דעם אייגענטום, אַליין. דערצו, איז ניטאָ קיין

מעהר קוריאָזע זאַך, איידער די פערשיידענאַרטיגקייט פון די פּלענער, וואָס ווערן פאָרגעשלאָגען ווי אַזוי אויסצוראָטען דעם פּאָופּעריזם. זייער גרויזאַמקייט קאָן זיך נאָר פערגלייכען מיט זייער אונזיניגקייט.

די פּאַרצייטיגע האָבען זיך געמאַכט אַ מנהג אוועקצו־וואַרפען זייערע קינדער. דאָס אויס'הרג'ענען די שקלאַפען איינציגווייז אָדער אין מאַסען, די בירגער־קריעג און די מלחמות מיט פרעמדע פעלקער האָבען מיטגעהאָלפען דערצו. אין רוים (וואו אייגענטום האָט געהערשט ביד חזקה) זיינען אָט די דריי מיטלען בענוצט געוואָרען אַזוי גרינדליך און פאַר אַזאַ לאַנגער צייט, אַז דאָס לאַנד איז ענדליך געבליבען אָהן איינוואוינער. ווען די באַרבאַרען זיינען געקומען, האָבען זיי קיינעם ניט געפונען: די פעלדער זיינען ניט מעהר בעאַקערט געוואָרען; דאָס גראָז איז געוואַקסען אין די גאַסען פון די איטאַליענישע שטעדט. אין כינא איז די הונגער־נויט זינט ימים קדמוניות געוועזען דער בעזים פאַר אויסקעהרען די אָרעמע לייט. אַזוי ווי רייז איז די איינציגע נאַהרונג פון דעם אָרעמען פאָלק, איז גענוג, אַז איין צופאַל זאָל איהם פערדאַרבען אויפ'ן פעלד, און אין איינִיגע טעג טויטעט דער הונגער מיליאָנען מענשען. און דער מאַנדאַרין, וואָס שרייבט די געשיכטע, שרייבט דערנאָך, אַז אין דעם און דעם יאָהר פון דעם און דעם קיסר האָט אַן אונגערעטענייש אוועקגע'הרג'עט 20, 30, 50 אָדער 100 טויזענד מענשען. די טויטע בעגראָבט מען, מען פּראָדוצירט נייע קינדער, ביז וואַנען אַן אַנדער הונגער טהוט ווידער דיזעלבע ארבייט מיט דעם זעלבען רעזולטאַט — אַזוי הפנים איז אייביג געוועזען די קאָנפוציִשע עקאָנאָמיע.

איך נעהם פאָלגענדע איינצעלהייטען פון אַ מאָדערנעם עקאָנאָמיסט:

„זינט דעם 14טען און 15טען יאָהרהונדערט איז ענגלאַנד פערצעהרט געוואָרן פון דעם פּאָופּעריזם. בלוטיגע געזעצען זיינען איינגעפיהרט געוואָרען געגען די בעטלער". (און דאָך איז איהר בעפעלקערונג דעמאָלט ניט געוועזען אַ פערטעל פון דעם וואָס זי איז היינט.) „עדוואַרד האָט פערבאָטען צו געבען נדבות און געדראָהט דערפאַר מיט געפענגניס־שטראָף... די געזעצען פון 1547 און 1656 שרייבען פאָר אַן עהנליכע שטראָף פאַר די וואָס זיינען עובר דעם געזעץ אַ צווייטען מאָל. — עליזאַבעט בעפעהלט, אַז יעדער בעצירק זאָל שטיצען זיינע פּאָופּערס. אָבער וואָס איז אַ פּאָופּער? טשאַרלז דער צווייטער בעשטימט, אַז אויב איינער

וואוינט אין אַ פּלאַץ 40 טאָג און קיינער דיספּוטירט ניט דעם פאַקט, רעכענט זיך אזעלכער פאַר אַ תושב אין דער געמיינדע; ווען אָבער דער פאַקט ווערט דיספּוטירט, מוז ער זיך אָבטראָגען פון דאָרטען. דזשיומס דער צווייטער האָט דעם דאָזיגען בעשלוס אביסעל געענדערט. דאָסזעלבע אויך וויליאַם. צווישען די אונטערזוכונגען. רעפאָרטען, ענדערונגען, ווערט די אָרעמקייט גרעסער, דער אַרבייטער שמאַכטעט און שטאַרבט אַוועק.

„די אָרמענשטייער אין 1774 שטייגט אַריבער 40 מיליאָן פראַנק; אין 1783, 1784, 1785 האָבען זיי געגרייכט 53 מיליאָן אַ יאָהר; אין 1813, מעהר פון 187 מיליאָן, אין 1816, 250 מיליאָן; אין 1817, שעצט מען זי אויף 317 מיליאָן.

„אין 1821 איז די צאָהל אָרעמע וואָס זיינען איינגעשריבען אין זייערע בעצירקען געווען געשאַצט אויף פיער מיליאָן. כמעט אַ דריטעל פון דער בעפעלקערונג.

„פ ר אַ נ ק ר י י ך. אין 1544 האָט פראַנסואַ דער ערשטער איינגעפיהרט אַ געצוואונגענע אָרמענשטייער. אין 1566 און 1586 דערמאָנט מען זיך אין דעם דאָזיגען פּרינציפּ און מען ווענדט איהם אָן איבער'ן גאַנצען קעניגרייך.

„אונטער לואיס דעם 12טען האָבען 40,000 פּאָופּערס פּערפּעסטעט פּאַריז. (פּראָפּאָרציאָנעל — פּונקט ווי היינט) מען האָט געשאַפען שווערע געזעצען געגען די בעטלער. אין 1749 האָט דער פּאריזער פּאַרלאַמענט אָנגעווענדעט די צוואַנגס־נדבה.

„די קאָנסטיטואירענדע פערזאַמלונג האָט זיך דערשראָקען פאַר דער גרויס פון דער נויט און דער שוועריגקייט זי גובר צו זיין און בעפעהלט דעם ס ט אַ ט ו ס ק ו ו אָ, ד"ה, אַז עס זאָל אַזוי בלייבען, ווי עס איז. די קאָנווענציאָן פּראָקלאַמירט אַלס אַ נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ן ח ו ב די אונטערשטיצונג פון די אָרימע. — איהר געזעץ בלייבט ניט דורכגעפיהרט.

„נאַפּאָלעאָן וויל אויך היילען די וואונד; זיין פּלאַן איז — פערשפּאַרען די קבצנים אין טורמע. 'דערמיט', האָט ער געזאָגט, 'וועל איך דעם העסליכען בילד פון עלענדער אָרימקייט'. אָה, וואונדערבאַרער מענש!"

פון דיזע פאַקטען, וועלכע איך וואָלט געקאָנט פערמעהרען נאָך ווייטער, זיינען צוויי זאַכען געדרונגען. ראשית, אַז אָרעמקייט איז ניט אָבהענגיג פון דער צ אָ ה ל פון דער בעפעלקערונג; און צווייטענס, אַז אַלע מיטלען וואָס מען האָט פּרובירט אויסצובעסערן די לאַגע זיינען געבליבען אָהן ערפאָלג.

דער קאַטאָליציזם האָט געגרינדעט האָספּיטעלער, מאָנאַסטירען און האָט געהייסען געבען צדקה; דאָס הייסט, ער האָט ערמונטערט

בעטלעריי: זיין גייסט, ווי ער איז געווען אויסגעדריקט פון די גייסטליכע, האָט ווייטער ניט געגרייכט.

די וועלטליכע מאכט פון די קריסטליכע נאציאָנען האָט איינמאָל ארויפגעלעגט א שטייער אויף די רייכע, דאָס אנדערע מאָל פּרובירט ארויסטרייבען און פארשפּארען די קבצנים; דאָס הייסט, פון איין זייט, א פערברעכען געגען רעכט פון אייגענטום, פון דער צווייטער זייט, בירגערליכער טויט און מאָרד.

די מאָדערנע עקאָנאָמיסטען בילדען זיך איין, אז דער גרונד פון אָרעמקייט איז אויסשליסליך דער איבערפלוס פון דער בעפעל־קערונג און זיי בעמיהען זיך דערפאר זי צו בעשרענקען. איינינגע פאָדערן, אז מען זאָל פערבאָטען די אָרימע חתונה צו האָבען; דאָס הייסט, נאָכדעם ווי זיי האָבען פערדאמט דעם רעליגיעזען צעליבאט, ווילען זיי איינפיהרען א צוואנגס־צעליבאט, וועלכער וועט מוזען ווערן א צעליבאט פון זנות.

אנדערע שטימען ניט איין מיט דעם דאָזיגען מיטעל, ווייל זיי מיינען, אז עס איז צו ברוטאל און נעהמט צו ביים אָרימאַן דאָס איינציגע פערגניגען וואָס ער האָט אויף דער וועלט. זיי וואָלטען איהם נאָר רעקאָמענדירט, ער זאָל זיין אויסגערעכנט; דאָס איז די מיינונג פון מאלטוס, סיסמאָנדי, סעי, דראָז, דיושאטעל א. אז. וו. אָבער אויב מען וויל, אז דער אָרעמאַן זאָל זיין אויסגערעכענט, מוז דער רייכער איהם געבען דעם ביישפּיעל. פארוואָס זאָל דאָס אלטער פאר חתונה האָבען זיין בעשטימט צו 18 יאָהר פאר איינעם און צו 30 יאָהר פאר דעם אנדערן?

דאָן וואָלט שוין געווען צייט, צו געבען אַן אָפענע ערקלערונג, וואָס זיי מיינען מיט דער הייראטס־אויסגערעכענטקייט, וועלכע זיי רעקאָמענדירען אזוי צודרינגליך דעם ארבייטער; ווייל אין דער הינזיכט קאָן מען מיט רעכט מורא האָבען פאר געפעהרליכע מיס־פערשטענדניסע, און איך האָב א פערדאכט, אז מען פערשטעהט ניט גענוג, וואָס די עקאָנאָמיסטען ווילען. איינינגע האלב־אויפגע־קלערטע גייסטליכע דערשרעקען זיך, ווען מען רעדט פון אויסגע־רעכענטקייט אין דעם פארהייראטעטען לעבען; זיי האָבען מורא, אז מען וועט זינדיגען געגען דעם הייליגען געבאָט, פּרובּ פּערט זיך און פערמעהרט זיך. אויב זיי וואָלטען געווען

קאָנסעקווענט, וואָלטען זיי געדאַרפט אריינוואַרפען אַלע בחורים אין חרם (ז. דראָז, „פּאָליטישע עקאָנאָמיע").

דראָז איז צו אַן עהרליכער מענש און צו־וועניג טעאָלאָג אום צו פערשטעהן די שרעק פון די פּלפּוליסטען, און די נאַאיווע אונוויסענהייט איז דער שעהנסטער בעווייז פון דער ריינקייט פון זיין נשמה. די רעליגיאָן האָט קיינמאָל ניט ערמוטיגט פריהע חתונות און זי פערדאַמט נאָר דעם סאָרט פּאָרזיכטיגקייט, וואָס איז אויסגעדריקט אין דעם פאָלגענדען לאַטיינישען זאַץ פון סאַושען. An licet ob metum liberorum semen extra vas ejicere? („צו מעגען פערגיסען אונפּרוכטבאַרע זרע אויס מורא פאַר קינדער האָבען").

דעסטוט דע טראַסי איז ניט איינפערשטאַנען מיט קיינע פון ביידע סאָרטען פּאָרזיכטיגקייט. ער זאָגט: „איך בין מודה, אז איך טייל פּונקט אַזוי וועניג דעם פערלאַנג פון די מאָראַליסטען, וועלכע ווילען פערמינדערן און שטערן אונזער פערגניגען, ווי דעם פערלאַנג פון אונזערע פּאָליטיקער, וועלכע ווילען מיר זאָלען זיין מעהר פרוכטבאַר און זיך וואָס גיכער פערמעהרן".

זיין מיינונג איז, אַלזאָ, אַז מען זאָל ליעבען און חתונה האָבען ווען און ווי מען וויל. די פאָלגען פון ליעבע און חתונה פערגרעסערן דעם דלות, אָבער דאָס אַרט אונזער פילאָזאָף גאַנץ וועניג. ער גלויבט פעסט און טריי אין דער דאָגמע פון דער נויטווענדיגקייט פון ליידען, און ער ערוואַרט, אַז דאָס ליידען וועט לעזען אַלע פּראָבלעמען. ער זאָגט בפירוש: „אַזוי ווי די פערמעהרונג פון מענשען געהט פאָר אין אַלע שיכטען פון יעדער געזעלשאַפט, ווערט דער איבערפלוס פון די העכערע קלאַסען אויסגעהאַלטען דורך די נידעריגע קלאַסען, און דער איבערפלוס פון די נידעריגע ווערט פערניכטעט דורך אָרימקייט". די דאָזיגע פילאָזאָפיע האָט וועניג אַנהענגער; אָבער איהר גרויסער פּאַרצוג איבער יעדער אַנדער איז דאָס, וואָס זי ווערט בעוויזען פון דער פּראַקטיק.

דאָס איז אויך די פילאָזאָפיע, וועלכע פראַנקרייך האָט ניט לאַנג צוריק געהערט אין דער דעפּוטירטען־קאַמער, ווען מען האָט דיסקוטירט איבער דער וואהל־רעפאָרם. „עס וועלען שטענדיג זיין אָרימע"; דאָס איז דער פּאָליטישער אַפאָריזם, מיט וועלכען דער מיניסטער האָט מבטל געווען די אָרגאַ־

מענטשן פון אָראַנזש. עס וועלען שטענדיג זיין אָרימע! אַוודאי, כל זמן ס'איז דאָ אייגענטום!

די פוריעריסטען, — די ערפינדער פון אַזוי פיעל וואונדערבאַרע זאַכען, האָבען אויך ביי דער געלעגענהייט ניט געקאָנט פאַרלייקענען זייער כאַראַקטער, און האָבען ערפונדען פיער מיטלען, ווי אַזוי אָבצוהאַלטען, מיט'ן אייגענעם ווילען, די פערמעהרונג פון דער בעפעלקערונג.

1. שטאַרק־קרעפטיגע פרויען. די ערפאַהרונג איז געגען זיי אין דעם פונקט; וואָרים אויב אפילו געזונדע פרויען זיינען וועניגער עלול צו ווערן תיכף שוואַנגער, געבוירען זיי אָבער די געזינדסטע קינדער, אַזוי אַז זיי האָבען דעם פאָרטייל פון מוטערשאַפט.

2. אינטעגראַלע איבונגען, אָדער גלייכע ענטוויקלונג פון אַלע פיזישע אייגענשאַפטען. אויב די ענטוויקלונג איז גלייך, ווי אַזוי וועט דאָס פערמינדערן די פראָדוקטיווע קראַפט?

3. דער גאַסטראָזאָפישער רעזשים, אויף פשוטען לשון, די פילאָזאָפיע פון דער קישקע. די פוריערים־טען בעהויפטען, אַז די שטאַרקע און פיינע נאַהרונג וואָלט געמאַכט די פרויען אונפרוכטבאַר, פונקט אַזוי ווי אַן איבערפלוס פון זאַפטען מאַכט די בלומען שעהנער און רייכער, אָבער עס פערניכטעט זייער רעפּראָדוקטיווע קראַפט. אָבער די אַנאַלאָגיע איז אַ פאַלשע. די בלומען זיינען עקרות, ווען די שטויב־בעכער ווערן פערוואַנדעלט אין בלומען־בעכער, ווי מען קען זיך איבערצייגען, ווען מען בעטראַכט אַ רויז, און ווען דער פרוכטבאַרער שטויב האָט פערלוירען זיין קראַפט צוליב צופיעל פייכטקייט. אַלזאָ, כדי דער „גאַסטראָזאָפישער רעזשים" זאָל ברענגען די געווינשטע רעזולטאַטען, איז ניט גענוג פעט צו מאַכען די פרויען, מען מוז אויך מאַכען אימפּאָטענט די מאַנסבילען.

4. פאַנעראָגאַמישע זיטען, אָדער אַלגעמיינע פּראָסטיטוציע. איך ווייס ניט וואָרום די פוריעריסטען געברויכען גריכישע ווערטער פאַר אידעען, וואָס מען קאָן זעהר גוט אויסדריקען אין אַ פּראָסטער שפּראַך. די מעטאָדע ווי די פריהערדיגע, איז אַ נאָכאַהמונג פון דאָס, וואָס געשעהט שוין אין דער ציוויליזירטער וועלט: פוריע אַליין ציטירט — אַלס ביישפּיעל — די

עפּענטליכע פּרויען, אָבער די פֿאַקטען וואָס ער פיהרט אָן זיינען נאָך גאָר ניט אזוי זיכער. אַזוי זאָגט גאַנץ קלאָר דיושאַטעל אין זיין בוך „איבער פּראָסטיטוציאָן“.

לויט אַלע ידיעות, וואָס איך האָב געקאָנט זאַמלען, געפין איך, אַז אַלע מיטלען אַנטגעגען פּאָופּעריזם און פרוכטבאַרקייט, וואָס זיינען סאַנקציאָנירט געוואָרן דורך דער אַלגעמיינער פּראַקטיק, פון דער פילאָזאָפיע, פּאָליטישער עקאָנאָמיע און פון די נייעסטע ־עפּאָרמאַטאָרען, קאָן איבערגעגעבן ווערן בקיצור אין דעם פּאָלגענ־־ען צעטעל: מאַסטורבאַציע, אָנאַניזם, משכב זכר, לעזבישע ליעבע, פּיעל־מענעריי, פּראָסטיטוציע, קאַסטראַציע (סריסות), אָבהאַלטען זיך פון געשלעכטליכען פערקעהר, מאַכען אַבאָרציעס און קינדער־מאָרד*). אַזוי ווי אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז אַט די אַלע מעטאָדען פערפעהלען זייער צוועק, בלייבט נאָר איבער דער פערבאָט צו קינדלען.

לײַדער פערקלענערט טאַקע דער פערבאָט די צאָהל פון די אָרימע, אָבער ער פערגרעסערט זייער פּראָפּאָרציע. אויב די צינזען, וואָס דער אייגענטימער רעכענט אַרויף אויף'ן פּראָדוקט, איז גלייך נאָר צו אַ 20 טייל פון דעם פּראָדוקט, (לויט'ן געזעץ איז עס אַ צוואַנציגסטעל פון קאַפּיטאַל), קומט אויס, אַז 20 אַרבייטער פּראָדוּצירן נאָר פאַר 19, ווייל עס געפינט זיך צווישען זיי איינער, דער אייגענטימער, וואָס עסט אויף דעם חלק פון צוויי זייערע. לאָמיר אָננעהמען, אַז דער 20יגסטער אַרבייטער, דער קבצן, ווערט געטויטעט: די פּראָדוקציאָן פון נעקסטען יאָהר וועט זיין קלענער מיט אַ צוואַנציגסטעל; פּאָלגליך וועט דער ניינצעהנטער מוזען אַוועקגעבען זיין חלק און אונטערגעהן. ווייל אַזוי ווי עס איז ניט דאָס

*) קינדער־מאָרד איז אונלענגסט עפענטליך פערטיידיגט געוואָרן אין ענגלאַנד, אין אַ בראָשור געשריבען פון מאַלטוס'עס אַ תלמיד. ער שלאָגט פאָר אַ „יעהריכע הריגה פון די אונשולדיגע“ אין אַלע פאַמיליען, וועלכע האָבען מעהר קינדער איידער דאָס געזעץ ערלויבט; און ער פאָדערט מען זאָל בעשטימען אַ ספּעציעלען בית־עולם, בעפּוצט מיט סטאַטועטען, פאַנטאַנען און בלומען, פאַר די דאָזיגע איבערפליסיגע קינדער. מוטערס וועלען בעזוכען דעם דאָזיגען פּראַכטפאָלען פּלאַץ צו פאַנטאַזירען וועגען דער גליקזעליגקייט פון די קליינע מלאכים'לעך, און אומקעהרענדיג זיך אַהיים געטרייסטע, וועלען זיי געבעהרען אַנדערע קינדערלעך — אויך בעגראָבען צו ווערן.

20טעל פון פראָדוקט פון 19, וואָס מוז בעצאָהלט ווערן דעם אייגעטימער, נאָר א 20טעל פון פראָדוקט פון 20 (זעה דריטער זאַץ), איז עס א 20טעל פלוס א 400טעל פון זיין פראָדוקט, וואָס יעדער איבערלעבענדער ארבייטער מוז אװעקגעבען; מיט אנדערע ווערטער, מען מוז טויטען יעדען 19טען מענשען. דערפון איז געדרונגען, אז ביים סיסטעם פון אייגענטום וואָס מעהר קבצנים מען הרג'עט, ווערן זיי פראָפּאָרציאָנעל אלץ מעהר.

מאלטוס, וועלכער האָט אזוי גרינדליך איבערצייגט, אז די בעפעלקערונג וואקסט אין געאָמעטרישער פראָגרעסיאָן, בעת די פראָדוקציאָן וואקסט בלויז אין אן אריפמעטישער, האָט ניט בעמערקט די פּאָופּעריזירונג קראפט, וואָס דאָס אייגענטום בעזיצט. ווען ער וואָלט דאָס בעמערקט, וואָלט ער פערשטאנען, אז איידער מען געהט זוכען מיטלען צו פערקלענערן די פריה ורביה, מוז מען פריהער אָבשאפען דאָס צינז רעכט. ווייל דאָרט וואו דאָס דאָזיגע רעכט איז געדולדעט, מעג די ערד זיין ווי גרויס און רייך, וועלען שטענדיג זיין צופיעל איינוואוינער.

מען וועט מיך אפשר פרעגען, וועלכען מיטעל איך וואָלט פאָרגעשלאָגען אויפצוהאלטען דעם גלייכגעוויכט צווישען דער בעפעלקערונג און דער פראָדוקציאָן; ווייל פריהער אָדער שפּעטער וועט מען דאָס דאָזיגע פראָבלעם מוזען לעזען. דער לעזער מעג מיר ערלויבען ניט אָנרופען מיין מיטעל. ווייל, לויט מיין מיינונג, איז דאָס זאָגען אָהן בעווייזען ווערטהלאָז. איך וואָלט געמוזט אָנשרייבען א גאנצע אָבהאנדלונג, כדי צו ערקלערען מיין מיטעל. עס איז עפּעס א זאַך, וואָס איז אי איינפאַך, אי גרויס, אזוי פשוט און דאָך אזוי אויסערגעוועהנליך, אזוי אמת און אזוי מיספערשטאנען, אזוי הייליג און אזוי וואָכעדיג, אז גלאט ארויסזאָגען עס און ניט ענטוויקלען און בעווייזען עס, וואָלט בלויז געפיהרט צו פעראכטונג און צו צווייפעל. לאָמיר זיך דערווייל בעגנוגען מיט איין זאַך. לאָמיר איינפיהרען גלייכהייט און דאָס מיטעל וועט באלד קומען; וואָרים די אמת'ען פאָלגען־נאָך איינער דעם אנדערן פונקט אזוי ווי די טעות'ן און די פערברעכען.

# זעקסטער זאַץ

אייגענטום איז אונמעגליך, ווייל עס איז די מוטער פון טיראַניי.

1. וואָס איז רעגירונג? רעגירונג איז די עפּענטליכע עקאָנאָמיע, די העכסטע פערוואַלטונגס־קראַפט איבער די עפּענטליכע אַרבייטען און דעם נאַציאָנאַלען פערמעגען.

אָבער די נאַציאָן איז ווי אַ גרויסע געזעלשאַפט, אין וועלכער יעדער בירגער איז אַן אַקציאָנער. יעדערער האָט שטימרעכט אין דעם ראַטה און אויב די אקציעס זיינען גלייך, האָט ער איין שטימע. אָבער אונטער דעם רעזשים פון אייגענטום זיינען די חלקים פון די אַקציאָנערן זעהר ניט קיין גלייכע; אַזוי אַז איינער קאָן האָבען עטליכע הונדערט שטימען, און אַ צווייטער האָט נאָר איין שטימע. צום ביישפּיעל, אויב איך האָב אַ מיליאָן הכנסה, דאָס הייסט אויב איך בין דער אייגענטימער פון אַ פערמעגען פון 30, 40 מיליאָן, וואָס טראָגען גוטע צינזען, און אויב דאָס פערמעגען בילדעט אַ 30,000טעל טייל פון דעם נאַציאָנאַלען קאַפּיטאַל, איז עס קלאָר, אַז די עפענטליכע פערוואַלטונג פון מיין פערמעגען מאַכט אויס אַ 30,000טעל פון די פליכטען פון דער רעגיערונג, און אויב די נאַציאָן צעהלט אַ בעפעלקערונג פון 34 מיליאָן, האָב איך אַליין אַזוי פיעל שטימען וויפיעל 1,133 פּשוטע אַקציאָנערען.

אַזוי, אַז ווען אַראַגאָ פערלאַנגט דאָס וואַהלרעכט פאַר אַלע מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַל גאַרד, איז ער פאַלשטענדיג גערעכט, ווייל יעדער בירגער איז פערשריבען לפּחות פאַר איין נאַציאָנאַלע אַקציע, וועלכע גיט איהם דאָס רעכט אויף איין שטימע. אָבער דער בעריהמטער רעדנער האָט געזאָלט אין דערזעלבער צייט פערלאַנגען, אַז יעדער וועהלער זאָל האָבען אַזוי פיעל שטימען וויפיעל ער האָט אַקציעס, ווי מיר זעהן דאָס אין דער פּראַקטיק פון די האַנדעלס־געזעלשאַפטען. ווייל אַנדערש וואָלט עס געהייסען בעהויפּטען, אַז אַ נאַציאָן האָט אַ רעכט צו טהאָן וואָס זי וויל מיט די פערמעגענס פון די יחידים, ניט פרעגענדיג קיין עצה ביי זיי, און דאָס איז דאָך גענען דעם אייגענטום רעכט. אין אַ לאַנד פון

אייגענטום איז די גלייכהייט פון שטימרעכט א פערברעכען געגען דעם אייגענטום.

אָבער, אויב די סואווערעניטעט דאַרף ניט און קאָן ניט געגעבען ווערן צו דעם איינצעלנעם בירגער אנדערש ווי לויט דער פּראָפּאָרציע פון זיין פערמעגען, פאָלגט דערפון, אז די קליינע אקציאָנערן זיינען אין גאנצען אין די הענד פון די גרויסע, וועלכע קאָנען, ווייבאלד עס גלוסט זיך זיי, טהאָן מיט זיי וואָס זיי ווילען, מאכען זיי פאר שקלאַפען, זיי חתונה מאכען, אָדער אוועקנעהמען זייערע ווייבער, מאכען זייערע זיהן פאר סריסים, פּראָסטיטואירען זייערע טעכטער, וואַרפען זייערע זקנים אין וואסער אריין, — און לסוף וועלען זיי אפילו זיין געצוואונגען דאָס צו טהאָן צו זיך אליין, סיידען זיי וועלען פּאָרציהען צו בעשטייערן זיך אליין, כדי אויסצוהאלטען זייערע דיענער. דאָס איז די לאַגע, אין וועלכער גרויס־בריטאַניען געפינט זיך היינט. דזשאָן בולל, וועלכער איז א קנאַפּער ליעבהאָבער פון פרייהייט, גלייכהייט, אָדער זעלבסטווירדע, ציהט פאָר צו דיענען און בעטלען; אָבער דו, פריינד זשאַק?

אייגענטום געהט ניט צוזאַמען מיט פּאָליטישער און בירגערליכער גלייכהייט, פאָלגליך איז אייגענטום אונמעגליך.

היסטאָרישער פירוש. 1. — ווען די גענעראַל־שטענדען האָבען אין 1789 בעשלאָסען די „פערדאָפּלונג פון דעם דריטען שטאנד", ד. ה., אז דער דריטער שטאנד זאָל האָבען דיזעלבע צאָהל דעפּוטאַטען ווי דער אדעל און די גייסטליכקייט צוזאַמען, האָבען זיי בעגאנגען א פערברעכען געגען דעם אייגענטום. דער אדעל און די קירך האָבען געהאַט אין זייער בעזיץ דריי פערטעל פון דעם גרונד און באָדען פון פראנקרייך; האָבען זיי געזאָלט קאָנטראָלירען דריי פערטעל שטימען פון דער נאַציאָנאַלער פערטרעטונג. די „פערדאָפּלונג פון דעם דריטען שטאנד" איז געווען גערעכט, זאָגט מען, ווייל דאָס פאָלק צאָהלט כמעט די גאנצע שטייערן. דאָס וואָלט געווען א גוטער גרונד, ווען עס וואָלט זיך בלויז געהאנדעלט צו שטימען וועגען שטייערן; אָבער די פראַגע איז דאָן געווען וועגען רעפאָרמירען די רעגירונג און די קאָנסטיטוציע; פאָלגליך איז די „פערדאָפּלונג פון דריטען שטאנד" געווען א מאכט־פערכאַפּונג און אן אָנפאַל אויפ'ן אייגענטום.

2. ווען די איצטיגע פערטרעטער פון דער ראַדיקאַלער

אָפּאָזיציאָן וואָלטען בעקומען אין זייערע הענד די מאַכט, וואָלטען זיי דורכגעפיהרט אַ רעפאָרם, דורך וועלכער יעדער נאַציאָנאַלער גאַרדיסט וואָלט געוואָרן אַ וועהלער, און יעדער וועהלער וועהלבאַר פאַר אַן אמט, — וויעדער אַן אָנפאַל אויף דעם אייגענטום.

זיי וואָלטען קלענער געמאַכט די פּראָצענטען־ראַטע אויף שטאַאַט־הלוואות: אַן אָנפאַל אויף דעם אייגענטום.

זיי וואָלטען, אין די אינטערעסען פונ'ם כלל, געמאַכט געזעצען קעגען דעם אַרויספיהר פון פּיה און תבואה: אַן אָנפאַל אויף דעם אייגענטום.

זיי וואָלטען געענדערט דעם אופן פון אַרויפלעגען שטייערן: אַן אָנפאַל אויף דעם אייגענטום.

זיי וואָלטען פערשפּרייט בילדונג אָהן געצאָהלט צווישען פאָלק: אַ פערשוועהרונג געגען דעם אייגענטום.

זיי וואָלטען אָרגאַניזירט די אַרבייט, ד. ה., זיי וואָלטען גאַראַנטירט דעם אַרבייטער אַרבייט, און געמאַכט אַז ער זאָל האָבען אַ טייל פון די פּראָדוקטען: אַן אָבשאַפונג פון דעם אייגענטום.

אָבער דיזעלבע ראַדיקאַלען זיינען הייסע פערטיידיגער פון דעם אייגענטום: און דאָס איז אַ גרינדליכער בעווייז, אַז זיי ווייסען ניט, וואָס זיי טהוען און וואָס זיי ווילען.

3. אַזוי ווי דאָס אייגענטום איז די הויפּט אורזאַך פון פּריווילעגיען און דעספּאָטיזם, וואָלט די פאָרמולע פון דער רעפּובליקאַנישער שבועה געדאַרפט געביטען ווערן. אַנשטאָט: א י ך ש ו ו ע ר ה א ס צ ו ד ע ם ק ע נ י ג ט ו ם, וואָלט דער וואָס טרעט אַריין אין אַ געהיימער געזעלשאַפט געדאַרפט זאָגען: א י ך ש ו ו ע ר ה א ס צ ו ד ע ם א י י ג ע נ ט ו ם.

# זיבעטער זאַץ

**אייגענטום איז אונמעגליך, ווייל בשעת עס קאָנסומירט די צינזען, וואָס עס בעקומט, געהען זיי לאיבוד פאַר איהם; ווען עס שפּאָרט זיי, פערניכטעט עס זיי; און ווען עס קאַפּיטאַליזירט דעם געווין, מאַכט עס פון איהם אַ וואָפען געגען דער פּראָדוקציאָן.**

1. ווען מיר בעטראַכטען, צוזאַמען מיט די עקאָנאָמיסטען, דעם אַרבייטער אַלס אַ לעבעדיגע מאַשין, מוזען מיר קוקען אויף

דעם געהאַלט, וואָס ער קריגט, ווי אויף די נויטווענדיגע הוצאות אויסצוהאַלטען און רעפּאַרירען די דאָזיגע מאַשינען. א פאַבריקאַנט, וועלכער בעשעפטיגט אַרבייטער צו 3, 5, 10 און 15 פראַנק א טאָג, און וועלכער רעכענט 20 פראַנק א טאָג פאַר זיך אַלס הויפּט־אויפזעהער, בעטראַכט ניט די שכירות, וואָס ער צאָהלט אויס, אַלס פערלוסטען, ווייל ער ווייס, אַז זיי וועלען זיך צוריקקעהרען צו איהם אין דער פאָרם פון פּראָדוקטען. *פאָלגליך איז אַרבייט און רעפּראָדוקטיווער קאָנסום דיזעלבע זאַך.*

וואָס איז אַן אייגענטימער? עס איז א מאַשין, וועלכע פונקציאָנירט ניט; אָדער, אויב זי פונקציאָנירט יאָ פאַר איהר אייגענעם פערגניגען און נאָר ווען עס ווילט זיך איהר, פּראָדוצירט זי גאָרנישט.

וואָס הייסט קאָנסומירען אַלס אַן אייגענטימער? דאָס הייסט קאָנסומירען ניט אַרבייטענדיג, קאָנסומירען ניט רעפּראָדוצירענדיג. ווייל, מיר וועלען עס נאָך אַמאָל ווידערהאָלען, וואָס דער אייגענ־טימער קאָנסומירט אַלס אַרבייטער, קעהרט זיך איהם אום צוריק; ער גיט ניט זיין אַרבייט אַלס אויסטויש פאַר זיין אייגענטום, ווייל אויב ער וואָלט דאָס געטהאָן, וואָלט ער דערמיט אויפגעהערט צו זיין אַן אייגענטימער. ווען ער קאָנסומירט אַלס אַרבייטער, פער־דיענט דער אייגענטימער, אָדער לכל הפּחות, ער פערליערט ניט, ווייל ער קריגט עס צוריק; קאָנסומירט ער אָבער אַלס אַן אייגענ־טימער — ווערט ער אָרימער. כדי צו געניסען פון אייגענטום, מוז מען עס פערניכטען; כדי צו זיין א ווירקליכער אייגענטימער, מוז מען אויפהערען צו זיין אַן אייגענטימער.

דער אַרבייטער, וועלכער קאָנסומירט זיין לוין, איז א מאַשין, וואָס פערניכטעט און רעפּראָדוצירט; דער אייגענטימער, וואָס פערצעהרט זיין איינקונפט, איז ווי א תהום אָהן א גרונט — זאַמד וואָס מען בעגיסט, א שטיין אויף וועלכען מען זעעט. דאָס איז אַזוי ריכטיג, אַז דער אייגענטימער, וועלכער וויל ניט אָדער קאָן ניט פּראָדוצירען, און וועלכער פיהלט, אַז אין דער מאָס, וואָס ער געברויכט זיין אייגענטום, פערניכטעט ער עס אויף אייביג, האָט זיך בעוואָרענט, אַז אימיצער אַנדערש זאָל פּראָדוצירען פאַר איהם. דאָס איז וואָס די פּאָליטישע עקאָנאָמיע, רעדענדיג אין נאָמען פון

דער איבּיגער גערעכטיגקייט, רופט אָן: פּראָדוצירען דורך זיין קאַפּיטאַל, פּראָדוצירען דורך זיין אינסטרומענט. דאָס זאָל מען אייגענטליך אָנרופען: פּראָדוצירען דורך אַ שקלאַף, פּראָדוצירען אַלס אַ גנב און אַ טיראַן. ער, דער אייגענטימער פּראָדוצירט!... אַזוי קאָן אויך דער גנב זאָגען: „איך פּראָדוציר“.

דער קאָנסום פון דעם אייגענטימער איז אָנגערופען געוואָרען לוקסוס אין געגענזאַץ צו דעם נוצליכען קאָנסום. פון דעם, וואָס מיר האָבען פריהער געזאָגט, קאָן מען זעהן, אַז אין אַ נאַציאָן קאָן עקזיסטירען אַ גרויסער לוקסוס און ס'זאָל גאָר ניט זיין קיין סימן פון איהר רייכטום; אַז די אָרימקייט קאָן אַפילו ווערן גרעסער מיט'ן לוקסוס, און פערקעהרט. די עקאָנאָמיסטען (מיר מוזען זיי געבען קרעדיט ווענינגסטענס דערפאַר) האָבען איינגעפלאַנצט אַזאַ האַס געגען לוקסוס, אַז ס'איז היינט פאַראַן אַ גרויסע צאָהל אייגענטימער, אויב ניט כמעט אַלע, וואָס שעהמען זיך מיט זייער פוילקייט, אַרבּייטען, שפּאָרען און קאַפּיטאַליזירען. דאָס הייסט געשפּרונגען פון דער פאַן אין פייער אַריין.

איך קאָן עס ניט אָפּט גענוג איבּער'חזר'ן: דער אייגענטימער, וואָס גלויבט, אַז ער פערדיענט זיין הכנסה דורך אַרבּייט, און וואָס קריגט שכירות פאַר זיין אַרבּייט, איז אַן אָנגעשטעלטער, וועלכער לאָזט זיך בעצאָהלען דאָפּעלט; דאָס איז דער גאַנצער אונטערשייד צווישען דעם אייגענטימער וואָס אַרבּייט, און דעם וואָס אַרבּייט ניט. דורך זיין אַרבּייט פּראָדוצירט דער אייגענטימער נאָר זיין געהאַלט, ניט זיין איינקאָמען. און אַזוי ווי זיין לאַגע גיט איהם די מעגליכקייט זיך צו פערנעהמען מיט די בעסטבעצאָהלטע בעשעפטיגונגען, קאָן מען זאָגען, אַז דעם אייגענטימער'ס אַרבּייט איז מעהר שעדליך ווי נוצליך פאַר דער געזעלשאַפט. וואָס דער אייגענטימער זאָל ניט טהאָן, איז דער קאָנסום פון זיינע הכנסות אַן אמת'ער פערלוסט, וועלכע ווערען ניט ערזעצט אָדער פערענטפערט דורך זיינע בעצאָהלטע אַרבּייטען, און וועלכע וואָלטען דאָס אייגענטום פערניכטעט, ווען עס וואָלט ניט שטענדיג ערזעצט געוואָרען דורך פרעמדע פּראָדוקציאָן.

2. דער קאָנסומירענדער אייגענטימער פערניכטעט, אַלזאָ, דעם

פראָדוקט: און עס איז נאָך ערגער, ווען ער נעהמט זיך צום שפּאָ־רען. די זאכען, וואָס ער לעגט אָב אָן א זייט — געהען אוועק אין אַן אַנדער וועלט; מען זעהט זיי קיינמאָל ניט מעהר צוריק, אפילו ניט די מיסט וואָס פערבלייבט. ווען מיר וואָלטען געקאָנט ווי עס איז זיך דערשלעפּען צו דער לבנה, און ווען עס וואָלט זיך די אייגענטימער מיט אמאָל פערגלוסט אריבערפיהרען אהין זייערע אָבשפּאָרונגען, וואָלטען זיי אין א צייט ארום אריבערגעטראָגען אונזער גאַנצען פּלאַנעט אויף איהר בעגלייט־פּלאַנעט, די לבנה!

דער אייגענטימער, וואָס שפּאָרט, הינדערט אַנדערע צו געני־סען און געניסט אַליין ניט. פאַר איהם איז עס ניט קיין בעזיץ, און ניט קיין אייגענטום. ווי א גייציגער זיצט ער אויף זיין אוצר און געברויכט איהם ניט. ער קאָן הנאה האָבען קוקענדיג אויף איהם; ער קאָן זיך לעגען מיט איהם; ער קאָן זיך ארומכאַפּען מיט איהם אין שלאָף; אָבער וואָס ער זאָל ניט טהאָן, מטבעות גע־בערן ניט קיין מטבעות. עס איז ניטאָ קיין פאַלשטענדיגער אייגענ־טום אָהן געניס, קיין געניס אָהן קאָנסום, קיין קאָנסום אָהן פערלוסט פון אייגענטום; דאָס איז דער אייזערנער געזעץ, מיט וועלכען גאָט האָט געשטראָפט דעם אייגענטימער. א פלוך אויפ'ן אייגענטום!

3. דער אייגענטימער, וועלכער קאַפּיטאַליזירט זיינע איינ־קונפטען אנשטאָט זיי צו געניסען, געברויכט זיי געגען דער פראָדוק־ציאָן און מאַכט דערמיט אונמעגליך דאָס אויסאיבען פון זיין אייגען רעכט. ווייל וואָס העכער ער שרויפט־ארויף דעם צינז, איז ער אַלץ מעהר געצוואונגען צו פערקלענערן די שכירות; אָבער וואָס מעהר ער פערקלענערט די שכירות, דאָס הייסט, וואָס מעהר ער עקאָנאָמיזירט ביים אויסהאַלטען און רעפּארירען די מאַשינען, פערמינדערט ער אויך די קוואַנטיטעט פון ארבייט, און מיט דער קוואַנטיטעט פון ארבייט, די קוואַניטעט פון פראָדוקט, און דערמיט שוין דעם קוואַל פון זיינע איינקונפטען. דער פאָלגענ־דער ביישפּיעל וועט דאָס ערקלערען.

לאָמיר זיך פאָרשטעלען א גוט, וואָס בעשטעהט פון אקער־פעלדער, לאָנקעס, וויינגאָרטענס, די הייזער פון דעם בעל־הבית און דעם פאַכטער, וואָס איז ווערטה צוזאמען מיט'ן אינווענטאר 100,000 פראַנק און די צינז־ראַטע איז 3 פּראָצענט. אויב דער אייגענטימער וואָלט אנשטאָט צו פערברויכען זיין איינקאָמען, דאָס

געברויכט, ניט אויף צו פערגרעסערן זיין גוט, נאָר צו פערשעה־נערן איהם, וואָלט ער געקאָנט פערלאַנגען פון פאַכטער 90 פראַנק מעהר א יאָהר פאַר די 3,000 פראַנק, וואָס ער האָט ארייגעלעגט אין דעם גוט? געווים נים; וואָרים אונטער די אומשטענ־דען וואָלט דער פאַכטער, וועלכער קאָן ניט פּראָדוצירן מעהר ווי פריהער, באַלד געמוזט ארבייטען פאַר גאָרנישט, — וואָס זאָג איך? ער וואָלט פאַקטיש געמוזט פערלירען כדי אָנצוהאַלטען די פאַכט.

און ווירקליך, די הכנסה קאָן זיך פערגרעסערן נאָר מיט דער פערגרעסערונג פון פּראָדוקטיוועז באָדען. מויערן א מאַרמאָרנע וואַנט און אַקערן מיט א גאָלדענעם אַקער־אייזען ברענגען קיין נוצען נים. אָבער אזוי ווי עם איז אונמעגליך צו זאַמלען אָהן אויפהער, צולייגען איין נחלה צו דער צווייטער, „פאַרטצוזעצען דעם בעזיץ", ווי די לאַטיינער פלעגען זאָגען, און אזוי ווי דער אייגענטימער האָט אלע מאָל געגוג מיטלען מיט וואָס צו קאַפּיטאַליזירען, איז די פּאָלגע דערפון, אז די אויסאיבונג פון זיין רעכט ווערט סוף כל סוף אונמעגליך פאַר איהם.

אָבער טראָץ דער אונמעגליכקייט, קאַפּיטאַליזירט זיך דאָס אייגענטום דאָך און דורך דער קאַפּיטאַליזירונג וואַקסען זיינע פּראָצענטען. איך וויל זיך ניט אָבשטעלען אויף די ספּעציעלע פעלען, וואָס קומען פאַר אין מסחר, פאַבריקאַציע און באַנק־געשעפ־טען, נאָר איך וועל ברענגען א וויכטיגערן פאַקט, וועלכער גרייפט דירעקט אָן אַלע בירגער: איך מיין דעם אונענדליכען וואַקסען פונ'ם בודזשעט.

די שטייערן ווערן יעדעס יאָהר העכער. עס וואָלט געווען שווער צו זאָגען אין וועלכען רעגירונג דעפּאַרטאַמענט די אויסגאַבען וואַקסען; וואָרים וועה קאָן זיך בעריהמען, אז ער פערשטעהט עפּעס אין א בודזשעט? די פעהיגסטע פינאַנסיסטען שטימען ניט איין אין דעם פּונקט. וואָס זאָל מען, פרעג איך אייך, דענקען וועגען דער וויסענשאַפט פון רעגירונג, ווען אפילו די מייסטערס פון דער דאָזיגער וויסענשאַפט פערשטעהען ניט איינער דעם אַנדערן? וואָס עס זאָל ניט זיין די דירעקטע אורזאַך פון דעם וואַקסען פון דעם בודזשעט, אָבער עם איז זיכער, אז די שטייערן שטייגען אַלץ העכער און העכער, ביז צו פערצווייפלונג. יעדער זעהט עס, יעדער אנער־

קענט עס, אָבער קיינער הפּנים זעהט ניט די הויפּט זאַך. איך זאָג, אז דאָס קאָן ניט זיין אַנדערש, אז עס מוז אזוי זיין, און מען קאָן עס ניט אויסמיידען.

אַ נאַציאָן איז דער פאַכטער פון אַ גרויסען אייגענטימער, וואָס מען רופט אָן די ר ע ג י ר ו נ ג, וועמען זי צאָהלט פאַר דער בענוצונג פון באָדען אַ פאַכט־רענטע, וואָס מען רופט אָן ש ט י י ע ר ן. יעדעס מאָל, וואָס די רעגירונג מאַכט אַ מלחמה, פערלירט אָדער געווינט אַ שלאַכט, בייט איבער די אויסשטאַטונג פון דער אַרמעע, שטעלט אויף אַ מאָנומענט, גראָבט אַ קאַנאַל, שניידט דורך אַ וועג אָדער בויט אַן אייזענבאַהן, באָרגט זי געלד, פאַר וועלכען די בירגער צאָהלען פּראָצענט; דאָס הייסט, די רעגי־רונג, ניט פערגרעסערנדיג איהר פּראָדוקטיווע מעגליכקייט, פערגרע־סערט איהר אקטיווען קאפּיטאַל, — מיט איין וואָרט, זי קאפּיטאַ־ליזירט אויף'ן זעלבען אופן ווי דער אייגענטימער, פון וועלכען איך האָב אקאָרשט גערעדט.

איינמאָל אז די רעגירונג'ס הלואה איז שוין גע'חתמ'עט און די צינזען זיינען בעשטימט, קאָן דער בודזשעט ניט ווערן קלענער. ווארים כדי דאָס צו פּועל'ן, וואָלטען ענטוועדער די קאפּיטאַליסטען געמוזט שענקען זייערע פּראָצענטען, וואָס קאָן ניט געשעהן אָהן אַן אָבזאָגען זיך פונ'ם אייגענטום; אָדער די רעגיערונג מוז באַנקראָ־טירען, און דאָס וואָלט געווען אַ שווידערליכע פערנייגונג פון פּאָלי־טישען פּרינציפּ; אָדער זי מוז בעצאָהלען די הלואה, און דאָס קאָן זי טהאָן נאָר דורך אַ נייע הלואה; אָדער זי מוז פערקלענערן די אויסגאַבען, וואָס איז אונמעגליך, ווארים די הלואה איז דאָך געמאַכט געוואָרן דערפאַר, ווייל די געוועהנליכע הכנסות זיינען ניט געווען גענוג; אָדער די געלדער, וואָס די רעגירונג האָט אויפ־גענעבען, מוזען ווערן רעפּראָדוקטיוו, און דאָס קאָן נאָר פאָרקומען דורך אַ פערגרעסערטער פּראָדוקטיווער פעהיגקייט — אַ תנאי, וואָס איז אָבער נעגען דער השערה; אָדער, ענדליך, די שטייער־צאָהלער מוזען נעהמען אויף זיך אַ נייעם שטייער כדי צו בעצאָהלען די הלואה — אַן אונמעגליכע זאַך. ווארים אויב דער נייער שטייער וועט ארויפגעלעגט ווערן אויף אַלע בירגער גלייך, וועלען אַ העלפט אָדער מעהר ניט זיין בכח צו צאָהלען; אויב נאָר די רייכע וועלען עס דארפען טראָגען, וועט עס זיין אַ צוואַנגס־שטייער — אַן אָנגריף

אויף אייגענטום. א לאַנגע פינאַנץ־ערפאַהרונג האָט בעוויזען, אַז די מעטאָדע פון הלוואות, הגם זעהר געפעהרליך, איז דאָך דער בעקוועמסטער, זיכערסטער און ביליגסטער פון אַלע מעטאָדען; פּאַלגליך טהוט די רעגירונג און באַרגט — דאָס הייסט, זי האַלט אין איין קאַפּיטאַליזירן — און פערגרעסערט דעם בודזשעט.

אַלזאָ, אַנשטאָט ער זאָל ווען עס איז קלענער ווערן, מוז דער בודזשעט על פּי נויט שטענדיג גרעסער ווערן. עס איז אַ וואונ־דער, וואָס די עקאָנאָמיסטען מיט זייער גאַנצער געלעהרזאַמקייט האָבען ניט געקאָנט איינזעהן אַזאַ פּשוט'ן און קלאָרען פאַקט. אויב זיי האָבען עס יאָ איינגעזעהן, איז וואָרום האָבען זיי עס ניט פערדאַמט?

היסטאָרישער פּירוש. מען אינטערעסירט זיך די צייטען זעהר שטאַרק מיט אַ פינאַנציעלער אָפּעראַציע, פון וועל־כער מען דערוואַרט, זי זאָל פערקלענערן דעם בודזשעט. עס האַנ־דעלט זיך וועגען דעם, אַז מען זאָל ענדערן די היינטיגע צינז־ראַטע פון 5 פּראָצענט. מיר ווילען לעגען אָן אַ זייט די פּאָליטיש־לעגאַלע פראַגע און בעטראַכטען בלויז די פינאַנציעלע זייט. איז עס ניט אמת, אַז ווען מען וועט האָבען קאָנווערטירט די 5 פּראָצענט אין 4 פּראָצענט וועט מען שפּעטער דורך דערזעלבער נויטווענדיגקייט מוזען קאָנווערטירען די 4 אין 3, די 3 אין 2, נאָכהער די 2 אין 1, נאָכהער, ענדליך, אָבשאַפען יעדען סאָרט צינז? אָבער דאָס וואָלט געהייסען איינפיהרען די גלייכהייט פון אומשטענדען און די פער־ניכטונג פון אייגענטום. איך מיין, אַז עס וואָלט געווען ווירדיגער פאַר אַן אינטעליגענטער נאַציאָן פרייוויליג בעגעגענען האַלב־וועגס אַן אונפערמיידליכע רעוואָלוציאָן, איידער זיך צו לאָזען שלעפּען נאָכ'ן וואָגען פון דער אייזענער נויטווענדיגקייט.

## אַכטער זאַץ

אייגענטום איז אונמעגליך, ווייל איהר אָנזאַמלונגס־קראַפט איז אונענד־ליך, און קאָן אָנגעווענדט ווערן בלויז אויף בעשרענקטע קוואַנ־טיטעטען.

אויב מענשען, וואָס לעבען אין גלייכהייט, זאָלען בעוויליגען איינעם פון זיי דאָס אויסשליסליכע רעכט אויף אייגענטום; ווען

דער דאָזיגער איינציגער אייגענטימער וואָלט אויסגעליהען דער מענשהייט הונדערט פראַנק מיט פּראָצענט־אויף־פּראָצענט, וואָס זאָל אויסגעצאָהלט ווערן צו יורשים פון פיער און צוואַנציגסטען דור, — וואָלט די דאָזיגע סומע פון הונדערט פראַנק, אויף פינף פּראָצענט, מיט זעקס הונדערט יאָהר שפּעטער, בעטראָפען 107,854,010,777,600 פראַנק; צוויי טויזענד זעקס הונדערט זעקס און ניינציג און איין דריטעל מאָל אזוי פיעל וויפיעל עס בעטרעפט פראַנקרייך'ס קאַפּיטאַל (ווען מיר זאָלען אַננעהמען אז זי פערמאָגט 40,000,000,000), אָדער מעהר ווי צוואַנציג מאָל אזוי פיעל וויפיעל עס איז ווערטה דער ערדקוגעל!

לאָמיר זיך פאָרשטעלען, אז אַ מענש האָט געבאָרגט אין דער צייט פון דעם הייליגען לואיס הונדערט פראַנק און האָט זיי ניט צוריקגעצאָהלט, — ניט ער און ניט זיינע יורשים, — און עס קאָן בעוויזען ווערן, אז זיי האָבען עס גטהאָן מיט אַ שלעכטער כונה. לויט אונזערע געזעצען וואָלט זיין לעצטער יורש געקאָנט פעראורטיילט ווערן צו בעצאָהלען די הונדערט פראַנק מיט'ן פּראָצענט, מיט פּראָצענט אויף די פּראָצענטען, וואָס וואָלט צוזאַמען בעטראָפען, ווי מיר האָבען עס געזעהן, אַן ערך הונדערט און אַכציג טויזענד ביליאָן.

מיר זעהען יעדען טאָג, ווי פערמעגענס וואַקסען נאָך שנעלער. לויט דעם פריהערדיגען ביישפּיעל קומט אויס, אז די פּראָצענטען בעטרעפען אַ צוואַנציגסטעל פון קאַפּיטאַל; עס איז אָבער היינט גאָר ניט קיין זעלטענהייט, אז פּראָצענטען זאָלען בעטרעפען אַ צעהנטעל, אַ פינפטעל, אַ העלפט וויפיעל דער קאַפּיטאַל, און אַמאָל אויך וויפיעל דער גאַנצער קאַפּיטאַל.

די פוריערסטען, — די ביטערסטע פיינד פון דער גלייכהייט, וועמעס אַנהענגער זיי בעטראַכטען ווי ה י י ־ פ י ש, — זיינען זיכער, אז די פערפיערפאַכונג פון דער פּראָדוקציאָן וואָלט בעפרידיגט אַלע פאָדערונגען פון קאַפּיטאַל, ארבייט און טאַלאַנט. אָבער אפילו ווען די פּראָדוקציאָן זאָל פערפיערפאַכט, פערצעהנפאַכט, פערהונדערטפאַכט ווערן, וואָלט דאָס אייגענטום, דורך איהר אַנזאַמלונגס־קראַפט און דורך איהרע קאַפּיטאַליזיציאָנס־ווירקונגען, גאַנץ גוט פערשלונגען אי די פּראָדוקטען, אי די קאַפּיטאַלען, אי דאָס לאַנד, און אפילו די ארבייטער. ווען די פוריערסטען פער־

באַטען צו זאַמלען קאַפּיטאַלען און זיי אויסלייהען אויף פּראָצענט? דאַן זאָלען זיי ערקלערן, וואָס זיי פערשטעהען אונטער אייגענטום.

איך וועל זיך מעהר ניט אָבגעבען מיט די דאָזיגע חשבנות, וועלכע מען קאָן דרעהען ווי מען וויל; און עס וואָלט געווען קינדיש פון מיין זייט זיך צו האַלטען ביי זיי. איך פרעג נאָר, לויט וואָס פאַר אַ רעגעל בעשטימט אַ ריכטער די פּראָצענטען, אין אַ בעזיץ־פּראָצעס, וועלכען ער דאַרף ענטשיידען? און ענטוויקלענדיג די דאָזיגע פראַגע ווייטער, פרעג איך:

האָט דער געזעצגעבער, ווען ער האָט איינגעפיהרט אין דער רעפּובליק דעם פּרינציפּ פון אייגענטום, אָבגעוואויגען אַלע קאָנזעקווענצען? האָט ער געוואוסט פון דעם געזעץ פון מעגליכקייטען? אויב ער האָט געוואוסט, פאַרוואָס איז ער ניטאָ אין קאָדעקס? פאַרוואָס האָט ער איבערגעלאָזט אַזוי פיעל פּלאַץ פאַר דעם אייגענטימער צו פערמעהרען זיין אייגענטום און דעם רעכט צו פאָדערן פּראָצענטען; פאַר דעם ריכטער — צו אַנערקענען און בעשטימען דעם רעכט פון אייגענטום; און פאַר דעם שטאַאט — די מאַכט ארויפצולעגען כסדר נייע שטייערן? ביי וועלכען גראַד איז בערעכטיגט די נאַציאָן זיך צו ענטזאָגען פון בודזשעט, דער פּעכטער פון דער אַרענדע, און דער פאַבריקאַנט פון די פּראָצענטען אויף׳ן קאַפּיטאַל? ווי ווייט מעג דער לעדיג־געהער עקספּלואַטירען דעם אַרבייטער? וואו הויבט זיך אָן דאָס רעכט פון אויסבויטונג, און וואו ענדיגט זיך עס? ווען מעג דער פּראָדוצירער זאָגען צום אייגענטימער: „איך בין דיר מעהר גאָרנישט שולדיג״? ווען ווערט דאָס אייגענטום צופרידענגעשטעלט? ווען מוז עס אויפהערען גנב׳ענען?

אויב דער געזעצגעבער האָט געוואוסט פון דעם געזעץ פון מעגליכקייטען און האָט זיך וועגען איהם ניט געקימערט, וואָס קאָן מען דענקען פון זיין גערעכטיגקייט? האָט ער ווידער ניט געוואוסט פון איהם, וואָס קאָן מען דענקען פון זיין קלוגקייט? אָדער ער איז געווען נאַריש אָדער שלעכט, ווי אַזוי קאָנען מיר אַנערקענען זיין אויטאָריטעט?

אויב אונזערע כאַרטעס און אונזערע קאָדעקסען זיינען בעגרינדעט אויף אַ נאַרישער היפּאָטעזע, וואָס לערנט מען עס אין די געזעץ־שולען? וואָס פאַר אַ בעטרעף האָט די ענטשיידונג פון אַן

אפּעלאַציאָנס־געריכט? איבער וואָס דיסקוטירט מען דאָרט אין אונזערע פּאַרלאַמענטען? וואָס איז אַזוינס פּ אָ ל י ט י ק? וואָס הייסט ביי אונז אַ ש ט אַ א ט ס מ אַ ן? וואָס איז דער מיין פון י ו ר י ס פּ ר ו ד ע נ ץ? וואָלטען מיר עס גיכער ניט געדאַרפט רופען י ו ר י ס א י ג נ אָ ר אַ נ ץ?

אויב אַלע אונזערע אינסטיטוציעס זיינען באַזירט אויף אַ טעות אין חשבון, פאָלגט דען ניט דערפון, אַז די דאָזיגע אינסטיטוציעס זיינען דורכאויס שווינדעל? און אויב דער גאַנצער סאָציאַלער בנין איז געבויט אויף אָט דער אַבסאָלוטער אונמעגליכקייט פון אייגענטום, איז עס ניט אמת, אַז די רעגירונג, אונטער וועלכער מיר לעבען, איז אַ געשפּענסט און אונזער היינטיגע געזעלשאַפט אַן אוטאָפּיע?

# ניינטער זאַץ

אייגענטום איז אונמעגליך, ווייל עס איז מאַכטלאָז געגען אייגענטום.

1. לויט דער דריטער שלוס־פאָלגע פון אונזער גרונד־זאַץ, ווירקען די פּראָצענטען קעגען דעם אייגענטימער ווי קעגען דעם פרעמדען. דער דאָזיגער עקאָנאָמישער פּרינציפּ איז אַלגעמיין אַנערקענט. קיין זאַך איז ניט אַזוי איינפאַך אויפ'ן ערשטען בליק; און פונדעסטוועגען איז ניטאָ אַזאַ זאַך וואָס זאָל זיין נאַרישער, מעהר אין ווידערשפּרוך צו זיך אַליין און אַבסאָלוט אונמעגליכער.

דער פאַבריקאַנט, זאָגט מען, צאָהלט זיך אַליין די צינזען פאַר זיין הויז און קאַפּיטאַל. ע ר צ אָ ה ל ט ז י ך א ל י י ן; דאָס הייסט, ער לאָזט זיך בעצאָהלען פון דעם עולם פאַר זיינע פּראָדוקטען. וואָרים לאָמיר אָננעהמען, אַז דער פאַבריקאַנט, וואָס מאַכט כלומרשט דעם פּראָפיט אויף זיין אייגענטום, וויל אויך מאַכען פּראָפיט אויף זיין סחורה; קאָן ער דען זיך אַליין בעצאָהלען אַ פראַנק פאַר דעם וואָס קאָסט איהם ניינציג סאַנטים, און פערדיענען געלד ביי דעם מסחר? ניין: אַזאַ מין מסחר וואָלט געהייסען, אַז דאָס געלד פון דעם סוחר געהט־איבער פון דער רעכטער האַנד אין דער לינקער, אָבער עס שטעלט זיך איהם דערפון גאָרנישט ניט אָב.

נון, איז דאָס וואָס איז אמת וועגן דעם יחיד, וואָס מאכט מסחר מיט זיך אליין, אויך אמת וועגן דער געשעפטס־וועלט בכלל. שטעלט צונויף א קייט פון צעהן, פופצעהן, צוואנציג פראָ־דוצירער; וויפיעל איהר ווילט אליין. אויב דער פראָדוצירער א' האט געמאכט א פראָפיט פון פראָדוצירער ב', מוז ב', לויט די פרינציפען פון עקאָנאָמיע, דעקען זיין פערלוסט פון פראָדוצירער ג', ג' — פון ד' און אזוי ווייטער ביז צו ת'.

פון וועמען אָבער וועט ת' קריגען בעצאָהלט פאר דעם פער־לוסט וואָס איז איהם פעראורזאכט געוואָרען דורך די פראָפיטען וואָס א' האָט זיך פון אָנהויב גענומען? פון דעם געברוי־כער — ענטפערט סעי. וואָס פאר א מיאוס'ע נארערייי! איז דען דער פערברויכער עמיצער אנדערש, ווי א', ב', ג', ד' אָדער ת'? ווער וועט ת'ן בעצאָהלען? אויב א' וועט איהם בעצאָהלען, מאכט קיינער קיין פראָפיט ניט; פאָלגליך איז ניטאָ קיין אייגענטום. אויב אָבער פערקעהרט, ת' טראָגט אליין די לאסט, הערט ער אויף צו זיין א מיטגליעד פון דער געזעלשאפט; ווייל זי ענטזאגט איהם פון דעם רעכט אויף אייגענטום און פראָפיט, וואָס זי גאראנטירט די איבעריגע מיטגליעדער.

און אזוי ווי א נאציאָן, פונקט ווי די גאנצע מענשהייט, איז א גרויסע אינדוסטריעלע פעראייניגונג, וואָס קאָן ניט ווירקען אויסערהאלב פון זיך אליין, איז עס קלאָר, אז קיין מענש קאָן ניט ווערן רייך, ניט פעראָרימענדיג דערביי א צווייטען. וואָרים כדי דאָס רעכט אויף אייגענטום, דאָס רעכט אויף הוספה זאָל קאָנען רעספעקטירט ווערן אין דעם פאל מיט א', טאָר מען דעמזעלבען רעכט ניט אוועקנעהמען ביי ת'; אויף אזא אופן זעהן מיר, ווי די גלייכהייט פון רעכט, אָבגעזונדערט פון דער גלייכהייט פון בעדינגונגען, קאָן זיין א וואהרהייט. די אונגערעכטיגקייט פון דער פאָליטישער עקאָנאָמיע אין דעם הינזיכט איז בעקאנט. „ווען איך, א פאבריקאנט, קויף די ארבייט פון דעם ארבייטער, רעכען איך ניט אריין די שכירות אין דעם ריינעם פראָדוקט פון מיין געשעפט, אין געגענטייל, איך רעכען עס ארונטער. דער ארבייטער אָבער רעכענט עס יאָ אריין אין זיין ריינעם פראָדוקט..." (סעי, „פאָליטישע עקאָנאָמיע").

דאָס מיינט, אז אלץ וואָס דער ארבייטער פערדיענט איז

ר י י נ ע ר  פּ ר אָ ד ו ק ט ; אָבער דאָס וואָס דער פאַבריקאַנט פערדיענט איז נאָר. יענער טייל  ר י י נ ע ר  פּ ר אָ ד ו ק ט, וואָס בלייבט איבער נאָכדעם ווי ער רעכענט אַרונטער זיין געהאַלט. אָבער פאַרוואָס געהערט דאָס רעכט אויף פראָפיט נאָר צו דעם פאַבריקאַנט? פאַרוואָס נעהמט מען אַוועק ביי דעם ארבייטער אָט דעם רעכט, וועלכער איז אין גרונד גענומען דאָס רעכט אויף אייגענטום גופא? לויט דער טערמינאָלאָגיע פון עקאָנאָמישער וויסענשאַפט, איז דער ארבייטער קאַפּיטאַל. נון, יעדער קאַפּיטאַל, א חוץ די קאָסטען פון אויסהאַלטען און פעררריכטען איהם, מוז טראָגען פּראָצענט. דער אייגענטימער גיט שוין אַכטונג אויף דעם, אז ער זאָל קריגען פאַרביידען, פאַר זיין קאַפּיטאַל און פאַר זיך גופא. איז פאַרוואָס טאָר דער ארבייטער ניט רעכענען אַן עהנליכען פּראָצענט פאַר זיין קאַפּיטאַל, וואָס ער איז עס אליין?

אייגענטום איז פאָלגליך די אונגלייכהייט פון רעכט; וואָרים ווען אייגענטום זאָל ניט זיין די אונגלייכהייט פון רעכט, וואָלט עס געווען די גלייכהייט פון פערמעגען, — מיט אַנדערע ווערטער, עס וואָלט ניט עקזיסטירט. און אַזוי ווי דאָס קאָנסטיטוציאָנעלע געזעץ גאַראַנטירט די גלייכהייט פון רעכט; פאָלגליך איז אייגענטום אונמעגליך.

2. איז א', דער אייגענטימער פון א גוט, דורך דעם פאַקט וואָס ער איז אַן אייגענטימער, בערעכטיגט אַוועקצונעהמען דאָס פעלד, וואָס געהערט צו זיין שכן ב'? „ניין — ענטפערן די אייגענטימער. — אָבער וואָס האָט דאָס צו טהאָן מיט דעם רעכט אויף אייגענטום?“ איך וועל דאָס אייך בעווייזען דורך א רייה פון עהנליכע הנחות.

האָט דער היטעלמאַכער ג' דאָס רעכט צו צווינגען זיין שכן ד', וועלכער איז אויך א היטעלמאַכער, ער זאָל צומאַכען זיין געשעפט און אויפגעבען זיין געשעפט? ניין, פאַר קיין פאַל ניט.

ג' וויל אָבער פערדינען א פראַנק אויף יעדען היטעל, בעת ד' בעגנוגענט זיך מיט פופציג סאַנטים. עס איז קלאָר, אַז די מעסיגקייט פון ד' איז שעדליך פאַר די פערשווענדערישע אַנשפּרוכען פון ג'. האָט דער לעצטער א רעכט צו שטערן ד', ער זאָל ניט פערקויפען? זיכער ניט.

אַזוי לאַנג ווי ד' איז פריי צו פערקויפען זיינע היטלען מיט

פופציג סאנטים ביליגער ווי ג׳, האט ג׳ פון זיין זייט א רעכט צו שטעלען דעם פרייז פון זיינע היטלען מיט א פראנק ביליגער. איז אבער ד׳ ארים און ג׳ איז רייך; אזוי אז נאך א יאהר אדער צוויי ווערט ד׳ איינגאנצען רואינירט פון אזא קאנקורענץ, וואס איז ניט פאר זיינע כחות, און ג׳ בלייבט דער איינציגער קירזשנער אויפ׳ן מארק. קאן דער אייגענטימער ד׳ האבען טענות צו אייגענ־טימער ג׳? קאן ער איהם קלאגען דערפאר וואס ער האט רואינירט זיין געשעפט און זיין אייגענטום? ניין; ווארים ד׳ וואלט געקאנט טהאן דאס אייגענע, ווען ער וואלט געווען רייכער.

פונקט אזוי קאן דער גרויסער גרונדבעזיצער א׳ זאגען צו דעם קליינעם גרונדבעזיצער ב׳: „פערקויף מיר דיין לאנד, אויב ניט וועסטו ניט קאנען פערקויפען דיין תבואה“, — ער קאן עס טהאן אויף א גאנץ געזעצליכען אופן, אזוי אז ב׳ זאל איהם ניט קאנען פערקלאגען; דאס הייסט, אז א׳ קאן איינשלינגען ב׳, אויב ער וויל, נאר דערפאר וואס א׳ איז שטארקער פון ב׳. פאלגליך איז עס ניט דאס רעכט אויף אייגענטום וואס מאכט מעגליך אז א׳ און ג׳ זאלען בערויבען ב׳ און ד׳, נאר דאס רעכט פון מאכט. מיט דעם רעכט פון אייגענטום וואלטען די צוויי שכנים א׳ און ב׳, ווי אויך די סוחרים ג׳ און ד׳, ניט געקאנט שעדיגען איינע די אנדערע. זיי וואלטען ניט געקאנט בערויבען און פערניכטען איינע די אנדערע און ניט וואקסען אויפ׳ן צווייטענ׳ס חשבון, די מאכט פון אנגריף ליגט אין דעם גרעסערן כח.

עס איז אויך נאר דער גרעסערער כח, וואס גיט די מעגליכקייט דעם פאבריקאנט ארונטערצוזעצען דעם לוין פון זיינע ארבייטער, און דעם רייכען סוחר און דעם מיט סחורה אנגעפאקטען אייגענ־טימער צו פערקויפען זייערע פראדוקטען אויף דעם פרייז וואס זיי ווילען. דער פאבריקאנט זאגט צום ארבייטער: „איהר האט דאס רעכט צו געהן מיט אייער ארבייט צו א צווייטען, פונקט ווי איך בין פריי אייך צו בעשעפטיגען. אזוי פיעל וועל איך אייך צאהלען“. דער סוחר זאגט צום קונה: „קויפט עס יא אדער קויפט עס ניט; איהר זייט דער בעל הבית אויף אייער געלד, ווי איך אויף מיין סחורה. אזוי פיעל פערלאנג איך“. ווער וועט זיך אונטערגעבען? דער שוואכערער.

אייגענטום אהן געוואלד איז דעריבער מאכטלאז קעגען אייגענ־

טום, ווייל אָהן גוואלד איז עס גיט בכח זיך צו פערמעהרען; פאָלגליך איז אייגענטום אָהן גוואלד ווערטהלאָז.

היסטאָרישער פּירוש: די פראגע פון דעם קאָלאָניאַלען און היימישען צוקער גיט אונז דעם בעסטען ביישפּיעל פון דער אונמעגליכקייט פון אייגענטום. לאָזט דיביידע אינדוסטריען צורוה, און דער היימישער פאבריקאַנט וועט רואינירט ווערן דורך דעם קאָלאָניאַלען. צו דערהאלטען די בוריקעס, מוז מען בעשטייערן דעם צוקער־ראָהר: כדי צו בעשיצען די אינדוסטריע פון אייגעם, מוז מען שעדיגען די אינדוסטריע פון דעם צווייטען. דאָס מערקווירדיגסטע ביי דעם גאנצען עסק איז גראָד דאָס, אויף וואָס מען האָט זיך גאָרנישט אומגעקוקט; נעמליך, אז דאָס אייגענטום מוז אויף איין וועג אָדער דעם אנדערן, פערגוואלטיגט ווערן. לעגט ארויף אויף יעדער אינדוסטריע א פּראָפּאָרציאָנעלען שטייער, כדי אויפצוהאלטען א גלייכגעוויכט אויפ'ן מארק, און איהר בעשאַפט א מאקסימום־פּרייז, — איהר גריפט אָן דאָס אייגענטום פון צוויי זייטען. פון איין זייט איז אייער שטייער א שטערונג פאר דעם פרייען האנדעל; פון דער אנדער זייט אנערקענט ער ניט די גלייכהייט פון די אייגענטימער. שיצט איהר די בוריקעס, פערגוואלטיגט איהר דאָס אייגענטום פון די שטייער־צאָהלער. קולטיווירט די צוויי פערשיידענע סאָרטען צוקער אויף דעם חשבון פון דער נאַציאָן, פּונקט ווי מען קולטיווירט די פערשיידענע סאָרטען טאבאק, — און איהר שאַפט אָב איין סאָרט אייגענטום. דער לעצטער מיטעל וואלט געווען אָן איינפאכער און א בעסערער; אָבער כדי צו בעוועגען די נאַציאָן, אז זי זאָל איהם אָננעהמען, פאָדערט זיך אזא צוזאמענווירקונג פון רעכטדענקענדע און גוטהערציגע מענשען, פון וועלכער מען קאָן גאָר היינט ניט רעדען.

די קאָנקורענץ, וואָס מען רופט אָפט פריי־האנדעל, — מיט איין וואָרט, דאָס אייגענטום און אויסטויש, — וועט נאָך פאר א לאַנגע צייט זיין דער באזיס פון אונזער קאָמערציעלער געזעצגעבונג, וועלכע נעהמט ארום, פון דעם עקאָנאָמישען שטאַנדפּונקט, אלע בירגערליכע געזעצען און יעדע רעגירונג. היינט וואָס איז קאָנקורענץ? א דועל אויף א געשלאָסענעם פעלד, וואו דאָס רעכט ווערט ענשידען דורך די וואפען.

„ווער איז דער ליגנער, — דער קלעגער אָדער דער אָנגע־

קלאָגטער“ — האָבען געפרעגט אונזערע באַרבאַרישע אורעלטערן.
„זאָלען זיי דאָס אויסקעמפען“, האָט געענטפערט דער נאָך באַרבאַ־רישערער ריכטער, „דער שטאַרקערער איז דער גערעכטער“.

ווער פון אונז ביידען זאָל פערקויפען בשמים צו אונזער שכן?
„זאָלען ביידע פערקויפען“, רופט אויס דער עקאָנאָמיסט; „דער וואָס איז מעהר געשפיצט אָדער מעהר כיטרע, איז דער בעסערער און אָרענטליכערער סוחר“.

אָט דאָס איז דער ריכטיגער גייסט פון דעם נאַפּאָלעאָנישען קאָדעקס.

## צעהנטער זאַץ

**אייגענטום איז אונמעגליך, ווייל עס איז די אַבלייקענונג פון דער גלייכהייט.**

די ענטוויקלונג פון דעם דאָזיגען זאַץ וועט זיין דער סך־הכל פון די פריהערדיגע.

1. עס איז אַ פּרינציפּ פון עקאָנאָמישער גערעכטיגקייט, אַז פּראָדוקטען קאָנען געקויפט ווערען נאָר פאַר פּראָדוקטען. אַזוי ווי אייגענטום קאָן נאָר פערטיידיגט ווערן אויפ'ן גרונד וואָס עס שאַפט ניצליכעס, איז אַזוי ווי עס שאַפט גאָרנישט, איז עס אויף אייביג פערורטיילט.

2. עס איז אַן עקאָנאָמישעס געזעץ, אַז אַרבייט מוז אויסגעגליכען ווערן דורכ'ן פּראָדוקט. מיט אייגענטום איז עס אַ פאַקט, אַז די פּראָדוקציאָן קאָסט מעהר וויפיעל עס איז ווערטה.

3. אַ צווייטער געזעץ פון עקאָנאָמיע: ווען עס ווערט אַריינגעטהאָן אַ קאַפּיטאַל, ווערט די פּראָדוקציאָן געמאָסטען, ניט לויט דער סומע פון קאַפּיטאַל, נאָר לויט דער פּראָדוקציאָנס־קראַפט. דאָס אייגענטום וואָס פאָדערט אַז אַ הכנסה זאָל שטענדיג זיין פּראָפּאָרציאָנעל צו דעם קאַפּיטאַל, ניט קימערנדיג זיך וועגען דער אַרבייט, אַנערקענט ניט די גלייכהייטס־פערהעלטניס צווישען ווירקונג און אורזאַך.

4 און 5. אַזוי ווי דער וואָרעם וואָס שפּינט דעם זייד, אַזוי פּראָדוצירט אויך דער ארבייטער קיינמאָל ניט פאר זיך אליין. דאָס אייגענטום פּאָדערט טאָפּעלע רעזולטאַטען, און אַזוי ווי זי קאָן עס ניט קריגען, בערויבט זי דעם ארבייטער און דער׳הרג׳ט איהם.

6. די נאַטור האָט געגעבען יעדען מענשען איין שכל, איין הארץ, איין ווילען. דאָס אייגענטום, וואָס גיט איין מענשען מעהרער שטימען, נעהמט אויך אָן אז ער בעזיצט מעהרערע שכל׳ען.

7. יעדער פּערברויך, וואָס שאַפט ניט צוריק קיין ניצליכעס, איז אַ צושטערונג. דאָס אייגענטום, סיי ווען עס פּערברויכט, סיי ווען עס זאַמעלט־אָן אָדער מאַכט צו קאַפּיטאַל, שאַפט אוננוּצליכעס, — די סיבה פון אונפּרוכטבארקייט און טויט.

8. די צופרידענשטעלונג פון אַ נאַטירליכען רעכט ברענגט תמיד אָן אויסגלייך; מיט אַנדערע ווערטער, דאָס רעכט אויף אַ זאַך ווערט נויטוועגדיגער ווייזע אויסגעגליכען דורך דעם בעזיץ פון דער זאַך. אַזוי איז פאַראַן אַ גלייכגעוויכט, אָן אויסגלייך, צווישען דאָס רעכט אויף פרייהייט און די בעדינגונגען פון אַ פרייען מענשען; צווישען דעם רעכט צו זיין אַ פאָטער און דער פאָטער־שאַפט; צווישען דעם רעכט אויף זיכערהייט און די סאָציאַלע גאַראַנטיען. אָבער צווישען דעם רעכט אויף הוספה און דעם קריגען די הוספה איז קיינמאָל ניטאָ קיין אויסגלייך; וואָרים יעדע נייע הוספה ברענגט מיט זיך דעם רעכט צו אַ צווייטער הוספה, די צווייטע צו אַ דריטער, און אַזוי ווייטער אָהן אַ סוף. דאָס אייגענטום, וואָס איז קיינמאָל ניט בכח צו דערגרייכען איהר ציעל, איז אַ רעכט כנגד הטבע און כנגד השכל.

9. ענדליך, אייגענטום האָט ניט קיין זעלבסט־עקזיסטענץ. פאַר איהר לעבען און ווירקען איז נויטיג אַן אויסערליכע אורזאַך — אָדער מאַכט אָדער שווינדעל. מיט אַנדערע ווערטער, אייגענטום איז ניט גלייך צו אייגענטום, עס איז אַן אָבליי־קענונג, אַ ליגען, אַ גאַרנישט.

# קאפיטעל V

א פסיכאלאגישע ערקלערונג פון דער אידעע פון גערעכטיגקייט און אונגערעכטיגקייט, און א בעשטימונג פון דעם פרינציפ פון רעגיערונג און פון רעכט.

אייגענטום איז אונמעגליך; גלייכהייט עקזיסטירט ניט. מיר האסען דאס ערשטע, און דאך ווילען מיר עס בעזיצען; די צווייטע בעהערשט אלע אונזערע געדאנקען, און דאך ווייסען מיר ניט ווי אזוי עס צו דערגרייכען. ווער וועט אונז ערקלערן דעם דאזיגען טיעפען ווידערשפרוך צווישען אונזער בעוואוסטזיין און אונזער ווילען? ווער וועט אונז אנווייזען די אורזאכען פון דעם דאזיגען פערדערבליכען טעות, וועלכער איז געווארען דער הייליגסטער פרינציפ פון גערעכטיגקייט און געזעלשאפט?

איך בין דרייסט גענוג זיך צו אונטערנעהמען די דאזיגע ארבייט, און איך האף אז עס וועט זיך מיר איינגעבען.

אבער איידער איך ערקלער פארוואס דער מענש האט איבערטראטען די גערעכטיגקייט, איז נויטיג צו בעשטימען וואס איז גערעכטיגקייט.

## ע ר ש ט ע ר  ט י י ל.

### § 1. וועגען דעם מאראל־געפיהל ביי מענשען און ביי חיות.

די פילאזאפען האבען זיך אפט בעמיהט פעסטצושטעלען די גרעניץ־ליניע, וואס טיילט־אב דעם מענשליכען שכל פון דעם פערשטאנד פון די חיות; און לויט דער אלגעמיינער געוועהנהייט האבען זיי ארויסגעזאגט א סך נארישקייטען איידער זיי האבען זיך ענטשלאסען אויף דעם איינציגען מעגליכען אויסוועג, — די בעאבאכטונג. עס איז געוועזען בעשערט פאר א בעשיידענעם ג ע ל ע ה ר ט ע ן, — וועלכער האט זיך פיליכט גאר ניט איבערגענומען מיט זיין פילאזאפיע — צו מאכען א סוף צו דעם אונ־

ענדליכען ויכוח דורך אַן איינפאכער אונטערשיידונג; אָבער איינע פון יענע ליכט־ברענגענדע אונטערשיידונגען, וואָס זיינען ווערטה מעהר ווי סיסטעמען. פרעדעריק קיוויע האָט געמאכט אַן אונ־טערשייד צווישען אינסטינקט און אינטעליגענץ.

אָבער קיינער האָט נאָך ביז איצט ניט געשטעלט די פראגע: איז דער אונטערשייד צווישען דעם מאָראל־געפיהל ביי דעם מענשען און ביי דער חיה אַן אונטערשייד אין עצם, אָדער בלויז אין מדרגה?

אויב אימיצער וואָלט ביז אהער געוואגט צו בעהויפּטען דאָס לעצטע, וואָלט זיין טעאָריע בעטראכט געוואָרען אַלס אַ סקאנדאל, אַ חילול־השם, אַ בעליידיגונג געגען דער מאָראל און דער רעליגיאָן. די קירכליכע און וועלטליכע געריכטען וואָלטען איהם איינשטימיג פערורטיילט. און מערקט דעם טאָן מיט וועלכען זיי וואָלטען געבראַנדמארקט דעם אונמאָראלען פּאראדאָקס!

„דאָס געוויסען" — וואָלטען זיי געשריען — „דאָס געוויסען, די קרוין פון דעם מענשען, איז געגעבען געוואָרן צו איהם אויס־שליסליך; דער בעגריף פון גערעכטיגקייט און אונגערעכטיגקייט, פון מצוות און עבירות, איז זיין נאָבעלע פּריווילעגיע; בלויז דער מענש, — דער בחיר היצורים, — בעזיצט די ערהאבענע קראַפט צו ווידערשטעהן די ערדישע נייגונגען, אויסצוקלייבען צווישען גוטס און שלעכטס און זיך צו מאכען מעהר און מעהר עהנליך צו גאָט דורך פרייהייט און גערעכטיגקייט... ניין; דאָס הייליגע בילד פון טוגענד איז אויסגעקריצט נאָר אויף דער מענשליכער הארץ". ווערטער פול מיט געפיהל, אָבער אָהן אַ ברעקעל זין.

דער מענש איז אַ רעדענדיגע און געזעלשאַפטליכע חיה — „זאָאָן לאָגיקאָן קאי פּאָליטיקאָן" — האָט געזאָגט אַריסטאָטעל. די דאָזיגע דעפיניציאָן איז ווערט מעהר ווי אלע דערקלערונגען וואָס מען האָט פון דעמאָלט אָן געגעבען. איך מאך אפילו קיין אויסנאהם ניט מיט דע־באָנאלד'ס בעריהמטע דעפיניציאָן — „דער מענש איז אַן אינטעליגענץ, בעדיענט פון אָרגאנען", אַ דעפיניציאָן וואָס האָט דעם טאָפּעלטען פעהלער, דערמיט וואָס זי ערקלערט דאָס בעקאנטע דורך דאָס אונבעקאנטע; דאָס הייסט, דאָס לעבעדיגע וועזען דורך דער אינטעליגענץ; און

וואָס זי פערשווייגט די גרונד־אייגענשאַפט פון דעם מענשען, — די טהיערישקייט.

דער מענש איז אַלזאָ אַ חיה וואָס לעבט אין געזעלשאַפט. געזעלשאַפט מיינט דער סך־הכל פון בעציהונגען; מיט איין וואָרט, אַ סיסטעם. יעדע סיסטעם אָבער עקזיסטירט אויף געוויסע בעדינגונגען; טאָ וואָס זשע זיינען די בעדינגונגען, די געזעצען, פון דער מענשליכער געזעלשאַפט?

וואָס זיינען די רעכטען פון די מענשען און זייערע בעציהונגען; וואָס איז גערעכטיגקייט?

דאָס זאָגען, — צוזאַמען מיט די פילאָזאָפען: „עס איז אַ געטליכער אינסטינקט, אַן אונשטערבליכע און הימעלשע שטים, אַ וועגווייזער וואָס די נאַטור האָט אונז געגעבען, אַ ליכט וואָס ענטפּלעקט זיך צו יעדען מענשען ווען ער קומט אויף דער וועלט, אַ געזעץ וואָס איז איינגעקריצט אין אונזערע הערצער; עס איז דער קול פון געוויסען, דער בעפעהל פונ׳ם שכל, די בעגייסטערונג פון דעם געפיהל, די נייגונג פון די חושים; עס איז די ליעבע צו זיך און אַנדערע; עס איז אַן אויפגעקלערטער זעלבסט־אינטערעס; אָדער גאָר עס איז אַן איינגעבאָרענער בעגריף, אַ קאַטאַגאָרישער אימפּעראַטיוו פון פּראַקטישען פערשטאַנד, וואָס האָט זיין מקור אין די אידעען פון דער ריינער פערנונפט; עס איז אַ ליידענשאַפטליכע אָנציהונג" א. אז. וו. — וועט צו גאָרנישט ניט פיהרען. דאָס אַלעס מעג זיין אַזוי אמת, פּונקט ווי עס קלינגט שעהן; אָבער עס האָט לחלוטין קיין בעדייטונג ניט. ווען מיר זאָלען אפילו אויסציהען דעם דאָזיגען פּזמון אויף צעהן זייטען (מען האָט איהם שוין דורכגעזייהט אין אַ טויזענד ביכער) וועלען מיר אַלץ ניט קומען נעהנטער צו דער לעזונג פון דער פראַגע.

„גערעכטיגקייט איז אַלגעמיינע ניצליכקייט" — זאָגט אַריסטאָטעל. דאָס איז אמת, אָבער עס איז ניט מעהר ווי איבערגעקייט דיזעלבע ווערטער. „דער פּרינציפּ, אַז דער אַלגעמיינער וואוילזיין מוז זיין דער צוועק פון דעם געזעצגעבער" — זאָגט שאַרל קאָמט אין זיין „טראַקטאַט איבער געזעצגעבונג" — קאָן ניט אומגעוואָרפען ווערן. אָבער דערמיט וואָס מען זאָגט עס און מען בעווייזט עס, מאַכט מען די געזעצגעבונג ניט פאָרטגעשריטענער, פּונקט ווי מען

טהוט גאָרנישט אויף פאַר דער מעדיצין ווען מען זאָגט, אַז צו היילען דעם קראַנקען איז די אויפגאַבע פון דעם דאָקטאָר".

לאָמיר נעהמען אַן אַנדער גאַנג. רעכט איז דער סך־הכל פון די פּרינציפּען וואָס רעגירען אַ געזעלשאַפט. גערעכטיגקייט ביים מענשען איז די אַכטונג און אָבּהיטונג פון די דאָזיגע פּרינ־ציפּען. אויסאיבען גערעכטיגקייט הייסט, געהאָרכען דעם סאָציאַ־לען אינסטינקט; בעגעהן אַ גערעכטע טהאַט הייסט, בעגעהן אַ סאָציאַלע טהאַט. דעריבער, ווען מיר בעטראַכטען ווי מענשען פיהרען זיך אויף צווישען זיך אונטער פערשיידענע אומשטענדען, קאָנען מיר לייכט דערקענען צי עס איז דאָ ביי זיי אַ געזעלשאַפט אָדער ניט; און פון דעם רעזולטאַט וועלען מיר קאָנען אינדוקטיוו ארויסברענגען דעם געזעץ.

לאָמיר אָנהויבען מיט די איינפאַכסטע און די אַם ווענינסטען צווייפעלהאַפטע פאַלען.

די מוטער, וואָס פערטיידיגט איהר זוהן, איינשטעלענדיג איהר אייגענעם לעבען, און ענטזאַגט זיך פון אַלעס כדי איהם מפרנס צו זיין, בילדעט מיט איהם אַ געזעלשאַפט — זי איז אַ גוטע מוטער. פערקעהרט, די וואָס פערלאָזט איהר קינד, איז ניט געטריי דעם סאָציאַלען אינסטינקט, פון וועלכען די מוטער־ליעבע איז איינע פון די פיעל פאָרמען, — זי איז אַ ניט־נאַטירליכע מוטער.

אויב איך וואַרף מיך אַריין אין וואַסער צו ראַטעווען אַ מענשען וואָס טרינקט זיך, בין איך זיין ברודער, זיין חבר; אויב, אָנשטאָט איהם צו ראַטעווען, שיק איך איהם צום גרונד, בין איך זיין שונא, זיין מערדער.

דער וואָס גיט צדקה, בעהאַנדעלט דעם אָרימאַן ווי זיין חבר; אמת, ניט ווי אַ ריכטיגען חבר, נאָר אויף אַזויפיעל אויף וויפיעל ער טיילט זיך מיט איהם. דער וואָס נעהמט מיט געוואַלד אָדער מיט כיטרעקייט דאָס וואָס ער האָט ניט געשאַפען דורך זיין ארבייט, פערניכטעט זיין סאָציאַלען כאַראַקטער — ער איז אַ גאַסען־רויבער.

דער באַרמהערציגער ברודער, וועלכער העבט אויף פון שטויב דעם מידען וואַנדערער, פערבינדט איהם זיינע וואונדען, מאַכט איהם בעקוועם און בעזאָרגט איהם מיט געלד, ערקלערט זיך דערמיט אַלס זיין חבר — זיין שכן. דער גייסטליכער, וואָס געהט אַריבער

אויף דער צווייטער זייט און מאכט זיך ניט זעהענדיג, בלייבט איהם פרעמד און איז זיין שונא.

אין אָט די אַלע פאַלען ווערט דער מענש בעוועגט דורך אַן אינערליכער צוציהונג צו זיין מיטמענשען, דורך אַ געהיימער סימ־פּאַטיע וואָס מאכט איהם אַז ער זאָל ליעבען, זיך פרעהען און ליידען מיט דעם צווייטען ; אזוי אַז צו ווידערשטעהן די דאָזיגע צוציהונג, מוז ער זיך אַנטהאָן אַ כוח צו קעמפּפען קעגען זיין נאַטור.

אָבער אין דער הינזיכט איז ניטאָ קיין שאַרפער אונטערשייד צווישען מענשען און חיות. ביי די חיות, אַזוי לאַנג ווי זיי זיינען קליין און שוואַך, זיינען זיי ליעב זייערע מוטערס, — מיט איין וואָרט, זיי זיינען צוגעבונדען צו זיי, — וועלען די מוטערס פערטיידיגען זייערע קינדער, איינשטעלענדיג זייערע לעבענס, מיט אַזאַ מוטה, וואָס דערמאָנט אונז אָן די העלדען וועלכע שטאַרבען פאַר'ן פאַטערלאַנד. געוויסע מינים פעראייניגען זיך צוליעב יאַגד, זוכען זיך איינע די אנדערע, רופען זיך (אַ פּאָעט וואָלט געזאָגט, זיי לאַדען זיך איין איינע די אַנדערע) צו צוטיילען מיט זייער רויב ; ווען זיי זיינען אין געפאַהר, העלפען זיי זיך, פערטיידיגען זיי זיך און וואָרנען זיך איינע די אַנדערע. דער עלעפאַנט ווייס ווי אַזוי צו העלפען זיין קאַמעראַד ארויסצוראַטעווען זיך פון אַ גרוב וואו ער איז אריינגעפאַלען. קיה, ווען זיי ווערען אָנגעגריפען פון הונ־געריגע וועלף, שטעלען זיך אויס אין אַ קרייז, נעהמען אריין די קעלבלעך אין מיטען, און מיט די אויסגעשטעלטע הערנער פער־טיידיגען זיי זיך. פערד און חזרים, ווען זיי דערהערען אַ הילפס־רוף פון איינעם פון זיי, לאָזען זיך אַוועק צו דעם אָרט פון וואַנען דער געשריי קומט, כדי צו קומען צו הילף. גאַנצע בעשרייבונ־גען וואָלט איך געקאָנט געבען פון זייערע הייראַטען, פון די צערט־ליכקייטען פון די זכרים צו די נקבות, און פון דער טריייהייט פון זייער ליעבע ! לאָמיר אָבער צוגעבען, — כדי צו זיין אינגאַנצען גערעכט, — אַז דער ארויסווייזען די דאָזיגע צערטליכקייטען פון געזעלשאַפטליכקייט, ברידערליכקייט און נעכסטען־ליעבע, שטערט פונדעסטוועגען ניט די חיות פון קריעגען זיך, שלאָגען זיך, און שרעקליך צו מיסהאַנדלען איינע די אַנדערע בעת עס האַנדעלט זיך

אום זייער חיונה אָדער ליעבשאַפטען; די עהנליכקייט צווישען זיי און אונז איז פאָלקאָמען.

דער סאָציאַלער אינסטינקט, ביי דעם מענשען און ביי דער חיה, אונטערשיידעט זיך נאָר אין גראַד, — בטבע איז ער דער איי־גענער. דער מענש נויטיגט זיך מעהר אין דער געזעלשאַפטליכ־קייט, און ער בענוצט זיך מיט איהר מעהר; די חיה, ווי עס ווייזט אויס, קאָן מעהר פערטראָגען די איינזאַמקייט. ביי דעם מענ־שען זיינען די סאָציאַלע נויטען מעהר דרינגענד, מעהר קאָמפּלי־צירט; ביי דער חיה זיינען זיי, ווייזט אויס, שוואַכער, ווענינער קאָמפּליצירט, און ניט אַזוי דרינגענד. מיט איין וואָרט, ביי דעם מענשען האָט די געזעלשאַפטליכקייט דעם צוועק אויפצוהאַלטען די ראַסע און דעם אינדיווידואום; ביי דער חיה האָט זי מעהר דעם אויסשליסליכען צוועק פון אויפהאַלטען דעם מין.

לעת עתה האָבען מיר נאָך ניט אָנגעטראָפען קיין זאַך, וואָס דער מענש זאָל קאָנען זאָגען, אַז נאָר ער האָט עס. אַ געזעלשאַפטליכען אינסטינקט און אַ מאָראַלען געפיהל האָבען אויך די חיות; און אויב ער מיינט, אַז דאָס ביסעל וואוילטהעטיגקייט, גערעכטיגקייט און טרייהייט מאַכט איהם עהנליך צו גאָט, זעהט ער ניט איין, אַז בעת ער האַנדעלט אַזוי, פאָלגט ער פשוט אַ אינסטינקט, וואָס ליגט שוין אין דער נאַטור פון דער חיה. ווי מיר זיינען גוט, ליע־בע־פול, בארמהערציג, גערעכטיג, אַזוי זיינען מיר לײדענשאַפטליך, גייציג, תאוה׳דיג און פול מיט נקמה; דאָס הייסט, מיר זיינען, ווי די חיות זיינען. אונזערע העכסטע מעלות ווייזען זיך אַרויס, אין לעצטען אַנאַליז, אַלס בלינדע, אימפּולסיווע אינסטינקטען. די ריכטיגע סוביעקטען איינצו־וויקלען אין קדושה און פערגעטערן!

עס איז, על כל פנים, יאָ פאַראַן אַ חלוק צווישען אונז צוויי־פיסיגע און די איבעריגע לעבעדיגע בעשעפעניסען — וואָס איז עס?

אַ פילאָזאָפישער חקרן וואָלט זיך געאײלט צו ענטפערן: „דער אונטערשייד בעשטעהט אין דעם, וואָס מיר זיינען בעוואוסטזיניג פון אונזער געזעליגקייט און די חיות זיינען ניט בעוואוסטזיניג פון זייערער; וואָס מיר טראַכטען איבער און דענקען נאָך וועגען די אויסערונגען פון אונזער סאָציאַלען אינסטינקט, בעת די חיות האָ־בען עס גאָר ניט אָן צו טהאָן.“

איך וועל געהן נאָך ווייטער: עס איז דורך אונזער כח פון

איבערדענקען און טראַכטען, מיט וועלכען, ווי עס ווייזט אויס, מיר אַליין זיינען בעגאַבט; וואָס מיר ווייסען, אַז עס איז שעדליך, ערשטענס פאָר אַנדערן און דאַן פאָר אונז אַליין, צו ווידערשטרעבען דעם סאָציאַלען אינסטינקט, וועלכער רעגירט אונז, און וועלכען מיר רופען *גערעכטיגקייט*. עס איז אונזער שכל, וואָס לערנט אונז, אַז דער עגאָאיסט, דער רויבער, דער מערדער, מיט איין וואָרט, דער פעררעטער פון דער געזעלשאַפט, זינדיגט אַנטקעגען דער נאַטור, און בעגעהט אַ שולד געגען אַנדערע און זיך אַליין ווען ער טהוט בעוואוסטזיניג שלעכטס. עס איז ענדליך אונזער געזעלשאַפטליך געפיהל פון איין זייט, און אונזער פערשטאַנד פון דער אַנדער זייט, וועלכע מאַכען אונז צו דענקען, אַז יעדער מענש מוז טראָגען די פעראַנטוואָרטליכקייט פאָר זיינע טהאַטען. דאָס איז דער פּרינציפּ פון געוויסענסביסען, פון נקמה און פון דעם שטראָף־רעכט.

אָבער דאָס בעווייזט נאָר אַ פערשיידענקייט אין אינטעליגענץ צווישען מענשען און חיות, ניט קיין פערשיידענקייט פון נייגונגען. וואָרים אויב מיר רעזאָנירען איבער אונזער פערהעלטניס צו אונזערע מיטמענשען, רעזאָנירען מיר אויך וועגען אונזערע אַלטעגליכע טהאַטען, ווי טרינקען, עסען, אויסוועהלען אַ פרוי, אָדער אויסקלייבען אַ וואָוינונג. מיר רעזאָנירען איבער זאַכען פון דער ערד און איבער הימעלשע זאַכען: עס איז ניט פאַראַן קיין איין זאַך, אויף וועלכער מיר זאָלען ניט קאָנען אָנווענדען אונזער דענקונגס־קראַפט. אָבער פונקט אַזוי ווי דאָס וויסען וואָס מיר געווינען פון די אויסערליכע ערשיינונגען, האָט ניט קיין איינפלוס אויף זייערע געזעצען און אורזאַכען, אַזוי האָט אויך אונזער דענקען, וואָס קלערט אונז אויף וועגען אונזערע חושים קיין שום מאַכט ניט, זיי צו ענדערן. עס איז אונז מסביר אונזער מאָראַל, אָבער ענדערט זי ניט און מאָדיפיצירט זי ניט. די אונצופריעדענהייט וואָס מיר פיהלען מיט זיך אַליין נאָכדעם ווי מיר האָבען געמאַכט אַ פעהלער, די עמפּערונג וואָס פלאַקערט אויף אין אונז, ווען מיר זעהען אַ אונגערעכטיגקייט, דער געדאַנק פון פערדיענטער שטראָף און דער געהעריגער אָבצאָהלונג, זיינען די ווירקונגען פון דענקען, און ניט די דירעקטע רעזולטאַטען פון אינסטינקט און פון געמיטה. אונזער אַנערקענונג (איך זאָג ניט *אויסשליסליכע* אַנער־

קענונג, וואָרום חיות פיהלען אויך, ווען זיי זיינען בעגאַנגען א פעה־לער, און ווערען אויפגערעגט, ווען איינע פון זיי ווערט אָנגעגרי־פען), אונזער אונענדליך העכערע אנערקענונג פון אונזערע כאָציאַלע פליכטען, אונזער בעוואוסטזיין פון גוט און שלעכט, ביל־דעט, בנוגע צו מאָראַליטעט, א וועזענטליכען אונטערשייד צווישען מענשען און חיה.

## § 2. וועגען דער ערשטער און צווייטער מדרגה פון געזעל־שאַפטליכקייט.

איך בעשטעהע אויפ'ן פאקט, וואָס איך האָב נאָר וואָס אָנגע־דייטעט, ווי אויף איינעם פון די וויכטיגסטע פאקטען פון דער אַנטראָפּאָלאָגיע.

די סימפּאַטישע אָנציהונג, וועלכע ברענגט אונז מיט צו לע־בען געזעלשאַפטליך, איז צוליעב איהר בלינדער, ניט־גערעגעלטער נאַטור, אַלעמאָל רעגירט פון צייטווייליגע אימפּולסען, ניט נעה־מענדיג אין אַכט די העכערע רעכטען און ניט מאַכענדיג קיין חלוק, וואָס עס האָט מעהר פערדינסט אָדער דאַרף קומען צוערשט. דער גאַסען־הונד לויפט נאָך יעדען איינעם, וואָס רופט איהם; דאָס זויג־קינד קוקט אויף יעדען מאַן ווי אויף זיין פאָטער און אויף יעדער פרוי, ווי אויף זיין אַם; יעדע לעבעדיגע בעשעפענים, וואָס איז אָבגעריסען געוואָרן פון דער געזעלשאַפט פון די חיות פון איהר מין, זוכט חבר'שאַפט אין איהר איינזאַמקייט. אָט דער גרינדליכער כאַראַקטער־שטריך פון דעם געזעלשאַפטליכען אינסטינקט מאַכט אַזוי אונערטרעגליך די פריינדשאַפט פון לייכטזיניגע פערזאָנען, וועלכע זיינען גרייט איינצוליעבען זיך אין יעדען נייעם פנים, מאַכען זיך געפעליג צו אַלעמען, צי זיי זיינען גוטע, צי שלעכטע, און וועלען צוליעב א „פערבינדונג" אויף א ווײַלע אָפּפערן די עלטסטע און עהרענהאַפטעסטע ליעבעס־געפיהלען. אָט דער חסרון פון די מענשען ליעגט ניט אין הארצען — עס ליעגט אין דער אורטיילס־קראַפט. די געזעלשאַפטליכקייט איז אויף דער מדרגה א מין מאַגנעטיזם, וואָס ווערט דערוועקט אין אונז, דערזעהענדיג א בעשע־פענים וואָס איז עהנליך צו אונז, זי געהט אָבער ניט ווייטער ווי

דער מענש, וועלכער פיהלט עס; דער געפיהל קאָן ארויסרופען געגענזייטיגקייט, ער גיט זיך אָבער ניט איבער צו דעם אַנדערן. ליעבע, וואוילטהעטיגקייט, רחמנות, סימפּאַטיע, — רופט עס וואָס איהר ווילט — עס ליעגט אין דעם גאָרנישט, וואָס פערדיענט אכטונג, גאָרנישט וואָס דערהויבט דעם מענשען איבער דער חיה.

די צווייטע מדרגה פון געזעלשאַפטליכקייט איז גערעכטיג־קייט, וואָס קאָן דעפינירט ווערן אַלס די אַנערקענונג, אַז דעם אַנדערנ'ס פּערזענליכקייט איז גלייך צו אונזערע. דער געפיהל פון גערעכטיגקייט איז ביי אונז דערזעלביגער, ווי ביי די חיות; מיר אַליין קאָנען נאָר האָבען אַ גענויע אידעע וועגען דעם; אָבער, ווי מיר האָבען שוין פריהער געזאָגט, אונזער אידעע קאָן ניט ענדערן זיין נאַטור. מיר וועלען באַלד זעהן, ווי אַזוי דער מענש דערהויבט זיך צו אַ דריטער מדרגה פון געזעלשאַפטליכקייט, צו וועלכער די חיות קאָנען ניט דערגרייכען. אָבער איך מוז פריהער בעווייזען על פּי חקירה, אַז געזעלשאַפט, גערעכטיגקייט און גלייכהייט זיינען דריי גלייכווערטיגע טערמינען — דריי אויסדרוקען, וועלכע מיינען דאָסזעלבע און קאָנען תמיד מיט פולען רעכט געברויכט ווערן איינער אַנשטאָט דעם אַנדערן.

ווען אין דער בהלה פון אַ שיפ־ברוך האָב איך זיך גערעטעט אין אַ שיפעל מיט אביסעל פּראָוויאַנט, און האָב בעמערקט אַ מענ־שען וואָס קעמפט מיט די כוואַליעס, וואָלט איך געווען פערפליכטעט איהם צו געבען הילף? יאָ, איך בין פערפליכטעט, ווייל אויב ניט, קאָן איך פעראורטיילט ווערן אין מאָרד און פעררעטה אַנטקע־גען דער געזעלשאַפט. אָבער בין איך אויך פערפליכטעט צו טיילען מיט איהם מיין פּראָוויאַנט?

כדי צו ענטשיידען די פראַגע, מוז מען איבערבייטען די פאָרם פון אויסדרוק. אויב די געזעלשאַפט לעגט ארויף אַ חוב בנוגע צום שיפעל, לעגט זי אויך ארויף אַ חוב בנוגע צום פּראָוויאַנט? גאַנץ געוויס. די פליכט פון אַ חבר אין אַן אבסאָלוטע. די בעזיץ־ערגרייפונג קומט ביים מענשען שפּעטער ווי זיין סאָציאַלע נאַטור און איז אונטערגעאָרדנעט צו איהר. דער בעזיץ קאָן ווערן אויס־שליסליך, נאָר ווען די ערלויבנים צו בעזיצען איז געגעבען אַלעמען גלייך. דאָס, וואָס פערטונקעלט דאָ אונזער פליכט, איז אונזער

פעהיגקייט פאָראויסצוזעהן, וועלכע טרייבט אונז, אוים מורא פאר א מעגליכער סכנה, צו פערכאַפּען פרעמדעס און מאכט אונז פאר רויבער און מערדער. די חיות בערעכענען ניט די פליכטען פון אינסטינקט, פּונקט ווי זיי בערעכענען ניט די אונבעקוועמליכקייטען, וואָס קאָנען דערפון ענטשטעהן פאר די וואָס האנדלען לויט דעם אינסטינקט. עס וואָלט געווען זעהר מערקווירדיג, ווען די אינטעליגענץ וואָלט געוואָרן פאר דעם מענשען, — דעם געזעלשאַפטליכסטען צווישען אַלע חיות, — א גרונד ניט צו געהאָרכען דעם געזעץ. דער וואָס נוצט אוים די געזעלשאַפט בלויז צו זיין אייגענעם פּאָרטייל, פערראַטה די געזעלשאַפט; עס וואָלט בעסער געווען, אַז גאָט זאָל צונעהמען ביי אונז דעם שכל, אויב דער שכל זאָל דיענען ווי א מיטעל פאר אונזער עגאָאיזם.

איהר וועט זאָגען: „וואָס, איך זאָל טיילען מיין ברויט, דאָס ברויט וואָס איך האָב פערדיענט, וואָס איז מיינס, מיט'ן פרעמדען, וועלכען איך קען ניט, און וועל קיינמאָל ניט זעהן ווידער, און וועלכער וועט מיר אפשר דערפאר אָבצאָהלען מיט שטיינער! ווען מיר וואָלטען פערדיענט דאָס ברויט צוזאַמען, ווען אָט דער מענש וואָלט עפּעס וואָס געטהאָן כדי עס צו קריגען, וואָלט ער געהאַט א רעכט צו פערלאַנגען זיין חלק, וואָרים זיין מיטארבייטען וואָלט איהם בערעכטיגט דערצו. אָבער איצט, וואָס פאר א טענה האָט ער צו מיר? מיר האָבען ניט פּראָדוצירט צוזאַמען און וועלען ניט עסען צוזאַמען.“

דער פעהלער פון אָט דעם ארגומענט ליגט אין דער פאַלשער פאָראויסזעצונג, אַז יעדער פּראָדוצירער איז ניט נויטווענדיגערווייזע פערבונדען מיט יעדען אַנדערן פּראָדוצירער.

ווען צוויי אָדער עטליכע מענשען האָבען אויף א רעגעלמעסיגען אופן אָרגאַניזירט א געזעלשאַפט, ווען די קאָנטראַקטען זיינען אָבגעמאַכט געוואָרן, זיך אָבגעשריבען און גע'חתמ'ט, — דאַן איז קיין פראַגע ניט וועגען דער צוקונפט. יעדערער ווייס, אַז ווען צוויי מענשען האָבען זיך פעראייניגט, למשל, צו כאַפּען פיש, איז אפילו ווען איינער כאַפּט ניט, האָט ער דאָך א רעכט אויף די פיש וואָס זיין שותף האָט געכאַפּט. ווען צוויי געשעפטסלייט מאַכען א האַנדעלס געזעלשאַפט, איז אַזוי לאַנג ווי זייער שותפות האַלט אָן, טיילען זיי זיך גלייך מיט די פערלוסטען און פערדיענסטען; וואָ־

רים וויבאלד אז יעדערער פּראָדוצירט ניט פאר זיך, נאָר פאר דער געזעלשאפט, איז דעריבער, ווען עס קומט די צייט פון צוטיילען, נעהמט מען ניט דעם פּראָדוצירער אין אנבעטראכט, נאָר דעם שותף. דאָס איז דער גרונד, פארוואָס דער שקלאַף, ווען דער פּלאַנטאטאָר גיט שטרוי און רייז; די ציוויליזירטע ארבייטער, ווען דער קאפּיטאליסט צאָהלט שטענדיג אַ צו קליינעם געהאַלט, ווערען ניט מיטגערעכענט ביים פערטיילען פון דעם פּראָפיט, ווייל זיי זיינען ניט קיין שותפים פון די בעלי־בתים, כאָטש זיי פּראָדוצירען מיט זיי אינאיינעם. אַזוי אויך דאָס פערד וואָס שלעפּט אונזערע וואָגענס, און דער אָקס וואָס ציהט אונזער סאָכע, פּראָדוצירען אינאיינעם מיט אונז אָבער זיינען ניט אונזערע שותפים; מיר נעהמען זייער פּראָדוקט, אָבער מיר טיילען זיך ניט מיט זיי. די חיות און די ארבייטער, וואָס מיר בעשעפטיגען, שטעהען צו אונז אין דערזעלבער שייכות. יעדע זאַך, וואָס מיר טהוען פאַר זיי, טהוען מיר עס ניט אויס גערעכטיגקייט, נאָר אויס ריינער צדקה.*)

אָבער איז עס מעגליך, אז מיר זיינען ניט אַלע פערבונדען? לאָמיר זיך דערמאָנען וואָס איז געזאָגט געוואָרן אין די פריהעריגע צוויי קאפּיטלען, אז אפילו ווען מיר זאָלען ניט וועלען זיין פערבונדען, פעראייניגען זיך צוזאמען די מאכט פון אומשטענדען, די נויט פון קאָנסום, די געזעצען פון פּראָדוקציאָן און דער מאטעמאטישער פּרינציפּ פון אויסטויש און צווינגען אונז צו זיין פערבונדען. עס איז דאָ איין איינציגע אויסנאהמע פון דיזער רעגעל: דער אייגענטימער, וואָס פּראָדוצירט נאָר דורך זיין צינזרעכט, איז מיט קיינעם ניט פערבונדען און איז דערפאַר ניט געצוואונגען צו טיילען זיין פּראָדוקט מיט ווערמען עס איז; פּונקט אזוי ווי קיינער איז ניט מחויב זיך צו טיילען מיט איהם. מיט דער אויסנאהמע פון דעם אייגענטימער, ארבייטען מיר אַלע איינער

---

*) טהאָן אַן אַקט פון פילאַנטראָפּיע האָט אויף העברעאיש געהייסען: טהאָן צדקה, ד. ה. גערעכטיגקייט; אויף גריכיש: טהאָן רחמנות; אויף לאַטייניש: טהאָן אַ ווערק פון ליעבע; אויף פראַנצויזיש: געבען אַ גדבה. מען קאָן שוין אין די אויסדרוקען אַליין זעהן די ערנידעריגונג פון דעם פּרינציפּ: דער ערשטער בעצייכענט דעם חוב, דער צווייטער בלויז די סימפּאַטיע, דער דריטער — די נייגונג, דער פערטער: אַ קאַפּריז.

פאַר׳ן אנדערן; מיר קאָנען גאָרנישט טהאָן אליין אָהן דער הילף פון אנדערע, נאָר טוישען נאָכאנאנד פראָדוקטען און דיענסט־לייס־טונגען איינע מיט די אנדערע. אויב דאָס זיינען ניט קיין געזעלשאפטליכע טהאטען, איז וואָס דען זיינען זיי? אָבער קיין קאָמערציעלע, אינדוסטריעלע אָדער אגריקולטורעלע געזעלשאפט קאָן ניט געמאָלט זיין אָהן גלייכהייט; גלייכהייט איז איהר עקזיס־טענץ־נויטוועגדיגקייט. אזוי אז אין אלע פראגען, וואָס האָבען א שייכות צו דער געזעלשאפט איז אונטריי זיין דער געזעלשאפט די אייגענע זאַך ווי אונטריי זיין דער גערעכטיגקייט און דער גלייכ־הייט. ווענדעט אָן אָט דעם פּרינציפּ אויף דער מענשהייט בכלל. נאָך דעם וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרן, דענק איך, אז דער לעזער זעהט די זאַך גענוג קלאָר, צו קאָנען זיך בעגעהן אָהן מיין הילף.

לויט אָט דעם פּרינציפּ וועט דער מענש, וואָס נעהמט אין בע־זיץ א פעלד און זאָגט „דאָס פעלד איז מיינס", ניט זיין אומגע־רעכט, אזוי לאַנג ווי יעדער אנדער מענש האָט פונקט אזא רעכט פון בעזיץ; און ער וועט אויך ניט זיין אומגערעכט, אויב ער וויל ענדערן זיין פלאַץ און בייט אויס דאָס פעלד פאַר עפּעס, וואָס האָט א גלייכען ווערטה. אויב אָבער, ווען ער זעצט אריין אנאנ־דערן אויף זיין פלאַץ, זאָגט ער צו איהם, „ארבייט פאַר מיר בעת איך וועל ארומגעהן לעדיג", דאַן ווערט ער אומגערעכט, ניט חבר׳־שאפטליך, אונגלייך. ער איז אַן אייגענטימער.

פון דער אנדער זייט, דער פוילענצער, אָדער דער אויסגעלאסע־נער, וועלכער געניסט ווי אלע, און אָפטמאָל פיעל מעהר, און טהוט ניט די מינדסטע סאָציאלע ארבייט, מוז פערפאָלגט ווערן אלס א גנב און פאראזיט. מיר זיינען עס שולדיג צו זיך אליין, איהם ניט צו געבען גאָרנישט, אָבער אזוי ווי ער מוז דאָך לעבען, מוזען מיר איהם שטעלען אונטער אויפזיכט און איהם צווינגען צו אר־בייטען.

די געזעלשאפטליכקייט איז די אָנציהונג, וואָס עמפּינדענדע בעשעפּענישען פיהלען איינער פאַר דעם אנדערן. גערעכטיגקייט איז דיזעלבע אָנציהונג, בעגלייט פון איבערלעגונג און וויסען. אָבער אונטער וואָס פאַר א אלגעמיינער אידעע, אונטער וועלכער קאַ־טעגאָריע פון פערנונפט זיינען מיר משיג די גערעכטיגקייט? אונ־טער דער קאטעגאָריע פון גלייכע קוואנטיטעטען. פון דאַנען שטאמט

די אַלטע דעפיניציע פון גערעכטיגקייט: „דאָס גערעכטע איז דאָס גלייכע, דאָס אונגערעכטע דאָס אונגלייכע".

וואָס הייסט דאַן אויסאיבען גערעכטיגקייט? דאָס מיינט, געבען יעדען א גלייכען טייל אונטער דער בעדינגונג פון גלייכער ארבייט: עס מיינט, האַנדלען געזעלשאַפטליך. אונזער עגאָאיזם מעג זיין אונצופרידען; מען קאָן זיך ניט בעהאַלטען פון דאָס, וואָס איז אזוי קלאָר און נויטווענדיג.

וואָס איז דאָס רעכט פון אָקופּאַציאָן (בעזיצטום)? דאָס איז א נאַטירליכע מעטאָדע צו צוטיילען די ערד, דורכדעם וואָס מען פערקלענערט יעדען ארבייטער׳ס חלק, אזוי שנעל ווי עס מעלדען זיך נייע ארבייטער. דאָס דאָזיגע רעכט פערשווינדט אויב די עפענטליכע אינטערעסען פאָדערן עס, ווייל וויבאַלד זיי זיינען די געזעלשאַפטליכע אינטערעסען, זיינען זיי אויך די אינטערעסען פון דעם בעזיצער.

וואָס איז דאָס רעכט פון ארבייט? עס איז דאָס רעכט צו בעקומען א חלק פון רייכטום, נאָכקומענדיג די נויטיגע בעדינגונגען. עס איז דאָס געזעלשאַפטליכע רעכט, דאָס רעכט פון גלייכהייט.

גערעכטיגקייט, וואָס איז א פּראָדוקט פון דער פערבינדונג פון אַן אידעע און א אינסטינקט, בעווייזט זיך אין דעם מענשען אזויבאַלד ווי ער הויבט אָן פיהלען און פאָרמירען געדאַנקען. פאָלגליך, האָט מען עס געהאַלטען פאַר א מיטגעבוירענעם און אורשפּרינגליכען געפיהל; די מיינונג איז אָבער לאָגיש און כראָנאָלאָגיש פאַלש. די גערעכטיגקייט, וועלכע איז אין איהר צונויפשטעל א געמיש פון צוויי קוועלען — א היבריד, אויב איך מעג זיך אזוי אויסדריקען — די גערעכטיגקייט, וואָס איז געבוירען פון געמיטה און אינטעלעקט אינאיינעם, זעהט מיר אויס אַלס איינער פון די שטאַרקסטע בעווייזען פאַר דער איינהייט און איינפאַכקייט פון דעם עגאָ; וואָרים דער אָרגאַניזם קאָן פון זיך אַליין ניט פּראָדוצירען אזא געמיש, אזוי ווי די פעראייניגטע עמפּינדונגען פון געהער און פון זעהן קאָנען ניט פאָרמירען א צווייאיגען חוש, וואָס זאָל זיין האַלב געהער און האַלב זעהן.

אָט די צווייענדיגע נאַטור פון גערעכטיגקייט גיט אונז דעם קלאָר־בעשטימטען באַזיס פאַר אַלע בעווייזען (הוכחות) אין די

קאַפּיטלען II, III און IV אזוי ווי פון איין זייט איז די אידעע פון גערעכטיגקייט דאָסזעלביגע וואָס די אידעע פון געזעלשאַפט, און געזעלשאַפט שליסט נויטיגערווייז איין גלייכהייט, מוז די גלייכ־הייט ליעגען אין גרונד פון אַלע סאָפיזמען, וואָס זיינען אויסגעקלערט געוואָרן פאַר דער פערטיידיגונג פון אייגענטום. וואָרים היות ווי אייגענטום קאָן פערטיידיגט ווערן נאָר אַלס אַ גערעכטע און געזעל־שאַפטליכע אינסטיטוציע, און אזוי ווי אייגענטום איז אונגלייכ־הייט, איז כדי צו בעווייזען, אז אייגענטום האַרמאָנירט מיט געז־זעלשאַפט, מוז בעוויזען ווערן אז אומגערעכטיגקייט איז גערעכ־טיגקייט און אונגלייכהייט איז גלייכהייט — אַ ווידערשפּרוך אין זיך אַליין. פון דער אַנדער זייט, אזוי ווי די אידעע פון גלייכהייט — דער צווייטער עלעמענט פון גערעכטיגקייט — קוועלט ארויס פון די מאַטעמאַטישע פּראָפּאָרציע פון זאַכען; און אזוי ווי די אונגלייכע פערטיילונג פון רייכטום צווישען די ארבייטער צער־שטערט דעם נויטיגען גלייכגעוויכט צווישען ארבייט, פּראָדוקציאָן און פערברויך, — מוז אייגענטום זיין אונמעגליך.

אַלע מענשען זיינען, הייסט עס, פעראייניגט, אַלע זיינען בע־רעכטיגט צו דערזעלבער גערעכטיגקייט, אַלע זיינען גליך. איז אפשר דערפון געדרונגען, אז ליעבע און פריינדשאַפט, וואָס גיבען איינעם אַ פאָרצוג איבער דעם צווייטען, זיינען אומגערעכט?

דאָס פאָדערט אַן ערקלערונג.

איך האָב פריהער אָנגענומען דעם פאַל פון אַ מענשען, וואָס געפינט זיך אין אַ סכנה, בעת איך בין אין אַ לאַגע, וואָס איך קאָן איהם העלפען. איצטער וויל איך זיך פאָרשטעלען דעם פאַל, ווען צוויי מענשען, וואָס געפינען זיך אין אַ סכנה, אַפּעלירען צו מיר אין דערזעלבער צייט. איז מיר ניט ערלויבט — ניין, בין איך ניט מחויב אפילו — אַ לאָז טהאָן זיך העלפען צוערשט דעם, וואָס איז מיר טהייער צוליב בלוט־פערוואַנדשאַפט, פריינדשאַפט, בעקאַנטשאַפט אָדער אַכטונג, ריזיקירענדיג דערמיט צו לאָזען דעם אַנדערן אומ־קומען? יאָ. און וואָרום? ווייל אין דער אַלגעמיינער געזעל־שאַפט עקזיסטירט פאַר יעדען איינעם פון אונז אַזויפיעל ספּעצ־ציעלע געזעלשאַפטען וויפיעל יחידים עס זיינען פאַראַן; און מיר זיינען מחויב, לויט דעם פּרינציפּ פון געזעלשאַפטליכקייט גופא, צו ערפילען אונזערע התחיבות'ן, וואָס די דאָזיגע געזעלשאַפטען לע־

געז אויף אונז ארויף, לויט די אינטימע בעציהונגען, וואָס מיר האָבען מיט זיי. דעריבער מוזען מיר געבען אונזער פאָטער, מוטער, קינדער, פריינד, קרובים א. אז. וו. דעם פאָרצוג איבער אַלע אַנ־דערע. אין וואָס אָבער בעשטעהט אָט דער פאָרצוג ?

אַ ריכטער האָט אָבצוגעבען זיין אורטייל אין אַ פאַל, אין וועל־כען איינער פון די צדדים איז זיין פריינד און דער אַנדערער זיין פיינד. זאָל ער אין דעם פאַל געבען דעם יתרון זיין אינטימען חבר לגבי זיין וויטען חבר, און פסק׳ענען לטובת זיין פריינד, טראָץ דעם וואָס די בעווייזען זיינען געגען איהם ? ניין, וואָרים אויב ער וואָלט געהאַלטען מיט זיין פריינד׳ס אומגערעכטיגקייט, וואָלט ער געוואָרן זיין מיטהעלפער אין זיין אַנגריף אויף דעם גע־זעלשאַפטליכען אָבמאַך ; ער וואָלט געמאַכט מיט איהם צוזאַמען אַ מין פערשווערונג אַנטקעגען דער געזעלשאַפטליכער קערפּער־שאַפט. אַ פאָרצוג מעג געגעבען ווערען בלויז אין פּריוואַטע זאַכען, ווי ליעבע, אַכטונג, צוטרויען אָדער אינטימע בעציהונגען, ווען מען קאָן עס ניט געבען אַלעמען מיט אמאָל. אַזוי, צום ביי־שפּיעל, אין פאַל פון אַ פייער, דאַרף דער פאָטער ראַטעווען זיין אייגען קינד, איידער ער קאָן טראַכטען וועגען זיין שכנ׳ס קינד ; ווען עס האַנדעלט זיך אָבער וועגען דער אַנערקענונג פון אַ רעכט, וואָס איז ניט אָבהענגיג פון דעם ריכטער׳ס ווילען, איז ער ניט פריי צו בעגינסטיגען איין מענשען צום שאָדען פון דעם אַנדערן.

די טעאָריע פון די ספּעציעלע געזעלשאַפטען — וואָס ווערן פאָרמירט אַזוי צו זאָגען קאָנצענטריש און יעדערער פון אונז איז אינעווענינג פון דער הויפּט קערפּערשאַפט, ווי אַ רייה קרייזען ארום איין מיטעלפּונקט — גיט דעם שליסעל צו די אַלע פּראָבלעמען וועלכע וואַקסען ארוים פון דעם געגענזאַץ און קאַמפּף פון די פער־שיידענע סאָרטען געזעלשאַפטליכע פליכטען — פּראָבלעמען, אויף וועלכע די אוראַלטע טראַגעדיען זיינען געבויט.

די גערעכטיגקייט וואָס ווערט פּראַקטיצירט צווישען חיות, איז אין אַ געוויסען גראַד אַ נעגאַטיווע גערעכטיגקייט. מיט דער אויסנאַהמע פון דעם בעשיצונג, וואָס זיי גיבען זייערע יונגע, זייער געהן אויף געיעג און רויב אין מחנות, זייער פעראייניגען זיך פאַר געמיינשאַפטליכער פערטיידיגונג און אַמאָל אויך כדי צו העלפען אַן איינצעלנעם, בעשטעהט זייער גערעכטיגקייט מעהר אין פער־

היטען איידער אין טהאָן עפּעס אקטיוו. א קראנקע חיה, וואָס קאָן זיך ניט אויפהויבען, אָדער אַ ניט־פּאָרזיכטיגע, וועלכע איז ארונטערגעפאלען פון אַ משופּע׳דיגען פעלז, קריגט ניט קיין רפואות אָדער שפייז. אויב זי קאָן זיך אליין ניט היילען אָדער העלפען פון אַ צרה, איז איהר לעבען אין סכנה, וואָרים קיינער וועט איהר ניט פלעגען אין בעט, אָדער געבען עסען אין איהר געפענגניש. זייער גלייכגילטיגקייט צו זייערע חברים נעהמט זיך פונקט אזוי־פיעל פון זייער שוואכען פערשטאנד, ווי פון זייערע אָרימע מיטלען. דאָך זיינען די שטופען פון אינטימע בעציהונגען, וואָס קומען געוועהנליך פאָר צווישען מענשען, ניט אונבעקאנט ביי די חיות. זיי האָבען פריינדשאפטען אוים געוועהנהייט און אוים אייגענעם וואהל, נאכבארשאפטליכע פריינדשאפטען און פאמיליען־פריינדשאפטען. אין פערגלייך מיט אונז האָבען זיי שוואכע זכרון׳ס, פוילע, אונבעוועגליכע געפיהלען, און האָבען כמעט גאָר קיין אינטעליגענץ ניט. אָבער דער עצם פון דיזעלבע פעהיגקייטען געפינט זיך ביי זיי ביז אַ געוויסען גראַד, און אונזער העכערקייט אין דעם פּרט נעהמט זיך אינגאנצען פון אונזער פערשטאנד.

עס איז דער כח פון אונזער זכרון און די דורכדרינגליכקייט פון אונזער אורטיילס־קראפט, וואָס גיט אונז די מעגליכקייט צו פערפיעלפאכען און קאָמבינירען די טהאטען, וועלכע אונזער סאָציאַלער אינסטינקט טרייבט אונז צו טהאָן; זיי לערנען אונז אויך, ווי צו טהאָן די זאכען ווירקזאמער און ווי אזוי צו פערטיילען זיי אויף אַ גערעכטען אופן. די חיות, וועלכע לעבען אין אַ געזעלשאפט, פּראקטיצירען גערעכטיגקייט, אָבער זיי ווייסען עס ניט און דענקען דעריבער ניט נאָך; זיי פאָלגען זייער אינסטינקט אָהן חקירות און אָהן פילאָזאָפיע. זיי ווייסען ניט ווי אזוי צו פעראייניגען דעם סאָציאַלען געפיהל מיט דעם בעגריף פון גלייכהייט, וועלכען זיי האָבען ניט, ווייל ער איז אן אבסטראקטער בעגריף. מיר, אין געגענטייל, וועלכע געהען ארוים פון דעם פּרינציפּ, אז די געזעלשאפט שליסט איין אין זיך גלייכהייט, קאָנען דורך אונזער אורטיילס־קראפט זיך צונויפרעדען וועגען דער איינאָרדנונג פון אונזערע רעכטע. מיר האָבען אפילו געברויכט אונזער אורטיילס־קראפט אין אַ גרויסען ערך. אָבער אין דעם אלעם שפּיעלט אונזער געוויסען אַ קליינע ראָליע, ווי מען קאָן עס זעהן פון דעם פאקט,

אז די אידעע פון רעכט — פון וועלכער מיר קאָנען דערזעהן א שטראהל ביי געוויסע חיות, וועלכע גרייכען נעהענטער איידער די אנדערע צו אונזער מאסשטאב פון אינטעליגענץ — שיינט צו וואקסען פון דעם נידעריגען שטאנד, ווי זי געפינט זיך ביי די ווילדע, ביז דער ערהאבענער הויך, וואס זי גרייכט ביי אזא מענ־שען ווי פלאטאָן אדער פראנקלין. ווען מען אונטערזוכט די ענטוויקלונג פון דעם מאָראלישען זין ביי יחידים, און דעם פראָ־גרעס פון די געזעצען ביי נאציאָנען, וועט מען זיך איבערצייגען, אז די אידעע פון רעכט און פאלקאמענהייט פון געזעץ שטעהען איבעראל אין א דירעקטער בעציהונג צו דער אינטעליגענץ. דער בעגריף פון גערעכטיגקייט, וועלכען די פילאָזאָפען האָבען זיך אויסגעמאָלט אזוי איינפאך, איז באמת זעהר קאָמפליצירט. ער שטאמט אָב פון איין זייט פון דעם סאָציאַלען אינסטינקט און פון דער אנדערער זייט פון דער אידעע פון דער גלייכבערעכטיגונג פון אנדערן; פונקט אזוי ווי דער בעגריף פון פעראנטוואָרטליכקייט שטאמט פון דעם געפיהל פון פערלעצטער גערעכטיגקייט און פון דער אידעע פון פרייען ווילען.

דער שלום איז, אז דער אינסטינקט ווערט ניט געענדערט דורכדעם וואָס מיר ווערן בעקאנט מיט זיין נאטור; און אז די פאקטען פון געזעלשאפטליכקייט, וועלכע מיר האָבען ביז אהער בעאָבאכטעט, קומען פאָר ביי חיות אזוי גוט ווי ביי מענשען. מיר ווייסען די בעדייטונג פון גערעכטיגקייט; אין אנדערע ווערטער — פון געזעלשאפטליכקייט, בעטראכט פון שטאנדפונקט פון גלייכ־הייט. מיר האָבען קיין זאך ניט אָנגעטראָפען, וואָס טיילט אונז אָב פון די חיות.

## § 3. די דריטע מדרגה פון געזעלשאפטליכקייט.

דער לעזער האָט אפשר ניט פערגעסען, וואָס איך האָב געזאָגט אין דעם דריטען קאפיטעל איבער די טיילונג פון ארבייט און די ספעציאליזירטע פעהיגקייטען. דער סך הכל פון די טאלאנטען און פעהיגקייטען פון דער מענשליכער ראסע איז אלעמאל דער זעלבינער און זייער נאטור איז אלע מאָל אן עהנליכע. מיר זיינען

אַלע געבוירענע פּאָעטען, מאַטעמאַטיקער, פילאָזאָפען, קינסטלער, האַנדווערקער אָדער אַקער-בויער, אָבער מיר ווערן ניט געבוירן אַלע גלייך בעגאַבט מיט די דאָזיגע פעהיגקייטען; און צווישען איין מענשען און דעם אַנדערן אין דער געזעלשאַפט, אָדער צווישען איין פעהיגקייט און אַנאַנדערער אין דעם זעלבען אינדיווידום, איז פאַראַן אַן אונענדליכער אונטערשייד. אָט דער חלוק אין גראַד צווישען דיזעלבע פעהיגקייטען, דאָס וואָס דער טאַלאַנט ווענט אריבער אין אַ געוויסער ריכטונג, איז, ווי מיר האָבען געזאָגט, דער פונדאַמענט פון אונזער געזעלשאַפט. די אינטעליגענץ און די געבוירענע גאונות זיינען פערטיילט געוואָרן פון דער נאַטור מיט אַזאַ עקאָנאָמיע און דאָך אַזוי רייכליך, אַז עס איז קיין געפאַהר ניט, טאָמער וועט די געזעלשאַפט האָבען צו פיעל אָדער צו-ווייניג פון געוויסע טאַלאַנטען, און אַז יעדער ארבייטער, ווען ער גיט זיך איבער צו זיין ארבייט, קאָן שטענדיג גרייכען דעם גראַד וויסען וואָס איז נויטווענדיג צו פּראָפּיטירען פון די ארביי-טען און ענטדעקונגען פון זיינע חברים. דורך אָט דער איינפאַכער און קלוגער פאָרזיכט פון דער נאַטור, בלייבט דער ארבייטער ניט אָבגעזונדערט ביי זיין ארבייט; ער שטעהט דורך זיינע געדאַנקען אין בעריהרונג מיט זיינס גלייכען, נאָך איידער ער ווערט מיט זיי פערבונדען דורכ'ן הארץ, אַזוי אַז ביי איהם ווערט די ליעבע געבוירען פון דעם פערשטאַנד.

עס איז ניט אַזוי אין די געזעלשאַפטען פון חיות. אין יעדען מין זיינען די פעהיגקייטען פון אַלע איינצעלנע — הגם זעהר בעשרענקט — גלייך אין צאָהל און (אויב זיי שטאַמען ניט פון דעם אינסטינקט) אויך גלייך שטאַרק. יעדער טהוט אַזוי גוט ווי אַלע אַנדערע, דאָס וואָס אַלע טהוען: ער בעזאָרגט זיך מיט שפּייז, פערהיט זיך פון שונא, גראָבט זיך אין דער ערד, בויט אַ נעסט א. אז. וו. קיין חיה, אין אַ פרייען און געזונדען צושטאַנד, דער-וואַרט ניט און פערלאַנגט ניט קיין הילף פון איהר שכן, וועלכער איז פון זיין זייט פּונקט אַזוי אונאָבהענגיג.

די געזעלשאַפטליכע חיות לעבען איינע נעבען די אַנדערע אָהן יעדער געדאַנקען-געמיינשאַפט, אָהן נאָהענטע בעציהונגען. זיי טהוען אַלע דאָסזעלבע, האָבען ניט וואָס צו לערנען און צו געדענקען; זיי זעהען זיך, פיהלען זיך, שמעקען איינער דעם אַנדערן,

אָבער זיינען ניט קיין סאָציאַלער אָרגאַניזם. דער מענש שטעהט אין שטענדיגען אויסטויש פון אידעען, געפיהלען, פּראָדוקטען און דיענסט־לייסטונגען מיט זיינע מיטמענשען. אַלעס וואָס מען לערנט און פיהרט דורך אין דער געזעלשאַפט איז נויטוועדיג פאַר איהם; אָבער פון אָט דעם אונגעהייערן סכום פון פּראָדוקטען און אידעען, איז דער חלק, וואָס יעדער איינציגער בעזונדער קאָן אויפטהאָן אַזוי פערשווינדענד קליין, ווי למשל אַן אַטאָם אין פערגלייך מיט דער זון. דער מענש איז מענש נאָר דורך דער געזעלשאַפט, וועלכע האַלט זיך, פון איהר זייט, נאָר דורך דעם גלייכגעוויכט און דער האַרמאָניע פון די קרעפטען, פון וועלכע זי איז צוזאַמענגעזעצט.

די געזעלשאַפט ביי חיות איז אײנפאַך; ביי די מענשען איז עס קאָמפּליצירט. דער מענש איז פעראייניגט מיט'ן מענשען דורכ'ן זעלבען אינסטינקט, וואָס פעראייניגט די חיה מיט דער חיה; אָבער דער מענש איז אַנדערש פעראייניגט ווי די חיה; און אין דעם דאָזיגען אונטערשייד פון אַסאָסיאַציאָן ליעגט דער גאַנצער אונטערשייד פון מאָראַל.

איך האָב בעוויזען — אפשר אביסעל צו פיעל באריכות — אי דורך דעם גייסט פון די געזעצען, וואָס שטעלען אוועק דאָס אייגענטום פאַר דעם באַזיס פון דער געזעלשאַפט, אי דורך דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, אַז די אונגלייכהייט פון לעבענסבעדינגונגען קאָן ניט בערעכטיגט ווערן, ניט דורכ'ן פאַקט פון פריהערדיגען בעזיץ, ניט דורכדעם, וואָס איינער האָט מעהר טאַלאַנט, לעגט אריין מעהר ארבייט, פלייס און פעהיגקייט. אָבער אָבוואָהל די גלייכהייט פון בעדינגונגען איז אַ נויטוועדיגע פאָלגע פונ'ם נאַטירליכען רעכט, פון דער פרייהייט, פון די פּראָדוקציאָנס־געזעצען, פון די כחות פון דער פיזישער נאַטור, און פון דעם פּרינציפּ פון דער געזעלשאַפט גופא — קאָן די דאָזיגע גלייכהייט דאָך ניט אָבהאַלטען דעם סאָציאַלען געפיהל פון אריבערצוטרעטען די גרעניצען פון דעביט און קרעדיט. די פעלדער פון וואוילטהאַט און ליעבע שפּרייטען זיך אויס פיעל ווייטער; און ווען די עקאָנאָמיע האָט שוין געמאַכט איהר בילאַנס, הויבט אָן דער גייסט צו פּראָפּיטירן פון זיין אייגענער גערעכטיגקייט און דאָס האַרץ צונעהט זיך אין דער גרענעצלאָזיגקייט פון זיין ליעבע.

דער סאָציאַלער געפיהל נעהמט דאַן אָן אַ נייעם כאַראַקטער, וועלכער איז פערשיידען ביי פערשיידענע מענשען. ביים שטאַרקען איז עס דאָס פערגניגען פון גרויסמוטיגקייט; צווישען גלייכע איז עס די אָפענע און אמת׳ע פריינדשאַפט; ביי דעם שוואַכען, איז עס דאָס גליק פון בעוואונדערונג און פון דאַנקבאַרקייט.

דער מענש וואָס שטעהט העכער אין קראַפט, טאַלאַנט אָדער מוטה ווייסט, אז ער האָט דאָס אַלץ צו פערדאַנקען דער געזעלשאַפט, אָהן וועלכער ער וואָלט ניט געקאָנט עקזיסטירען. ער ווייס, אז ווען די געזעלשאַפט בעהאַנדעלט איהם פונקט אזוי ווי דעם לעצטען פון איהרע מיטגליעדער, איז זי זיך נוהג מיט יושר. אָבער ער אונטערשעצט ניט זיינע פעהיגקייטען; ער איז פונדעסטוועגען בעוואוסטזיניג פון זיין קראַפט און זיין גרויסקייט. און עס איז אָט די פרייוויליגע אכטונג, וואָס ער גיט אָב דער מענשהייט, אָט די געשטעהונג, אז ער איז בלויז אַן אינסטרומענט אין די הענד פון דער נאַטור — די איינציגע וואָס פערדיענט פערהערליכונג און לויב־געזאַנג — עס איז, זאָג איך, אָט דער וידוי, וואָס קומט אין דערזעלביגער צייט פון קאָפּ און פון הארצען, אָט די אמת׳ע פערעהרונג פון דעם „גרויסען וועזען", וואָס עס שיידט־אונטער און דערהויבט דעם מענשען, און שטעלט איהם אויף אזא הויכע שטופע פון געזעלשאַפטליכער מאָראַל, צו וועלכער די חיה האָט קיין כח ניט צו דערגרייכען. הערקולעס, וואָס פערניכטעט די מאָנסטערס און בעשטראָפט די רויבער צום וואויל פון גריכענלאַנד; אָרפעאוס, וואָס האָט געלערנט די גראָבע און ווילדע פעלאַסגען — ניט פער־לאַנגענדיג קיין שכר פאַר זייערע לייסטונגען — זיי זיינען די ערדעלסטע שעפּפונגען פון דער פּאָעזיע, דער העכסטער אויסדרוק פון גערעכטיגקייט און טוגענד.

די פריידען פון זעלבסט־אָפּפערונג קאָנען ניט איבערגעגעבען ווערן אין ווערטער.

ווען איך וואָלט געוואָלט פערגלייכען די מענשליכע געזעלשאַפט צו די אַלטע גריכישע טראַגעדיעס, וואָלט איך געזאָגט, אז די גרופּע נאָבעלע גייסטער און ערהאַבענע נשמות טאַנצט די ס ט ר אָ פ ע, און די געמיינע מאַסע טאַנצט די אַ נ ט י־ס ט ר אָ פ ע. בעלאַסטעט מיט שמערצליכע און אונאַנגענעהמע אויפגאַבען, אָבער אַלמעכטיג דורך זיין צאָהל און דער האַרמאָנישער איינאָרדנונג פון

זייערע פונקציעס, פיהרט די מאַסע דורך, דאָס וואָס יענע פּלאַנירען. זיי ווערן געפיהרט פון זיי און זיינען זיי גאָרנישט ניט שולדיג. אָבער זיי אכטען זיי און בעשיטען זיי מיט אפּלאָדיסמענטען און לויבגעזאַנגען.

דאַנקבאַרקייט רופט ארויס אין מענשען התפעלות און ענטוזיאַזם.

אָבער די גלייכהייט דערפרעהט מיין הארץ. וואוילטהאַט דעגע־נערירט אין טיראַניי, בעוואונדערונג אין זעלבסט־ערנידעריגונג. פריינדשאַפט איז די טאָכטער פון גלייכהייט. אָה, מיינע פריינד, איך וואָלט לעבען צווישען אייך אָהן דער שטרעבונג אריבערצו־שטייגען און אָהן רוהם; זאָל די גלייכהייט אונז פעראייניגען; זאָל דער גורל בעשטימען יעדענס פּלאַץ. איך וואָלט שטאַרבען און ניט וויסען, וועמען פון אייך איך מוז אם מייסטען אכטען!

פריינדשאַפט איז א טהייערער אוצר פאַר די הערצער פון די מענשען־קינדער.

גרויסמוטיגקייט, דאַנקבאַרקייט (איך מיין דאָ נאָר די, וואָס שטאַמט פון דער בעוואונדערונג פון א העכערער קראַפט) און פריינדשאַפט זיינען דריי פערשיידענע ניואַנסען פון דעם געפיהל, וועלכען איך וועל אָנרופען י ו ש ר (עקוויטע) אָדער ס אָ צ י־א ל ע פּ ר אָ פּ אָ ר צ י אָ נ א ל י ט ע ט*). יושר ענדערט ניט די גערעכטיגקייט; אָבער ווען דער יושר איז איהר יסוד, דאַן קומט צו די אכטונג, און עס בילדעט זיך ביי דעם מענשען א דריטער גראַד פון געזעלשאַפטליכקייט. דורך דעם יושר ווערט עס פאַר אונז א פליכט און א תענוג צו העלפען די שוואכע, וואָס נויטיגען זיך אין אונז, און זיי מאַכען פאַר אונזערע גלייכע; צו געבען דעם שטאַרקען א גערעכטע אנערקענונג פון דאַנקבאַרקייט און עהרע און דאָך ניט צו ווערן זיין שקלאַף; צו ליעבען אונזערע נעכסטע, אונזערע פריינד און אונזערע גלייכע, פאַר דאָס וואָס מיר בעקומען

*) אונטער „עקוויטע“ מיין איך דאָ, וואָס די לאַטיינער האָבען אָנגע־רופען „הומאַניטאַס“, — ד. ה. דער סאָרט געזעלשאַפטליכקייט, וואָס גע־פינט זיך נאָר ביי מענשען. די מענשהייט, וועלכע איז עדעל און העפליך צו אַלעמען, וויים צו אונטערשיידען ראַנגען, טוגענדען און פעהיגקייטען, ביט שאַדענדיג קיינעם. עס איז די גערעכטע פערטיילונג פון געזעלשאַפט־ליכער סימפּאַטיע און אַלגעמיינער ליעבע.

פון זיי אפילו אין אויסטויש. גלייכהייט איז געזעלשאפטליכקייט, וואס ווערט דערהויבען פון פערנונפט און גערעכטיגקייט ביז צום אידעאל; איהר געוועהנליכסטער כאראקטערצוג איז די א י י ־ ד ע ל ק י י ט און ה ע פ ל י כ ק י י ט, וועלכע איז ביי געוויסע פעלקער כולל אין זיך אליין אלע פליכטען פון געזעלשאפטליכקייט.

דאס דאזיגע געפיהל איז די חיות אונבעקאנט. זיי ליעבען, בינדען זיך צו איינע צו די אנדערע און צייגען געוויסע נייגונגען, אבער זיי פערשטעהן ניט וואס הייסט אכטונג, און מיר בעמערקען ביי זיי ניט קיין גרויסמוטיגקייט, בעוואונדערונג אדער העפליכקייט.

אט דער געפיהל שטאמט ניט פון דער אינטעליגענץ, וועלכע בערעכענט, מעסט אויס און וועגט איבער, אבער ליעבט ניט; וועלכע זעהט, אבער פיהלט ניט. אזוי ווי גערעכטיגקייט איז א געמישטער פראדוקט פון סאציאלען אינסטינקט און פון איבער־לעגונג, אזוי איז יושר א געמישטער פראדוקט פון גערעכטיגקייט און געשמאק, איך וויל זאגען — פון אונזער פעהיגקייט צו אור־טיילען און אידעאליזירען.

אט דער פראדוקט, די דריטע און לעצטע מדרגה פון געזעל־שאפטליכקייט אין מענשען, ווערט בעשטימט פון אונזער קאמפּלי־צירטען אופן פון פעראייניגונג, אין וועלכער די אונגלייכהייט, אדער בעסער געזאגט, די פערשיידענהייט פון פעהיגקייטען און די ספּע־ציאליזירונג פון פונקציאנען — וואס האט די טענדענץ צו איזא־לירען די ארבייטער — פאָרדערט א מעהר אקטיווע געזעלשאפט־ליכקייט.

און דאס איז די סבה פארוואס די קראפט, וואס אונטערדריקט בעת עס בעשיצט, איז אזוי ענטזעצליך; פארוואס די אידיאטישע אונוויסענהייט, פאר וועלכער די וואונדער פון קונסט און די פּראָ־דוקטען פון דער גרעבסטער אינדוסטריע שטעהט אויף דערזעלבער מדרגה, רופט ארויס א טיעפע פעראכטונג; פארוואס די שטאלצע מיטעלמעסיגקייט, וועלכע טריאומפירט זאגענדיג: א י ך ה א ב ד י ר ב ע צ א ה ל ט, א י ך ב י ן ד י ר ג א ר נ י ש ט נ י ט ש ו ל ד י ג, איז ספּעציעל העסליך.

ג ע ז ע ל ש א פ ט ל י כ ק י י ט, ג ע ר ע כ ט י ג ק י י ט, י ו ש ר, אט דער חוט המשולש איז די גענויע דעפיניציאן פון דער אינסטינקטיווער פעהיגקייט, וואס פיהרט אונז צו זוכען דעם פער־

קעהר מיט אונזער גלייכען און וואָס קאָן אויסגעדריקט ווערן בנוגע צו דער אויסערליכער אַרט פון איהר ערשיינונג אין דער פאָרמולע : ג ל י י כ ה י י ט א י ן ד י פ ר אָ ד ו ק ט ע ן פ ו ן נ אַ ט ו ר א ו ן א ר ב י י ט.

די דאָזיגע דריי מדרגות פון געזעלשאַפטליכקייט שטיצען און גרינדען זיך איינע אויף די אַנדערע. יושר קאָן ניט עקזיסטירען אָהן גערעכטיגקייט ; געזעלשאַפט אָהן גערעכטיגקייט איז זינלאָז. און ווירקליך, אויב כדי צו בעלוינען דעם טאַלאַנט, נעהם איך די פּראָדוקטען פון איינעם און גיב זיי אַוועק דעם אַנדערן, בערויבענדיג דערמיט אונגערעכטערווייזע דעם ערשטען, שעץ איך ניט זיין טאַלאַנט אַזוי ווי איך וואָלט בעדאַרפט. אויב איך נעהם פאַר זיך אין אַ געזעלשאַפט אַ גרעסערן טייל ווי מיין חבר, זיינען מיר ניט קיין אמת׳ע חברים. גערעכטיגקייט איז געזעלשאַפטליכקייט, וואָס ווייזט זיך ארויס אין דער צולאָזונג צו אַ גלייכער בעטייליגונג אין די מאַטעריאַלע זאַכען, וואָס מען קאָן וועגען און מעסטען ; י ו ש ר איז גערעכטיגקייט, וואָס איז בעגלייט פון בעוואונדערונג און עהרע, זאַכען, וואָס מען קאָן ניט מעסטען.

דערפון קאָן מען ציהען מעהרערע שלוסען.

1. אויב מיר זיינען פריי איינעם צו עהרען מעהר איידער דעם אַנדערן, און אויף אַלע מעגליכע אופנים, זיינען מיר אָבער ניט פריי איהם צו געבען אַ גרעסערן חלק פון די אַלגעמיינע גיטער, ווייל די פליכט פון גערעכטיגקייט איז אויף אונז מוטל פריהער פאַר דער פליכט פון יושר, און דעריבער קומט גערעכטיגקייט תמיד פאַר יושר. די פרוי, וואָס די אַלטע האָבען בעוואונדערט, וועלכע בעת אַ טיראַן האָט זי געצוואונגען זיך אויסצוקלייבען צווישען דעם טויט פון איהר ברודער און דעם טויט פון איהר מאַן, האָט געלאָזט טויטען דעם מאַן, אויס דעם גרונד וואָס זי קאָן געפינען אַן אַנדער מאַן, אָבער ניט אַנאַנדער ברודער, — יענע פרוי, זאָג איך, פאָלגענדיג דעם געפיהל פון יושר, וואָס האָט געלעבט אין איהר, איז געווען אונטריי דער גערעכטיגקייט און האָט בעגאַנגען אַ שלעכטע טהאַט, ווייל די חבר׳שאַפט פון דער עהע איז על פי רעכט אַן ענגערע איידער די ברודערליכע, און ווייל דאָס לעבען פון אונזער נעכסטען איז ניט אונזער אייגענטום.

לויט דעמזעלבען פּרינציפּ, טאָר די אונגלייכהייט פון לוין,

אויפ׳ן גרונד פון אונגלייכהייט פון טאַלאַנט, ניט ערלויבט ווערן פון דער געזעצגעבונג, וואָרים די גערעכטע פערטיילונג פון גיטער איז די אויפגאַבע פון דער עקאָנאָמיע און ניט פון ענטוזיאַזם.

און ענדליך, וואָס איז שייך צו מתנות, צוואות און ירושות, מאַר די געזעלשאַפט, וואָס מוז פערהיטען אי די פאַמיליען ליעבע, אי איהרע אייגענע רעכטע, ניט ערלויבען, אַז ליעבע און פאַוואָרי־טיזם זאָל פערניכטען די גערעכטיגקייט; און אַפילו ווען זי איז גענייגט צו גלויבען, אַז דער זוהן, וואָס איז געווען אַ לאַנגע צייט פערבונדען מיט׳ן פאָטער אין געשעפט, איז פעהיגער איידער אַנאַנ־דערער ווייטער צו פיהרען דעם געשעפט; און אַז דער בירגער, וועמען דער טויט האָט איבערראַשט ביי דער פערענדיגונג פון זיין ווערק, וויים בעסער וועמען אויסצוקלייבען אַלס זיין ווירדיג־סטען נאָכפאָלגער; און הגם דער יורש דאַרף האָבען דאָס רעכט אויסצואוועהלען צווישען פערשיידענע ירושות, — פון דעסטוועגען קאָן די געזעלשאַפט ניט דערלאָזען קיין קאָנצענטראַציע פון קאַפּי־טאַלען און אינדוסטריען צו גונסטען פון אַן איינציגען מענשען, קיין מאָנאָפּאָל פון ארביים, קיין הסגת גבול *).

---

*) גערעכטיגקייט און יושר זיינען קיינמאָל ניט ריכטיג פערשטאַ־נען געוואָרן.

„אָנגענומען אַז געוויסע רויב־שטיקער, 12 אין צאָהל, דאַרפען צו־טיילט ווערן צווישען אַבילעס און אַזשאַקס. ווען די צוויי מענשען וואָל־טען געווען גלייך, וואָלטען זייערע חלקים אויך געדאַרפט זיין אַריפמעטיש גלייך: אַבילעס זאָל האָבען 6 און אַזשאַקס 6. און ווען מיר וואָלטען דורכגעפיהרט אָט די אַריפמעטישע גלייכהייט, וואָלט טערזיטעס געדאַרפט קריגען אַזוי פיעל וויפיעל אַבילעס, אָבער דאָס וואָלט געווען העכסט אומגערעכט. כדי אויסצומיידען אַזאַ אונרעכט, דאַרף מען אָבשאַצען דעם ווערטה פון די מענשען און צוטיילען דאָס רויב לויט יעדערנ׳ס ווערטה. נעהמט אָן, אַז אַבילעס׳עס ווערטה איז נאָכאַמאָל אַזויפיעל ווי אַזשאַקס׳עס, דאַרף דער ערשטער קריגען 8 און דער צווייטער 4. עס איז ניטאָ קיין אַריפמעטישע גלייכהייט, נאָר אַ פּראָפּאָרציאָנעלע גלייכ־הייט. אָט דעם פערגלייך פון די ווערטהען — ראַציאָנום — רופט אַן אַריסטאָטעל פערטיילענדע גערעכטיגקייט. עס איז אַ געאָמעטרישע פּראָ־פּאָרציע.“ — (טוליער, „פראַנצויזיש געזעץ לויט דעם קאָדעקס“.)

זיינען אַבילעס און אַזשאַקס חברים, אָדער זיי זיינען ניט קיין חברים? ענטפערט איהר דעם פונקט, פערענטפערט איהר די גאַנצע פראַגע. ווען אַבילעס און אַזשאַקס, אַנשטאָט חברים, וואָלטעןביידע געדיענט

2. יושר, גערעכטיגקייט, געזעלשאַפט קאָנען עקזיסטירען נאָר צווישען אינדיווידומען פון דעמזעלבען מין. זיי זיינען ניט קיין טייל פון די בעציהונגען צווישען פערשיידענע ראַסען, — צ. ב. ש., צווישען אַ וואָלף און אַ ציג, אַ ציג און אַ מענש, אַ מענש און אַ גאָט, און נאָך ווענינער צווישען גאָט און מענש. די אַטריבוטען פון גערעכטיגקייט, יושר, ליעבע וואָס מען שרייבט צו צו גאָט, זיינען אַ ריינער אַנטראָפּאָמאָרפיזם; און די לויבווערטער: גערעכט, מיט־ליידיג, גוט און כדומה מוזען אויסגעמעקט ווערן פון אונזערע תפילות. גאָט קאָן ניט בעצייכענט ווערן אַלס גערעכט, יושר׳דיג און גוט, סיידען אין שייכות צו אַנאַנדער גאָט; אָבער גאָט האָט ניט קיין חבר, פאָלגליך קאָן ער ניט פיהלען קיינע סאָציאַלע פערבינדונ־גען ווי גוטסקייט, יושר און גערעכטיגקייט. זאָגט מען דען, אַז דער פאַסטוך איז גערעכט צו זיינע שאָף און הינד? ניין; און ווען ער וואָלט געוואָלט אָבשערן פון אַ זעקס מאָנאַטליכען שעפּעלע אַזויפיעל וואָלל ווי פון אַ צוויי־יאָהריגען שעפּס; אָדער ווען ער וואָלט געפאָדערט פון אַ יונגען הונד ער זאָל טהאָן אַזוי פיעל

בייַ אַגאַממעמנאָן פאַר געצאָהלט, קאָן מען גאָרנישט ניט אויסזעצען אַנטקעגען אַריסטאָטעל׳ס מעטאָדע. דער שקלאַפען־האַלטער, וועלכער קאָנטראָלירט זיינע שקלאַפען, קאָן געבען אַ טאָפּעלטע פּאָרציע שנאַפּס דעם וואָס טהוט אַ טאָפּעלטע אַרבייט. דאָס איז דאָס געזעץ פון דעספּאָטיזם, דאָס רעכט פון שקלאַפעריי. אויב אָבער אַכילעס און אַזשאַקס זיינען חברים, זיינען זיי גלייך. וואָס איז די נפקא מינה, צי אַכילעס׳עס כח איז 4 און אַזשאַקס׳עס איז נאָר 2? אַזשאַקס קאָן אַלעמאָל ענטפערן, אַז ער איז פריי; אַז אויב אַכילעס איז שטאַרק פאַר 4, וואָלטען 5 איהם געקאָנט הרג׳נען; און ענדליך, אַז וויבאַלד ער געהט פערזענליך אין דיענסט, נעהמט ער פונקט אַזאַ גרויסע ריזיקע ווי אַכילעס. דערזעלבער אַרגומענט איז גוט אויך פאַר טערזיטעס. אויב ער טויג ניט אין שלאַכט, זאָל ער זיין אַ קוכער, אַ צושטעלער אָדער אַ משרת. אויב ער טויג צו קיין זאַך ניט, גיט איהם אַריין אין אַ שפּיטאָל. אויף קיין פאַל טהוט איהם ניט קיין אונרעכט, אָדער הענגט אויף איהם ניט אָן קיינע געזעצען.

אַ מענש מוז לעבען אין איינעם פון צוויי צושטענדען: אָדער א י ן געזעלשאַפט, אָדער א ו י ס ע ר געזעלשאַפט. אין געזעלשאַפט זיינען די אומשטענדען נויטיגערווייז גלייכע, אַחוץ בנוגע דער מדרגת פון אַכטונג און אָנזעהן, וואָס יעדער איינער קאָן בעקומען. אויסער דער געזעלשאַפט איז אַ מענש ניט מעהר ווי אַ געוויסע סומע רויה־מאַטעריאַל, אַ קאַפּיטאַליזירטער ווערקצייג, און אָפטמאָל אַן אומגעלומפּערטער און נוצלאָזער קלאָץ

אַרבייט ווי אַן אַלטער הונד, וואָלט מען ניט געזאָגט, אַז ער איז אונגערעכט, נאָר מען וואָלט געזאָגט, אַז ער איז אַ נאַר. עס איז דערפאַר, ווייל צווישען מענש און חיה איז ניטאָ קיין געזעלשאַפט, אַבוואויל עס קאָן זיין ליעבע. דער מענש ליעבט חיות ווי זאַכען, ווי פּיהלענדע זאַכען אויב איהר ווילט, אָבער ניט ווי פּערזאָנען. נאָכדעם ווי די פילאָזאָפיע האָט אַרויסגעוואָרפען פון דער אידעע פון גאָט די ליידענשאַפטען, וואָס דעם מענשענס אַבערגלויבען האָט איהם צוגעשריבען, וועט זי נאָך דאַרפען אויסמעקען יענע טוגענדען, וועלכע אונזער פרייגעביגע פרומקייט האָט איהם צוגעשריבען*).

ווען גאָט וואָלט אַרונטערגעקומען אויף דער ערד און געלעבט צווישען אונז, וואָלטען מיר איהם ניט געקאָנט ליעבען, סיידען ער וואָלט געוואָרן אונזער גלייכען; מיר וואָלטען איהם גאָרנישט געקאָנט געבען, סיידען ער וואָלט עפּעס פּראָדוצירט; מיר וואָלטען איהם ניט אויסגעהערט, סיידען ער וואָלט בעוויזען, אַז מיר נאַרען זיך; מיר וואָלטען ניט געדיענט צו איהם, סיידען ער וואָלט אונז בעוויזען זיין מאַכט. אַלע געזעצען פון אונזער נאַטור — די געפיהלס־געזעצען ווי די עקאָנאָמישע און אינטעלעקטועלע, וואָלטען אונז ניט דערלאָזט איהם צו בעהאַנדלען ווי מיר בעהאַנדלען אונזערע מיט־מענשען, דאָס הייסט, לויט פערנונפט, גערעכטיגקייט און יושר. איך ציה פון דאַנען דעם שלוס, אַז ווען גאָט וואָלט אַמאָל געוואָלט זיך שטעלען אין דירעקטער פערבינדונג מיט'ן מענשען, וואָלט ער אַליין געמוזט ווערן אַ מענש.

---

*) צווישען פרוי און מאַן קאָן עקזיסטירען ליעבע, ליידענשאַפט, צובונדען פון געוועהנהייט און דערגלייכען, עס איז אָבער ניטאָ צווישען זיי קיין ווירקליכע געזעלשאַפט. מאַן און פרוי זיינען ניט קיין חברים. דער געשלעכטליכער אונטערשייד שטעלט אויף צווישען זיי אַ באַריער, ווי דער באַריער, וואָס שטעהט צווישען חיות דורך דעם ראַסען־אונטערשייד. פאָלגליך, אַנשטאָט צו פערטיידיגען וואָס מען רופט היינטיגע ציטען די עמאַנציפּאַציע פון דער פרוי, וואָלט איך גיכער געווען גענייגט, אויב עס וואָלט ניט געווען קיין אַנדער אויסוועג, גאָר אויסשליסען זי פון געזעלשאַפט.

די רעכטען פו דער פרוי און איהרע בעציהונגען צום מאַן דאַרפען נאָך ערשט בעשטימט ווערן. די חיראַטליכע געזעצגעבונג, ווי די ציוויל־געזעצגעבונג, וועט די צוקונפט דאַרפען בעשליסען.

אויב די קעניגע זיינען גאָט'ס עבענבילדער און די שלוחים פון זיין ווילען, קאָנען זיי ניט בעקומען פון אונז ליעבע, רייכטום, געהאָרכזאמקייט און פערעהרונג, סיידען זיי זיינען מרוצה צו ארביי־טען ווי מיר און אריינטרעטען אין אונזער געזעלשאפט — סיידען זיי פראָדוצירען וויפיעל זיי פערברויכען, רעדען זיך דורך מיט זייערע אונטערטאנען און טהוען וואונדערבארע זאכען. און אויב זיי זיינען, ווי אנדערע בעהויפטען, עפענטליכע בעאמטע, מעסט זיך די ליעבע, וואָס מען איז זיי שולדיג, לויט דעם ערך פון זייער פערזענליכער ליעבענסווירדיגקייט; אונזער פליכט זיי צו פאָלגען — לויט דער פערנינפטיגקייט פון זייערע בעפעהלען, און זייער רשימה פון ציוויל־אויסגאבען, לויט דעם סך הכל פון דער געזעל־שאפטליכער פראָדוקציאָן, צוטיילט אויף דער צאָהל בירגער.

מיר זעהען, אלזאָ, אז די יוריספרודענץ, פאָליטישע עקאָנאָמיע און די פסיכאָלאָגיע שטימען אלע איין אויף'ן געזעץ פון גלייכהייט. רעכט און פליכט — די געהעריגע בעלוינונג פאר טאלאנט און ארבייט, די אויסגוסען פון ליעבע און ענטוזיאזם — אלע ווערן רעגולירט אפריהער דורך א שטענדיגען מאסשטאב; אלעס הענגט אָב פון דער צאָהל און דעם באלאנס. גלייכע בעדינגונגען איז דאָס געזעץ פון דער געזעלשאפט, און אלגעמיינע סאָלידאריטעט איז די בעשטעטיגונג פון אָט דעם געזעץ.

די גלייכהייט פון בעדינגונגען איז קיינמאָל ניט רעאליזירט געוואָרן צוליעב אונזערע ליידענשאפטען און אונזער אונוויסענהייט; אָבער אונזער ווידערשטאנד צו דעם געזעץ מאכט עס אלץ מעהר פאר א נויטווענדיגקייט. די געשיכטע איז א שטענדיגער עדות פאר דעם פאקט, און מיר זעהען עס ארוים פון דעם לויף פון די פאסירונגען. די געזעלשאפט געהט פון איין גלייכונג צו דער אנדערער גלייכונג. די אומוועלצונגען פון מלוכות ערשיינען דעם עקאָנאָמיסט אמאָל ווי די פערקירצונג פון אלגעבראאישע צאָהלען, וועלכע סלוק'ן איינע די אנדערע; אמאָל ווי די ענטדעקונג פון אונבעקאנטע סומען, מיטגעבראכט דורך דעם נויטווענדיגען איינפלוס פון דער ציים. צאָהלען זיינען די השגחה פון דער געשיכטע. געוויס זיינען פאראן אויך אנדערע עלעמענטען אין דעם מענשליכען פראָגרעס; אָבער אין דער גרויסער מאסע פערבאָרגענע אורזאכען, וואָס בעוועגען די פעלקער, איז ניטאָ קיין מעכטיגערע, קיין רעגעל־

מעסיגערע, קיין ווייניגער־פערשטעלטע אורזאך איידער די פּעריאָ־דישע אויפשטענדע פון דעם פּראָלעטאַריאַט אנטקעגען אייגענטום. דאָס אייגענטום, וואָס בענוצט זיך מיט די מיטלען פון אויסשליסען און פערכאַפּען, בעת די בעפעלקערונג פערגרעסערט זיך, איז געוועזען די פּרינציפּיעלע און הויפּט אורזאך פון אלע רעוואָלוציעס. די רעליגיעזע מלחמות און די מלחמות צוליב עראָבערונג, ווען זיי האָבען ניט געפיהרט צו אַן אויסראָטונג פון גאַנצע פעלקער, זיינען נאָר געווען צופעליגע שטערונגען, וואָס זיינען באַלד גוט געמאַכט געוואָרען דורך דעם מאַטעמאַטישען פאָרטשריט פון דעם לעבען פון די פעלקער. די ירידה און טויט פון פעלקער קומט פון דעם כח פון אקומולאַציע, וואָס אייגענטום בעזיצט.

פאַר'ן מיטעלאַלטער נעהמט פלאָרענץ — אַ רעפּובליק פון סוחרים און מעקלער, שטענדיג צוריסען דורך איהרע פּאַרטייען, די גוט־בעקאַנטע געלפען און גיבעלינען, וועלכע זיינען סוף כל סוף געווען ניט מעהר ווי דאָס פאָלק און די אייגענטימער, וואָס האָבען געקעמפט איינע אנטקעגען די אנדערע, — פלאָרענץ איז רעגירט געוואָרען פון באַנקירען און איז ענדליך צוזאַמענגעפאַלען אונטער דער משא פון איהרע חובות*). אין אַלטערטום נעהמט רוים, וואָס דער וואוכער האָט איהר געגעסען פון איהר געבוירענס־טאָג אָן; זי האָט טראָץ דעם געבליהט, אַזוי לאַנג ווי די דעמאָלט־בעקאַנטע וועלט האָט צוגעשטעלט איהר שרעקליכען פּראָלעטאַריאַט מיט ארבייט, זי האָט זיך אָבער בעדעקט מיט בלוט פון בירגער קריעג אין יעדער פּע־ריאָדע פון אויסערער רוה, און איז געשטאָרבען פון ערשעפּונג, ווען דאָס פאָלק האָט צוזאַמען מיט זיין אמאָליגער ענערגיע, פערלאָרען דעם לעצטען פונק פון מאָראַלישען זין. נעהמט קאַרטאַגאָ, די שטאָדט פון האַנדעל און פינאַנץ — שטענדיג צוריסען דורך איהר אינער־ליכער קאָנקורענץ. נעהמט צור און צידון, ירושלים, נינוה, בבל — יעדע איינע פון זיי רואינירט דורך האַנדעלס־אייפערזוכט און, ווי מיר וואָלטען היינט געזאָגט, דורך אַ מאַנגעל אין מערק — ציינען ניט אָט די בעריהמטע ביישפּיעלען קלאָר גענוג, וואָס פאַר

*) „די אייזערנע קאַסע פון קאַסמאָ דע מעדיטשי איז געווען דער קבר פון דער פלאָרענטישער פריהייט", האָט געזאָגט מ. מישעלע אין דעם קאָלעזש דע פראַנס.

א צוקונפט עס דערוואַרט די מאָדערנע נאַציאָנען, אויב דאָס פאָלק, אויב פראַנקרייך וועט ניט, מיט אַן אויסגעשריי פון איהר מעכטיגען קול, פראָקלאַמירען אין דונער־טענער די אָבשאַפונג פון דעם רעזשים פון אייגענטום?

דאָ וואָלט אייגענטליך זיך געזאָלט ענדיגען מיין אויפגאַבע. איך האָב בעוויזען דאָס רעכט פון די אָרימע; איך האָב בעוויזען די רויבעריי פון די רייכע. איך פאָדער גערעכטיגקייט; עס איז ניט מיין זאַך מקיים פסק צו זיין. אויב מען וועט טענה'ן — כדי צו פערלענגערן אויף נאָך עטליכע יאָהר די אונגעזעצליכע פריווי־לעגיען — אַז עס איז ניט גענוג צו בעווייזען די גלייכהייט, נאָר אַז מען מוז זי אויך אָרגאַניזירען, און פאַר אַלעם אָרגאַניזירען זי אָהן צושטערונגען, וואָלט איך געווען בערעכטיגט צו ענטפערן: דאָס וואוילזיין פון דעם אונטערדריקטען איז וויכטיגער איידער די פערלעגענהייט פון די מיניסטאָרען. די גלייכהייט פון בעדינגונגען איז אַן עלעמענטאַר געזעץ, אויף וועלכען עס זיינען געבויט די אַלגעמיינע עקאָנאָמיע און די יוריספרודענץ. דאָס רעכט אויף אַרבייט און דער פרינציפ פון גלייכער פערטיילונג פון רייכטימער טאָר זיך ניט בויגען פאַר די מורא־געפיהלען פון דער מאַכט. עס איז ניט דער פראָלעטאַריער, וואָס דאַרף מאַכען א פשרה צווישען די פערשיידענע סתירות פון'ם קאָדעקס, און נאָך וועניגער, צו ליידען פון די פעהלערן פון דער רעגירונג. פערקעהרט, עס איז דער חוב פון דער ציווילער און אדמיניסטראַטיווער מאַכט זיך צו רעפאָרמירען נאָך דעם פרינציפ פון עקאָנאָמישער און פאָליטישער גלייכהייט. דאָס וואָס איז בעקאַנט אַלס שלעכט, מוז פעראורטיילט און פערניכטעט ווערן. דער געזעצגעבער קאָן ניט אָנגעבען זיין אונוויסענהייט אַלס א תירוץ, פאַרוואָס ער האַלט אויף א שרייענדע אונגערעכטיגקייט. די צוריקצאָהלונג פון א חוב טאָר ניט אָבגע־לעגט ווערן. גערעכטיגקייט, גערעכטיגקייט! די אַנערקענונג פון רעכט! צוריק בערעכטיגען דעם פראָלעטאַריאַט! — ווען איהר וועט דאָס דורכפיהרען, איהר ריכטער און קאָנסולען, וועט איהר מעגען זיך אָבגעבען מיט אייער פאָליציי און וועט בעזאָרגען א רעגי־רונג פאַר דער רעפובליק!

איבריגענס, גלויב איך ניט, אַז אפילו איין איינציגער פון מיינע לעזער וועט מיר פאָרוואַרפען, אַז איך קאָן נאָר צושטערן און

ווייס ניט ווי אויפצובויען. דורך דעם וואָס איך האָב בעוויזען דעם פּרינציפּ פון גלייכהייט, האָב איך געלעגט דעם פונדאַמענט פון דעם סאָציאַלען געבוי. איך האָב נאָך מעהר געטהאָן. איך האָב געצייגט אויף וואָס פאַר אַ וועג מען זאָל געהן, כדי צו דער־גרייכען די לעזונג פון די פּראָבלעמען פון פּאָליטיק און געזעצגעבונג. וואָס געהערט דער וויסענשאַפט אליין, ערקלער איך, אַז איך ווייס ניט מעהר ווי איהר פּרינציפּ און איך קען קיינעם ניט, וועלכען קאָן זיך בערימהען, אַז ער איז אריינגעדרונגען ווייטער. אַ סך מענשען שרייען: „קומט צו מיר און איך וועל אייך לערנען דעם אמת!" די דאָזיגע מענשען נעהמען אָן אַלס אמת זייער געליעבטע מיינונג, זייער הייסע איבערצייגונג, וועלכע איז געוועהנליך גאָר ניט דער אמת. די וויסענשאַפט פון דער געזעלשאַפט, ווי אַלע מענשליכע וויסענשאַפטען, וועט אייביג בלייבען ניט געענדיגט. די טיעפקייט און פערשיידענהייט פון די פראַגען, וואָס זי נעהמט ארום, זיינען אונענדליך. מיר זיינען קוים ביי דעם א"ב פון דיזער וויסענשאַפט. והראיה, אַז מיר זיינען נאָך ניט ארויסגעוואַקסען פון דער פּעריאָדע פון סיסטעמען, און מיר האָבען נאָך ניט אויפגעהערט אוועקצו־שטעהן די אויטאָריטעט פון מעהרהייטס־בעשליסע אויף דעם פּלאַץ פון פאַקטען. אַ געוויסע פילאָלאָגישע געזעלשאַפט האָט בעשלאָסען שפּראַכליכע פראַגען דורך אַ מעהר־צאָהל פון שטימען. די דעבאַטען פון אונזערע פּאַרלאַמענטען וואָלטען געוועזן נאָך מעהר לעכערליך, ווען די רעזולטאַטען וואָלטען ניט געוועזן אזוי שעדליך. די אויפגאַבע פון אמת'ן פּובליציסט, אין דער צייט אין וועלכער מיר לעבען, איז צו פערמאַכען די מיילער פון די בעריהמטע און שאַרלאַטאַנעם און לערנען דאָס פּובליקום צו פאָדערן בעווייזען און ניט צופרידענשטעלען זיך מיט סימבאָלען און פּראָגראַמען. איידער מען נעהמט זיך דיסקוטירען די וויסענשאַפט, מוז מען צוערשט קלאָר בעשטימען איהר צוועק און געפינען די מעטאָדע און דעם פּרינציפּ. מען מוז אָבריינגען דעם פּלאַץ פון די פּאָראורטיילען, וואָס פערשטעלען איהם. אָט דאָס מוז זיין די אויפגאַבע פון דעם ניינצעהנטען יאָהרהונדערט.

וואָס מיך אנבעלאַנגט, האָב איך געגעבען אַ שבועה צו זיין טריי צו מיין ארבייט פון צערשטערונג און איך וועל ניט אויפהערן צו זוכען דעם אמת דורך די חורבונות און רואינען. איך האָס אַ

האלבע ארבייט; און מען מעג מיר גלויבען, אפילו ווען איך וואלט עס ניט געזאגט, אז אויב איך האב געוואגט צו לעגען מיין האנד אויף דעם ארון קודש, וועל איך זיך ניט צופריעדענשטעלען בלויז מיט אראבריייסען פון איהם דעם פרוכת. מען מוז אויפדעקען די מיסטעריען פון דעם משכן פון אונגערעכטיגקייט, מען מוז צוברע־כען די אלטע לוחות הברית, און אלע כלים פון דעם אלטען קולט מוזען ארויסגעווארפען ווערן פאר די חזירים. מען האט אונז געגע־בען א כארטע, א רעזומע פון דער גאנצער פאליטישער וויסענ־שאפט, א סימבאל פון צוואנציג געזעצגעבונגען. א קאדעקס איז געשריבען געווארן — דער שטאלץ פון א זיעגער, און דער סך־הכל פון דער אלטער חכמה. יא! פון אט דער כארטע און פון אט דעם קאדעקס זאל איין ארטיקעל ניט בלייבען שטעהן אויף דעם אנדערן. די געלעהרטע מעגען זיין געפאסט דערויף און זיין גרייט פאר דער איבערבויאונג.

אבער אזוי ווי יעדער פערניכטעטער טעות זעצט נויטיגער־ווייז פאראויס אן ענטקעגענגעזעצטען אמת, וועל איך ניט ענדיגען אט דעם ווערק, איידער איך וועל לעזען דעם ערשטען פראבלעם פון דער פאליטישער וויסענשאפט — דעם פראבלעם, וואס בעשעפ־טיגט היינט צו טאג אלע דענקענדע מענשען.

ווען דאס אייגענטום איז פערניכטעט, וואס פאר א פארם וועט די געזעלשאפט אננעהמען? וועט עס זיין קאמוניזם?

## צווייטער טייל.

### § 1. די אורזאכען פון אונזערע טעות'ן. דער אורשפרונג פון אייגענטום.

די אמת'ע פארם פון דער מענשליכער געזעלשאפט קאן ניט בעשטימט ווערן, ביז וואנען עס איז ניט פערענטפערט געווארן די פאלגענדע פראגע:

וויבאלד אז דאס אייגענטום איז ניט אונזער נאטירליכער צושטאנד, איז ווי אזוי האט עס זיך בעפעסטיגט? ווי קומט עס, וואס דער געזעלשאפטליכער אינסטינקט, וועלכער איז אזוי אונ־

פעהלבאר ביי חיות, איז פעראירט געוואָרן ביי מענשען? פאַרוואָס איז דער מענש, וואָס איז געבוירן געוואָרן צו לעבען אין געזעל־שאַפט, נאָך ניט געזעלשאַפטליך פעראייניגט?

איך האָב געזאָגט, אז דער מענש איז פעראייניגט אויף א קאָמפּליצירטען אופן. דער אויסדרוק מעג אפילו זיין ניט אזוי גענוי, אָבער דער פאַקט, וועלכען ער האָט מיר געהאָלפען כאַראַק־טעריזירען, איז דאָך ריכטיג; דאָס איז די קלאַסיפיצירונג פון טאַ־לאַנטען און פעהיגקייטען. ווער זעהט ניט איין, אז די דאָזיגע טאַלאַנ־טען און פעהיגקייטען, מחמת זייער אונענדליכער פערשיידענהייט, ווערן פון זייער זיים די אורזאך פון אן אונענדליכער ווילען־פער־שיידענהייט; אז דער כאַראַקטער, די נייגונגען און — אויב איך מעג געברויכען דעם אויסדרוק — די פאָרם פון דעם איך, מוז צוליעב דעם ווערן געענדערט: אזוי אז אויף דעם געביט פון פרייהייט, פונקט ווי אויפ'ן געביט פון שכל, זיינען פאַראַן אזוי פיעל טיפּען וויפיעל אינדיווידומען, אזוי פיעל כאַראַקטערן וויפיעל קעפּ, וועלכע מוזען קומען אין א צוזאַמענשטויס, ווייל זייער געשמאַק, זייערע נייגונגען און שטימונגען ווערן געענדערט דורך אונעהנליכע אידעען? דער מענש איז לויט זיין נאַטור און זיין אינסטינקט בעשטימט צו לעבען געזעלשאַפטליך, אָבער זיין פער־זענליכקייט, וועלכע ענדערט זיך שטענדיג, און איז פיעל־פאָרמיג, איז געגען דעם.

אין די געזעלשאַפטען פון חיות טהוען אלע איינצעלנע גענוי דיזעלבע זאכען. איין גייסט פיהרט זיי, איין גלייכער ווילען בעוועגט זיי. א געזעלשאַפט פון חיות איז א קאָלעקציע פון אטאָמען, רונדע, פערבויגענע, קובישע אָדער דריי־עקיגע, אָבער אַלעמאָל פאָלשטענדיג גלייכע. זייערע פערזענליכקייטען ענדערן זיך ניט, און מען קאָן זאָגען, אז אן איינציגער איך רעגירט זיי אַלעמען. די ארבייטען, וואָס די חיות טהוען, סיי אליין, סיי אין געזעלשאַפט, גיבען איבער שטריך פאר שטריך זייער כאַראַקטער. פונקט ווי א ביהן־שטאָק איז צונויפגעשטעלט פון איינצעלנע ביהנען, וואָס זיינען גלייך אין זייער נאַטור און האָבען אלע איין ווערטה, אזוי זיינען אויך די וואַקס־קעמערלעך געבויט פון איינ־צעלנע צעלען, וואָס ווידערהאָלען זיך שטענדיג אָהן א פערענדערונג. אָבער דער מענשליכער שכל, וואָס איז צוגעפּאַסט צו זיין

געזעלשאַפטליכען גורל און זיינע פּערזענליכע נויטען, איז פון א גאַנץ אנדער שניט און גיט דעריבער ארויס אזא וואונדערליכע פערשיידענהייט פון מענשליכע ווילענס. אין דער ביהן איז דער ווילען בעשטענדיג און איינפאָרמיג, ווייל דער אינסטינקט, וואָס פיהרט זי, איז אונבעוועגליך, און ווייל דער דאָזיגער איינציגער אינסטינקט איז זייער לעבען, זייער גליק און זייער גאַנצעס וועזען. אין מענשען איז דער טאַלאַנט פערשיידענאַרטיג, דער געדאַנק איז אונבעשטימט, און דעריבער איז אויך דער ווילען פּיעל־פאָרמיג און אונבעשטימט. ער זוכט די געזעלשאַפט, אָבער קאָן ניט פערטראָגען קיין צוואַנג און איינטעניגקייט; ער איז א נאָכאַהמער, אָבער האָט אויך ליעב זיינע אייגענע אידעען און איז ליידענשאַפטליך פער־ליעבט אין זיינע אַרבייטען.

ווען יעדער מענש וואָלט, ווי די ביהן, געבוירען געוואָרן מיט א פּאַרטיגען טאַלאַנט, מיט פאָלקאָמענע קענטניסע פון א געוויסען סאָרט, מיט איין וואָרט, מיט א מיטגעבוירענעם וויסען פון די פונקציאָנען, וועלכע ער וועט דאַרפען דורכפיהרען, נאָר ער וואָלט ניט געהאַט די פעהיגקייט צו דענקען און זיך איבערלעגען, וואָלט זיך די געזעלשאַפט אָרגאַניזירט פון זיך אליין. מען וואָלט געזעהן איין מענשען אַקערן, דעם אנדערן בויען א הויז, א דריטען שמידען מעטאַלען, אַן אנדערן נעהען קליידער און נאָך אנדערע אויפשפּיי־כערן די פּראָדוקטען און אַכטונג געבען אויף דער פערטיילונג. יעדער איינער, ניט קלערנדיג וועגען דעם צוועק פון זיין אַרבייט, און ניט איבערטראַכטענדיג צי ער טהוט מעהר אָדער ווייניגער איידער זיין חלק, וואָלט געפאָלגט דעם בעפעהל, געבראַכט זיין פּראָדוקט, בעקומען זיין געהאַלט, און גערוהט געוויסע שטונדען; ער וואָלט ניט געפיהרט קיין חשבונות, קיינעם ניט מקנא געווען און וואָלט צופרידען געווען מיט דעם פערטיילער, וועלכער וואָלט קיינמאָל ניט בעגאַנגען קיין אונגערעכטיגקייט. די קעניגע וואָלטען געפיהרט, אָבער ניט רעגירט, ווייל רעגירען מיינט זיין אַן „אייגענ־טימער מיט ציגזען", ווי באָנאַפּאַרט האָט געזאָגט; און אזוי ווי זיי וואָלטען ניט געהאַט וואָס צו בעפעהלען, ווייל יעדער וואָלט געווען אויף זיין פּלאַץ, וואָלטען זיי גיכער געדיענט ווי צוזאַמענ־קונפט־צענטערס, איידער ווי אויטאָריטעטען אָדער ראַטה־געבער. עס וואָלט געווען א צושטאַנד פון א רעגולירטען קאָמוניזם, אָבער

ניט קיין געזעלשאַפט, אין וועלכער מען טרעט אריין איבערלעגטערהייט און מיט'ן פרייען ווילען.

אָבער דער מענש ערווערבט זיך פעהיגקייטען נאָר דורך בעאָבאַכטונגען און עקספּערימענטען. פאָלגליך, דענקט ער נאָך. וואָרים בעאָבאַכטען און עקספּערימענטירען מיינט טראַכטען; ער דענקט, ווייל ער מוז דענקען; און טראַכטענדיג מאַכט ער זיך אילוזיעס; דענקענדיג מאַכט ער פעהלערן, און אזוי ווי ער מיינט, אז ער איז גערעכט, האַלט ער זיך פעסט אָן זיינע טעות'ן. ער טרעט ניט אָב פון זיינע מיינונגען; ער שעצט זיך און פעראַכטעט די אַנדערע. פאָלגליך, איזאָלירט ער זיך, וואָרים ער קאָן זיך ניט אונטערוואַרפען צו דער מעהרהייט, סיידען ער זאָגט זיך אָב פון זיין ווילען און זיין פערשטאַנד, דאָס הייסט, סיידען ער זאָל זיך אַליין פערלייקענען, און דאָס איז אונמעגליך. די דאָזיגע איזאָלירונג, דער דאָזיגער אינטעלעקטועלער עגאָאיזם, און די אינדיווידואַליטעט פון זיין מיינונג, דויערט אזוי לאַנג ביז דער אמת ווערט איהם ענדליך געוויזען דורך בעאָבאַכטונג און ערפאַהרונג.

אַ לעצטער פערגלייך וועט אָט די אַלע פאַקטען מאַכען נאָך קלערער.

אויב צו די בלינדע אָבער ציעל־שטרעבענדע און האַרמאָנישע אינסטינקטען פון אַ ביהן־שטאָק וואָלט פּלוצלינג צוגעגעבען געוואָרען די פעהיגקייט פון דענקען און אורטיילען, וואָלט די קליינע געזעלשאַפט ניט געקאָנט לענגער עקזיסטירן. קודם כל וואָלטען די ביהנען געווים גענומען אויספּרובירען אַ נייעם אינדוסטריעלען פּראָצעס; צום ביישפּיעל, צו מאַכען זייערע צעלען רונד אָדער פיערעקיג. אַלערליי סיסטעמען און ערפינדונגען וואָלטען אויספּרובירט געוואָרן, ביז וואַנען אַ לאַנגע ערפאַהרונג מיט דער הילף פון געאָמעטריע, וואָלט זיי בעוויזען, אז די זעקס־עקיגע פאָרם איז די בעסטע. דאַן וואָלטען פאָרגעקומען אויפשטאַנדען: די זכרים וואָלט מען געזאָגט, זיי זאָלען זיך אַליין פערזאָרגען, די קעניגינען — זיי זאָלען אַרבייטען; די אַרבייטס־ביהנען וואָלטען געוואָרן אייפערזיכטיג איינע אויף די אַנדערע, עס וואָלטען ענטשטאַנען מחלוקות; באַלד וואָלט יעדערער געוואָלט פּראָדוצירען אויף זיין אייגענעם רעכענונג און ענדליך וואָלט דער שטאָק פערלאָזען געוואָרן און די ביהנען וואָלטען צו־גרונד געגאַנגען. דער שטן, ווי אַ שלאַנג

בעהאַלטען צווישען בלומען, וואָלט זיך אַריינגע׳גנב׳עט אין דער האָניג־פּראָדוצירענדער רעפּובליק דורך דעם כח פון דענקען — די פעהיגקייט, וואָס וואָלט זיי געדאַרפט מאַכען גרויס.

אויף דעם אופן קאָן דאָס מאָראַלישע שלעכטס, אָדער אין דעם פאַל, די אונאָרדנונג אין דער געזעלשאַפט, ערקלערט ווערן נאַטירליך דורך אונזער כח פון דענקען. די מוטער פון אָרימקייט, פערברעכען, אויפשטאַנדען און מלחמות איז געווען די אונגלייכהייט פון בעדינגונגען, וועלכע איז געווען די טאָכטער פון אייגענטום, וועלכע איז געבוירן פון עגאָאיזם, וואָס איז געשאַפען פון פערזענליכער מיינונג, וועלכע שטאַמט אָב אין דירעקטער ליניע פון דער אויטאָקראַטיע פון פערנונפט. דער מענש האָט ניט אָנגעהויבען ניט מיט פערברעכען, ניט מיט ווילדקייט, זאָנדערן מיט בלינדקייט, אונוויסענהייט, אונערפאַהרונג. בעגאַבט מיט אימפּעראַטיווע אינסטינקטען, אָבער געשטעלט אונטער דער קאָנטראָל פון זיין דענק־קראַפט, דענקט ער צוערשט צו־וועניג און שלעכט; שפּעטער, אָנגעלערנט דורך די פעהלערן, בעסערט ער אוים זיינע אידעען און פערפאָלקאָמט זיין פערנונפט. ער איז אין אָנהויב דער ווילדער, וואָס אָפּפערט אַן עסען פאַר אַ שפּיעלצייג און דערנאָך פערדריסט איהם און ער וויינט; עס איז עשו וואָס פערקויפט זיין בכורה פאַר אַ טאָפּ לינזען און האָט שפּעטער חרטה אויף דעם געשעפט; עס איז דער ציוויליזירטער אַרבייטער, וואָס איז ניט זיכער מיט׳ן מאָרגען און האַלט אין איין פערלאַנגען אַ העכערונג אין לוין, ווייל ניט ער, ניט זיין בעל־הבית פערשטעהען, אַז ווען עס איז ניטאָ קיין גלייכהייט, איז יעדער לוין, ווי גרוים ער זאָל ניט זיין, קיינמאָל ניט גענוגענד. דאָן איז עס אַ נבות, וועלכער שטאַרבט כדי צו פערטיידיגען זיין ירושה; קאַטאָ, וועלכער רייסט זיך אויס די געדערים, כדי ניט צו ווערן קיין שקלאַף; סאָקראַטעס, וואָס טרינקט דעם גיפט־בעכער, כדי צו פערטיידיגען די פרייהייט פון דענקען; עס איז דער דריטער שטאַנד פון 89׳, וואָס מאָהנט־אויף זיין פרייהייט, און באַלד וועט עס זיין דאָס פאָלק, וואָס פאָדערט די גלייכהייט פון לוין און די גלייכע צוטיילונג פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען.

**דער מענש ווערט געבוירען אַ געזעלשאַפטליכע בעשעפעניס, — ד. ה. ער זוכט גלייכהייט און גערעכטיגקייט אין אַלע זיינע**

בעציהונגען, אָבער ער ליעבט זעלבסטשטענדיגקייט און לויב. די שווערינקייט צופריעדען צו שטעלען אַט די פערשיידענע פערלאַנגען אין דערזעלבער צייט איז די הויפּט אורזאַך פון דעם דעספּאָטיזם פון ווילען און פון דער איינפיהרונג פון אייגענטום, וואָס איז א רעזולטאַט דערפון. פון דער אַנדער זייט, מוז דער מענש אַלעמאָל האָבען א מארק פאר זיינע פּראָדוקטען. אַזוי ווי ער קאָן ניט פערגלייכען די פערשיידענע ווערטען, בענוגענט ער זיך מיט א מעהר אָדער ווייניגער אָבשאַצונג, ווי זיין ליידענשאַפט אָדער קאַפּריז טראָגט אויס, און ער נעהמט זיך צו אונעהרליכען מסחר, וועלכער פיהרט אַלעמאָל צו רייכטום אויף איין זייט און אָרימקייט אויף דער אַנדער זייט. די גרעסטע צרות, וואָס דער מענש ליידט, נעהמען זיך אויף דעם אופן פון דעם שלעכטען געברויך פון זיין געזעלשאַפטליכער נאַטור, פון דערזעלבער גערעכטיגקייט, מיט וועלכער ער שטאָלצירט אַזוי, און וועלכע ער ווענדעט אָן מיט אַזא קלעגליכער אונוויסענהייט. די פּראַקטיק פון גערעכטיגקייט איז א וויסענשאַפט, וואָס דאַרף נאָר ענטדעקט און פערשפּרייט ווערן, וועט זי פריהער אָדער שפּעטער מאַכען א סוף פון געזעלשאַפטליכער אונאָרדנונג, דורך דעם וואָס זי וועט אונז לערנען אונזערע רעכטען און פליכטען.

אַט די פּראָגרעסיווע אָבער פּיינליכע ערציהונג פון אונזער אינסטינקט, אַט די לאַנגזאַמע און אונבעמערקליכע אומבילדונג פון אונזערע נאַטור־געבוירענע עמפּינדונגען אין אָן איבערלעגטען וויסען, קאָן מען ניט בעמערקען ביי די חיות, ביי וועמען דער אינסטינקט בלייבט פערהאַרטעוועט און ווערט קיינמאָל ניט אויפגעקלערט.

„לויט פרעדריק קיוויע, וועלכער האָט אַזוי קלאָר בעשריבען דעם חלוק צווישען אינסטינקט און שכל ביי חיות, קומט אויס, אַז „אינסטינקט איז א נאַטירליכע און מיטגעבוירענע פעהיגקייט, ווי עמפּינדונג, רייצבאַרקייט און פערשטאַנד. דער וואָלף און דער פוקס, וועלכע דערקענען די פאַסטקע, וואו זיי זיינען אַריינגעפאַלען און מיידען זי אויס; דער הונד און דער פערד, וועלכע פערשטעהען די בעדייטונג פון אייניגע ווערטער אונזערע און פאָלגען אונז — ווייזען דערמיט אַרויס פערשטאַנד. דער הונד, וואָס בעהאַלט די רעשטען פון זיין מיטאָג, די ביהן וואָס אַרבייט אויס איהר צעל, דער פויגעל וואָס בויט זיין נעסט, טהוען עס נאָר על פּי אינסטינקט. אפילו דער מענש האָט אינסטינקטען: עס איז

א בעזונדערער אינסטינקט, וואס זאגט אונטער דעם קינד צו נעהמען זויגען גלייך ווי עס קומט אויף דער וועלט. ביי דעם דערוואקסענעם מענשען ווערט אבער כמעט יעדע זאך געטאן מיט'ן שכל, און דער שכל ערגענצט דעם אינסטינקט. ביי די חיות איז פונקט פערקעהרט: דער אינסטינקט איז זוי געגעבען ווי אן ערגענצונג צו זייער פערשטאנד." — (פלוראן, אנאליטישע רעזומע פון די בעאבאכטונגען פון פ. קיוויע.)

„מיר קאנען זיך ניט מאכען קיין קלארען בעגריף וועגען דעם אינסטינקט, סיידען מיר גיבען צו, אז די חיות האבען אין זייער געהירן בילדער אדער אינערליכע און שטענדיגע עמפינדונגען, וועלכע בעאיינפלוסען זייערע האנדלונגען אויפ'ן זעלבען אופן ווי די געוועהנליכע און צופעליגע עמפינדונג. עס איז א מין חלום, אדער וויזיאן, וואס פאלגט זיי שטענדיג נאך, און אין אלץ וואס איז שייך צום אינסטינקט קאנען זיי בעטראכט ווערן ווי שלאפוואנדלער." (פ. קיוויע, „איינליטונג צו דעם טהיערען־רייך".)

וויבאלד אז שכל און אינסטינקט זיינען געמיינזאם, הגם אין פערשיידענע שטופען, ביי חיות און ביים מענשען, איז וואס איז דער כאראקטעריסטישער צייכען, וואס אונטערשיידעט דעם מענשען? לויט פ. קיוויע איז עס **דאס נאכדענקען**, אדער **די קראפט צו בעטראכטען פערנינפטינג אונזערע אייגענע פערענדערונגען דורך זעלבסט־בעאבאכטונג.**

דא פעהלט קלארקייט און עס בעט זיך אן ערקלערונג.

אויב מיר גיבען צו, אז חיות האבען פערשטאנד, מוזען מיר אויך צוגעבען, אז זיי דענקען ביז א געוויסען גראד; ווארים דאס ערשטע קאן ניט עקזיסטירען אהן דאס אנדערע, ווי קיוויע אליין האט עס בעוויזען דורך פיעלע ביישפיעלען. בעמערקט אבער, אז דער דאזיגער געלערנטער בעאבאכטער דעפינירט דעם סארט דענקען, וואס טיילט אונז אב פון די חיות אלס **די פעהיגקייט צו בעטראכטען אונזערע אייגענע פערענדערונגען.** איך וועל זיך בעמיהען צו פערטייטשען און אנטוויקלען אזוי גוט ווי איך קאן דעם לאקאנישען זאץ פון דעם פילאזאפישען נאטור־פארשער.

דער פערשטאנד, וואס די חיות האבען ערווארבען, ענדערט קיינמאל ניט די ארבייט, וואס זיי טהוען מיט'ן אינסטינקט: ער דיענט זיי נאר ווי א רעזערוו פאר אונערווארטעטע צופאלען, וועלכע קאנען שטערן די דאזיגע ארבייטען. ביים מענשען, אין געגענטייל,

בייט זיך שטענדיג די אינסטינקטיווע טהאַט אין אַן איבערלעגטער טהאַט. אַזוי איז דער מענש געזעלשאַפטליך אינסטינקטיוו, און ווערט נאָכאַנאַנד געזעלשאַפטליך דורך דענקען און אויסוואַהל. צוערשט האָט ער געשאַפען זיינע ווערטער על פי אינסטינקט*; ער איז געווען א דיכטער דורך אינספּיראַציע, היינט מאַכט ער פון גראַמאַטיק א וויסענשאַפט און פון דער פּאָעזיע א קונסט. זיין בעגריף פון גאָט און עולם הבא איז איהם געקומען פון זיך, וואָס איך וואָלט אָנגערופען אינסטינקטיוו; און זיינע אויסדרוקען פון בעגריף זיינען אין פערשיידענע צייטען געווען כסדר שוידער־האַפטע, ווילדע, שעהנע, טרויסטפולע און שרעקליכע. די אַלע פער־שיידענע אמונות, וואָס דער לייכטזיניגער אונגלויבען פון דעם 18טען י. ה. האָט אויסגעלאַכט, זיינען אויסדרוק־פאָרמען פון דעם

---

* „דאָס פּראָבלעם פון דעם אורשפּרונג פון שפּראַך איז געלעזט דורך דעם אונטערשייד, וואָס קיוויע חאָט געמאַכט צווישען שכל און אינסטינקט. די שפּראַך איז ניט אַן אויסגעטראַכטער, אייגענס־געמאַכטער אָדער קאָנ־ווענציאָנעלער פאָרטעל; זי איז אויך אונז ניט געגעבען געוואָרן אָדער ענטפּלעקט געוואָרן פון גאָט. די שפּראַך איז אַ אינסטינקטיווע, ניט־אויסגעקלערטע שעפּפונג פון מענשען, פּונקט ווי דער ביהן־שטאָק איז די שעפּפונג פון דער ביהן. אין דעם זין קאָן מען זאָגען, אַז די שפּראַך איז ניט דעם מענשענ'ס ווערק, וואָרים עס איז ניט דאָס ווערק פון זיין שכל. דער מעכאַניזם פון דער שפּראַך, ווידער, קומט פאָר מעהר וואונדערבאָר און געניאַל, ווען מען בעטראַכט עס ניט אַלס רעזולטאַט פון דענקען. אָט דער פאַקט איז איינער פון די זאָנדערבאַרסטע און זיכערסטע, וואָס די פילאָלאָגיע האָט בעאָבאַכטעט. זעה צווישען אַנדערע ווערק אַ לאַטייני־שע שריפט פון פ. ג. בערגמאַן (שטראַסבורג, 1839), אין וועלכער דער געלעהרטער פּראָפעסאָר ערקלערט, ווי אַזוי דער פאָנעטישער קערן קומט פון דער עמפּינדונג; ווי אַזוי די שפּראַך מאַכט דורך דריי כסדר'דיגע שטופען פון ענטוויקלונג; פאַר וואָס דער מענש, וואָס בעזיצט די אינס־טינקטיווע פעהיגקייט צו שאַפען אַ שפּראַך בעת ער ווערט געבוירן, פער־לירט די דאָזיגע פעהיגקייט אַזוי שנעל ווי זיין גייסט ענטוויקעלט זיך; און ער בעווייזט, אַז די שפּראַך־לעהרע איז אַן אמת'ע נאַטור־געשיכטע, פאַקטיש אַ וויסענשאַפט. פראַנקרייך האָט היינט איינציגע ערשטער קלאַס פילאָלאָגען, וועלכע בעזיצען זעלטענע טאַלאַנטען און אַ טיעף־פילאָזאָפי־שען בליק — בעשיידענע געלעהרטע, וואָס ענטוויקלען אַ וויסענשאַפט כמעט אָהן דעם עולם'ס וויסען, זיך אָבגעבענדיג מיט שטודיען, אויף וועלכע אַלע קוקען אַראָב מיט פעראַכטונג, און עס זעהט אויס, אַז זיי ענטלויפען פון כבוד, פּונקט אַזויפיעל ווי אַנדערע לויפען נאָך איהם נאָך.“

רעליגיעזען געפיהל. דער מענש וועט זיך נאך אמאל אויפקלערן דעם כאראקטער פון דעם גאט, וועמען זיינע געדאנקען זוכען, און וואס ער קאן דערוואַרטען פון יענער וועלט, צו וועלכער זיין גייסט שטרעבט.

אלץ וואס דער מענש טהוט אינסטינקטיוו פעראכט ער; אדער, אויב ער בעוואונדערט עס יא, בעוואונדערט ער עס אלס די ארבייט פון דער נאטור, ניט אלס זיין אייגענע ארביים. דאס ערקלערט פארוואס די נעמען פון די ערשטע ערפינדער זיינען אייגגעהילט אין פינסטערניש; עס ערקלערט אויך אונזער גלייכגילטיגקייט צו די ענינים פון אמונה און פארוואס מען לאכט אב די רעליגיעזע מנהגים. דער מענש שעצט נאר די פראדוקטען פון דענקען און פון שכל. די העכסטע וואונדערבארע ווערק פון אינסטינקט זיינען אין זיינע אויגען בלויז גליקליכע צופאלען; ער האלט דעם נאמען ערפינדונג — איך האב כמעט געזאגט שעפּפונג — פאר די ווערק פון׳ם שכל. אינסטינקט איז דער קוואל פון ליידענשאפט און ענטוזיאזם; עס איז דער פערשטאנד, וואס רופט ארויס די פערברעכען און טוגענדען.

פאר דער ענטוויקלונג פון זיין שכל בענוצט זיך דער מענש ניט נאר מיט זיינע אייגענע בעאבאכטונגען, נאר אויך מיט אנדערע מענשען׳ס בעאבאכטונגען. ער פיהרט א רעכענונג פון זיינע ערפאהרונגען און האלט די בעשרייבונגען, אזוי אז די ראסע, אזוי גוט ווי דער יחיד, ווערט אלץ מעהר פערשטענדיג. די חיות גיבען ניט איבער זייער וויסען; וואס יעדער אינדיווידום זאמעלט אן, געהט פערלוירען מיט איהם.

עס איז דעריבער ניט גענוג צו זאגען, אז מיר אונטערשיידען זיך פון די חיות נאר דורכ׳ן דענקען, סיידען מיר מיינען דערביי די שטענדיגע טענדענץ פון אונזער אינסטינקט צו ווערן פערשטאנד. כל זמן דער מענש איז רעגירט פון אינסטינקט, האט ער ניט קיין בעוואוסטזיין פון דאס, וואס ער טהוט. אויב דער אינסטינקט וואלט געווען, ווי ביי די חיות, זיין איינציגער פיהרער, וואלט ער זיך קיינמאל ניט געאירט און וואלט קיינמאל ניט געליטען פון טעות׳ן, שלעכטע טהאטען און אונארדנונגען. דער בעשאפער אבער האט אונז בעשענקט מיט דענקען, כדי אונזער אינסטינקט זאל ווערן פער־

שטאַנד; און אַזוי ווי דאָס דאָזיגע דענקען און דאָס וויסען, וואָס קומט דורכדעם, געהען דורך פערשיידענע שטופען, קומט עס פאָר, אַז אין אָנפאַנג ווערט אונזער אינסטינקט מעהר געשטערט איידער געפיהרט פון אונזער דענקען; אַז אונזער דענק קראַפט פיהרט אונז צו ווירקען להיפך צו אונזער נאַטור און אונזערע צוועקען; אַז אירענדיג זיך טהוען מיר שלעכטס און ליידען שלעכטס, ביז וואַנען דער פּלאַץ פון אינסטינקט, וואָס פיהרט אונז צו גוטען, און פון דענקען, וואָס מאַכט אונז פערקריכען אין שלעכטס, ווערט פערנומען דורך דער וויסענשאַפט פון גוטס און שלעכטס, וועלכע ברענגט אונז שטענדיג מיט צו זוכען דאָס גוטע און אויסמיידען דאָס שלעכטע.

אָט אַזוי איז דאָס שלעכטע, אָדער די פעראַירונג מיט איהרע פאָלגען, די ערשטע פּרוכט פון דער פעראייניגונג פון די צוויי געגענגעזעצטע פעהיגקייטען, אינסטינקט און דענקען; דאָס גוטע אָדער די וואַרהייט מוז אונבעדינגט זיין דאָס צווייטע קינד. אָדער, אויב מיר ווילען פאָרטזעצען דאָס בילד, דאָס שלעכטע איז די פּרוכט פון בלוט־שאַנדע צווישען פיינדליכע מעכטע; דאָס גוטע וועט פריהער אָדער שפּעטער זיין דאָס געזעצליכע קינד פון זייער הייליגער און געהיימניספולער פעראייניגונג.

דאָס אייגענטום, וואָס איז געבוירן פון דער דענק־פעהיגקייט, פערפעסטיגט זיך הינטער דעם שוץ פון פערגלייכונגען. אָבער פּונקט ווי דאָס דענקען און דער שכל קומען נאָך דער זעלבסטטהעטיגקייט, ווי די בעאָבאַכטונג קומט שפּעטער ווי די עמפּינדונג און די ערפאַהרונג שפּעטער ווי דער אינסטינקט, אַזוי קומט דאָס אייגענטום נאָך דעם קאָמוניזם. דער קאָמוניזם, אָדער די איינפאַכע פאָרם פון פעראייניגונג, איז דער נויטווענדיגער צוועק און די ערשטע שטרעבונג פון דער געזעלשאַפטליכער נאַטור, די נאַטורמעסיגע בעוועגונג, דורך וועלכער זי ווייזט זיך אַרוים און אָרדענט זיך איין. עס איז די ערשטע פאַזע פון דער מענשליכער ציוויליזאַציע. אין דעם געזעלשאַפטליכען צושטאַנד — וואָס די יוריסטען האָבען אָנגערופען „נעגאַטיווען קאָמוניזם“, נעהענטערט זיך דער מענש צום מענשען און טיילט זיך מיט איהם די פּרוכטען פון דער ערד און די מילך און פלייש פון די חיות. אָט דער קאָמוניזם, וואָס איז נעגאַטיוו, כל זמן דער מענש פּראָדוצירט

ניט, ווערט ביסלעכווייז אַלץ מעהר פּאָזיטיוו און אָרגאַניש דורך דער ענטוויקלונג פון אַרבייט און אינדוסטריע. דאַן אָבער קומט די ממשלה פון געדאַנק, און די שרעקליכע דענק־פעהיגקייט לערנט דעם מענשען, לאָגיש אָדער ניט לאָגיש, אַז אויב גלייכהייט איז די סינע קווא נאָן (די נויטוועגדיגע בעדינגונג) פון געזעלשאַפט, איז קאָמוניזם דער ערשטער מין פון שקלאַפעריי.

ווען מען זאָל וועלען אויסדריקען אַט די אידעע אין אַ העגעליאַנישע פאָרמולע, וואָלט איך געזאָגט:

קאָמוניזם — דער ערשטער אויסדרוק פון דער געזעלשאַפטליכער נאַטור — איז דער ערשטער זאַץ פון דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג, דער ט ע ז י ס; אייגענטום, דער היפּך פון קאָמוניזם, איז דער צווייטער זאַץ — דער אַ נ טי־ט ע ז י ס. ווען מיר וועלען האָבען ענטדעקט דעם דריטען זאַץ, דעם ס י נ ט ע ז י ס, וועלען מיר האָבען די נויטיגע לעזונג. דער דאָזיגער סינטעזיס מוז נויטיגערווייז אַרויסקומען פון דעם וואָס מען קאָרעגירט דעם טעזיס דורך דעם אַנטי־טעזיס. עס איז דעריבער נויטיג צו מאַכען אַן ענדליכע אונטערזוכונג פון זייערע כאַראַקטעריסטישע צייכענס און אויסלאָזען יענע שטריכען, וועלכע זיינען פיינדליך צו געזעלשאַפטליכקייט. די פעראייניגונג פון די צוויי רעשטען וועט אונז געבען די אמת'ע פאָרם פון מענשליכער פעראייניגונג.

## § 2. די גרונדציגע פון קאָמוניזם און אייגענטום.

איך דאַרף ניט פערדעקען דעם פאַקט, אַז אייגענטום און קאָמוניזם זיינען אַלע מאָל בעטראַכט געוואָרן אַלס די איינציגמעגליכע פאָרמען פון געזעלשאַפט. דער דאָזיגער טרויעריגער טעות האָט מעגליך געמאַכט די עקזיסטענץ פון אייגענטום. די חסרונות פון דעם קאָמוניזם זיינען אַזוי בולט, אַז די קריטיקער האָבען קיינמאָל ניט בעדאַרפט אָנווענדען אַ סך רעדנער־קראַפט, כדי איהם נמאס צו מאַכען ביי מענשען. די אונגערעכטיגקייטען, וועלכע ער פעראורזאַכט, די פערגוואַלטיגונג פון די סימפּאַטיען און אַנטיפּאַטיען, דער אייזערנער יאָך, וואָס ער צווינגט אַרויף אויף דעם ווילען, די מאָראַלישע יסורים, וואָס ער פערשאַפט דעם געוויסען,

דער גאַנצער אומעט, וועלכען ער ווארפט ארויף אויף דער געזעל־שאַפט; בקיצור, די פרומע און אידיאַטישע איינפאָרמיגקייט, וואָס ער צווינגט ארויף אויף דער פרייער, אַקטיווער דענקענדער און ניט אונטערוואַרפליכער פערזענליכקייט פון מענשען, האָבען אויפגע־בראַכט דעם געזונדען פערשטאַנד און פעראורטיילט דעם קאָמוניזם אויף אייביג.

די אויטאָריטעטען און ביישפּילען, וואָס מען ציטירט צו גונסטען פון קאָמוניזם, ווייזען אַקוראַט דעם היפך. די קאָמוניסטישע רעפּובליק פון פּלאַטאָן נעהמט אָן שקלאַפעריי; די רעפּובליק פון ליקורגוס האָט געהאַלטען העלאָטען, וועלכע האָבען געמוזט אַלעס פּראָדוצירען פאַר זייערע בעלי־בתים, און האָבען זיי געגעבען די מעגליכקייט צו בעשעפטיגען זיך אויסשליסליך מיט גימנאַסטישע איבונגען און מיט מלחמה. אַפילו זש. זשאַק רוסאָ, — וואָס האָט צונויפגעמישט קאָמוניזם מיט גלייכהייט, האָט ערגעץ וואו געזאָגט, אז אָהן שקלאַפעריי קאָן ער זיך ניט פאָרשטעלען די גלייכהייט פון בעדינגונגען. די געמיינשאַפטען פון דער פּרימיטיווער קירך האָבען ניט געקאָנט אויסהאַלטען ביז צום סוף פון דעם ערשטען יאָהרהונדערט און זיינען דעגענערירט געוואָרן אין מאָנאַסטירען. אין דער קאָמוניסטישער געמיינדע פון די יעזואיטען אין פּאַראַגוואַי איז די לאַגע פון די נעגער, לויט די בעשרייבונגען פון די רייזענדע, געוועזען פּונקט אזוי טרויעריג, ווי די לאַגע פון די שקלאַפען; און עס איז אַ פאַקט, אז די „גוטע פּאַטערס" האָבען זיך געמוזט ארומ־רינגלען מיט מויערן און גרובען, כדי זייערע גרים זאָלען ניט אנטלויפען. די אָנהענגער פון באַבעף, וואָס זיינען געוועזען געפיהרט מעהר פון אַ פאַנאַטישער מורא פאַר אייגענטום, איידער פון אַ קלאָר־פאָרמולירטען גלויבען, זיינען געפאַלען צוליב דער איבערטרייבונג פון זייערע פּרינציפּען; די סען־סימאָניסטען וואָס האָבען צוזאַמענגעוואָרפען אינאיינעם קאָמוניזם און אונגלייכהייט, זיינען אראָב פון דער ביהנע ווי אַ מאַסקענצוג. די גרעסטע געפאַהר וואָס שטעהט פאָר דער געזעלשאַפט היינט, איז נאָך אמאָל צו ליידען שיפ־ברוך אויף אָט דעם פעלז.

מערקווירדיג, דער סיסטעמאַטישער קאָמוניזם — די קלאָר־אויסגעשפּראָכענע פערנייגונג פון אייגענטום — איז געשאַפען גע־וואָרען אונטער דעם דירעקטען איינפלוס פון דעם אייגענטום־פאָר־

אורטייל; און דאָס אייגענטום איז דער באַזיס פון אַלע קאָמוניסטישע טעאָריען.

עס איז אמת, אַז די מיטגליעדער פון אַזאַ געמיינדע האָבען ניט קיין פּריוואַט אייגענטום; אָבער די געמיינדע איז דער אייגענטימער, און אַן אייגענטימער ניט נאָר פון די גיטער, נאָר אויך פון די פּערזאָנען און זייער ווילען. אַלס אַ פּועל יוצא פון אָט דעם פּרינציפּ פון אַבסאָלוטען אייגענטום, ווערט די אַרבייט, וואָס דאַרף נאָר זיין אַן אומשטאַנד, וועלכען די נאַטור האָט אַרויפגעלעגט אויפ'ן מענשען, אַ מענשליכער געבאָט אין אָט די אַלע געמיינדען, און דעריבער אַזוי פערהאַסט. פּאַסיווע געהאָרכזאַמקייט, וואָס קאָן ניט געהן צוזאַמען מיט אַ דענקענדען ווילען, ווערט שטרענג אַרויפגעצוואונגען. יעדערער מוז געטריי פאָלגען די רעגעלען, וועלכע זיינען אַלעמאָל פּעהלערהאַפטיג, וויפיעל מען זאָל פון זיי ניט האַלטען, און קיינער טאָר זיך ניט קלאָגען. דאָס לעבען, די טאַלאַנטען און אַלע פעהיגקייטען פון מענשען זיינען דאָס אייגענטום פון שטאַאט, וועלכער האָט דאָס רעכט זיי צו געברויכען, ווי עס געפעלט איהם פאַר דער טובה פון כלל. פּריוואַטע פעראייניגונגען זיינען שטרענג פערבאָטען, ניט אַכטענדיג אויף די סימפּאַטיען און אַנטיפּאַטיען פון די פערשיידענע נאַטורען, ווייל זיי דולדען מיינט איינפיהרען קליינע געמיינדען אינערהאַלב פון דער גרויסער געמיינדע און ממילא פּריוואַט אייגענטום. די שטאַרקע אַרבייטען אויף די שוואַכע, אָבוואויל דאָס דאַרף איבערגעלאָזט ווערן צו זייער גוטהערציגקייט, און ניט אַרויפגעצוואונגען ווערן דורך ראַטה און בעפעהל; די פלייסיגע אַרבייטען אויף די פוילע, אָבוואויל דאָס איז אומגערעכט; די קלוגע אַרבייטען אויף די נאַראָנים, אָבוואויל דאָס איז אַן אונזין; און ענדליך, אָוועקוואַרפענדיג זיין פּערזענליכקייט, זיין זעלבסטשטהעטיגקייט, זיין גייסט און זיינע נייגונגען, מוז דער מענש זיך מבטל זיין מיט עניוות צוליעב דער מאַיעסטעטישער און שטרענגער קאָמונע!

קאָמוניזם איז אונגלייכהייט, אָבער ניט אויפ'ן זעלבען אופן ווי אייגענטום. אייגענטום איז די עקספּלואַטאַציע פון די שוואַכע דורך די שטאַרקע; קאָמוניזם איז די עקספּלואַטאַציע פון די שטאַרקע דורך די שוואַכע. אין אייגענטום איז די אונגלייכהייט פון בעדינגונגען אַ רעזולטאַט פון מאַכט, אונטער וועלכען נאָמען

דאָס זאָל ניט זיין פערדעקט: פיזישע און גייסטיגע מאכט; די מאכט פון עראייגניסען, פון צופאַל, מזל; די מאַכט פון אָנגע־זאַמעלטען אייגענטום א. אז. וו. אין קאָמוניזם קומט ארויס די אונגלייכהייט פון דעם וואָס ער שטעלט אוועק די מיטעלמעסיגקייט אויף איין פוס מיט דער העכסטער פעהיגקייט. אָט די שעדליכע אויסגלייבונג קאָן דער געוויסען ניט פערטראָגען און מאַכט די פעהיגע זאָלען זיין אונצופריעדען; וואָרים אויב אפילו עס איז די פליכט פון די שטאַרקע צו העלפען די שוואַכע, ווילען זיי עס טהאָן אויס גוטהערציגקייט, אָבער זיי וועלען קיינמאָל ניט פער־ליידען די אויסגלייכונג. גיט זיי גלייכע געלעגענהייטען צו ארביי־טען און א גלייכען לוין, אָבער דערלאָזט קיינמאָל ניט, עס זאָל זיך דערוועקען ביי זיי א קנאה דורך דעם וואָס זיי וועלען איינער דעם אנדערן חושד זיין אין אונטרייהייט ביים דורכפיהרען אַן אלגעמיינע אויפגאַבע.

קאָמוניזם איז אונטערדריקונג און שקלאַפעריי. דער מענש איז זעהר גערן צו פאָלגען דאָס געזעץ פון פליכט, דיענען זיין פאַטערלאַנד און טהאָן געפעליגקייטען זיינע פריינד; ער וויל אָבער ארבייטען ווען איהם געפעלט, וואו איהם געפעלט און אזוי פיעל ווי איהם געפעלט. ער וויל זיין דער בעל־הבית איבער זיין אייגע־נער צייט; ער וויל רעגירט ווערן נאָר ווען די נויט פון דער זאַך פאָדערט עס; ער וויל אליין אויסקלייבען זיינע פריינדשאַפטען, זיינע פערגעניגענס און זיין דיסציפלין; ער וויל טהאָן זיין ארבייט מיט'ן שכל, ניט אויף בעפעהל; זיך אָפּפערן דורך זיין עגאָאיזם, ניט דורך א שקלאַפּישער פליכט. דער קאָמוניזם איז בעצם געגענ־געזעצט צו דער פרייער אויסאיבונג פון אונזערע פעהיגקייטען, צו אונזערע עדעלסטע מאָטיווען, צו אונזערע טיעפסטע געפיהלען. יעדער פּלאַן וואָס וואָלט אויסגעקלערט געוואָרן צו פעראייניגען דעם קאָמוניזם מיט דעם אינדיווידועלען פערשטאַנד און ווילען, וואָלט זיך נאָר אויסגעלאָזט מיט אַן איבערבייט פון דער עיקר זאַך, איבער־לאָזענדיג דעם אַלטען נאָמען. אויב אָבער מיר זוכען דעם אמת אין ערנסט, וועלען מיר זיך ניט שפּאַרען איבער ווערטער.

אָט אזוי פערלעצט דער קאָמוניזם די סואווערעניטעט פון דעם געוויסען און דער גלייכהייט: פון דעם ערשטען דורכדעם וואָס

ער בעשרענקט די ספּאָנטאַניטעט פון'ם גייסט און פון האַרצען, די פרייהייט פון דענקען און פון האַנדלען; פון דער צווייטער, דורכדעם וואָס ער שטעלט אַוועק גלייך, אין בעצוג צו בעקוועמ־ליכקייט, די אַרבייט און די פוילקייט, די געלערנטקייט און די דומ־הייט, און אַפילו די אויסגעלאַסענקייט און די טוגענד. איבריגענס, אויב אייגענטום איז אונמעגליך צוליעב דעם בעגעהר אַנצוזאַמלען, וואָלט דער קאָמוניזם באַלד געוואָרען אונמעגליך צוליעב דעם וואונש אַרומצוגעהן לעדיג.

2. דאָס אייגענטום, פון זיין זייט, פערלעצט די גלייכהייט דורך די רעכטען אויף הוספה און אויסשליסליכקייט, און די פריי־הייט דורך דעספּאָטיזם. די פריהערדיגע ווירקונג פון אייגענטום איז שוין גענוג פונאַנדערגעוויקעלט געוואָרען אין די לעצטע דריי קאַפּיטלען; דאָ וועל איך זיך בעגנוגענען דורך אַ לעצטען פער־גלייך, פעסטצושטעלען אַז אייגענטום איז פאַלשטענדיג איינס־און־דאָסזעלבע וואָס גנבה.

די לאַטיינישע ווערטער פאַר גנב זיינען „פור" און „לאַטראָ"; דער ערשטער איז גענומען פון גריכישען „פאָר", פון „פוראַ", אין לאַטיין „פעראָ", — איך טראָג אַוועק; דער צווייטער פון „לאַטראָ", איך שפּיעל די ראָלע פון אַ גאַסענרויבער, וואָס קומט אַרויס פון „לעטאָ", אין לאַטיין „לאַטעאָ", איך בעהאַלט זיך. די גריכען האָבען אויך די ווערטער „קלעפּטוס", פון „קלעפּטאָ", איך נעהם צו, די אותיות פון דעם שורש זיינען די אייגענע ווי אין „קאַליפּטאָ", איך דעק־צו, איך בעהאַלט. אין די דאָזיגע שפּראַכען איז אַלזאָ דער בעגריף וועגען אַ גנב, ווי פון אַ מענשען וואָס בעהאַלט, טראָגט־אַוועק, אָדער נעהמט־צו אויף אירגענד וועלכען אופן אַ זאַך, וואָס געהערט ניט צו איהם.

ביי די אידען ווערט דער דאָזיגער בעגריף אויסגעדריקט אין דעם וואָרט „גנב", — פון דעם פּועל „גנב", וואָס מיינט פערבע־האַלטען, פערלעגען אָן־אַ־זייט. דער „לא תגנוב" אין די עשרת הדברות מיינט, — דו זאָלסט ניט צוריקהאַלטען, דו זאָלסט ניט אַוועקלעגען עפּעס אָן־אַ־זייט פאַר זיך. דאָס איז די טהאַט פון אַ מענשען וואָס טרעט אַריין אין אַ געזעלשאַפט מיט דער איינפּער־שטענדניס, אַז ער ברענגט מיט זיך אַלצדינג וואָס ער האָט, בעת

אין געהיים פערהאַלט ער אַ טייל פאַר זיך, ווי עס האָט געטהאָן חנינה, דער בעריהמטער תלמיד פון יעזוס.

די אָבשטאַמונג פון דעם פראַנצויזישען פועל „וואָלע“ איז נאָך בעדייטענדער. „וואָלע“ אָדער „פעיר לאַ וואָלע“ (פון לאַטיי־נישען „וואָלאַ“, די האַנד־פלאַך) מיינט ארייננעהמען אַלע שטיך אין קאָרטענשפּיעל; אַזוי אַז „לע וואָלעיר“, דער גנב, איז דער קאַפּיטאַליסט וועלכער נעהמט־צו אַלץ, וועלכער קריגט דעם לייבען־חלק. גאַנץ מעגליך אַז אָט דער פועל „וואָלע“ האָט געהאַט זיין אורשפּרונג אין דער פּראָפעסיאָנעלער גנבים־שפּראַך, פון וועלכער ער איז אריבערגעגאַנגען אין דער אַלגעמיינער אומגאַנגס־שפּראַך, און פאָלגליך אויך אין דער פּראָזעאָלאָגיע פון דעם געזעץ.

גנבות ווערן בעגאַנגען אויף פערשיידענע אופנים, וועלכע די געזעצגעבער האָבען גאַנץ קלוג איינגעטיילט און קלאַסיפיצירט לויט זייער נידערטרעכטיגקייט אָדער פערדיענסט, כדי אייניגע גנבים זאָלען קאָנען געעהרט ווערן, בעת אַנדערע ווערן בעשטראָפט.

מען גנב'עט: 1) דורך מאָרד אויפ'ן פרייען וועג; 2) אליין אָדער בחברותא מיט אַנדערע; 3) אריינברעכענדיג זיך אין אַ הויז אָדער אונטערגראָבענדיג זיך אונטער אַ וואַנט; 4) מיט כיטרע־קייט; 5) מיט פאַלשע באַנקראָטען; 6) מיט פעלשען חתימות פון עפענטליכע בעאַמטע אָדער פריוואַט־מענשען; 7) דורך פאַב־ריצירען פאַלשע געלד.

דער ראָזיגער מין גנבות שליסט איין אַלע גנבים, וועלכע פּראַקטיצירען זייער פּראָפעסיע מיט דער איינציגער הילף פון מאַכט און אָפענעם שווינדעל. באַנדיטען, גזלנים, פּיראַטען, רויבער אויפ'ן ים און אויף דער יבשה, — אָט די אַלע נעמען זיינען פערהערליכט געוואָרן פון די אַלטע העלדען, וועלכע האָבען געדענקט, אַז זייער פּראָפעסיע איז פונקט אַזוי נאָבעל ווי איינברעננליך זי איז. נמרוד, טהעסעאוס, יאַזאָן און זיינע אַרגאָנאַוטען; יפתח, דוד, קאַסיוס, ראָמולוס, קלאָוויס און אַלע זיינע מעראָווינגישע נאָכפאָלגער; ראָבערט גיסקאַר, טאַנקרעד דע האָטוויל, באָהעמאָנד און די מייסטע נאָרמאַנישע העלדען, זיינען אַלע געווען גנבים און רויבער. דער העלדישער כאַראַקטער פון דעם רויבער ווערט אויסגעדריקט אין דער פאָלגענדער שורה פון האָראַץ, וואָס בעציהט זיך אויף

אַכילעס: "Jura neget sibi nata, nihil non arroget armis,"(*
און דורך דעם „אשר לקחתי מיד האמרי בחרבי ובקשתי", וואָס איז
אַרויסגעזאָגט געוואָרען פון דעם שטאַרבענדען יעקב (בראשית מ"ח),
און דעם „וידו יהיה בכל", וואָס די אידען ווענדען אָן אויף דוד'ן און
די קריסטען אויף זייער קריסטוס. אין אונזערע צייטען ווערט דער
רויבער פערפאָלגט מיט דער שטאַרקסטער קראַפט. זיין פּראָפּע־
סיאָן, אין דער שפּראַך פון געזעצבוך, ברענגט מיט זיך שענדליכע
און קערפּערליכע שטראָפען, פון געפענגניס ביז תליה. ווי טרויעריג
די מיינונגען בייטען זיך דאָס אַלץ ווייטער!

מען גנב'עט: 8) דורך אָבנאַרען; 9) דורך בעשווינדלען;
10) דורך מיסברויכען דעם צוטרויען; 11) דורך שפּיעלען אין
לאָטערעען.

אָט דער צווייטער מין גנבות איז ערמוטיגט געוואָרען דורך
די געזעצען פון ליקורג, כדי צו שאַרפען דעם שכל פון דער יוגענד.
דאָס זיינען די מעשים טובים וואָס זיינען פּראַקטיצירט געוואָרען
פון אוליסעס, סאָלאָן און סינאָן; פון די אַלטע און מאָדערנע
אידען, פון יעקב'ן ביז אַרונטער צו דויטץ; פון די ציגיינער, די
אַראַבער און אַלע ווילדע שבטים. אונטער לודוויג דעם 13טען און
לודוויג דעם 14טען האָט מען ניט בעטראַכט אַלס אונאָרענטליכ־
קייט דעם שווינדלען אין קאָרטען־שפּיעל. דאָס איז בעטראַכט גע־
וואָרען אַלס א טייל פון דער שפּיעל; און א סך ווירדיגע מענשען
האָבען זיך ניט געקווייגקעלט צו פעררינכטען די קאַפּריזען פון
צופאַל דורך קונקעל־מונקעל. אַפילו היינט־צו־טאָג ווערט עס
בעטראַכט, אין אַלע לענדער, אַלס א צייכען פון פעהיגקייט ביי
פּויערים, סוחרים און קרעמער, ווען איינער ווייס ווי צו
האַנדלען א מציאה, ד. ה. אָבנאַרען אימיצען. דאָס
איז אַזאַ אַלגעמיין אַנערקענטע זאַך, אַז דער אָבגענאַרטער צד נעהמט
עס גאָר ניט פאַר אומגוט. עס איז בעקאַנט מיט וואָס פאַר א שוואַ־
כען חשק אונזער רעגירונג האָט זיך ענטשלאָסען אָבצושאַפען די
לאָטערעען. זי האָט געפיהלט, אַז זי גיט דערמיט א שטאָך דאָס

* „מיין רעכט איז מיין שפּיעז פון פאַנצער". גענעראַל דע בראַ־
סאַר האָט אויך געזאָגט ווי אַכילעס: „מיט מיין פאַנצער און שפּיעז
קריג איך וויין, ווייב און גאָלד".

אייגענטום. דער קעשענע־גנב, דער בייטעלשניידער און דער שאַרלאַטאַן מאַכען איבערהויפּט געברויך פון זייער גרינגער האַנד, פון זייער איבערגעשפּיצטען מוח, פון דער שוואַרצער גבורה פון זייער געשליפענעם צונג און פון זייער בריה'שקייט אויף ערפינדונגען. אַפטמאָל רייצען זיי דעם קרבן'ס גייציגקייט. דערפאַר האָט דער שטראַף־געזעצבוך — וועלכער ציהט מעהר פאַר שכל'דיגקייט איידער שטאַרקע מוסקולען — געמאַכט פון די פיער אויבען אויסגערעכענטע אופנים, א צווייטע קאַטעגאָריע, וועלכע אונטערוואַרפט בלויז צו אן אויסבעסערונגס־שטראַף, ניט צו קיין שאַנד־שטראַף.

זאָלען זיי איצט בעשולדיגען דעם געזעץ, אז ער איז מאַטעריאַליסטיש און אַטעאיסטיש.

12) מען גנב'עט דורך וואוכעריי.

דער דאָזיגער מין גנבה, וואָס איז אזוי פערהאַסט און ווערט אזוי שטרענג בעשטראָפט זינט דאָס עוואַנגעליום איז פערעפענטליכט געוואָרן, איז דאָס פערבינדונגס־רינגעלע צווישען דער פערבאָטענער און ערלויבטער גנבה. אַ דאַנק זיין צווייזייטיגען כאַראַקטער זיינען ענטשטאַנען א מאַסע ווידערשפּרוכען אין די געזעצען און אין דער מאָראל, — ווידערשפּרוכען וואָס ווערן זעהר גוט אויסגענוצט פון אַדוואָקאַטען, געלד־מענשען און סוחרים. אזוי צום ביישפּיעל, ווערט דער וואוכערער, וואָס לייהט געלד אויף א משכן אויף צעהן, צוועלף און פופצעהן פּראָצענט שווער בעשטראָפט, ווען מען כאַפּט איהם; בעת דער באַנקיר, וועלכער נעהמט דיזעלבע פּראָצענטען (אמת, ניט אויף הלואות, נאָר דורך אויסוועקסלען אָדער דיסקאָנטירען, — דאָס הייסט דורך פערקויף), ווערט געשיצט פון דער קעניגליכער פּריווילעגיע. דער אונטערשייד צווישען דעם באַנקיר און דעם וואוכערער איז אָבער ניט מעהר ווי אין נאָמען. פּונקט ווי דער וואוכערער לייהט אויף בעוועגליכען אָדער אונבעוועגליכען אייגענטום, אזוי לייהט דער באַנקיר אויף געשעפט־פּאַפּירען; ער נעהמט זיינע פּראָצענטען אין פאָראויס פּונקט ווי דער וואוכערער; פּונקט ווי דער וואוכערער קאָן ער מאָהנען פון דעם בעל־חוב, אויב דאָס אייגענטום ווערט פערניכטעט (ד. ה. אויב דער וועקסעל ווערט ניט בעצאָהלט), — אן אומשטאַנד וואָס מאַכט איהם פאַר א געלד־לייהער, ניט א געלד־פערקויפער. דער באַנקיר

לייהט בלויז אויף אַ קורצער צייט, בעת דער וואוכערער פערלייהט מעגליך אויף אַ יאָהר, צוויי, דריי אָדער מעהר. אָבער דער אונטערשייד אין צייט, אָדער אין דער פאָרם ווי אזוי די הלואה ווערט געמאַכט, ענדערט ניט דעם כאַראַקטער פון דעם מסחר. וואָס איז שייך די קאַפּיטאַליסטען, וועלכע לעגען אריין זייער געלד ביים שטאַאט, אָדער אין קאָמערציעלע אָפּעראַציעס אויף דריי, פיער און פינף פּראָצענט, — ד. ה. וועלכע לייהען אויף פּראָצענט אויף אביסעל אַ קלענערער ראַטע ווי די באַנקירען און וואוכערער, — זיינען זיי די בלומען פון דער געזעלשאַפט, די שמעטענע פון דער אָרענטליכקייט! ניט איבערכאַפּען די מאָס אין גנב'ענען, איז די הויכקייט פון טוגענד!*).

---

*) עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט און ניצליך אויסצוזוכען די מחברים וואָס האָבען געשריבען וועגען וואוכעריי, אָדער, געברויכענדיג אַ מילדערן אויסדרוק, ווי מאַנכע ציהען־פּאָר, וועגען באָרגען אויף פּראָצענט. די טעאָלאָגען האָבען תמיד בעקעמפט וואוכעריי; אָבער אַזוי ווי זיי האָבען תמיד אַנערקענט די געזעצליכקייט פון רענט, און אַזוי ווי ס'איז קלאָר אַז רענט איז איינס־און־דאָסזעלבע ווי פּראָצענט, האָבען זיי זיך פערלאָרן אין אַ לאַבירינט פון די אוידעלסטע אונטערשיידונגען ביז זיי האָבען ענדליך דערגרייכט צו אַן אַרויסגאַנג, וואו זיי ווייסען ניט מעהר וואָס צו דענקען וועגען וואוכעריי. די קירך — די פּרעדיגערין פון מאָראַל, וואָס איז אַזוי אייפעריג און אַזוי שטאָלץ אויף דער ריינקייט פון איהר לעהרע — איז שטענדיג געווען אונוויסענד וועגען דעם ווירקליכען כאַראַקטער פון אייגענטום און וואוכעריי. זי האָט זאָגאָר פּראָקלאַמירט דורך איהרע כהנים די קלעגליכסטע טעות'ן. „רענט — זאָגט באָסועט — איז אַזוי ווייט פון וואוכעריי, ווי דער הימעל פון דער ערד“. ווי קאָן מען, אויף אַזאַ לעהרע, פערדאַמען דעם לייהען אויף פּראָצענט? ווי בערעכטיגט מען דאָס עוואַנגעליום, וואָס פערבאָט אויסדריקליך וואוכעריי? די פערלעגענהייט אין וועלכער די טעאָלאָגען געפינען זיך איז אַ גאַנץ ערנסטע. ניט זייענדיג ביכולת צו בעשטרייטען דעם עקאָנאָמישען בעווייז, וועלכער פערגלייכט גערעכטערווייזע פּראָצענט צו רענט, וואַגען זיי מעהר ניט צו פערדאַמען פּראָצענט, און זיי קאָנען נאָר זאָגען, אַז עס מוז זיין אַזאַ זאַך ווי וואוכעריי, אַזוי לאַנג ווי דאָס עוואַנגעליום פערבאָט עס. אָבער וואָס־זשע איז וואוכעריי? ס'איז ניטאָ קיין אַמוזאַנטערע זאַך ווי צו זעהן די דאָזיגע לעהרער פון די נאַציאָנען בלייבען שטעקען צווישען דער אויטאָריטעט פון עוואַנגעליום, וועלכער קאָן קיינמאָל ניט רעדען אומזיסט, ווי זיי זאָגען, און דער אויטאָריטעט פון די עקאָנאָמישע בעווי־

13) מען גנב'עט דורך פאַכט־רענט, הויז־רענט און אַלערליי אַנדערע אַרענדעס.

דער מחבר פון „פּראָווינציאַל־וויסענשאַפטען" האָט אַמוזירט די עהרליכע קריסטען פון זיבעצעהנטען יאָהרהונדערט אויף דעם חשבון פון עסקאָבאַר דעם יעזואיט און דעם „מ אָ ה א ט ר א" קאָנטראַקט. „דער מ אָ ה א ט ר א קאָנטראַקט — האָט געזאָגט עסקאָבאַר — איז אַ קאָנטראַקט, מיט וועלכען מען קויפט סחורה, אויף אַ הויכען פּרייז און אויף קרעדיט, כדי עס גלייך ווידער צו פערקויפען צו דער אייגענער פּערזאָן, פאַר גרייטען געלד און אויף אַ נידעריגען פּרייז". עסקאָבאַר האָט געפונען אַ מיטעל צו בערעכטיגען אַט דעם מין וואוכעריי. פּאַסקאַל און די אַלע זשאַנסאָניטען האָבען פון איהם געלאַכט. אָבער וואָס וואָלטען געזאָגט דער סאַטיריקער פּאַסקאַל, דער געלערנטער ניקאָל און דער אונבויגזאַמער אַרנאָ, ווען דער פּאָטער אַנטואַן עסקאָבאַר דע ווילאַדאָליד וואָלט זיי געגעבען אַזאַ ענטפער: „אַן אַרענדע איז אַ קאָנטראַקט דורך וועלכען מען קויפט אונבעוועגליכעס אייגענטום, אויף אַ הויכען פּרייז און אויף קרעדיט, כדי עס ווידער צו פערקויפען נאָך דעם

זען. קיין זאַך, לויט מיין מיינונג, רעדט ניט אַזוי פאַר דעם כבוד פון עוואַנגעליום ווי די דאָזיגע אַלטע אונטריוהייט פון זיינע אַזויגערופענע לעהרער. סאַלאַמאַסיוס, וועלכער האָט פערגליכען פּראָצענט צו רענט, איז ב ש ט ר י ט ע ן געוואָרען פון גראָציוס, פּופענדאָרף, בורלאַמאַי, וואָלף און העינעציוס; און וואָס נאָך זאָנדערבאַרער, סאַלאַמאַסיוס האָט צ ו ג ע ג ע ב ע ן ז י י ן ט ע ו ת. אַנשטאָט צו דרינגען פון סאַלאַמאַסיוס'עס לעהרע, אַז יעדע הוספה איז אונגעזעצליך, און געהן ווייטער גלייך צו בעווייזען די גלייכהייט פון דעם עוואַנגעליום, זיינען זיי דער־גאַנגען צו דעם פונקט פערקעהרטען שלום; נעמליך, אַז אַזוי ווי יעדער איינער אַנערקענט אַז רענט דאַרף זיין ערלויבט, איז אויב מיר גיבען צו אַז פּראָצענט אונטערשיידט זיך ניט פון רענט, איז ניטאָ אַזאַ זאַך וואָס מען זאָל קאָנען אָנרופען וואוכער, און פאָלגליך איז דאָס געבאָט פון יעזוס קריסטוס אַן א י ל ו ז י ע און האָט ניט קיין בעטרעף, — וואָס איז גאָר ניט קיין פרומער שלום.

ווען דאָס דאָזיגע ווערק וואָלט ערשינען אין די צייטען פון באָסועט, וואָלט דער גרויסער טעאָלאָג ב ע ו ו י ז ע ן מיט דער ביבעל, די פּאָטערס, די טראַדיציעס, קאָנסילס און פּויפּסטען, אַז אייגענטום עקזיסטירט דורך אַ געטליכען רעכט, בעת וואוכעריי איז אַן ערפינדונג פון טייוועל; און דאָס אַפּיקורסיש ווערק וואָלט פערברענט געוואָרן, און דעם מחבר וואָלט מען אַריינגעזעצט אין געפענגניס.

משך פון א געוויסער צייט, צו דער אייגענער פערזאן, פאר א נידע־ריגען פרייז; נאר כדי צו מאכען איינפאכער דעם עסק, איז דער קונה צופרידען צו בעצאהלען דעם אונטערשייד צווישען דעם ערשטען פערקויף און דעם צווייטען. אדער איהר לייקענט אב די עהנליכקייט צווישען דער ארענדע און דעם מאהאטרא קאנטראקט, און דאן פערניכט איך אייך אין א מינוט; אדער, אויב איהר גיט־צו אז זיי זיינען עהנליך, טא גיט אויך צו די אויס־געהאלטענקייט פון מיין לעהרע: זאנסט פערדאמט איהר ביידע, ארענדע און פראצענט, מיט איין קלאפ?

ענטפערנדיג אויף דעם דאזיגען איבערוועלטיגענדען ארגומענט פון דעם יעזואיט, וואלט דער הערר פון מאנטאלטא געצויגען דעם שטורם־גלאק און וואלט געשריען, אז די געזעלשאפט איז אין גע־פאהר, — אז די יעזואיטען גראבען־אונטער איהרע סאמע יסודות.

14) מען גנב'עט דורך קאמערץ, ווען דער פראפיט פון דעם קאמערציאנט שטייגט־איבער זיין געזעצליכען געהאלט.

אלע ווייסען דעם טייטש פון קאמערץ — די קונסט צו קויפען פאר דריי פראנק דאס וואס איז ווערטה זעקס, און פערקויפען פאר זעקס פראנק דאס וואס איז ווערטה דריי. די איינציגע נפקא־מינה צווישען קאמערץ, ווי מיר האבען עס דא פער־טייטשט, און דעם גנב'ענען אויפ'ן אמעריקא־נער שטייגער איז נאר אין דער פערהעלטניסמעסיגער פראפארציע פון די אויסגעטוישטע ווערטהען, — אין קורצען, אין דער גרויס פון דעם פראפיט.

15) מען גנב'עט דורך מאכען פראפיט אויף אונזערע פרא־דוקטען, דורך נעהמען געהאלט ניט ארבייטענדיג דערפאר, און ארויספרעסענדיג צו־הויכע שכירות.

עס גנב'עט דער פערמער, וועלכער פערקויפט א געוויסע מאס קארן צום פערברויכער, און בעת ער מעסט שטעקט ער אריין די האנד אין דער מאס און שעפט ארויס א הויפען קערנער; עס גנב'עט דער פראפעסאר, וועלכער קריגט בעצאהלט פון שטאאט פאר זיינע לעקציעס, און פערקויפט זיי דערנאך צום עולם א צוויי־טען מאל, מיט דער הילף פון א בוכהענדלער; עס גנב'עט דער לעדיג־געהער וואס קריגט אין אויסטויש פאר זיין פוסטען שטאלץ

אָן אונגעהויערן געהאַלט; עס גנב'עט דער בעאַמטער, דער אַר־בייטער, ווער דאָס זאָל ניט זיין, וועלכער שאַפט בלויז איינס און קריגט דערפאַר בעצאָהלט פיער, הונדערט אָדער טויזענד; עס גנב'עט דער פערלעגער פון אַ דעם בוך, און אויך איך, דער מחבר, — דערמיט וואָס ער רעכענט פאַר איהם צוויי מאָל אַזוי פיעל וויפיעל ער איז ווערטה.

אין קורצען ווידערהאָלט:

די גערעכטיגקייט, אַריינטרעטענדיג אין דעם צושטאַנד פון נעגאַטיווען קאָמוניזם, וועלכען די פּאָעטען פון אַלטערטום האָבען גערופען דער גאָלדענער צייט־אַלטער, פאַנגט זיך אָן אַלס דאָס רעכט פון דעם שטאַרקסטען. אין אַ געזעל־שאַפט, וואָס זוכט זיך צו אָרגאַניזירען, רופט די אונגלייכהייט פון פעהיגקייטען אַרויס דעם בעגריף פון פערדיענסטליכקייט; יושר ניט־איין דעם פּלאַן איינצוטיילען ניט נאָר כבוד, נאָר אויך מאַטעריעלע בעקוועמליכקייט, לויט דעם פערזענליכען פערדיענסט; אין אַזוי ווי די העכסטע און כמעט די איינציגע פערדיענסט־ליכקייט, וואָס מען האָט דעמאָלט אַנערקענט, איז געוועזען די פיזישע קראַפט, איז דער שטאַרקסטער, דער „אַריסטאָס", און פאָלגליך אויך דער בעסטער, בערעכטיגט צו דעם גרעסטען חלק; און אויב מען וויל עס איהם ניט געבען, נעהמט ער עס נאַטירליך אַליין מיט כח. פון דעם ביז צו דעם אָננעהמען דאָס רעכט אויף אייגענטום אין אַלע זאַכען, איז ניט מעהר ווי איין שריט.

אַזוי איז די גערעכטיגקייט פון דעם העראָאישען צייט־אַלטער אויפגעהאַלטען געוואָרן, לכל הפחות אין דער טראַדיציע, ביי די גריכען און רוימער ביז צו די לעצטע טעג פון זייערע רעפּובליקען. פּלאַטאָ אין זיין „גאָרגיאַס" שטעלט־פאַר אַ כאַראַקטער מיט דעם נאָמען קאַליקלעס, וואָס פערטיידיגט שטאַרק דאָס רעכט פון דעם שטאַרקסטען, וועלכען סאָקראַטעס, דער פערטיידיגער פון דער גלייכהייט, בעקעמפט מיט ערנסט. עס ווערט דערצעהלט פון דעם גרויסען פּאָמפּעאוס, אַז ער פלעגט לייכט רויט ווערען, און דאָך האָ־בען זיך ביי איהם אַרויסגעכאַפּט פון די ליפּען די ווערטער: „פאַר־וואָס זאָל איך רעספּעקטירען די געזעצען, בעת איך האָב וואָפען אין דער האַנד?" דאָס צייגט אונז, אַז ער איז געווען אַ מענש, אין וועמען דער מאָראַלישער חוש און די אַמביציע האָבען געקעמפט

פאַר דער אויבערהאַנד, און וועלכער האָט געזוכט צו פערטיידיגען די געוואַלט דורך דער מאָטאָ פון דעם העלד און דעם רויבער.

פון דעם רעכט פון שטאַרקסטען שפּרינגט אַרויס די עקספּלואַטאַציע פון מענש דורך מענש, אָדער די שקלאַפעריי; די וואוכעריי, אָדער די קאָנטריבוציע וואָס ווערט אַרויפגעלעגט אויף דעם בעזיעגטען דורך דעם זיעגער; און די גאַנצע גרויסע משפחה פון שטייערן, אָבצאָהלונגען, מאָנאַרכישע פּריוּווילעגיעס, אַרענדעס אויף הייזער און פאַכטען א. אז. וו.; מיט איין וואָרט, — דאָס אייגענטום.

די מאַכט איז בעגלייט געוואָרן פון דער כיטרעקייט, די צווייטע אויסערונג פון גערעכטיגקייט, וואָס איז געווען פעראַכט ביי די העלדען פון אַלטערטום, וועלכע, ניט קאָנענדיג זיך אויסצייכענען אין דער ריכטונג, האָבען שטאַרק פערלאָרען דערביי. מען האָט נאָך אַלץ אָנגעווענדט מאַכט, אָבער שוין גייסטיגע אָנשטאָט פיזישע מאַכט. די געשיקטקייט אָבצונאַרען א שונא דורך פעררעטערישע איינפעלע האָט געשיינט צו פערדיענען א בעלוינונג; פונדעסטוועגען האָבען זיך די שטאַרקע תמיד איבערגענומען מיט זייער עהרליכקייט. שבועות און פערשפּרעכונגען האָט מען אין יענע צייטען אָבגעהיט מעהר אין דעם בוכשטעבליכען זין ווי אין דעם גייסטיגען זין: „ווי די צונג האָט גערעדט, אזוי מוז זיין דאָס רעכט“ — זאָגט דאָס געזעץ פון די צוועלף לוחות. כיטרעקייט, אָדער ריכטיגער פאַלשקייט, איז געווען דער הױפּט־עלעמענט אין דער פּאָליטיק פון דעם אַלטען רוים. צווישען אַנדערע ביישפּיעלען ברענגט וויקאָ דעם פאָלגענדען, וואָס איז אויך ציטירט פון מאָנטעסקי: די רוימער האָבען פערזיכערט די קאַרטאַגער, אז זיי וועלען זיי לאָזען אויפהאַלטען זייערע גיטער און זייער שטאָדט, — געברויכענדיג אָבזיכטליך דאָס וואָרט „ציוויטאַס“, דאָס הייסט, די געזעלשאַפט, דעם שטאַאט; די קאַרטאַגער, פערקעהרט, האָבען פערשטאַנען אז זיי מיינען די ממשות'דיגע שטאָדט, „אורבס“, און זיי האָבען דעריבער זיך גענומען אויפבויען פון דאָס נײַ די ווענט. זיי זיינען אָבער באַלד אָנגעגריפען געוואָרן פאַר איבערטרעטען דעם אָבמאַך פון די רוימער, וועלכע האָבען געהאַנדעלט לויט דעם אַלטען העראָאישען בעגריף פון רעכט, און עס איז זיי גאָר ניט איינגעפאַלען, אז דורך דעם וואָס זיי בענוצען זיך מיט צווײדײטיגע ווערטער, פיהרען זיי אַן אונגערעכטען קריעג.

פון דער כיטרעקייט זיינען אַרויסגעוואַקסען די פּראָפיטען פון

פאבריקאציאָן, מסחר און באַנק־געשעפט, סוחר׳ישע שווינדלען און פּרעטענזיעס, וואָס ווערן געעהרט מיט די שעהנע נעמען ט א ל א נ ט און ז ש ע נ י, וועלכע האָבען אָבער געדאַרפט בעטראַכט ווערן אַלס די לעצטע שטופע פון שווינדעל און בעטרוג; און צולעצט, אַלערליי סאָרטען סאָציאַלע איינגלייכהייטען.

צווישען די פאָרמען פון גנבה, וואָס דאָס געזעץ פערבאָט, ווערן מאַכט און כיטרעקייט אַנגעווענדעט רוהיג און ניט־פערשטעלט; צווישען די פאָרמען וואָס ווערן ערלויבט, פערבאָרגען זיי זיך אין א ניצליכען פּראָדוקט, וועלכען זיי געברויכען אַלס ווערקצייג צו בערויבען זייערע קרבנות.

דער דירעקטער געברויך פון גוואַלט און כיטרעקייט איז שוין לאַנג איינשטימיג פערדאַמט געוואָרן; אָבער ביז היינט האָט נאָך קיין נאַציאָן זיך ניט בעפרייט פון דעם מין גנבה, וואָס ווירקט דורך טאַלאַנט, ארבייט און בעזיץ, און וואָס איז אויך דער קוואַל פון אַלע שוועריגקייטען אין געוויסענס־פראַגען און די אונצעהליגע ווידער־שפּרוכען פון דער יוריספּרודענץ.

דאָס רעכט פון מאַכט און דאָס רעכט פון כיטרעקייט — פערהערליכט פון די פאָלקס־זינגער אין די געדיכטען פון דער „איליאַדע" און דער „אָדיסעי" — האָבען בעאיינפלוסט דער געזעצגעבונג פון די גריכען און רוימער, פון וואַנען זיי זיינען אריבערגעגאַנגען אין אונזער מאָראַל און אונזערע געזעץ־ביכער. דער קריסטענטום האָט עס ניט געענדערט. דעם ברית־החדשה קאָן מען דערפאַר ניט בלאַמירען, ווייל די פּריסטער, וואָס זיינען געווען אזוי דום ווי די געזעץ־קענער, זיינען געווען אונפעהיג עס צו פערשטעהן און צו ערקלערן. די אונוויסענהייט פון די קירכען־ראַטהען און די פּויפּסטען איבער די אַלע פראַגען פון מאָראַל איז געווען אזא, וואָס האָט זיך געפּאַסט צום מאַרק־פּלאַץ און די געלד־וועקסלער; און עס איז אָט די דאָזיגע אונוויסענהייט וועגען רעכט, גערעכטיגקייט און געזעלשאַפטליכקייט, וואָס דער׳הרג׳עט די קירך און דיסקרעדיטירט איהרע לעהרען אויף אייביג. די אונטרייהייט פון דער רוימישער קירך און אַנדערע קריסטליכע קירכען איז בעקאַנט; אַלע האָבען זיי ניט אָבגעהיט די תורה פון יעזוס; אַלע האָבען זיי פערבראָכען אין דער מאָראַל און אין פּונקטען פון זיין לעהרע; אַלע זיינען שולדיג אין לערנען פאַלשע און נאַרישע דאָגמען, וועלכע פיהרען גלייך צו זינד און מאָרד.

זאָל זי בעטען מחילה פון גאָט און פון מענשען, — אָט די קירך, וואָס האָט זיך גערופען אונפעהלבאַר און איז געוואָרן אזוי מאָראַליש פערדאָרבען; זאָלען איהרע רעפאָרמירטע שוועסטער ווערן בעשיי־דענער... און דאָס פאָלק, וואָס עפענט די אויגען און איז נאָך אָבער אַלץ רעליגיעז און בּאַרמהערציג, וועט אָנהויבען צו דענקען.*)

די ענטוויקלונג פון דעם רעכט האָט דורכגעמאַכט דעמזעלבען וועג, אין זיינע פערשיידענע אויסערונגען, ווי דאָס אייגענטום אין איהרע פאָרמען. אומעטום זעהען מיר ווי די גערעכטיגקייט פער־יאָגט גניבה און בעשרענקט זי אין אַלץ ענגערע גרעניצען. ביז אהער זיינען די זיעגען פון גערעכטיגקייט איבער אונגערעכטיגקייט, פון גלייכהייט איבער אונגלייכהייט, געוואונען געוואָרן דורכ'ן אינסטינקט און דורך דער געוועהנליכער מאַכט פון די אומשטענדען. אָבער דער עפענטליכער טריאומף פון אונזער גזעלשאַפטליכער נאַטור וועט זיך נעהמען פון אונזער שכל, אָדער אויב ניט, וועלען מיר צוריק אריינפאַלען אין דעם פעאָדאַלען כאַאָס. ענטוועדער אָט די הערליכע הויכקייט איז בעשערט פאַר אונזער פערשטאַנד, אָדער

*) „איך פרעדיג דאָס נייע טעסטאַמענט, איך לעב דורך דעם טעסטאַ־מענט“, האָט געזאָגט דער אַפּאָסטעל; ער האָט דערמיט געמיינט, אַז ער לעבט פון זיין אַרבייט. די קאַטוילישע גייסטליכע האָבען פאָרגעצויגען צו לעבען פון אייגענטום. די קעמפע אין די קאָמונעס פון מיטעל־אַלטער צווישען די גלחים און בישאָפען און די גרויסע אייגענטימער און גרונד־בעזיצער זיינען בעריהמט. די פויפסטליכע חרמות, וואָס האָבען געדונערט אין דער פערטיידיגונג פון די קירכליכע הכנסות, זיינען ניט וועניגער בעריהמט. אַפילו היינט צו טאָג בעהויפּטען נאָך אַלץ די אָר־גאַנען פון דער גאַליצישער קירך, אַז דאָס געצאָהלט וואָס די גייסטליכע קריגען איז ניט קיין געהאַלט, נאָר אַ שאָדענערזאַץ פאַר די גיטער פון וועלכע זיי זיינען אַמאָל געווען די אייגענטימער, און וועלכע עס האָט ביי זיי אַוועקגענומען אין 1789 דער דריטער שטאַנד. די גייסטליכע ציהען בעסער פאָר צו לעבען אויף דעם רעכט פון תוספת איידער פון דער אַרבייט.

איינע פון די הויפּט אורזאַכען פון אירלאַנד'ס אָרימקייט היינ־טיגען טאָג איז די אונגעהויערע הכנסות פון די ענגלישע גייסטליכע. אַלזאָ, די אונגלויבער און די אָרטאָדאָקסען — די פּראָטעסטאַנטען און די אָנהענגער פון פויפסט — קאָנען ניט רעדען איינע אויף די אַנדערע. זיי האָבען אַלע אָבגעטראָטען פון וועג פון גערעכטיגקייט; זיי האָבען אַלע עובר געווען אויף דעם אַכטען געבאָט פון די עשרת הדברות: „לא תגנוב“.

דער דאָזיגער עלענדער אָבגרונד פאַר אונזער נידערטרעכטיגקייט.

די צווייטע פאָלגע פון אייגענטום איז דעספּאָטיזם. און אזוי ווי דער דעספּאָטיזם איז ענג פערבונדען מיט דער אידעע פון דער געזעצליכער אויטאָריטעט, וועט זיין גענוג צו דערקלערן די נאַטיר־ליכע אורזאכען פון דעם ערשטען, וועט זיך במילא ארויסווייזען דער פּרינציפּ פון דער צווייטער.

וואָס פאר א פאָרם פון רעגירונג וועט זיין אין דער צוקונפט? איך הער ווי איינער פון מיינע אינגערע לעזער ענטפערט: „וואָס הייסט, ווי אזוי קאָנט איהר פרעגען אזא פראגע? איהר זייט דאָך א רעפּובליקאנער!"

— יאָ, א רעפּובליקאנער; אָבער דאָס וואָרט זאָגט גאָרניט. רעס פּובליקא, ד. ה. די זאַך פון פּובליקום. הייסט עס, יעדער איינער וואָס אינטערעסירט זיך אין עפענטליכע ענינים — קיין חלוק אונטער וואָס פאר א פאָרם פון רעגירונג — קאָן זיך רופען רעפּוב־ליקאנער. אָפילו קעניגע זיינען רעפּובליקאנער.

— גוט! זיינט איהר א דעמאָקראַט?

— ניין.

— וואָס! איהר וואָלט וועלען האָבען א מאָנארכיע?

— ניין.

— זיינט איהר א קאָנסטיטוציאָנאליסט?

— גאָט בעהיט.

— זיינט איהר, אַלזאָ, אַן אריסטאָקראַט?

— לגמרי ניט.

— איהר ווילט א געמישטע רעגירונג?

— אודאי ניט.

— איז וואָס זיינט איהר דען?

— איך בין אַן אנארכיסט.

— אָה, איך פערשטעה אייך; איהר זאָגט עס איראָניש. דאָס איז א שטאָך דער רעגירונג.

— ניין, בשום אופן ניט. איך האָב אייך פּשוט אויסגעדריקט מיין ערנסטען און גוט־איבערגעטראכטען אני מאמין. אָבוואויל איך בין א שטאַרקער פריינד פון אָרדנונג, בין איך דאָך (אין פולער קראַפט פון'ם וואָרט) אַן אנארכיסט. הערט מיר צו.

אין אַלע מינים געזעלשאַפטליכע חיות „איז די שוואַכקייט פון די יונגע זייער פּרינציפּ פון פאָלגען די אַלטע, וועלכע זיינען שטאַרק; און אויס געוועהנהייט, וואָס איז ביי זיי א מין געוויסען, בלייבט די מאַכט ביי דעם עלטסטען, הגם ער ווערט ענדליך דער שוואַכסטער. וואו נאָר די געזעלשאַפט איז אונטער דער הערשאַפט פון אַ הויפּט, איז דער דאָזיגער הויפּט כמעט אַלעמאָל דער עלטסטער פון דער מחנה. איך זאָג כמעט אַלעמאָל, ווייל די איינגעפיהרטע אָרדנונג קאָן אַמאָל ווערן געשטערט דורך געוואַלטיגע אויפשטאַנדען. די אויטאָריטעט געהט דאַן אַריבער צו אַנאַנדערן; און ווי זי איז ווידער איינגעפיהרט געוואָרן דורך מאַכט, ווערט זי ווידער אויפגעהאַלטען על פּי געוועהנהייט. ווילדע פערד געהען אין סטאַדעס; זיי האָבען אַ הויפּט, וועלכער מאַרשירט אין פאָראויס בעת זיי פאָלגען איהם געטריי, און ער גיט דעם סיגנאַל ווען צו אַנטלויפען און ווען צו געבען אַ שלאַכט.

„די שעפּס, וואָס מיר האָבען אויפגעהאָדעוועט, געהט אונז נאָך, אָבער זי געהט אונז נאָך צוזאַמען מיט דער סטאַדע, אין וועלכער זי איז געבוירן געוואָרן. זי בעטראַכט דעם מענשען אלס דעם הויפּט פון איהר סטאַדע... די הויזליכע חיות בעטראַכטען דעם מענשען אַלס אַ מיטגליעד פון זייער געזעלשאַפט. אַלץ וואָס ער דאַרף טהאָן, איז זעהען אָנגענומען צו ווערן ביי זיי אַלס אַ חבר, דערנאָך ווערט ער שוין גלייך זייער הויפּט, מחמת זיין העכערן פערשטאַנד. ער ענדערט, אַלזאָ, ניט דעם נאַטירליכען צושטאַנד פון די דאָזיגע חיות, ווי בופאָן האָט געזאָגט. אין געגענטייל, ער געברויכט דעם דאָזיגען נאַטירליכען צושטאַנד פאַר זיינע אייגענע נוצען; מיט אַנדערע ווערטער, ער געפינט געזעלשאַפטליכע חיות און מאַכט זיי הויזליך, דורכדעם וואָס ער ווערט זייער חבר און הויפּט. אויף דעם אופן איז די הויזליכקייט פון די חיות בלויז אַ ספּעציעלער אומשטאַנד, אַן איינפאַכע ענדערונג, אַ בעשטימטע פאָלגע פון זייער געזעלשאַפטליכקייט. אַלע הויזליכע חיות זיינען בטבע געזעלשאַפטליכע חיות"... (פלוראַן, „דער קיצור פון פ. קיעוויע'ס בעאָבאַכטונגען".)

די געזעלשאַפטליכע חיות פאָלגען זייער פיהרער אינסטינקטיוו; אָבער בעטראַכט נאָר דעם פאַקט (וואָס קיוויע האָט אויסגעלאָזט), אַז די אויפגאַבע פון דעם פיהרער איז דורכאויס אַן אויפגאַבע פון שכל. דער פיהרער לערנט ניט די אַנדערע זיך צו פעראייניגען, זיך צונויפצונעהמען אונטער זיין פיהרערשאַפט, פאַרטצוזעצען זייער מין, צו אַנטלויפען אָדער זיך צו פערטיידיגען. אויף אַט די אַלע פונקטען פערשטעהען זיך זיינע אונטערטעניגע אַזוי גוט ווי ער אליין. עס איז אָבער דער פיהרער, וועלכער בעוואָרענט זיי, דורך זיין אָנגעזאַמעלטער ערפאַהרונג. אַנטקעגען צופאַלען. ער איז עס, וואָס אין

א שווערער לאַגע פערשטאַרקט ער דורך זיין שכל דעם אַלגעמיינעם אינסטינקט; ער איז עס, וואָס טראַכט איבער, בעשליסט און פיהרט. ער איז עס, מיט איין וואָרט, וועמעס אויפגעקלערטע פּאָזיציע רעגו־לירט דעם געוועהנליכען סדר צום וואויל און בעסטען פאר אַלעמען.

דער מענש (בטבע אַ געזעלשאַפטליך וועזען) פאָלגט גאַנץ נאַ־טירליך דעם פיהרער. אין אָנפאַנג איז דער פיהרער דער פּאַטער, דער פּאַטריאַרך, דער עלטסטער; מיט אַנדערע ווערטער: דער גוטער און קלוגער מענש, וואָס זיין אויפגאַבע בעשטעהט אויסשליס־ליך אין זיין איבערלעגענהייט און אינטעליגענץ. די מענשען־ראַסע, ווי אַלע אַנדערע ראַסען פון געזעלשאַפטליכע חיות, האָט איהרע אינסטינקטען, איהרע איינגעבוירענע פעהיגקייטען, איהרע אַלגעמיי־נע אידעען, איהרע קאַטעגאָריען פון געפיהל און פערנונפט. איהרע פיהרער, געזעצגעבער און קעניגע האָבען קיינמאָל גאָרנישט ערפונדען, גאָרנישט געאהנט, גאָרנישט פּאָרגעפיהלט; זיי האָבען נאָר גע־פיהרט די געזעלשאַפט לויט זייער ערפאַהרונג, אָבער שטענדיג אין איינקלאַנג מיט די אָנגענומענע מיינונגען און גלויבענס.

די פילאָזאָפען (אַריינטראַגענדיג אין דער מאָראַל און געשיכ־טע זייער פינסטערע און דעמאַגאָגישע שטימונג), וועלכע בעהויפּ־טען, אַז די מענשליכע ראַסע האָט אין אָנפאַנג ניט געהאַט ניט קיין פיהרער, ניט קיין קעניגע, פערשטעהען גאָרנישט וועגען דער נאַטור פון מענשען. קעניגטום, אַבסאָלוטעס קעניגטום איז פּונקט אַזוי גוט ווי די דעמאָקראַטיע, אַ פּרימיטיווע פאָרם פון רעגירונג. איינזע־הענדיג, אַז אין די עלטסטע צייטען האָבען העלדען, גזלנים, אוואַנ־טיוריסטען געוואונען קרוינען און זיך געמאַכט פאַר קעניגע, האָבען זיי צונויפגעמישט דיזע צוויי זאַכען, קעניגטום און דעספּאָטיזם. אָבער קעניגטום הויבט זיך אָן מיט דער בעשאַפונג פון מענשען; עס האָט עקזיסטירט אין דער צייט פון נעגאַטיווען קאָמוניזם. דער אַלטער העראָאיזם (און דער דעספּאָטיזם וואָס ער האָט מיטגעבראַכט) האָט ערשט אָנגעפאַנגען מיט דער ערשטער ערשיינונג פון דער אידעע פון גערעכטיגקייט, דאָס הייסט מיט דער געוועלטיגונג פון מאַכט. אין דעם מאָמענט וואָס האָט מען אָנגעהויבען צו פערגלייכען די מעלות, און דער שטאַרקערער איז געוואָרען דער בעסטער, האָט דער עלטסטער איהם געמוזט אָבטרעטען זיין פּלאַץ און דאָס קעניגטום איז געוואָרען דעספּאָטיש.

דער ספּאַנטאַנער, אינסטינקטיווער און אזוי צו זאָגען פּיזיאָלאָגישער אורשפּרונג פון דעם קעניגטום, האָט איהם געגעבען שוין פון אָנפאַנג אָן אַן איבערמענשליכען כאַראַקטער. די פעלקער האָבען דאָס צוריקגעפיהרט צו די געטער, פון וועלכע זיי האָבען געמיינט, אַז די ערשטע קעניגע שטאַמען אָב. פון דאַנען נעהמען זיך די געטליכע יחוס־בריעף פון די קעניגליכע פאַמיליען, די געטליכע פערקערפּערונגען, די משיחים־פאַבעלען. פון דאַנען שטאַמט די דאָקטרין פון געטליכען רעכט, וועלכע האָט נאָך איצטער מאָדנע פערטיידיגער.

די קעניגע זיינען אין אָנפאַנג געווען נעוועהלט, ווייל אין א צייט ווען דער מענש האָט ווייניג פּראָדוצירט און גאָרנישט פערמאָגט, איז דאָס אייגענטום געווען צו שוואַך צו שאַפען דעם געדאַנק פון ירושה און צו גאַראַנטירען דעם זוהן זיין פאָטער'ס כסא המלוכה. אָבער אזוי שנעל ווי די פעלדער האָבען אָנגעהויבען בעארבייט צו ווערן און שטעדט זיינען אויפגעבויט געוואָרן, איז יעדע פונקציע, ווי אַלעס אנדערע, געוואָרן אַן אייגענטום, און דאָס ירושה־קעניגטום און ירושה־כהונה איז געווען דער רעזולטאַט. דער פּרינציפּ פון ירושה איז אריינגעטראָגען געוואָרן אפילו אין די געוועהנליכסטע פּראָפעסיאָנען — אַן אומשטאַנד, וואָס האָט געפיהרט צו קלאַסען־איינטיילונג, צו דעם שטאָלץ פון ראַנג און די ערנידערונג פון פּראָסטען פאָלק. און דאָס בעשטעטיגט מיין בעהויפּטונג וועגען דער פערערבונג פון פאָטער'ס זייט, אַז דאָס איז א מעטאָדע, וועלכע קומט בדרך הטבע, ווען עס פאָדערט זיך אָנצושטעלען א ממלא מקומו אין געשעפט און פערענדיגען די ארבייט, וואָס ער האָט געלאָזען.

פון צייט צו צייט האָט די אמביציע ארויסגעבראכט אוזורפּאַטאָרען (מאכט־פערכאַפּער) און טהראָן־רויבער, און פאָלגליך זיינען אייניגע אָנגערופען געוואָרן קעניגע דורך רעכט, לעגיטימע קעניגע, און אנדערע — טיראַנען. אָבער מיר דאַרפען זיך ניט לאָזען נאַרען פון די נעמען. עס זיינען געווען אבשייליכע קעניגע און זעהר ערטרעגליכע טיראַנען. קעניגטום, ווען דאָס איז די איינציג־מעגליכע פאָרם פון רעגירונג, מעג אַלעמאָל זיין גוט ; געזעצליך איז עס קיינמאָל ניט. ניט ירושה אָדער וואהל אָדער אַלגעמיינע שטים־רעכט, אָדער די גוטסקייט פון הערשער און ניט די היילוגונג פון רעליגיאָן

און צייט קאָנען מאַכען דאָס קעניגטום געזעצליך. וואָס פאַר אַ פאָרם עס זאָל ניט אָננעהמען — די מאָנאַרכישע, אָליגאַרכישע אָדער דעמאָקראַטישע — דאָס קעניגטום אָדער די רעגירונג פון מענש איבער מענשען איז אונגעזעצליך און אונזיניג.

כדי צו בעקומען אַזוי שנעל ווי מעגליך די העכסטע צופרידענ־שטעלונג פון זיינע בעדערפענישען, זוכט דער מענש אַ לייטונג, אַ פיהרערשאַפט. אין אָנפאַנג איז די דאָזיגע לייטונג פאַר איהם לעבעדיג, אָנזיכטיג, ממשות׳דיג. עס איז זיין פאָטער, זיין האַרר, זיין קעניג. וואָס מעהר אונוויסענד אַ מענש איז, אַלץ מעהר גע־האָרכזאַם איז ער און אַלץ מעהר פאָלשטענדיג איז זיין פערטרויען אין זיין פיהרער. אָבער אַזוי ווי עס איז אַ געזעץ פון דעם מענשען׳ס נאַטור צו פאָלגען די רעגעלען פון פיהרער — דאָס הייסט, צו ענטדע־קען זיי דורך זיין כח פון געדאַנק און שכל — טראַכט ער איבער די געבאָטען פון זיינע פיהרער. אַזאַ איבערטראַכטונג איז שוין אַ פּראָ־טעסט אנטקעגען אויטאָריטעט, אַן אָנפאַנג פון ניט פאָלגען. אין דעם מאָמענט, ווען דער מענש זוכט נאָך די מאָטיווען, וואָס לייטען דעם ווילען פון זיין הערשער, — אין דעם מאָמענט רעוואָלטירט ער. ווען ער פאָלגט ניט מעהר דערפאַר ווייל דער קעניג הייסט, נאָר ווייל דער קעניג בעווייזט דעם שכל פון זיינע געבאָטען, דאַן קאָן מען זאָגען, אַז ער אָנערקענט שוין מעהר ניט קיין אויטאָריטעט, און אַז ער איז שוין געוואָרען זיין אייגענער קעניג. וועה צו דעם, וואָס וועט וואַגען איהם צו בעפעהלען און אָנגעבען אַלס זיין אויטאָריטעט בלויז די שטימע פון אַ מאַיאָריטעט; וואָרים פריהער אָדער שפע־טער וועט די מינאָריטעט ווערען די מאַיאָריטעט, און דער אונפאָר־זיכטיגער דעספּאָט וועט אַרונטערגעוואָרפען ווערען און זיינע געזעצען וועלען פערניכטעט ווערען.

אין דעם ערך וואָס די געזעלשאַפט ווערט אַלץ אויפגעקלערטער, ווערט די קעניגליכע אויטאָריטעט אַלץ ווענינער. דאָס איז אַ פאַקט, וואָס ווערט בעשטעטיגט פון דער גאַנצער געשיכטע. בעת די פעלקער ווערען ערשט געבוירען, דענקען און טראַכטען די מענשען אָהן ערפאָלג. אָהן מעטאָדען, אָהן פּרינציפּען און ניט־וויסענדיג ווי צו געברויכען זייער פערשטאַנד, קאָנען זיי ניט אורטיילען אויף וויפיעל זייערע שלוסען זיינען גערעכט. דאַן איז די אויטאָריטעט פון די קעניגע געוואַלדיג גרויס, ווייל זיי האָבען ניט ערוואָרבען קיין וויסענ־

שאפט, מיט וועלכער צו שטעלען זיך אנטקעגען. ביסלעכווייז אבער ברענגט זייער ערפאהרונג געוועהנהייטען, וועלכע ענטוויקלען זיך אין מנהגים; די מנהגים ווערן דאן פארמולירט אין כללים, וואס ווערן אויפגעשטעלט אלס פרינציפען — אין קורצען, זיי קריגען די פארם פון געזעצען, צו וועלכע דער קעניג, דאס לעבעדיגע געזעץ, מוז זיך בויגען. עס קומט א צייט ווען די מנהגים און געזעצען זיינען אזוי צאהלרייך, אז דער ווילען פון הערשער איז אזוי צו זאגען ארומגעפלאכטען פון דעם פאלק'ס ווילען; און בעת ער נעהמט אויף די קרוין מוז ער שווערן, אז ער וועט רעגירן אין איינ־קלאנג מיט די איינגעפיהרטע מנהגים און זיטען, און אז ער איז ניט מעהר ווי די עקזעקוטיווע מאכט פון דער געזעלשאפט, וואס איהרע געזעצען ווערן געמאכט אונאבהענגיג פון איהם.

ביז צו דעם פונקט ווערט אלץ געטהאן אינסטינקטיוו און אזוי צו זאגען אונבעוואוסטזיניג; זעהט אבער וואו אט די בעוועגונג מוז זיך ענדיגען.

דורך זעלבסט־בעלעהרונג און דער ערווערבונג פון אידעען בע־קומט ענדליך דער מענש די אידעע פון וויסענשאפט, ד. ה. פון א סיסטעם פון וויסען, וואס איז אין הארמאניע מיט דער ווירק־ליכקייט פון די זאכען, און וואס ווערט גענומען פון בעאבאכטונג. ער זוכט נאך די וויסענשאפט אדער דעם סיסטעם פון די אונבעלעבטע זאכען, דעם סיסטעם פון ארגאנישע קערפער, דעם סיסטעם פון מענשליכען גייסט און דעם סיסטעם פון דעם אוניווערזום — איז פארוואס זאל ער אויך ניט זוכען דעם סיסטעם פון דער געזעלשאפט? ווען אבער ער האט געגרייכט די דאזיגע הויך, בעגרייפט ער, אז די פאליטישע ווארהייט, אדער די וויסענשאפט פון דער פאליטיק, עקזיסטירט גאנץ אונאבהענגיג פון דעם ווילען פון די הערשער, ווי פון די מיינונגען פון מאיאריטעטען און די פאלקסטימליכע גלוי־בענס — אז די קעניגע, מיניסטארען, מאגיסטראטען און פעלקער, אלס ווילענס, האבען קיין פערבינדונג ניט מיט דער וויסענשאפט און הארפען ניט גענומען ווערן אין אנבעטראכט. ער בעגרייפט אין דערזעלבער צייט, אז אויב דער מענש ווערט געבוירן א געזעלשאפט־ליך וועזען, הערט די אויטאריטעט פון זיין פאטער אויף אין דעם טאג, ווען זיין גייסט איז שוין אויסגעבילדעט און זיין ערציהונג איז פערענדיגט, און ער ווערט זיין פאטער'ס חבר; אז זיין אמת'ער

פיהרער און זיין קעניג איז די בעוויזענע וואַרהייט; אז פּאָליטיק איז אַ וויסענשאַפט, ניט אַ ביטרער שפּיצעל; און אז די אויפגאַבע פון דעם געזעצגעבער ווערט רעדוצירט אין אַ לעצטען אַנאַליז צו דעם מעטאָדישען זוכען נאָך דער וואַרהייט.

אָט אזוי שטעהט אין אַ געגעבענער געזעלשאַפט די אויטאָריטעט פון מענשען איבער מענשען אין אַ אומגעקעהרטער פּראָפּאָרציע צו דער שטופע פון אינטעלעקטועלער ענטוויקלונג, צו וועלכער די געזעלשאַפט איז געקומען; און דער וואַהרשיינליכער דויער פון דער דאָזיגער אויטאָריטעט קאָן אויסגערעכענט ווערן לויט דעם מעהר אָדער ווייניגער אַלגעמיינעם פערלאַנג נאָך אַן אמת'ער רעגירונג, ד. ה. נאָך אַ וויסענשאַפטליכער רעגירונג. און פּונקט אזוי ווי דאָס רעכט פון מאַכט און דאָס רעכט פון ביטרעקייט טרעט צוריק פאַר דעם שטענדיגען אָנקומען פון גערעכטיגקייט און מוז ענדליך אויסגעלאָשען ווערן אין גלייכהייט, אזוי אויך גיט נאָך די הערשאַפט פון ווילען דער הערשאַפט פון פערשטאַנד און מוז ענדליך זיך פערלירען אין דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם. אייגענטום און קעניגטום צופאַלען אין שטיקלעך פון זינט די וועלט האָט זיך אָנגעפאַנגען. אזוי ווי דער מענש זוכט גערעכטיגקייט און גלייכהייט, אזוי זוכט די געזעלשאַפט אָרדנונג אין דער אַנאַרכיע.

א נ א ר כ י ע — אָהן אַ האַרר, אָהן אַ הערשער*) — דאָס איז די פאָרם פון רעגירונג, צו וועלכער מיר דערנעהנטערן זיך יעדען טאָג, און וועלכע מיר שטעלען זיך פאָר, מחמת אונזער געוועהנהייט אָנצונעהמען אַ מענשען פאַר אונזער רעגעל און זיין ווילען אַלס געזעץ, אַלס די העכסטע אונאָרדנונג און דעם אויסדרוק פון כאַאָס. מען דערצעהלט, אז אַ פּאַריזער בורזשואַ, אין 17טען י. ה., האָט זיך אזוי פער'חדושט, ווען ער האָט געהערט, אז אין װענעדיג איז ניטאָ קיין קעניג, אז ער איז שיער ניט געשטאָרבען פאַר געלעכטער, הערענדיג נאָר וועגען אזאַ משונה־לעכערליכער זאַך. אָט אזוי שטאַרק איז אונזער פּאָראורטייל. אַלע, וויפיעל מיר זיינען, ווילען מיר אַ פיהרער אָדער פיהרערס; און אָט האַלט איך אין האַנד אַ בראָ־

---

*) געוועהנליך ווערט פערטייטשט דאָס וואָרט „אַנאַרכיע“ אַלס אָהן פּרינציפּען, אָהן רעגעלען; דעריבער איז עס בעטראַכט געוואָרן ווי עס וואָלט געהאַט דיזעלבע בעדייטונג ווי „אונאָרדנונג“.

שור, וואָס איהר פּערפאַסער, אַן אייפריגער קאָמוניסט, טרוימט ווי אַ צווייטער מאַראַט, פון אַ דיקטאַטור. די פּאָרטגעשריטענסטע צווישען אונז זיינען די, וועלכע ווילען די מעגליך־גרעסטע צאָהל הערשער — זייער הייסעסטער וואונש איז, אַז די גאַנצע נאַציאָנאַל־גוואַרדיע זאָל קיניגען איבער אונז. באַלד וועט אודאי אימיצער, וואָס איז אייפערזיכטיג אויף דער בירגערליכער מיליץ, זאָגען אַז יעדער איז אַ קעניג. אָבער ווען ער וועט האָבען אָבגערעדט, וועל איך פון מיין זייט זאָגען: „קיינער איז ניט קיין קעניג; מיר זיינען, צי מיר ווילען עס, צי ניט, אַלע חברים". יעדע פראַגע פון דער אינערליכער פּאָליטיק מוז בעשלאָסען ווערן דורך דער סטאַטיסטיק פון די לאָקאַלע ראַיאָנען; יעדע פראַגע פון אויסערליכער פּאָליטיק איז אַ זאַך פון אינטערנאַציאָנאַלער סטאַטיסטיק. די וויסענשאַפט פון רעגירונג געהערט מיט רעכט צו איינער פון די סעקציעס פון דער אַקאַדעמיע פון וויסענשאַפטען, און איהר בעשטענדיגער סעקרעטער דאַרף זיין דער פּרעמיער־מיניסטער; און אַזוי ווי יעדער בירגער מעג אַדרעסירען אַ מעמואַר צו דער אַקאַדעמיע, איז יעדער בירגער אויף דעם אופן אַ געזעץ־געבער. אָבער אַזוי ווי קיינעמס מיינונג האָט ניט קיין ווערטה, ביז וואַנען עס ווערט ניט בעוויזען, אַז זי איז דער אמת, קאָן קיינער ניט אויפשטעלען זיין ווילען אַנשטאָט דעם פערשטאַנד — איז קיינער ניט קיין קעניג.

אַלע פראַגען פון געזעצגעבונג און פּאָליטיק זיינען פראַגען פון וויסענשאַפט, ניט פון סתם אַ מיינונג. די געזעצגעבענדע מאַכט געהערט נאָר דעם פערשטאַנד, וואָס געפינט אויס די וואַרהייט מעטאָדיש און בעווייזט עס. ערלויבען אירגענד וועלכער מאַכט דאָס רעכט צו וועטאָירען אָדער סאַנקציאָנירען אַ געזעץ איז דער לעצטער גראַד פון טיראַניי. גערעכטיגקייט און געזעצליכקייט זיינען זאַכען, וואָס זיינען פּונקט אַזוי אונאָבהענגיג פון אונזער צושטימונג, ווי אַ מאַטעמאַטישע וואַרהייט. צו קאָנען אונז צווינגען זיי אָנצונעהמען, דאַרפען זיי נאָר אונז ווערן בעקאַנט; כדי זיי זאָלען אונז ווערן בעקאַנט, דאַרף מען זיי נאָר בעטראַכטען און שטודירען. וואָס, אַלזאָ, איז דאָס פּאָלק, אויב עס איז ניט דער הערשער — אויב עס איז ניט דער קוואַל פון דער געזעצגעבענדער מאַכט? דאָס פּאָלק איז דער בעשיצער פון געזעץ — דאָס פּאָלק איז די ע ק ז ע ק ו ט י ו ו ע   מ א כ ט. יעדער בירגער מעג זאָגען:

„דאָס און דאָס איז ריכטיג; דאָס און דאָס איז גערעכט"; אָבער זיין מיינונג קאָנטראָלירט קיינעם ניט א חוץ איהם אליין. כדי אז די װארהייט, װאָס ער פּראָקלאַמירט, זאָל װערן א געזעץ, מוז עס אנערקענט װערן. און װאָס מיינט עס אנערקענען א געזעץ? דאָס מיינט צו בעשטעטיגען א מאַטעמאַטישע אָדער פילאָזאָפישע רעכע־נונג; דאָס מיינט, װיעדערהאָלען אַן עקספּערימענט, בעאָבאַכטען אַן ערשיינונג, פעסטשטעלען א פאַקט. נאָר דאָס פאָלק האָט א רעכט צו זאָגען: „זאָל עס װערן בעקאַנט און אַזוי בעשטימט".

איך בין מודה, אז דאָס איז אַן איבערקעהרעניש פון די אָנ־גענומענע אידעען, און אז עס זעהט אויס װי איך פּרוביר רעװאָלו־ציאָנירען אונזער פּאָליטישען סיסטעם; איך בעט אָבער דעם לעזער איינזעהן, אז װיבאַלד איך האָב אָנגעפאַנגען מיט א פּאַראַדאָקס, מוז איך, אויב איך דענק לאָגיש, בעגעגענען פּאַראַדאָקסען אויף יעדען טריט, און מוז ענדיגען מיט פּאַראַדאָקסען. איבעריגענס זעה איך ניט, װי אַזוי די פריהייט פון די בירגער קאָן געשטעלט װערן אין געפאַהר, װען מען גיט איבער אין זייערע הענד, אַנשטאָט די פעדער פון געזעצגעבער, דעם שװערד פון געזעץ. אַזוי װי די עקזעקוטיװע מאַכט געהערט אייגענטליך צו דעם װילען, קאָן עס ניט אָנפערטרויט װערן צו צופיעלע בעפאָלמעכטיגטע. דאָס איז די אמת'ע הערשאַפט פון פאָלק*).

---

*) אויב אַזוינע אידעען װעלען װען עס איז אַריינגעשפּאַרט װערן אין די מוחות פון פאָלק, װעט עס זיין דורך דער רעפּרעזענטאַטיװער רע־גירונג און דער טיראַניי פון די רעדנער. אַמאָל זיינען װיסענשאַפט, געדאַנק און רייד בעצייכענט געװאָרן דורך דעמזעלבען אויסדרוק. כדי צו בעצייכענען א געדאַנקען־רייכען און געלעהרטען מענשען, פלעגט מען זאָ־גען: „ער איז אַ מענש, װאָס איז פלינק אויף רעדען און מעכטיג אין בעשפּרעכען א ענין." א לאַנגע צייט איז רעדען געװען אונטערשיידט אויף אַן אַבסטראַקטען אופן פון װיסענשאַפט און פערנונפט. ביסלעכװייז װערט די דאָזיגע אַבסטראַקציע אַ װירקליכקייט, װי די לאָגיקער זאָגען, אין געזעלשאַפט; אַזוי אַז היינט האָבען מיר פערשיידענע סאָרטען גע־לעהרטע, װעלכע רעדען װיינציג־װאָס, און רעדנער, װעלכע זיינען אַפילו ניט קיין געלעהרטע אין דער װיסענשאַפט פון רעדען. אַזוי איז אַ פילאָזאָף ניט מעהר אַ ג ע ל ע ה ר ט ע ר, ער איז אַ ר ע ד נ ע ר. געזעצגעבער און פּאָעטען זיינען אַמאָל געװען טיעפזיניגע און ערהאַבענע כאַראַקטערען, איצט זיינען זיי רעדנער. א רעדנער איז אַ קלינגענדער גלאָק, װאָס דער קלענסטער שטויס איז גענוג צו מאַכען זי זאָל זיך בע־

דער אייגענטימער, דער רויבער, דער העלד, דער הערשער — די אַלע טיטולען האָבען איין בעדייטונג — צווינגט ארויף זיין ווילען ווי א אגעזעץ און ליידט ניט קיין ווידערשפּרוך און קיין קאָנטראָל; דאָס הייסט, ער פּרעטענדירט צו זיין די געזעצגעבענדע און עקזעקוטיווע מאַכט אין איינעם. דעריבער קאָן די אויפשטעלונג פון דעם וויסענשאַפטליכען און אמת'ן געזעץ אנשטאָט דעם קעניגליכען ווילען, נאָר דורכגעפיהרט ווערן דורך א שרעקליכען קאַמף. נאָך דעם פאַקט פון אייגענטום איז אָט דער איבערבייט דער שטאַרקסטער עלעמענט אין געשיכטע, דער פרוכטבאַרסטער קוואַל פון פּאָליטישע בעוועגונגען. די ביישפּיעלען דערצו זיינען צופיעל און צו־אויפפאַלענד, מען זאָל זיי דאַרפען דאָ אויסרעכענען.

אַלזאָ, אייגענטום מוז נויטיגערוויין ארויסברענגען דעספּאָטיזם — די רעגירונג פון קאַפּריז, די הערשאַפט פון אויסגעלאַסענע תענוגים. עס איז אזוי קלאָהר, אז דאָס איז דער עצם פון אייגענטום, אז כדי צו זיין איבערצייגט דעריין, דאַרף מען נאָר געדענקען וואָס אייגענטום איז און בעמערקען, וואָס עס קומט פאָר ארום אונז. אייגענטום איז דאָס רעכט צו ג ע ב ר ו י כ ע ן און מ י ס ־ ב ר ו י כ ע ן. אויב, אַלזאָ, רעגירונג איז עקאָנאָמיע — אויב איהר צוועק איז די פּראָדוקציאָן און דער קאָנזום און די פערטיילונג פון ארבייט און פּראָדוקטען — איז ווי אזוי איז מעגליך רעגירונג כל זמן עס עקזיסטירט אייגענטום? און אויב גיטער זיינען אייגענטום, איז פאַרוואָס זאָלען די אייגענטימער ניט זיין קיין קעניגע, און דעספּאָטישע קעניגע דערצו — קעניגע לפי ערך פון זייער פערמעגען? און אויב יעדער אייגענטימער איז א הערשענדער פּריץ אין דעם קרייז פון זיין אייגענטום, אַן אבסאָלוטער קעניג איבער זיין גאַנצער טעריטאָריע, איז ווי אזוי קאָן א רעגירונג פון אייגענטימער זיין עפּעס אַנדערש ווי כאַאָס און אונאָרדנונג?

---

וועגען אָהן אויפהער. ביים רעדנער איז דער פלוס פון ווערטער אַלע־מאָל אין אַ דירעקטער פּראָפּאָרציע צו דער אָרימקייט פון געדאַנק. די רעדנער רעגירען די וועלט; זיי פערטומלען אונז, זיי לאַנגווייל׳ען אונז, זיי ערגערן אונז. זיי זויגען אונזער בלוט און לאַכען פון אונז. וואָס געהערט די ג ע ל ע ה ר ט ע — זיי שווייגען: ווען זיי ווילען עפּעס זאָגען, האַקט מען זיי גלייך אָב. זאָלען זיי שרייבען.

## § 3. בעשטימונג פון דער דריטער סאָציאַלער פאָרם. שלום.

קאָמוניזם זוכט ג ל י י כ ה י י ט און ג ע ז ע ץ. אייגענטום, וואָס איז געבוירן פון דער הערשאַפט פון שכל און פון דעם געפיהל פון פערזענליכען ווערטה, וויל מעהר ווי אַלץ ז ע ל ב ־ ש ט ע נ ד י ג ק י י ט און ל פ י ע ר ך ׳ ד י ג ע א י י נ ־ ט י י ל ו נ ג.

דער קאָמוניזם אָבער, וואָס נעהמט אָן על פי טעות די איינ־פאָרמיגקייט פאַר געזעץ און די ניוועלירונג פאַר גלייכהייט, ווערט טיראַניש און אומגערעכטיג. דאָס אייגענטום מיט זיין דעספּאָטיזם און זיינע אָנגרייפונגען צייגט זיך באַלד אַרויס אַלס אַן אונטער־דריקענדע און אַנטי־געזעלשאַפטליכע מאַכט.

די כונות פון קאָמוניזם און אייגענטום זיינען גוטע, זייערע רעזולטאַטען זיינען שלעכטע. פאַרוואָס? ווייל זיי זיינען ביידע בעגרעניצט און יעדער פון זיי לאָזט אויס פון בעטראַכט צוויי עלע־מענטען פון געזעלשאַפט. קאָמוניזם פערוואַרפט די זעלבסטשטענ־דיגקייט און די לפי־ערך׳דיגע איינטיילונג; אייגענטום שטעלט ניט צופריעדען די גלייכהייט און דעם געזעץ.

ווען מיר זאָלען זיך אָבער פאָרשטעלען אַ געזעלשאַפט, וואָס איז געבויט אויף אַט די פיער פּרינציפּען: גלייכהייט, געזעץ, זעלבסטשטענדיגקייט און לפי־ערך־׳דיגקייט, דאַן וועלען מיר גע־פינען: —

1. אַז די גלייכהייט, וועלכע בעשטעהט נאָר אין ג ל י י כ ־ ה י י ט פ ו ן ב ע ד י נ ג ו נ ג ע ן, ד. ה. פון די מ י ט ל ע ן, און ניט אין ג ל י י כ ה י י ט פ ו ן ו ו א ו י ל ז י י ן — וואָס

עס איז די אויפגאַבע פון די ארבייטער זיך אַליין צו פערשאפען, ווען זיי האָבען גלייכע מיטלען — פערלעצט בשום אופן ניט די גערעכטיגקייט און דעם יושר.

2. אַז געזעץ, וואָס קומט ארויס פון וויסען די פאַקטען און, וואָס איז פאָלגליך בעגרינדעט אויף דער נויטווענדיגקייט פון דער זאַך גופא, קומט קיינמאָל ניט אין אַ צוזאַמענשטויס מיט זעלבסטשטענדיגקייט.

3. אַז די אינדיווידועלע זעלבסטשטענדיגקייט, אָדער די אויטאָנאָמיע פון דעם אייגענעם פערשטאַנד, וואָס נעהמט זיך פון דעם אונטערשייד אין טאַלאַנט און פעהיגקייט, קאָן אָהן געפאַהר עקזיסטירען אין די גרעניצען פון געזעץ.

4. אַז די לפי-ערך'דיגע איינטיילונג, וואָס איז ערלויבט נאָר אין דעם קרייז פון שכל און געפיהל, אָבער ניט בנוגע מאַטעריעלע זאַכען, קאָן אָבגעהיט ווערן ניט פערלעצענדיג די גערעכטיגקייט און סאָציאַלע גלייכהייט.

אָט די דריטע פאָרם פון געזעלשאַפט, דעם סינטעז פון קאָמוניזם און אייגענטום, רופען מיר אָן פרייהייט. (ליבערטי)*

בעשטימענדיג די נאַטור פון פרייהייט, פעראייניגען מיר ניט קאָמוניזם און אייגענטום, ווי עס וואָלט גאָר קיין חלוק ניט געווען צווישען זיי; דאָס וואָלט געווען אַן אונזיניגער עקלעקטיציזם. מיר זוכען על פי אַנאַליז אין יעדערן פון זיי יענע עלעמענטען, וועלכע זיינען אמת און האַרמאָניזירען מיט די געזעצען פון דער נאַטור און פון דער געזעלשאַפט, אויסלאָזענדיג די איבעריגע גאָר אינגאַנצען; און דער רעזולטאַט גיט אונז דעם געהעריגען אויסדרוק פון דער נאַטירליכער פאָרם פון דער מענשליכער געזעלשאַפט, מיט איין וואָרט — פרייהייט.

פרייהייט איז גלייכהייט, ווייל פרייהייט עקזיסטירט נאָר אין

---

*) ליבערטאַס, ליבעראַרע, ליבראַטיאָ, ליבראַ — פרייהייט, בעפרייען, גלייכגעוויכט, וואָג, זיינען ווערטער וואָס האָבען איין אָבשטאַמונג. פרייהייט איז דאָס גלייכגעוויכט פון רעכטען און פליכטען. מאַכען אַ מענשען פריי, הייסט באַלאַנסירען איהם צוגלייך מיט אַנדערע, שטעלען איהם אויף זייער גראַד.

געזעלשאַפט, און ווען עס איז ניטאָ קיין גלייכהייט, איז ניטאָ קיין געזעלשאַפט.

פרייהייט איז אַנאַרכיע, ווייל עס לאָזט ניט צו די רעגירונג פון ווילען, נאָר בלויז די אויטאָריטעט פון געזעץ, ד. ה. פון נויט־ווענדיגקייט.

פרייהייט איז אונענדליכע פערשיידענאַרטיגקייט, ווייל זי רעספּעקטירט אַלע ווילענס אין די גרעניצען פון געזעץ.

פרייהייט איז לפי־ערך־דיגקייט, ווייל זי דערלאָזט דעם מעג־ליכסט־גרעסטען רוים פאַר דער אַמביציע פון פעהיגקייט און דעם וועט־אייפער נאָך רוהם.

מיר קאָנען איצטער זאָגען מיט די ווערטער פון מ. קוזען: „אונזער פּרינציפּ איז אמת; ער איז גוט, ער איז געזעלשאַפטליך; לאָמיר זיך ניט שרעקען צו ציהען פון איהם אַלע קאָנסעקווענצען“.

די געזעלשאַפטליכקייט אין מענשען, וואָס ווערט גערעכ־טיגקייט דורך דענקען, יושר דורך אַ צונויפשטעלונג פון פעהיגקייטען, און וואָס האָט פרייהייט פאַר איהר פאָרמולע, איז דער אמת׳ער יסוד פון מאָראַל — דער פּרינציפּ און דער רעגו־לאַטאָר פון אַלע אונזערע מעשים. דאָס איז די אוניווערזאַלע בעוועג־קראַפט, וועלכע די פילאָזאָפיע זוכט, וואָס די רעליגיאָן פערשטאַרקט, וואָס דער עגאָאיזם גראָבט אונטער, און וועמעס פּלאַץ די ריינע פערנונפט קאָן קיינמאָל ניט פערנעהמען. פליכט און רעכט ווערען געבוירען פון נויט, וועלכע איז בנוגע צו אויסערליכע זאַכען אַ רעכט און בנוגע צו אונז אַליין אַ פליכט.

עסען און שלאָפען איז פאַר אונז אַ נויט. עס איז אונזער רעכט צו בעקומען די דאָזיגע זאַכען, וואָס זיינען נויטיג פאַר אונזער נאַהרונג און רוה. עס איז אונזער פליכט צו געברויכען זיי, ווען די נאַטור פאָדערט עס.

מיר האָבען נויטיג צו אַרבייטען כדי צו לעבען. אַרבייטען איז אי אונזער רעכט, אי אונזער פליכט.

עס איז נויטיג ליעב צו האָבען אונזערע ווייבער און קינדער. עס איז אונזער פליכט זיי צו בעשיצען און אויסהאַלטען. מיר האָבען אַ רעכט געליעבט צו ווערן מעהר איידער אַלע אַנדערע.

עהע־טרייהייט איז גערעכטיגקייט. אונטרייהייט איז א געזעל־שאַפטליכער פערברעכען.

מיר האָבען נויטיג אויסצוטוישען אונזערע פּראָדוקטען אויף אַנדערע פּראָדוקטען. עס איז אונזער רעכט אַז אָט דער אויסטויש זאָל זיין אַן אויסטויש פון גלייכווערטהיגע פּראָדוקטען (פון עקווי־וואַלענטען), און אַזוי ווי מיר קאָנזומירען איידער מיר פּראָדוצירען, דאַרף עס זיין אונזער פליכט, אויב מיר זאָלען קאָנען קאָנטראָלירען די זאַך, אַכטונג צו געבען, אַז אונזער לעצטער פּראָדוקט זאָל פאַל־גען אונזער לעצטען קאָנזום. זעלבסטמאָרד איז אַ שווינדלערישער באַנקראָט.

עס איז אונז נויטיג צו לעבען לויט די געבאָטען פון אונזער שכל. עס איז אונזער רעכט אויפצוהאַלטען אונזער פרייהייט. עס איז אונזער פליכט צו רעספּעקטירן די פרייהייט פון אַנדערע.

מיר נויטיגען זיך אין דער אַנערקענונג פון אונזערע מיט־מענשען. עס איז אונזער פליכט צו פערדיענען זייער לויב. עס איז אונזער רעכט געאורטיילט צו ווערן לויט אונזערע טהאַטען.

פרייהייט איז ניט געגען די רעכט פון ירושה און אָבזאָגען בצואה. זי בענוגענט זיך מיט ניט דערלאָזען קיין פערלעצונגען פון דער גלייכהייט. זי זאָגט אונז: „קלייבט זיך אויס פון צוויי ירושות, אָבער נעהמט ניט צו ביידען". אונזער גאַנצע געזעצגע־בונג בנוגע די איבערגעבונגען, אָבזאָגונגען און אַננעהמונגען פון נחלות, מוז איבערגעאַרבייט ווערן.

פרייהייט העלפט דעם אייפער אריבערצושטייגען דעם אַנדערן, אַנשטאָט צו פערניכטען אַזאַ אייפער. אונטער געזעלשאַפטליכער גלייכהייט בעשטעהט דער דאָזיגער אייפער אין דורכפיהרען זאַכען אונטער גלייכע בעדינגונגען; דער שכר פון דער אייפריגער אַרבייט איז די אַרבייט גופא. קיינער ליידעט ניט פון דעם נצחון.

פרייהייט אַפּלאָדירט די זעלבסט־אָפּפערונג און שעצט זי מיט איהרע שטימען, זי קאָן אָבער אויסקומען אָהן איהר. גערעכטיג־קייט אַליין איז גענוג אויפצוהאַלטען דאָס געזעלשאַפטליכע גלייכ־געוויכט זעלבסטאָפּפערונג מיינט טהאָן מעהר וויפיעל די פליכט

פּאָדערט, טהאָן לפנים משורת הדין. גליקליך פונדעסטוועגען איז דער מענש, וואָס קאָן זאָגען: „איך אָפּפער זיך“*).

פרייהייט איז בעצם אַן אָרגאַניזירענדע קראַפט. כדי צו זיכערן די גלייכהייט צווישען מענשען און פריעדען צווישען פעלקער, מוז די אַגריקולטור און אינדוסטריע, די צענטערס פון בילדונג, מסחר און פאַרראַטה זיין פערטיילט לויט דער קלימאַטישער און געאָגראַפישער לאַגע פון לאַנד, לויט דער נאַטור פון די פּראָדוקטען, דעם כאַראַקטער און נאַטירליכע פעהיגקייטען פון די איינוואוינער א. אַז. וו. אין אַזוינע גערעכטע, קלוגע, האַרמאָנישע פּראָפּאָרציעס, אַז עס זאָל אין ערגעץ קיינמאָל ניט זיין ניט קיין איבערפלוס און ניט קיין דוחק, סיי אין בעפעלקערונג, סיי אין פערברויך און פּראָדוקטען. אָט דאָ פאַנגט זיך אָן די וויסענשאַפטליכקייט פון עפענטליכען און פּריוואַטען רעכט, די אמת׳ע פּאָליטישע עקאָנאָמיע. די יוריסטען, וועלכע זיינען שוין בעפרייט פון די פאַלשע פּרינציפּען פון אייגענטום, מוזען פון איצט אָן בעשרייבען די נייע געזעצען און ברענגען פריעדען אויף דער ערד. קיין וויסען און זשעניע

---

*) אין אַ מאָנאַטליכער שריפט, וואָס איז ניט לאַנג ערשיענען אונטערן נאָמען „ל׳עגאַליטער“, ווערט די זעלבסטאָפּפערונג אויפגעשטעלט אַלס אַ פּרינציפּ פון גלייכהייט. דאָס איז אַ פערווירונג פון אידעען. זעלבסט־אָפּפערונג, פאַר זיך גענומען, איז די לעצטע שטופע פון אונגלייכהייט. זוכען גלייכהייט אין זעלבסטאָפּפערונג מיינט מודה זיין, אַז די גלייכהייט געהט להיפך צו דער נאַטור. גלייכהייט מוז זיין געבויט אויף גערעכטיגקייט. אויפ׳ן שטרענגען רעכט, אויף די פּרינציפּען, אויף וועלכע דער אייגענטימער אַליין שטיצט זיך, אַנדערש וועט זי קיינמאָל ניט עקזיסטירען. זעלבסטאָפּפערונג איז העכער פאַר גערעכטיגקייט; מען קאָן זי אָבער ניט אַרויפלעגען ווי אַ געזעץ, ווייל די נאַטור פון דער זאַך איז, אַז עס קאָן דערפאַר ניט זיין קיין בעלוינונג. עס איז אמת טאַקע ווינשענסווערטה, אַז יעדער איינער זאָל איינזעהן די נויטיגקייט פון זעלבסט־אָפּפערונג, און די אידעע פון „ל׳עגאַליטער“ איז אַ פאָרטרעפליכער בייזשפּיעל. לײדער קאָן עס אָבער ניט האָבען קיין ווירקונג. וואָס אין דער אמת׳ן וואָלט איהר געקאָנט ענטפערן, ווען איינער זאָגט אייך: „איך וויל זיך ניט אָפּפערן“? דאַרף מען איהם צווינגען צו אָפּפערן זיך? ווען זעלבסטאָפּפערונג איז געצוואונגען, ווערט עס אונטערדריקונג, שקלאַפעריי, עקספּלואַטאַציע פון איין מענשען דורך דעם אַנדערן. אָט אַזוי האָט דער פּראָלעטאַריאַט זיך געאָפּפערט צום אייגענטום.

פעהלט זיי ניט; דער פונדאמענט איז שוין פאָר זיי אויסגעלעגט*).

איך האָב געענדיגט מיין אויפגאַבע; דאָס אייגענטום איז בעזיעגט און וועט שוין קיינמאָל ניט אויפשטעהן קיין תחית המתים. וואו נאָר אָט די אָבהאַנדלונג וועט געלעזען און דיסקוטירט ווערן,

---

* פוריע׳ס תלמידים האָבען מיר שוין לאַנג אויסגעוויזען צו זיין די פאָרטגעשריטענסטע פון אַלע מאָדערנע סאָציאַליסטען, און כמעט די איינציגע וואָס פערדיענען דעם נאָמען. ווען זיי וואָלטען פערשטאַנען דעם כאַראַקטער פון זייער אויפגאַבע, וואָלטען גערעדט צום פאָלק, געוועקט זייערע סימפאַטיען, און געשוויגען ווען זיי האָבען ניט פערשטאַנען; ווען זיי וואָלטען ניט געהאַט אַזוינע משוגה׳דיגע פּרעטענזיעס און וואָלטען אַרויסגעציינט מעהר אַכטונג פאַר דעם פאָלק׳ס פערשטאַנד — דאַן וואָלט אפשר, א דאנק זיי, די רעפאָרם געמאַכט פאָרטשריט. פאַרוואָס אָבער בויגען אָט די ערנסטע רעפאָרמער זייערע קעפּ צו מאַכט און רייכטום — ד. ה. צו אַלץ, וואָס איז אַנטי־רעפאָרמאַטאָריש? ווי אַזוי זעהען זיי ניט, אין אַ צייט־אַלטער פון דענקען, אַז די וועלט מוז בעקעהרט ווערן דורך בעוויזען, ניט דורך לעגענדען און אַלעגאָריען? זיי, די טויט־פיינד פון ציוויליזאַציע, פאַרוואָס נעהמען זיי פון איהר די שעדליבסטע פון איהרע פרוכטען — אייגענטום, אונגלייכהייט און פערמעגען און ראַנג, דאָס פרעסען און זויפען, קעבס־ווייבעריי, פּראָסטיטוציע, און איך ווייס וואָס נאָך, די שוואַרצע קונסט, מאַגיק און כשוף? פאַרוואָס פערדאַמען זיי נאָכאַנאַנד די מאָראַל, די מעטאַפיזיק און פּסיכאָלאָגיע, ווען זייער גאַנצער סיסטעם בעשטעהט פון דעם מיסברויך פון די דאָזיגע וויסענשאַפטען, וועלכע זיי פערשטעהען ניט? פון וואַנען נעהמט זיך זייער מאַניאַ צו פערגעטערן אַ מענשען אין די שטאַרקסטע אויסדרוקען, וואָס זיינען ווען עס איז געברויכט געוואָרען, וועמעס הויפּט פערדיענסט בעשטעהט אין דעם, וואָס ער רעדט אומזין וועגען זאַכען, וועמעס נעמען ער ווייס אַפילו ניט? ווער עס גלויבט אין דער אונפעהלבאַרקייט פון אַ מענשען, ווערט דערמיט אליין אונפעהיג צו לערנען אַנדערע. יעדערער וואָס פערלייקענט זיין אייגענעם פערשטאַנד, וועט באַלד פערבאָטען דעם פרייען געדאַנק. די פאַלאַנסטעריער וואָלטען עס געוויס געטאָן, ווען זיי האָבען די מאַכט. זאָלען זיי מוחל זיין אַנהויבען דענקען, זאָלען זיי פאָרזעצען סיסטעמאַטיש, זאָלען זיי אונז געבען בעוויזען אנשטאָט „ענטפּלעקונגען", וועלען מיר זיין גערן זיך צוצוהערן. זאָלען זיי דאַן אָרגאַניזירן די אינדוסטריע, אַגריקולטור און קאָמערץ; זאָלען זיי מאַכען די אַרבייט אַנציהענד און די נידעריגסטע מלאכות געשעצט, וועלען זיי האָבען אונזער גאַנצען בייפאַל. פריהער ווי אַלץ אָבער, זאָלען זיי אַראָבוואַרפען פון זיך דעם אילומיניזם (די פּרעטענזיע אויף אויפקלערונג), וואָס גיט זיי דעם אויסזעהן פון שווינדלער אָדער בעשווינדלטע, אַנשטאָט פון גלויבער און אַפּאָסטאָלען.

וועט אוועקגעלעגט ווערן די זריעה פון טויט פאַר דעם אייגענטום; פריהער אָדער שפּעטער וועט דאָרט שוין פערשווינדען די פּריווי־לעגיען און די שקלאַפּעריי, און דער דעספּאָטיזם פון ווילען וועט מאַכען פּלאַץ פאַר דער ממשלה פון פערשטאַנד. אין דער אמת'ן, וועלכע סאָפיזמען, וועלכע פאראורטיילען (ווי האַרטנעקיג זיי זאָלען ניט זיין) קאָנען האָבען אַ קיום לגבי דער איינפאַכקייט פון די פאָלגענדע זאַצען:

1. דער אינדיווידועלער בעזיץ*) איז דער בעדינג פון סאָציאַלען לעבען; פינף טויזענד יאָהר פון אייגענטום בעווייזט עס. אייגענטום איז דער זעלבסט־מאָרד פון דער געזעל־שאַפט. בעזיץ איז אַ רעכט; אייגענטום איז אַ היפּך פון רעכט. שאַפט אָב אייגענטום און לאָזט דעם בעזיץ, וועט איהר, דורך אַ דער איינפאַכער ענדערונג פון דעם פּרינציפּ, רעוואָלוציאָנירן געזעץ, רעגירונג, עקאָנאָמיע און אינסטיטוציעס; איהר וועט פערטרייבען דאָס בייזע פון דער איבערפלעך פון דער ערד.

2. אַזוי ווי אַלע האָבען אַ גלייכען רעכט פון אָקופּאַציאָן (פערנעהמען אַ שטיק פּלאַץ פאַר'ן אייגענעם געברויך) ענדערט זיך דער בעזיץ לויט דער צאָהל פון די בעזיצער; אייגענטום האָט קיין פּלאַץ ניט.

3. אַזוי ווי די פאָלגען פון אַרבייט זיינען פאַר אַלעמען די־זעלבע, מוז דאָס אייגענטום זיך פערלירן אין דעם אַלגעמיינעם וואוילשטאַנד.

4. אַזוי ווי יעדע מענשליכע אַרבייט איז דער רעזולטאַט פון קאָלעקטיווער קראַפט, מוז פאָלגליך דאָס גאַנצע אייגענטום

---

*) דער אינדיווידועלער בעזיץ איז ניט קיין שטער פאַר עקסטענסי־ווער בעאַרבייטונג און פעראייניגטער ציהונג פון נוצען. אויב איך האָב גאָרנישט געזאָגט וועגען די חסרונות פון קליינע פּאָסעסיעס, איז עס דער־פאַר, ווייל איך האָב געהאַלטען פאַר איבעריג צו ווידערהאָלען וואָס אַזוי פיעל אנדערע האָבען שוין געזאָגט און וואָס די גאַנצע וועלט מוז שוין ביי דער צייט וויסען. איך וואונדער זיך אָבער, וואָס די עקאָנאָמיסטען, וועלכע האָבען אַזוי קלאָר בעוויזען די חסרונות פון קליין־בעטריעב, האָבען ניט איינגעזעהן, אַז דאָס איז אינגאַנצען אַ רעזולטאַט פון אייגענטום. און מעהר ווי אַלץ, וואָס זיי האָבען ניט געזעהן, אַז זייער פּלאַן פון מאָביליזירען דעם גרונד און באָדען איז אַן ערשטער טריט, וואָס מאַכט נעהענטער די אָבשאַפונג פון אייגענטום.

ווערן קאָלעקטיוו און אייניג. געגנויער געזאָגט — ארבייט פערניכטעט דאָס אייגענטום.

5. אַזוי ווי יעדע ארבייטס־פעהיגקייט איז, ווי יעדער ארבייטס־ווערקצייג, א געזאַמעלטער קאַפיטאַל און א קאָלעקטיוו אייגענטום, איז דעריבער די אונגלייכהייט פון לוין און פערמעגען (אויפ'ן גרונד פון אונגלייכהייט און פעהיגקייטען) אַן אומרעכט און א רויבעריי.

6. די נויטיגע תנאים פון מסחר זיינען די פרייהייט פון די ביידע צדדים און די גלייכווערטהיגקייט פון די אויסגעטוישטע פּראָדוקטען. איז אזוי ווי דער ווערטה דריקט זיך אויס דורך דער סומע צייט און אויסלאַג, וואָס יעדער פּראָדוקט קאָסט, און אזוי ווי קיינעמס פרייהייט קאָן ניט פערלעצט ווערן, מוזען די שכירות פון די ארבייטער (פונקט ווי זייערע רעכט און פליכטען) זיין גלייך.

7. פּראָדוקטען קאָנען געקויפט ווערן נאָר פאַר פּראָדוקטען. איז וויבאַלד דער תנאי פון יעדען אויסטויש איז די גלייכווערטיגקייט פון פּראָדוקטען, איז יעדער פּראָפיט אונמעגליך און אומגערעכט. האַלט אָט דעם עלעמענטאַרען פּרינציפּ פון עקאָנאָמיע, — און אָרימקייט, לוקסוס, אונטערדריקונג, אויסגעלאַסענקייט, פערברעכען און הונגער וועלען פערשווינדען פון צווישען אונז.

8. מענשען זיינען פעראייניגט דורך די פיזישע און מאַטעמאַטישע געזעצען פון דער פּראָדוקציאָן איידער זיי פעראייניגען זיך פרייוויליג על פי בחירה. גלייכהייט פון בעדינגונג איז דעריבער א פאָדערונג פון גערעכטיגקייט; ד. ה. פון דעם שטרענג־געזעלשאַפטליכען געזעץ: אכטונג, פריינדשאַפט, דאַנקבאַרקייט, בעוואונדערונג, געהען אַלע אריין אין דעם געביט פון יושר אָדער אין דעם געזעץ פון ל פ י ע ר ך ' ד י ג ק י י ט.

9. פרייע פעראייניגונג, פרייהייט — וואָס איהר גאַנצע אויפגאַבע איז אויפצוהאַלטען גלייכהייט אין די פּראָדוקציאָנס־מיטלען און גלייכווערטהיגקייט אין אויסטויש — איז די איינציג־מעגליכע, די איינציג־גערעכטע, די איינציג־אמת'ע פאָרם פון געזעלשאַפט.

10. פּאָליטיק איז די וויסענשאַפט פון פרייהייט. די רעגירונג פון איין מענשען איבער דעם אַנדערן (אונטער וואָסער נאָמען דאָס זאָל ניט זיין פערמאַסקירט) איז אונטערדריקונג. די געזעל־

שאַפט געפינט איהר העבסטע פאָלקאָמענהייט אין דער פעראייניגונג פון אָרדנונג מיט אנארכיע.

די אַלטע ציוויליזאציע האָט אָבגעלעבט איהרע יאָהרען. אַ נייע זון געהט אויף און וועט באלד בענייען דאָס געזיכט פון דער ערד. זאָל דער היינטיגער דור אונטערגעהן, זאָלען די אַלטע ליגנער אויסשטאַרבען אין דעם מדבר! די הייליגע ערד זאָל ניט צודעקען זייערע ביינער.

יונגערמאַן, דו וואָס דו ביזט אויפגעבראַכט אנטקעגען דער קאָרופּציאָן פון היינטיגער צייט און ווערסט פערצעהרט פון דיין דורשט נאָך גערעכטיגקייט! — אויב דיין לאַנד איז דיר טייער, און אויב די אינטערעסען פון דער מענשהייט ליעגען דיר אַם הארצען, האָב דעם מוטה איינצושטעלען זיך פאַר דער זאַך פון פרייהייט! ווארף אראָב פון זיך דעם אַלטען עגאאיזם און ווארף זיך אריין אין די שטייגענדע כוואַליעס פון פאָלקסטימליכער גלייכהייט! דיין ניי־געבוירענע נשמה וועט דאָרט געפינען אַ ניי לעבען און פרישע כחות; דיין אָבגעשוואַכטער גייסט וועט צוריק בעקומען אַן אונבעזיעגבאַרע ענערגיע, און דיין הארץ, וואָס איז שוין אפשר פערוועלקט, וועט ווידער יונג ווערן! אַלצדינג וועט קריגען אַ נייעם פּנים אין דיינע לויכטענדע אויגען; נייע געפיהלען וועלען געבעהרען נייע אידעען אין דיר; רעליגיאָן, מאָראַל, פּאָעזיע, קונסט, שפּראַך וועלען פאַר דיר ערשיינען אין מעהר נאָבעלע און שעהנערע פאָרמען; און שטאַרק אין דיין גלויבען, ענטוזיאסטיש אין דיין דענקען, וועסטו פאַר אַלע צייטען בעגריסען דעם אויפגאנג פון אַלוועלטליכער ווידערגעבורט!

און איהר, טרויעריגע קרבנות פון אַן אבשייליכען געזעץ! — איהר, וועמען אַ שפּאָטענדע וועלט בערויבט און בעליידיגט! — איהר, וואָס אייער ארבייט איז שטענדיג געוועזן פרוכטלאָז און אייער רוה איז געוועזן אָהן האָפענונג — זייט געטרויסט! אייערע טרעהרן ווערן געצעהלט! די פאָטערס האָבען געזעעט מיט פּיין, די קינדער וועלען שניידען מיט פרייד!

אָה, גאָט פון פרייהייט! גאָט פון גלייכהייט! דו, וועלכער האָט אריינגעלעגט אין מיין הארצען דעם געפיהל פון גערעכטיגקייט איידער מיין שכל האָט איהם געקאָנט בעגרייפען, הער צו מיין היים געבעט! דו האָסט דיקטירט אַלץ וואָס איך האָב געשרי־

בען; דו האָסט געשטאַלטעט מיין געדאַנק; דו האָסט דירעקטירט מיינע שטודיען; דו האָסט ענטוועהנט מיין גייסט פון נייגעריגקייט און מיין הארץ פון צוגעבונדענקייט, כדי איך זאָל קאָנען פערעפענטליכען דיין וואַרהייט צום הערשער און צום שקלאַף. איך האָב גערעדט מיט וויפיעל קראַפט און טאַלאַנט דו האָסט מיר געגעבען: עס איז דיין זאַך צו פערענדיגען די אַרבייט. דו ווייסט צי איך זוך מיין טובה, צי דיין כבוד, גאָט פון פרייהייט! אַך, מעג מיין זכר געהן פערלאָרן, נאָר זאָל די מענשהייט זיין פריי! לאָז מיך זעהן פון מיין פינסטערן ווינקעל, ווי די מענשהייט איז ענדליך אויפגעקלערט; לאָזען נאָבעלע לעהרער זיי אויפקלערן; לאָזען גרויסמוטיגע גייסטער זיי פיהרן! פערקירץ, אויב מעגליך, די צייט פון אונזער ליידען; דערשטיק דעם שטאָלץ און די גייציגקייט אין דער גלייכהייט; ראָט אויס די ליעבע צו כבוד, וואָס פערשקלאַפט אונז; לערן אָט די אָרימע קינדער, אַז אין דעם בוזעם פון פרייהייט זיינען ניטאָ קיין העלדען, קיין גרויסע מענשען! בעאיינפלוס דעם מעכטיגען מענשען, דעם רייכען מאַן, איהם, וועמעס נאָמען איך וועל פאַר מיין מויל ניט ברענגען אין דיין אַנוועזענהייט, מיט דער שוידערליכקייט פון זיינע פערברעכענס; לאָז איהם זיין דער ערשטער, וואָס בעט מען זאָל איהם אריינעהמען אין דער אויסגעלעזטער געזעלשאַפט; זאָל די שנעלקייט פון זיין חרטה זיין דער גרונד פאַר זיין פערצייהונג! דאַמאָלסט וועלען גרויס און קליין, קלוגע און נאַרישע, רייכע און אָרימע, זיך פעראייניגען אין אַן אונבעשרייבליכער ברידערליכקייט; און אַלע צוזאַמען, זינגענדיג אַ נייע שירה, וועלען איבערבויען דיין מזבח, אָה גאָט פון פרייהייט און גלייכהייט!

**ע נ ד.**